ח. ש. קאַזדאַן

# מענטשן פון גייסט און מוט

(בונדישע געשטאַלטן)




ביי דער
"געזעלשאַפט פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס
1962

# אינהאַלט

# אַ וואָרט צום לייענער

די יִידישע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרמאָגט נישט איר אייגענעם פאַנטעאָן, אין וועלכן עס זאָלן אויפגעהיט ווערן די פיזישע רעשטן און דאָס אַש פון אירע פאַרדינטע העלדן און גרויסע לערער. איבער די בית־עלמנס פון וואַרשע, ווילנע און ניו־יאָרק — רוען די ביינער פון די בעסטע זין פון דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. איבער די פעלדער פון מאַידאַנעק און אָשוויענטשים איז צעשפּרייט דאָס אַש פון טויזנטער מאַרטירער פון „בונד". אונטער די חורבות פון געטאָ אין וואַרשע ליגן די העלדן פון דעם היסטאָרישן אויפשטאַנד קעגן די נאַצים.

לויטן באַקאַנטן וואָרט פון זשאָרעסן, געהערן אויך מיר — בונ־דיסטן און יִדישע סאָציאַליסטן — נישט צו יענע וואָס נעמען פון דער געשיכטע בלויז דאָס אַש פון די גרויסע וואָרטזאָגערס און קעמפערס. מיר נעמען **דאָס פייער פון זייער האַרץ**. מיר בונדיסטן האָבן געטראָגן מיט זיך אויף אַלע וועגן און שטעגן, אין אַלע וואַנדערונגען און פּיי־נען — דאָס פייער פון אונדזערע לערערס און פירערס, דאָס פלאַם־פייער פון זייערע הערצער, פון זייער נשמה, פון זייער גלויבן. מיר האָבן זייער פייער נישט אַרויסגעלאָזן פון אונדזערע הענט. מיר האָבן אָט דעם פייער געלאָזט באַלייכטן אונדזער דאָרנדיקן און בלוטיקן וועג פון וואַרשע און ווילנע ביז ניו־יאָרק און אויף די אַנדערע וואָגל־וועגן איבער ווייטע קאָנטינענטן.

אַזוי ווי אַ גרויסע, מעכטיקע, מוזיקאַלישע סימפאָניע שטאַרבט נישט אַוועק מיטן טויט פון איר שעפער־קאָמפּאָזיטאָר; אַזוי ווי עס שטאַרבט נישט דאָס גרויסע קינסטלערישע ווערק פונעם דיכטער און ראָמאַניסט, און עס פירט אָן אייגן לעבן ווייטער **נאָכן** טויט פון זיי־ער באַשאַפער, — אַזוי איז אויך דאָס פייערדיקע און פייערלעכע וואָרט פון אויסלייזונג, וואָס אונדזערע לערערס און פירערס האָבן געטראָגן אין לעבן; עס איז נישט אָפּגעשטאָרבן דאָס דאָזיקע וואָרט זייערס, עס איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען מיט זייער פיזישן טויט און אומקום. זייער לערע, זייער גלויבן, זייער צוואה גייט ווייטער אויף אין אונדז, מוטיקט אונדז, פאַרפליכטעט אונדז.

ווער עס וויל דערקענען דעם **בונד**, זיין אידעאָלאָגיע און זיין גלאָררייכע געשיכטע, דער מוז דערקענען די פירערס און טריבונען פון „בונד". פאַלט אַרויס איינער פון זיי פונעם בילד, פאַרלירט דאָס בילד זיין גאַנצקייט און בולטקייט, דעמאָלט איז נישטאָ קיין פולע פאָרשטעלונג וועגן דעם וואָס דער „בונד" איז געווען.

***

איך ברענג דאָ צו אונדזערע לייענערס זיבן מאָנאָגראַפיעס, ביאָ־גראַפיש־ליטעראַרישע און — געזעלשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען — וועגן א. ליטוואַק, נח, ב. מיכאַלעוויטש, ש. מענדעלסאָן, י. כמורנער, צביון און ח. ל. פּאָזנאַנסקי. דאָס זענען נעמען וואָס זענען מיר זייער טייער נישט נאָר אידעיִש־פּאַרטייִש, נאָר אויך ריין־פּערזענלעך. יע־דערער פון זיי האָט אין אַ געוויסן פּעריאָד פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין מיין אייגענעם לעבן.

אַוודאי פאַרמאָגט די געשיכטע פון „בונד" נאָך אַ סך נעמען וואָס קענען אין איין ריי געשטעלט ווערן מיט די אויבן־אָנגערופענע. אָבער די אויפגאַבע פון מיין בוך איז נישט אויסצושעפּן די ביאָגראַפיעס פון אַלע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן אין „בונד". מיין בוך וויל נאָר געבן אייניקע מוסטערן פונעם גרויסן אוצר פון גייסט און מוט וואָס דער „בונד" האָט פאַרמאָגט.

דער **מענטש** איז נישט דאָס וואָס עס שטייט אין זיין פּאַרטיי־בי־לעט, ער איז אַפילו נישט דאָס וואָס ער האָט געשריבן אָדער געפּרע־דיקט. דער מענטש איז דאָס, וואָס ער פאַרמאָגט אין זיך שיינס און אייגנאַרטיקס, און דאָס וואָס ער האָט געבראַכט פון שורש. דער מענטש איז דאָס וואָס זיין פּערזענלעך־נשמהדיקס איז, דאָס וואָס זיין כאַראַקטער און גייסט איז. אין מיינע זיבן עסייען דערצייל איך וועגן אָט אַזעלכע פולווערטיקע און פולבלוטיקע **מענטשן פון גייסט און מוט** — מענטשן פון גייסטיקן און פון פיזישן מוט, מענטשן פון גרויסן פאַרנעם און וויזיע, מענטשן מיט רייכטימער פון אידעען און געדאַנ־קען.

זיי לערנען אונדז נישט נאָר ווי צו קעמפן געזעלשאַפטלעך און העלפן בויען די קינפטיקע וועלט. זיי לערנען אונדז **ווי אַזוי צו לעבן**, ווי אַזוי צו שפּאַנען אויף אונדזער לעבנסוועג, — וואָס דאָס איז די שווערסטע קונסט און די קאָמפּליצירטסטע אויפגאַבע.

**ח. ש. קאַזדאַן**

ניו־יאָרק, פּסח 1962.

# א. ליטוואַק

(1932 — 1874)

## קאַפּיטל איינס



א. ליטוואַק — דאָס איז געווען דער ליטעראַרישער נאָמען פון חיים יאַנקל העלפאַנד. געגעבן האָט ער זיך דעם נאָמען ווען ער איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער און באַוווּסטזיניקער מענטש. און דער דאָזיקער נאָמען (א. ליטוואַק) איז אויף אַן אמת געווען צוגעפּאַסט צו זיין גאַנצער פּערזענלעכקייט. א. ליטוואַק איז געווען אַ טיפּיש קינד פון ווילנע. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די מעלות און די חסרונות פון דער פאָלקס־מאַסע פון אָט דער שטאָט אין אַמאָליקן רוסלאַנד.

א. ליטוואַק איז געבוירן געוואָרן אין 1874 (און אפשר אין 1873), אין ווילנע, אויף סאַדאָווער גאַס, לעבן וואָקזאַל, אין אַבערקעס הויף. דער פאָטער האָט געהייסן שמעון, די מוטער — זעלדע. זיין ערשטער יוגנטלעכער פּסעוודאָנים איז טאַקע געווען פאַרבונדן מיט דער מוטערס נאָמען: חיה זעלדעס האָט ער זיך אָנגערופן, און „חיה" — דאָס זענען געווען די איניציאַלן פון זיינע צוויי פאָרנעמען (חיים יאַנקל) און זיין פאַמיליען־נאָמען (העלפאַנד). דעם פאָטערס באַשעפטיקונג איז געווען צו פירן סחורות פונעם וואָקזאַל אין די האָטעלן און אין די געשעפטן. פריִער איז ער אַליין געווען דער פורמאַן, מיט דער צייט האָט ער אָנגעשטעלט אַ פּאָר מענטשן, און זיי פלעגן טאָן די אַרבעט.

א. ליטוואַק האָט אַזוי אַרום געשטאַמט פון דער געדיכטער ייִדישער עמכדיקער, האָרעפּאַשנער פאָלקסמאַסע. אין אַן אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ האָט

אַ. ליטוואַק געשריבן וועגן דעם: „מיין זיידע פון טאַטנס צד איז אַ קאַראַבייניק געווען. ער און די באָבע זענען ביזן גרויען עלטער אַרומגעפאָרן מיט פערד און וועגל איבער די זומפּן און וועלדער פון פּאָלעסיע. דער זיידע פון דער מאַמעס צד איז געווען אַ פישער, מיט שיפלעך געאַקערט די אָזיערעס און טייכן פון ליטע. זינט איך געדענק, האָב איך געלעבט אין אַ מעשיות־וועלט פון פערד און וועגל, נעץ און שיפל. מיין טאַטע איז אין דער יוגנט אַ בעל־עגלה געווען. שפּעטער האָט ער געאַרבעט מיט טאַטשקע און רידל ביים דורכפירן די באַן־ליניע צווישן ווילנע און מינסק". אָט פון דעם שוואַרץ־ערדיקן געזונטן שטאַם האָט אַ. ליטוואַק געירשנט זיין אויסערגעוויינלעכע ענערגיע און לעבנסמוט, זיין פּראַקטישן שכל הישר און שאַרפזין. אַ. ליטוואַק איז געווען ביי זיינע על־טערן דאָס ערשטע קינד, ער האָט געהאַט נאָך צוויי ברידער, הערשל און אליהו, און אַ שוועסטער, פעסל. דאָס לעבן פון דער משפחה איז געווען אַן אָרעמס. מ'האָט געוווינט צוויי פאַמיליעס אין איין קעלער־שטוב מיט צוויי קליינע פענצ־טערלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אויפן טראָטואַר. מ'האָט געהונגערט אָפט. ווען די מוטער האָט אַמאָל איינגעהאַנדלט אַ גענדזן־קעפּל מיט פיסלעך (דאָס האָט געקאָסט צו דריי קאָפּיקעס אַ גאַנג), האָבן די קינדער זיך מחיה געווען, און נישט אַזוי פון דער גענדזענער יויך, ווי פון גריזשען די ביינדלעך. דער פאָטער איז געווען אַ גוטער, אַ שטילער מענטש, ייִדישלעך, נישט שטאַרק פרום, שטענדיק פאַרהאָרעוועט. די מוטער האָט געהאַט אַ גאָר פיינעם כאַראַק־טער, זי איז געווען קלוג, באַשיידן און איר ווירקונג אין שטוב איז געווען גרויס. זי האָט אַכטונג געגעבן, אַז די קינדער זאָלן לערנען, און טאַקע ביי אַ גוטן, מעג זיין טייערן מלמד.

ווען חיים יאַנקל איז אַלט געוואָרן אַ יאָר פיר, האָט מיט אים פּאַסירט אַן אומגליק, וועלכער האָט זיך מסתמא שטאַרק אָפּגערופן אויף דער אויסבילדונג פון זיין כאַראַקטער און פערזענלעכקייט: ער איז געוואָרן אַ קאַליקע אויף זיין גאַנץ לעבן. געשען איז עס אַזוי: אויפן צווייטן שטאָק פונעם הויז, וווּ חיים־יאַנקלס פאַמיליע האָט געלעבט, איז געווען אַ חתונה־זאַל, און אַזוי ווי דער מנהג איז, פלעגט יעדע חתונה מיט איר געפילדער און כלי־זמר צוציִען אַ גרויסן עולם נייגעריקע. און אָט האָט זיך דעם פיר־יאָריקן חיים־יאַנקל פאַר־גלוסט אויך בייצוזיין ביי אַזאַ חתונה. אין גרויס טומל איז דאָס קינד אַראָפּגע־פאַלן פון אַלע טרעפּ, צעבראָכן אויף אַ שרעקלעכן אופן זיין היפּט־ביין. פיר יאָר איז דאָס קינד געלעגן קראַנק. קען זיין, אַ גוטער כירורג וואָלט דאָס קינד אָפּגעראַטעוועט; די אומקולטורעלקייט אָבער פון דער סביבה האָט געבראַכט צו דעם, אַז חיים־יאַנקל איז שוין געבליבן אַ בעל־מום אויף זיין גאַנצן לעבן. מ'האָט דאָס קינד געשלעפּט אין שעכט־הויז, געזעצט אין דער וואַרעמער איינ־

געוויין פון אַן ערשט־געקוילעטער קו. מ'האָט באַנוצט אַנדערע באַבסקע סגולות, ביז ענדלעך איז דאָס קינד געקומען צו זיך. אַ לאַנגע צייט איז ער אַרומגע־גאַנגען אויף קוליעס, שפּעטער שטאַרק געהונקען, דער פּיס האָט ממש אויס־געזען ווי אַ דלד.

מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי שווער די מוטער האָט געליטן צוליב דעם אומגליק מיט איר באַליבט קינד. זי האָט איבער אים געציטערט, נישט געלאָזט אַ שלעכט וואָרט פאַלן אויף אים, זי האָט זיך געמיט מיט טאָפּלטער ליבשאַפט און אויפמערקזאַמקייט צו פאַרלייכטערן זיין געמיט. דאָס קלוגע, פעיקע יינגל איז געווען אין גאַנצן אין איר געראָטן, און זי האָט זיך איצט נאָך שטאַרקער צוגעבונדן צום קינד. מיט יאָרן שפּעטער האָט זי פאַר איר ליבשאַפט און צו־געבונדנקייט צום חיים־יאַנקלען מיט איר לעבן באַצאָלט: אין 1897 איז חיים־יאַנקל אַרעסטירט געוואָרן און ער איז געזעסן אין באַרימטן „פּערצנטן נומער"; איין מאָל ווען די מוטער איז געווען אין גאַס, האָט מען איר אָנגעזאָגט אַז מען האָט געזען „ווי מ'טראָגט חיים־יאַנקלען אויף אַ בעטל אין שפּיטאָל אַריין"; דערהערט די דאָזיקע בשורה, איז די מוטער גלייך געפאַלן אַ טויטע.

דער אומגליק וואָס איז געשען מיטן קליינעם חיים־יאַנקל האָט פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויף דער פּסיכיק פונעם וואַקסנדיקן קינד. ער איז געוואָרן שטיל און איינגעשלאָסן אין זיך, ער האָט נישט געקענט פריי שפּילן זיך מיט חברים, אָפט האָבן יינגלעך זיך גערייצט מיט אים, און שווער איז אויך געווען איבערצוטראָגן, ווען דערוואַקסענע האָבן אים באַשאַנקען מיט אַ נעבעך און אַ רחמנות. ער האָט שפּעט אָנגעהויבן לערנען אין חדר, אָבער ווי אַ פעיק קינד האָט ער אינגיכן אָנגעיאָגט די פאַרלוירענע צייט. מיט די יאָרן האָט ער צוריק געוווּנען זיין לעבנסלוסט און גוטע שטימונג, ער איז אַלץ זיכערער אַריינגעוואַקסן אין לעבן און איז געגאַנגען אַנטקעגן זיין צוקונפט און זיין באַשערטן גורל פון אַ גרויסן יידישן אַרבעטער־פירער און פאָלקס־טריבון.

א. ליטוואַק איז אויף זיין גאַנץ לעבן געבליבן געטריי דעם אַרבעטנדיקן פאָלק, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט. און ווען ער איז שוין געווען אַ באַקאַנ־טער שרייבער און טוער, איז ער אַלץ פאַרבליבן אינטים געבונדן מיט אָט די פאָלקס־מענטשן, איז ער אַלץ געווען זייער חיים־יאַנקל. אָט דערציילט דוד איינהאָרן:

„איך דערמאָן מיך איין מאָל אין ווילנע האָט אַ ווילנער בעל־עגלה חתונה געמאַכט זיינס אַ טאָכטער. ליטוואַק האָט מיך מיטגענומען אויף דער חתונה. אַריינקומענדיק אין הויף, האָבן די פורמאַנעס אַרומגעכאַפּט ליטוואַקן ווי אַן

איינענעם ברודער: — אונדזער חיים־יאַנקל איז דאָ? — וואָס מאַכט עפּעס חיים־יאַנקל? — אין דעם מאָמענט איז ווי אָפּגעווישט געוואָרן די דיסטאַנץ צווישן ליטוואַקן און זיי. מען האָט געזונגען יידישע פאָלקס־לידער, מען האָט געטאַנצט, אַז די פּאָדלאָגע האָט זיך געוויגט, און אַז מיר זענען נאָך דעם אַרויס ביינאַכט פון הויז, האָט מיר ליטוואַק געזאָגט: — איינהאָרן, דאָ איז גוט געווען, וואַרעם געווען, פריילעך געווען, בעסער ווי ביי ג. אין סאַלאָן (און דער סאַלאָן האָט געהערט צו אַ באַקאַנטן ציוניסטישן גביר).״

## קאַפּיטל צוויי

דאָס יינגל חיים־יאַנקל מאַכט דורך די טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג, פריִער אין חדר, שפּעטער אין ישיבה. געלערנט אין איישישאָקער, אין סלאָבּימער, סלוצקער, וואָלאָזשינער ישיבות. געגעסן טעג, געוואַלגערט זיך אין דער פרעמד, פון צייט צו צייט קומט ער אַהיים. מען גרויסט זיך מיט אים. מען ווייסט, דאָס יינגל איז זייער פעיִק. די מוטער טרוימט: זי וועט האָבן אַ זון אַ רב. דער פעטער בערל — וועלכער האָט אויך געאַרבעט ביים דעפּאָ, געפירט פּראָוויאַנטן און געלעבט אַ שטיל אָרנטלעך יידיש לעבן — קוועלט פונעם פלימעניק. און אָט איז שוין חיים־יאַנקל בר מצוה, אַ גרויסע פרייד פאַר טאַטע־מאַמע. מען פּראַוועט די בר־מצוה אויף אַ פייערלעכן אופן, מען גיט אויס אַ „מטמון״ מיט געלט. אין זאַוואָלס שול האָט דער יונגער בחור געהאַלטן זיין דרשה, דער עולם האָט געגאַפט צו הערן די קלאָרע, שיינע שטימע און די קלוגע איינפאַלן. די שול איז געווען פול, מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. און אין גיכן גייט ער אַריבער אין דער ישיבה פון ראַמיילעס קלויז, ער פאַרבלייבט אין ווילנע ביי די עלטערן, ער לערנט פלייסיק. געשלאָפן צוזאַמען מיטן ברודער הירשל, שטייט ער אויף פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך פינצטער, און ער לערנט פאַר זיך. שפּעטער, ווען ער איז „געשטרויכלט״ געוואָרן און אָנגעהויבן לייענען רוסישע און העברעִישע טריף־פּסולס, היט ער די דאָזיקע געוווינהייט און פלייסיקייט אַלץ איין, און ער לייענט גאַנצע נעכט, רייסט אָפּ פון שלאָף, פּטרט זיינע אויגן ביים קאַרגן ליכט פונעם אָרעמען קעראָסין־לעמפּל. דאָנערשטיק גייט ער אַוועק אין קלויז אויף אַ גאַנצע נאַכט.

די ישיבה שלייפט זיין מוח און זכרון. אַרומגערינגלט מיט חברים, ס׳רוב עלטערע פון אים, ווערט דאָ אויך זיין כאַראַקטער געהאַרטעוועט. נאָך אַביסל, און דער בחור וועט שוין האָבן סמיכות אויף רבנות. נישט נאָר די מאַמע

טראָגט ביי זיך אין האַרצן אָט דעם טרוים, נאָר אויך פרעמדע און באַקאַנטע; ווען זיי באַגעגענען דעם בחור פרעגן זיי אים: ווען ווערסטו אַ רבֿ? עס איז נישט קיין קלייניקייט: פון זייער סביבה וועט אַרויס אַ רבֿ, און טאַקע מיט גאָר גרויסע פעיִקייטן און טיפע קענטענישן...

עס איז 1891—1892. צווישן יידישע אַרבעטער ווערט געבוירן אַ נייַער גלויבן. עס שאַפן זיך קרייזלעך, וווּ מען לערנט סאָציאַליזם צוזאַמען מיט נאַ־טור־וויסנשאַפט. מען שאַפט קאַסעס, מען אָרגאַניזירט זיך עקאָנאָמיש, מען גרייט זיך צו שטרייקן קעגן די באַלעבאַטים־עקספּלואַטאַטאָרס. און אַלץ אין געהיים. אַ כּישוף. נייע ביכלעך, „באַקאַנטע“, טיפע קאָנספּיראַציעס. עס איז שוין נישט דאָס אַלטע טראַדיציע־ווילנע, אונטערן אויבערפלאַך פונעם גע־ווײנלעכן לעבנס־שטייגער רייפט אַ נייע וועלט, אַ נייע פּסיכיק, נייע לאָזונ־גען און אידעאַלן.

חיים־יאַנקל פאַרברענגט גאַנצע טעג ביים ראש־ישיבה ר׳ בן־ציון וועלטמאַן, און אָט דאָס הויז פירט אים אַריין אין דער געשילדערטער נייער וועלט. ר׳ בענצל חריף איז אַליין געווען אַ מערקווירדיקע אָריגינעלע פיגור, אָבער נאָך מערקווירדיקער זענען געווען זיינע קינדער: דער זון לייזער, וועל־כער איז גאָר גיך געוואָרן דער האַרציקסטער חבֿר חיים־יאַנקלס, און נאָך מער די זעקס טעכטער. לייזער איז שוין פאַרכאַפּט פון די וועלטלעכע און משׂכּי־לישע העברעיִשע ביכער. ער שלינגט די נייע ליטעראַטור, און ער ציט אַריין אין דעם אינטערעסן־קרייז אויך זיין יינגערן חבֿר. אַ גייסטיקער אומרו באַ־הערשט אַלץ שטאַרקער דעם יונגן חיים־יאַנקל. ער שטרעבט צו זעלבשטענ־דיקייט. ער כאַפּט זיך אַראָפּ אויף אַ זמן צו אַ רייכן יידן אין אַ דאָרף, צי אַ קליין שטעטל אַרום ווילנע. דאָ בענקט ער נאָך שטאַרקער נאָך דער סביבה פון ר׳ בענצלס הויז. ער רייסט זיך צוריק קיין ווילנע. ער פּרוּווט פאַרדינען מיט מגידות, און ער פאָרט אַרום איבער די שטעטלעך און האַלט דאָרט דרשות מיט גרויס דערפאָלג. ער באַקומט אַ נאָמען: חיים־יאַנקל דער הינ־קענדיקער מגיד. עס ווערט אין אים רייף אַ ניי לעבן.

דעם ראש־ישיבהס טעכטער זענען האַלב־אינטעליגענטע קולטורעלע מיידלעך. זיי זענען זאָקנמאַכערנס. די יינגערע פון זיי — פייגע און דינה — האָבן באַקאַנטע עקסטערנס און סטודענטן, זיי זענען שוין אַריינגעצויגן אין די סאָציאַליסטישע קרייזלעך. די מיידלעך האָבן חבֿרטעס, וואָס זענען אויך סאָציאַ־ליסטקעס. אין שטוב קומען אַריין כּסדר מיטגלידער און טוער פון די קאַסעס, אַלץ סאָציאַליסטן — געוועזענע ישיבה־בחורים. דאָ קומט אויך אַריין דער שפּע־טערדיקער דיכטער און שריפטשטעלער אבֿרהם ליעסין (וואַלט). חיים־יאַנקל

שלינגט יעדעס וואָרט, ער ציט זיך אַריין אין די פאַרשידענע וויכּוחים און שמועסן, ער זאַפּט אין זיך אַריין די נייע געדאַנקען, ער זוכט די נייע ליטעראַ־טור. ער הייבט אָן לייענען רוסיש. מען גיט אים ערנסטע רוסישע ווערק, און אין גיכן ברעכט ער שוין די ציין איבער דער שווערער רוסישער עברי פונעם געניאַלן רוסישן קריטיקער און סאָציאָלאָג פּיסאַריעוו. „איך פיל אַ גרויס יראת הכּבוד פאַר אַזאַ טייער בוך. און דאָך — דערציילט א. ליטוואַק — ווילט זיך מיר, זיי זאָלן מיר בעסער געבן איינס פון יענע קליינע „ביכלעך״, וועלכע מען טאָר נישט לייענען, פאַר וועלכע מען פירט אַוועק אין אַ שוואַרצער קאַרעט און מען פאַרזעצט אין „פּערזנטן נומער״ (טורמע פאַר פּאָליטישע אין ווילנע)״.
אָבער דערווייל איז נאָך צו פרי צו האָבן די זכיה צו לייענען די געהיימנישפולע „ביכלעך״. עס דאַרף נאָך געדויערן, ביז מען וועט צו חיים־יאַנקלען קריגן צו־טרוי. דערווייל איז ער נאָך דאָ אַ פרעמדער. דערווייל האַלט מען נאָך פון אים אַלץ בסוד. דער יונגער חיים־יאַנקל פייניקט זיך: ווי אַזוי געווינט מען דעם צוטרוי? ווי באַקומט מען אַ צוטריט צו דעם געדרוקטן וואָרט, וואָס ציט אים אַזוי שטאַרק? די רוסישע ביכער, מיט וועלכע ער האָט זיך „פאַר די לאַנגע אָוונטן אין דאָרף אָנגעלייענט ווי אַ פּויק״, באַפרידיקן אים נישט, ער זוכט עפּעס העכערס.

אינגיכן שטעלט זיך פאַרן זיבעצן־יאָריקן חיים־יאַנקל אַ נייע פּראָבלעם: קוועטשן די באַנק אין ישיבה — אָדער... אַרבעט, מלאכה ממש? אַזאַ באַוועגונג איז דעמאָלט געווען צווישן אָט דעם נייעם טיפּ ייִדישער אינטעליגענץ: אַוועק־וואַרפן די גמרא, די רוסישע צי לאַטייניש גראַמאַטיק, און זיך נעמען צו מלאכה, נעמען זיך פאַרן האַמער און נאָדל. עס איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון דער רוסישער באַוועגונג — דאָרט האָט די יוגנט, די אינטעליגענץ געטראַכט צו גיין אין פאָלק. אויך די דערוואַכטע ישיבה־בחורים האָבן געוואָלט לעבן פון יגיע כּפּים. אברהם ליעסין איז אויך געווען אַזאַ, ער האָט זיך אויך געקליבן צו ווערן אַן אַרבעטער. אַזאַ איינער איז אויך געווען דער שפּעטער טרויעריק־באַקאַנט־געוואָרענער ישראל מיכל קאַפּלינסקי, מיט וועלכן חיים־יאַנקל האָט זיך באַקאַנט, ווען ער איז נאָך קיין גאַנצע זיבעצן יאָר נישט אַלט געווען. יענער איז אויך געווען פריִער אַ ישיבה־בחור אַן אַפּיקורס, זיך געגרייט צו ווערן אַ דאָקטאָר צי אַן אַפּטייקער. ער האָט זיך אָבער שפּעטער אַרומגעזען, אַז דאָס איז נישט אין גייסט פונעם נייעם אידעאַל און ער האָט זיך גענומען לערנען שלאָסעריי, באַשלאָסן הייסט עס צו ווערן אַן אמתער אַרבעטער. שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש, ווען ישראל מיכל איז געווען אַן אונטער־שמש אין סאָל־צעס קלייזל, האָט דער קינפטיקער פּראָוואָקאַטאָר געמאַכט נישט קיין גוטן איינדרוק אויף א. ליטוואַקן: „ער האָט געשוויגן — דערציילט ער — זעלטן ווען

אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. נאָר ווען איך האָב דערציילט אַן אַנעקדאָט, האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט אויפן קול, אַ ביסל היסטעריש, און זיינע אויגן זענען נאָך טרויעריקער געוואָרן. מיר איז געוואָרן שווער מיט אים און איך האָב זיך גע־איילט אַוועקגיין".

צווישן אָט די געוועזענע ישיבה־בחורים און איצטיקע אַרבעטער אָדער קאַנדידאַטן אויף אַרבעטער האָט חיים־יאַנקל געקראָגן זיינע נאָענטע חברים: אברהם־אליה און איציק דער סטאָליער. זיי מאַטערן אים: ווען וועסטו שוין אויפהערן צו קוועטשן די באַנק? שוין צייט צו ווערן אַן אונדזעריקער... און טאַקע, צווישן דעם גאַנצן עולם יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום דעם געשילדערטן צענטער פון דעם ראש ישיבהס שטוב, איז חיים־יאַנקל געווען דער איינציקער, וואָס איז נאָך אין דער באַוועגונג נישט אַריינגעצויגן געוואָרן, אַלץ האָט אָבער געפירט דערצו...

איציק דער סטאָליער איז אַ גאַנצן ווינטער אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. האָט ער זיך פאַר פסח געשטעלט אַרבעטן אין אַ מצה־בעקעריי. חיים־יאַנקלען ציט צו דער בעקעריי: ערשטנס, אַרבעטן דאָרט זיינע בעסטע פריינד; צווייטנס, איז עס דאָך פּיזישע אַרבעט אויף אַן אמת; דריטנס, האָט ער ליב צו רעדלען מצה. אָבער ווי קומט צו אים אַזאַ מלאכה? אַז ער נעמט אַריין אַ מצה אין האַנט, גייט זי אַרויס ביי אים פון אונטערן רעדל אין גאַנצן אַ צעשניטענע, אַ צע־פּטרטע. ווען די באַלעבאָסטע דערזעט דאָס, הייבט זי אויף אַ געשריי: ער מאַכט קאַליע איר גוטס. דערפאַר אָבער ביי די רעדלער איז ער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. „הענט — זאָגן זיי — האָב איך ליימענע, דערפאַר אַ צונג אַ געשליפענע, קען דערציילן מעשיות און אַנעקדאָטן, מיט וויצן און גלייכווערטלעך, ווייסט אויף אויסנווייניק אַ סך יידישע לידלעך". און ווען די באַלעבאָסטע פאַרקוקט זיך, רוקן זיי אונטער חיים־יאַנקלען אַ מצה: נאַ, רעדל אָפּ! און דער בחור איז אויפן זיבעטן הימל. דאָס געשליפן צינגל און דאָס „מעשיות דערציילן" זענען געבליבן חיים־יאַנקלען אַ מתנה אויפן גאַנצן ווייטערדיקן לעבן.

די לעצטע וואָך פאַר פסח. אַרבעטער און אַרבעטערנס זענען אין מצה־פּאָדריאַד שרעקלעך פאַרהאָרעוועט, מען יאָגט זיי, און די אויגן קלעפּן זיך ביי זיי פון מידקייט און נישט דערשלאָפן. און משטיינס געזאָגט, די גרויסע קאַ־פּיטאַלן, וואָס ווילן זיך אָפּשטעלן ביי יעדערן פון זיי צום שלוס פון פּאָדריאַד. אומגעהייער איז געווען די עקספּלואַטאַציע אין יענער צייט אין אַלע געביטן, ובפרט ביי מצה־אַרבעט. חיים־יאַנקל וואָס דרייט זיך אַרום כסדר אין דער בעקעריי, זעט דאָס אַלץ צו און דאָס האַרץ טוט אים וויי, עס דערוועקט זיך אין אים אַ געפיל פון פּראָטעסט קעגן אָט דעם אומרעכט, וואָס ווערט געטריבן

פאַר אַלעמענס אויגן. אַקטיוו און ענערגיש פון דער נאַטור, קומט אים אויך אַזאַ געדאַנק: מע דאַרף באַשרייבן אַט דאָס אַלץ — ווי אַזוי ייִדישע מענטשן מאַטערן זיך און ווערן פאַרשוואַרצט ביי דער מצה־אַרבעט. זיין חבר איציקן געפעלט דער פּלאַן, ער וויל אָבער מען זאָל עס באַשרייבן אויף ייִדיש. איז חיים־יאַנקלס פּלאַן: מאַכן צעטעלעך און אויפקלעפּן זיי אויפן שול־הויף, וועלן אַלע לייענען. אַליין דער איניציאַטאָר פון דער זאַך, איז ער טאַקע אַליין דער שרייבער. און ווי עס פּאַסט פאַר דעם קינפטיקן א. ליטוואַק, ווערט זיין ערשטע פּראָקלאַמאַציע געבוירן טאַקע דאָ, אין אַ ווינקל פון דער בעקעריי, אַט דאָ צווישן די האָרעוואַניע־מענטשן, אין אָנזיכט פון זייער שווייס און מאַטערניש.

מיט דעם גאַנצן אימפּעט האָט זיך דער יונגער חיים־יאַנקל גענומען צו זיין ליטעראַרישער אַרבעט, זיין גאַרע פאַרביטערניש און אויפרעגונג האָט ער אַריינגעטאָן אין זיין ערשטן ווערק. אין משך פון אַ שעה איז די אַרבעט פאַר־טיק געוואָרן. איציקן איז דאָס שטיקל אַרבעט שטאַרק געפעלן געוואָרן. און באַלד האָט מען עס אָוועקגעטראָגן בערקע מיכאַלישקער, דעם אונטער־שמש פון קוימענקערערשן קלייזל, וועלכער האָט גוט געשריבן כתיבה, און ביז פאַר־טאָג האָט ער אָנגעשריבן זיבן צעטעלעך — צו דריי קאָפּיעס אַ צעטל. אָנגע־קלעפּט האָט מען די צעטלעך נאָך קבלת שבת, כדי מען זאָל זיי נישט קענען אַראָפּרייסן, און ווען דער עולם וועט אין דער פרי קומען צום דאַווענען, זאָלן עס אַלע לייענען. איציק אַליין האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף די טרעפּלעך און דאָס פאָרגעלייענט פאַרן עולם ייִדן. אברהם־אליה איז אויך געווען דאָ. חיים־יאַנקל פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פרעמדן, פאַררעדט די ציין די ייִדן, און דערוויל קלעפּט מען אָן אַ פריש צעטל. דער רושם איז קאָלאָסאַל. דער שול־הויף קאָכט.

אין יענער צייט האָט נאָך חיים־יאַנקל נישט געוווּסט, אַז עס עקסיסטירט אַזאַ וואָרט ווי פּראָקלאַמאַציע, און אַז דאָס וואָס ער האָט אויפגעטאָן, דאַרף געהאַלטן ווערן אין קאָנספּיראַציע. ערשט אויף מאָרגן האָט אים איינע פון די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט ביים ראש־ישיבה, אויפגעקלערט: „איך ווייס שוין פון אַלץ. מיין אינטעליגענט ווייסט אויך. ער זאָגט, אַז אייער צעטל רופט זיך פּראָקלאַמאַציע. ער וויל זיך מיט אייך באַקענען, מיין אינטעליגענט. — ווער איז ער? ווי רופט מען אים? — דאָס איז קאָנספּיראַציע".

אַזוי איז א. ליטוואַק איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער נייער געמיינשאַפט פון ייִדישע סאָציאַליסטן, ייִדישע אַרבעטער. פון היינט אָן וועט ער אַליין ווערן איינער פון זיי. פון היינט אָן וועט אים באַשערט זיין צו שרייבן צענדליקער און צענדליקער פּראָקלאַמאַציעס און אַרטיקלען אין געהיימע שריפטן.

„איצט זענט איר דאָך שוין אָן אונדזעריקער" — האָט אים פייערלעך

געמאָלדן חנה די זאָקנמאַכערקע. אַליין פון זיך געוואָרן אַן „אונדזעריקער", געפירט דורך זיין אייגענעם חוש און ליבע צום אַרבעטס־מענטשן, געפירט דורך זיין פאָלקסטימלעכקייט און געפיל פון יושר און הומאַנישקייט. און גלייך זיך געשטעלט מיטן פנים צום ייִדישן אַרבעטער, און גלייך גענומען רעדן צו אים אין זיין שפּראַך און נוסח.

און באַלד איז געקומען דער ערשטער עקזאַמען. חנה האָט זיך צו אים געווענדט: עטלעכע און זיבעציק מיידלעך זענען אָנגעשלאָסן אין דער קאַסע פון די זאָקנמאַכערקעס, עס האַלט דאָרט ביי אַ שטרייק, שבת חול המועד וועט זיין אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטערינס, מען דאַרף פאַר זיי האַלטן אַ רעדע — בכן, זאָל ער פאַר איר אָנשרייבן די רעדע. וואָס צו שרייבן — האָט זי אים געזאָגט, און אַ ביסל האָט ער דאָך אַליין געקענט די אַרבעט־באַדינגונגען פון די זאָקנמאַכערנס. חנה האָט אים גלייך אַריינגענומען צו איר מוטער אין הויז, און דאָרט האָט זיך חיים־יאַנקל גענומען צו דער הייליקער מלאכה. דריי נוסחאות האָט ער געשאַפן, חנהן איז דווקא געפעלן געוואָרן דער דער ערשטער נוסח. זי איז נאָר נישט געווען צופרידן, וואָס אין דער רעדע איז קיין איין מאָל נישט באַנוצט געוואָרן אַזאַ שיין וואָרט ווי „עקספּלואַטאַטאָר". צום גרויסן בזיון, האָט דער מחבר גאָר נישט געוווּסט פון אַזאַ וואָרט, און ווען חנה האָט אים דערקלערט אָט דאָס בייזע, שאַרפע וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט מיט געקריצטע ציין און צונויפגעדריקטע פויסטן — האָט ער עס דערפילט, און ער האָט עס אַריינגעשטעלט פינף מאָל אין דער רעדע. חנהס רעדע האָט ביי די מיידלעך אויף דער פאַרזאַמלונג שטאַרק אויסגענומען, טרערן זענען ביי זיי געשטאַנען אין די אויגן. חנה איז געווען גליקלעך, און די מיידלעך האָבן זיך געבראָכן די קעפּ: ווי קומט צו חנהן אַזאַ שיינע רעדע? זאָל עס זיין אַז דאָס האָט איר אָנגעשריבן איר אינטעליגענט, ביי וועלכן זי איז אין אַ קרייז געווען אָבער אַלע וויסן דאָך, אַז זייערע „אינטעליגענטן" קענען שלעכט ייִדיש... חנה אָבער איז געווען גליקלעך. און ווען דער נייער „באַקאַנטער" איז געקומען און זי האָט אים אַלץ דערציילט, האָט ער איצט אַליין איבערגעלייענט זיין ווערק, און אויך אים האָבן זיך איצט טרערן געשטעלט אין די אויגן, פּונקט ווי נעכטן ביי די מיידלעך אויף דער „סאָבראַניע". צום לעצט האָט חנה אים פּייערלעך דערקלערט, אַז עס איז אַ געפאַר צו האַלטן אָט דעם בויגן פּאַפּיר, און פאַר אים אין די אויגן האָט זי עס פאַרברענט...

דער יונגער חיים־יאַנקל האָט זיך דערפילט אומגעהייער שטאָלץ. ער האָט אין דעם מאָמענט פאַרגעסן אין זיין ביטערן גורל. ער האָט זיך דערפילט פאַר איינעם, וואָס קען מיטהעלפן דער נייער געהיימער באַוועגונג, מיטבויען

די נייע וועלט. ער איז שוין אַן „אונדזעריקער", אַ „באַקאַנטער". ער שרייבט פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע מען דאַרף האַלטן אין טיפער קאָנספּיראַציע. הייסט עס, זיי זענען אַ גרויס געפאַר פאַר דער עקסיסטירנדיקער אָרדענונג. פון היינט אָן ווערט ער אַ געשווירענער קעגנער און שונא פון דעם צאַרישן רעזשים, איינער פון זיינע צעשטערער און אַ בויער פון אַ נייער אָרדענונג. דער קריפּל, דער בעל־עגלהשער זון, דער ישיבה־בחור און מתמיד, דער הינקעדיקער מגיד — וועט אין גיכן ווערן אַ רעוואָלוציאָנער און פאָלקס־טריבון.

## קאַפּיטל דריי

חיים־יאַנקל העלפאַנד איז צוגעשטאַנען צום סאָציאַליזם אין 1894. דאָס באַקערן זיך צום נייעם אידעאַל איז ביי אים צוגעגאַנגען פּאַראַלעל מיט דער פאַראינטערעסירונג מיט דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. אַ קוואַל פון ענערגיע האָט זיך אַנטפּלעקט אינעם 19־20־יאָריקן יונגנמאַן. ער אַנטוויקלט גרויסע ענערגיע אויפן געביט פון ליטעראַרישער שאַפונג, ער דרינגט זיך דורך מיט דער אידעע צו טראָגן קולטור און בילדונג צו דער יידישער האָרעפּאַשנער מאַסע. ער פאַרוואָרצלט זיך טיפער אין דער גײַסטיקער גײַזעלשאַפט פון דער נייער אינטעליגענץ און באַוווסטזיניקער אַרבעטערשאַפט. עס איז דער וועג, מיט וועלכן דער קינפטיקער א. ליטוואַק וועט גיין זיין גאַנץ לעבן.

אויף ימים טובים 1893 איז חיים־יאַנקל געקומען קיין ווילנע פונעם ישוב, ווו ער איז געווען אַ לערער דעם זומער־זמן. זיינע נאָענטסטע חברים זענען דעמאָלט געווען: דער עקסטערן באַבראָוו, דער לערער פון אַלע לימודים לעווינסקי און ב. קלעצקין, דער שפּעטערדיקער פאַרלעגער און טוער. זיי אַלע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין דער סטאַדיע פון „בענקשאַפט": זיי האָבן געוווסט, אַז עס זענען פאַראַן עפּעס געהיימע קרייזלעך, אָבער ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך „אַריינגענומען" צו ווערן אַהין, האָבן זיי נישט געוווסט. זיי האָבן געזוכט די פריינדשאַפט פון די „באַקאַנטע" און געהאָפט מיט זייער הילף סוף כל סוף צו דערגרייכן דעם טרוים.

אַלע פיר חברים זענען געווען גרויסע ליבהאָבער פון יידיש און פון יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן כסדר אין אַנטוויקלען אויף דער יידישער גאַס. אָבער ווו האָט געקענט אַן אַרבעטער באַקומען אָט די ביכלעך צום לייענען? קויפן פון אַלץ איז ער נישט אימשטאַנד. קיין ביבליאָטעקן זענען נישט געווען. איז טאַקע איינגעפאַלן חיים־יאַנקלען אַ געדאַנק: צו גרינדן אַ

יידישע ביבליאָטעק פאַר די אַרבעטער. וועגן עפּענען דאָס לעגאַל, מיט אַ דער־לויבעניש פון דער מאַכט, איז נישט געווען וואָס צו טראַכטן. האָט מען עס גע־דאַרפט מאַכן בשתיקה, האַלב אומלעגאַל. פאַרגעשטעלט דעם פּלאַן פאַר די חברים, האָבן זיי זיך גענומען די זאַך צו פאַרווירקלעכן. די ביבליאָטעק האָט זיך גלייך גוט אַנטוויקלט. מען האָט צונויפגעשלעפּט אַלע אייגענע ביכלעך, סך־הכל געווען אַ 25 שטיק. עס איז געווען צו ווייניק. האָט מען געזאַמלט ביי באַקאַנטע 15 רובל און געקויפט עטלעכע צענדליק פאַרשיידענע גענוצטע בי־כער און ביכלעך, און די ביבליאָטעק איז געווען פאַרטיק. ווי אַזוי האָט מען געזאַמלט די פופצן רובל? מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז פאַר אַ קראַנקן. די ביבליאָטעק האָט מען אַוועקגעשטעלט ביי אַ באַקאַנטער פריילין. לייענער איז געווען אַ פופצן מאַן: סטאָליערעס, קאָנווערטן־מאַכערקעס און זאָקן־שטריקע־רינס. עס האָבן געפעלט גוטע ביכער, עס איז נישט געווען קיין געלט אויף צו קויפן. די גרופּע איז געווען אָפּגעריסן פון דער אָרטיקער אַרבעטער־באַווע־גונג. חוץ דעם, איז צווישן די יידישע אַרבעטער געווען שטאַרק פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז אמתע בילדונג און קולטור קען מען באַקומען נאָר אין דער רוסישער שפּראַך — און די יידישע ליטעראַטור איז טאַקע געווען אומגעהייער אָרעם צו יענער צייט. דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז די ביבליאָטעק פון אונדזערע פיר ליבהאָבער פון יידיש האָט זיך סוף כל סוף שוואַך אַנטוויקלט, און אין האַרבסט 1894 האָט חיים־יאַנקל באַשלאָסן זיך צו צעשיידן מיט זיין געליבט קינד און ער האָט איבערגעגעבן די ביכער־זאַמלונג דער רוסישער אַרבעטער־ביבליאָטעק, וועלכע איז אויך געווען אומלעגאַל, זי האָט אָבער געהאַט די אונ־טערשטיצונג פון די „אינטעליגענטן״.

אין דעם זעלבן פעריאָד מאַכט חיים־יאַנקל זיינע ערשטע טריט אויפן לי־טעראַרישן געביט. עס איז געווען די צייט, ווען י. ל. פּרץ האָט גענומען אַרויס־געבן זיינע באַרימטע „יום־טוב בלעטלעך״, פריער צוזאַמען מיט מ. ספּעקטאָרן, דערנאָך איז יענער אָפּגעשטאַנען פון דער אונטערנעמונג און געפירט אַליין אַרויסגעבן אייגענע בלעטלעך, ווייניקער ראַדיקאַלע ווי פּרצעס. ער האָט נאָר צוויי אַזעלכע בלעטלעך אַרויסגעלאָזט, איינס האָט געהייסן „דער לאַמטערן״, עס האָט געהאַט דעם אונטערקעפּל „אַ בלעטל אויף וואָכענדיקע טעג״, געהאַלטן 32 זייטלעך, אַרויס אין וואַרשע 1894. אָט אין דעם זאַמלהעפט האָט חיים־יאַנקל פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע אַרבעט אויף יידיש. ער האָט עס אָנגערופן „טאָלע־ראַנץ״, אָבער ספּעקטאָר האָט איבערגעמאַכט דעם נאָמען און עס אָנגערופן „הערט און ווייסט!״, און ער האָט עס אָפּגעדרוקט טאַקע אויף דער ערשטער זייט. ספּעקטאָר האָט אויך צוגעגעבן אַ מאָטאָ, דאָס פאָלקס־ווערטל: „זיי נישט גאָטס סטראַפּטשע, ער קען אַליין זיין שטעטל באַשטיין״. אונטערגעשריבן האָט

אונדזער יונגער מחבר: חיה זעלדעס. דאָס איז געווען זיין ערשטער פסעוודאָ־נים. וואָס איז געווען דער אינהאַלט און די פאָרעם פון דער דאָזיקער ערשטער זאַך א. ליטוואַקס?

עס איז אַ לעגענדע באַאַרבעט נאָכן מדרש — אין געדרוקטן טעקסט שטייט: „פריי אויס נחמן קראָכמאַל". אברהם אָבינו איז דער העלד פון דער מעשה. ער האָט מכניס אורח געווען אַן אַלטן מאַן, אָבער ווען ער האָט אים שפּע־טער פאָרגעלייגט צו דאַנקען אברהמס גאָט, האָט יענער זיך אָפּגעזאָגט: ער וועט דאַנקען זיין אייגענעם גאָט, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעשניצט. איז אברהם געוואָרן אויפגערעגט פאַר אָט די רייד און האָט אַרויסגעטריבן דעם אַלטן אין דער מדבר. האָט זיך גאָט באַלד באַוויזן צו אברהמען און האָט אים געזאָגט:

... „אַזוי האָסטו זיך דאָס פאַר מיר אָנגענומען? און איך אַליין בין דען נאָך דיין מיינונג, נישט גענוג שטאַרק צו באַשטראָפן די, וואָס זינדיקן קעגן מיר, וואָס דו דאַרפסט זיך פאַר מיר אָננעמען? זע נאָר: איך האָב דעם אַלטן אַזוי פיל יאָרן געשפּייזט און געקליידט, כאָטש ער האָט מיך דערפאַר נישט געלויבט און איז (זיך) באַגאַנגען נישט ווי איך וויל — און דו, זינדיקער מענטש — האָסט אים איין נאַכט נישט געקענט מוחל זיין, וואָס ער דינט אַן אַנדערן גאָט ווי דו... דו ביסט איבערצייגט, אַז דיין גאָט איז דער אמתער, און וואָס קומט יענעם, וועלכער איז אין דעם נישט איבערצייגט און דינט אַנדערע געטער? קומט דען אַ מענטשן שטראָפן דערפאַר, וואָס ער ווייסט דעם אמת נישט? — מיט פאַרטרייבן, מיט באַליידיקן קלערסטו מענטשן עפענען די אויגן, זיי זאָלן דעם אמת דערזען? ניין, דעם אמת קען מען אין קאָפּ מיט געוואַלד נישט אַריינ־שלאָגן! מען קען קיינעם נישט נייטן, ער זאָל דענקען ווי דער אַנדערער וויל! רדיפות, באַליידיקונגען קענען, פאַרקערט, נאָך יענעם פאַרשטאַרקן אין זיין פאַלשן גלויבן, ווייל דער מענטש איז בטבע אַן עקשן, ער האַלט זיך שטענדיק שטאַרק אין דעם, וואָס מען וויל ביי אים צונעמען: די זאַך, פאַר וועלכער ער ליידט, ווערט ביי אים נאָך טייערער. אויב ער וועט זיך דיר אַפילו אונטערגעבן און וועט אָננעמען דיין אמת, וועט עס נאָר זיין לפּנים, אינעווייניק וועט ער בלייבן ביי דאָס זייניקע. ווילסט מענטשן זאָלן זיין איבערצייגט אין דאָס זעלבע, וואָס דו ביסט איבערצייגט, לערן זיי, דערקלער זיי, דאַן וועלן זיי פאַרשטיין דעם אמת. און ווען זיי וועלן אויך דאַן בלייבן בלינד, דאַן קענסטו נאָר מיט זיי מיטלייד האָבן, וואָס זיי האָבן אַזעלכע פאַרשטאָפּטע מוחות, אָבער באַליידיקן זיי פאַר זייערע געדאַנקען האָסטו קיין רעכט נישט, קוים באַרירן זיי נישט דורך זייער פאַרבלענדעניש אַנדערע מענטשן צו שלעכטעס".

אַוודאַי, זעט אויס פאַרן היינטיקן לייענער אַזאַ מין לעגענדע אַ היפּש ביסל

נאַיוו. אָבער פאַר דעם יונגן חיה זעלדעס איז עס געווען אַ דערגרייכונג. טאַלע־ראַנץ איז בלי ספק אַ שטריך פון ליטוואַקס כאַראַקטער. ער האָט אַ גאַנץ לעבן געהאַט אויסערגעוויינלעכן געדולד צו דערקלערן און אויסטייטשן און איבער־צייגן אין דעם, אין וואָס ער האָט אַליין געגלייבט. ער איז אויף זיין גאַנץ לעבן געווען אַ געדולדיקער פּרעדיקער און געהאַט אַ קלאָר אויג פאַר די פעלערן פון די ברידער־מענטשן. לערנען, דערקלערן, פּרעדיקן דעם אמת — דאָס האָט ער געמאַכט פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע.

חיים־יאַנקלען האָט שטאַרק ווי געטאָן, וואָס ער איז אַריינגעפאַלן צו ספּעקטאָרן און נישט צו פּרצן, וועלכער איז אים אידעיִש געווען אַ סך נענטער. ער האָט זיך אַזש געשעמט פאַר זיינע פריינד, און כדי זיך צו רעהאַביליטירן אין זייערע אויגן, האָט ער אין גיכן אָנגעשריבן אַ נייע זאַך אונטערן נאָמען „דריי מעשהלעך" און דאָס אַוועקגעשיקט פּרצן. באַלד איז אָבער געקומען אַן ענטפער פון פּרצן: „אייערע מעשהלעך (ריכטיקער פעליעטאָנען) זענען זייער גוט. לײדער קען עס נישט געדרוקט ווערן איבער צענזור". אַוודאי איז חיים־יאַנקלס צער געווען זייער גרויס. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז דאָ געווען אויך אַ גרויסע טרייסט: ערשטנס, האָט ער באַקומען די אָנערקענונג פון י. ל. פּרצן אַליין, זיין זאַך איז „זייער גוט"; צווייטנס, און דאָס איז געווען דער עיקר, זיין פעליעטאָן קען נישט אויסהאַלטן די צענזור, איז דאָך אַ סימן אַז עס איז רעוואָלוציאָנער, הייסט עס — אויך ער קען בייטראָגן צום גרויסן קאַמף. נאָך מער, ער איז שוין אַליין אַ שטיק מאַרטירער פון דער אומגערעכטער פּאָלי־טישער אָרדענונג...

אַ צווייט מאָל האָט חיים־יאַנקל געפּרוווט מזל אין פּרצעס „יום־טוב בלעט־לעך": פאַר פּסח 1895 האָט ער אים צוגעשיקט אַ פעליעטאָן „וועגן חמץ און מצה"; אָבער אויף דעם האָט זיך באַקומען אַ תשובה פון דוד פּינסקי: „דער פעליעטאָן קען נישט געדרוקט ווערן איבער זיין שוואַכקייט". ווייזט אויס חיים־יאַנקלס אינטעלעקט און געשמאַק איז נאָך נישט געווען גענוג אַנטוויקלט אויף צו קענען אַליין אָפּשאַצן, וואָס עס איז פּאַסיק געדרוקט צו ווערן אין אַזאַ אויס־גאַבע... דאָס האָט אים געגעבן אַ ווייטערדיקן שטויס צו אַרבעטן איבער זיך אַליין און זיך צו פאַרפולקאָמען.

***

פרילינג 1894 באַקענט זיך חיים יאַנקל מיט אײַנעם, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער פירנדיקער גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין ווילנע. דאָס איז געווען ש. גאָזשאַנסקי (דער „לערער", שפּעטער „לנר"). עס איז נישט געווען קיין סתם באַקענען זיך, מ׳האָט אים אַריינגעפירט צום לערער מיט אַ באַ־

שטימטן ציל: גאָזשאַנסקי האָט געהערט, אַז חיים יאַנקל קען גוט „זשאַרגאָן" — האָט ער באַשלאָסן אים איבערצוגעבן אַ וויכטיק שטיקל אַרבעט, אין וועלכער די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געניייטיקט: ער וויל לייענען פֿאַר זיינעם אַן אַרבעטער־קרייזל קאַרל קאַוטסקיס ווערק, „די עפּאָכע פֿון הומאַניזם און רעפֿאָרמאַציע", וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ רוסישן זשורנאַל (איבערזעצט פֿון דייטש) — איז אָט וויל ער, אַז חיים יאַנקל זאָל עס פֿאַר אים איבערזעצן אויף ייִדיש צו 3־4 זייטן אַ וואָך, וועט ער האָבן דעם נייטיקן מאַטעריאַל פֿאַר זיין קרייזל.

גאָזשאַנסקי, צום אונטערשייד פֿון די אַנדערע אינטעליגענטן פֿון דער ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע, האָט אַליין געקענט גוט ייִדיש און האָט געפֿירט אַרבעטער־קרייזן אויף ייִדיש. מיטאַרבעטן מיט אים און איבערזעצן אונטער זיין השגחה און אָנפּירערשאַפֿט דאָס וויסנשאַפֿטלעכע ווערק פֿון קאַרל קאַוטסקי — דאָס איז פֿאַר דעם יונגן אָנפֿאַנגער חיים יאַנקל געווען נישט נאָר אַ שטאָלץ, נאָר אויך אַ גוטע שול. נאָך אַלעמען איז ער געווען אַן אויטאָדידאַקט, האָט געלייענט אַ סך אָבער אָן אַ סיסטעם, געקענט די רוסישע שפּראַך זייער שוואַך, ער האָט אויך נישט געוווּסט די געשיכטע פֿון דער עפּאָכע, וועלכע קאַוטסקי האָט באַהאַנדלט אין זיין ווערק. דערצו דאַרף מען געדענקען, אַז ייִדיש האָט נאָך דעמאָלט נישט פֿאַרמאָגט די געהעריקע וויסנשאַפֿטלעכע אויסדרוקן. צוליב דעם אַלעמען איז די אַרבעט, וואָס חיים יאַנקל האָט גענומען אויף זיך, געווען זייער אַ שווערע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע. דערפֿאַר אָבער האָט ער פֿון דער דאָזיקער אַרבעט, ווי אויך פֿון די צוזאַמענטרעפֿן מיטן „לערער" און שפּעטער מיט אַלעקסאַנדער קרעמער (אַרקאַדי), וועלכער האָט צייטווייליק געפֿירט דעם „לערערס" קרייז, זייער פֿיל געוואָקסן. זיין אינטעלעקט און זיין ליטעראַרישער טאַלאַנט האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט.

וויזט אויס, אַז חיים יאַנקלס איבערזעצונג איז געווען אַ געראָטענע, און אין אַ האַלב יאָר אַרום מאַכט אים דער „לערער" אַ נייעם פֿאָרשלאָג: אויסגעפֿינען אַ בעלעטריסטיש ווערק פֿון אַרבעטער־לעבן און איבערזעצן עס אויף ייִדיש. חיים יאַנקל האָט געפֿונען אין אַן אַלטן יאָרגאַנג פֿונעם רוסיש־ייִדישן זשורנאַל „וואָסכאָד" אַ גרויסע דערציילונג, „די געשיכטע פֿון אַ פֿאַמיליע". די דערציילונג איז געווען פֿונעם לעבן פֿון דער ייִדישער מאַסע, זי האָט באַרירט די באַציִונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל — זי האָט גוט געקענט אויסגענוצט ווערן פֿאַר אַגיטאַציע־צוועקן. אין „וואָסכאָד" איז די דערציילונג געווען אונטערגעשריבן „פּסעוודאָנים"; שפּעטער מיט יאָרן האָט זיך א. ליטוואַק דערוווּסט פֿון ש. אַנסקי, אַז ער איז עס געווען דער מחבר פֿון דער דערציילונג. גאָזשאַנסקי האָט איבערגעלייענט „די געשיכטע פֿון אַ פֿאַמיליע" און האָט

מסכים געווען, אַז עס איז פּאַסיק צום אַרויסגעבן אויף ייִדיש, און חיים יאַנקל האָט געדאַרפט מאַכן די איבערזעצונג. ווינטער 1894־1895 איז חיים יאַנקל אַוועקגעפאָרן אויף אַ ישוב צו לערנען מיט דעם ישובניקס קינדער. און דאָ, אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, אָפּגעריסן פון דער גרויסער שטאָט, פון דער באַוועגונג און פון די באַקאַנטע, האָט זיך חיים־יאַנקל געשמאַק גענומען צו דער איבערזעצונג. און ווען ער איז אויף פּסח געקומען צוריק קיין ווילנע, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט די פאַרטיקע איבערזעצונג. מע האָט עס געגעבן אויף מבינות און אויף אויסצורעדאַקטירן דעם באַרימטן מחבר פון „אַ וועלט מיט וועלטלעך". בן אריה (קרייער). און אַ דאַנק דעם לעצטן איז דאָס ביכל אָנגענומען געוואָרן צום אַרויסגעבן אין „פאַרלאַג בן חיים" (יוסף שריפּטזעצער). לויט דער פאָדערונג פון בן אריה איז דער נאָמען פונעם איבערזעצער נישט דערמאָנט געוואָרן. עס איז נאָר אָנגעגעבן געוואָרן: איבערגעזעצט אונטער דער רעדאַקציע פון בן אריה. דערפאַר איז דער לעצטער געווען אַ שותּף צום האָנאָראַר און ער האָט באַקומען גאַנצע 25 רובל. דאָס ביכל איז אַרויס פון דרוק אָנהייב ווינטער 1895 אונטערן נאָמען „די מלחמה פאַרן לעבן", און שפּעטער איז עס איבערגעדרוקט געוואָרן עטלעכע מאָל. דאָס ביכל איז שטאַרק פּאָפּולער געווען צווישן די אַרבעטער־לייענער פון יענער צייט.

אין דעם זעלבן יאָר 1895 איז, מיט דער הילף פון דוד פּינסקי און פון דער ווילנער גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, געגרינדעט געוואָרן דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויסצוגעבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ביכער אויף ייִדיש, און בכלל פאַרשפּרייטן גוטע ביכער אויף ייִדיש צווישן די אַרבעטער. עס איז געווען די צייט, ווען די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אַריבער פון פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך צו מאַסן־אַגיטאַציע, און טאַקע אויף ייִדיש. עס האָט געפעלט געהעריקער מאַטעריאַל און מ'האָט אים פּראָדוצירט אויף פאַרשיידענע אופנים. אומלעגאַלע ביכלעך, צונויפגעשטעלט דורך היימישע קרעפטן, האָט מען אַפילו פּשוט איבערגעשריבן מיט דער האַנט, און חיים יאַנקל איז געווען איינער פון די געשווירענע איבערשרייבערס — דער פּרייז איז געווען פון צען ביז צוואָנציק קאָפּיקעס פאַר אַ טאָפּלטן בויגן.

דריי יאָר האָט עקסיסטירט דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט" און ער האָט אַרויסגעגעבן אין קאָטיקס פאַרלאַג אַכט ביכלעך. איינס פון זיי איז געווען חיים יאַנקלס. דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט עס טאַקע ביי אים באַשטעלט. עס האָט געזאָלט זיין לויט אַ רוסישן מוסטער — שמועסן וועגן כעמיע אין אַ האַלב־בעלעטריסטישער פאָרעם. ווינטער 1895־1896 איז חיים יאַנקל ווידער געווען אויף אַ ישוב צו לערנען מיט די קינדער פון אַ רייכן מילנער. ער האָט

אַהין מיטגענומען אַ סך מאַטעריאַל, און במשך פונעם ווינטער האָט ער אָנגע־שריבן דאָס ערשטע ביכל „ווינטער־אָונטן". דאָס צווייטע ביכל „ווינטער אָונטן" איז אים שוין באַשערט געווען צו שרייבן, ווען ער איז געווען אויף „אומזיסטע קעסט" ביי דער צאַרישער מאַכט: אין דער ווילנער פּאָליטישער טורמע, וווּ ער איז געזעסן פון יוני 1896 ביז סוף מײַ 1897.ביידע ביכלעך זענען דערשינען אין איין צייט — זומער 1897. דער דערפאָלג איז געווען קאָלאָסאַל. אין אַ בריוו צום יונגן מחבר האָט י. ל. פּרץ געלויבט דאָס ביכל, פון וועלכן ער האָט געלייענט דעם ערשטן טייל אין מאַנוסקריפּט. דאָס ביכל איז בשעתו געווען זייער פּאָפּולער, און הונדערטער ייִדישע אַרבעט־מענטשן האָבן זייערע ערשטע ידיעות אין כעמיע און פיזיק פון אָט דעם ביכל געשעפּט און געדאַנקט דערפאַר דעם געהיימנישפולן מחבר, וועלכער האָט זיך באַ־האַלטן אונטערן פּסעוודאָנים „חיה זעלדעס". דאָס ביכל איז אַ סך מאָל איבער־געדרוקט געוואָרן; די אויסגאַבע, וואָס איך האַלט איצט אין האַנט, איז אַרויס אין 1912. חיים יאַנקל האָט פאַר דער אַרבעט באַקומען גאַנצע 60 רובל האָנאָ־ראַר, אָבער פאַר די שפּעטערדיקע איבערדרוקן האָט ער קיין גראָשן נישט באַקומען, און דערפאַר האָט דער אַרויסגעבער נישט געהאַלטן פאַר זיין חוב אָנצוגעבן די וויפלטע אויסגאַבע איז עס. עס איז מסתמא אַרויס נישט ווייניקער ווי זעקס אויסגאַבעס.

ווען חיים יאַנקל איז שפּעטער מיט דריי יאָר געזעסן אין טורמע און דערנאָך ווען ער איז געווען פאַרשיקט אין סיביר, האָט ער נישט אויפגעהערט צו מאָנען ביי די פאַרלעגער פון זיין בוך, זיי זאָלן אים צושיקן אַ ביסל האָנאָ־ראַר. אָבער קיין גראָשן האָט ער פון זיי נישט דערהאַלטן. ערשט ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון סיביר, האָט ער פון זיי אַרויסגעריסן אַ 25ער.

די „ווינטער־אָונטן" זענען אָנגעשריבן אין פאָרעם פון שמועסן, וואָס עס פירט דער לערער מיט די אַרבעטער אויף דער מיל. דער לערער — דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אונדזער חיים יאַנקל, און אין דעם קאַפּיטל איינס, וווּ עס ווערט באַשריבן דער לערער, האָבן מיר אַ סך אויטאָביאָגראַפישן מאַטעריאַל. דער לערער טראָגט דעם נאָמען נח גורסקי, און דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים האָט טאַקע א. ליטוואַק געניצט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אייניקע מאָל. אָט ווי אַזוי ער באַשרייבט דאָ דעם לערער, דאָס הייסט, זיך אַליין:

„דער לערער נח גורסקי איז געווען באַרימט פאַר זייער אַ גוטן לערער; מען האָט פּראָסט געגלייבט אים איין, אַז וווּ ער לערנט — מוזן די קינדער אַ פּעולה האָבן; דאַרום האָט ער שטענדיק געהאַט אַ שטעלע... ער איז אום אַ שטעלע נישט געשטאַנען! ביי דער ערשטער אומצופרידנקייט פלעגט ער אַוועק־פאָרן. ער איז געווען געוווינט, אַז ער זאָל זיך וואַרפן מיט באַלעבאַטים — נישט

די באַלעבאַטים מיט אים. די באַלעבאַטים האָבן מורא געהאַט פֿאַר זיין שאַרפֿן צונג. אַנדערע האָבן אים געהאַלטן פֿאַר אַ משוגענעם: ווי איז דאָס געזען געוואָרן, אַז אַ יונגער מענטש זאָל נישט וועלן פֿאַרברענגען, זאָל זיצן — ווען ער האָט נאָר ליידיקע צייט — ביים בוך, און ווען ער פֿאַרברענגט שוין יאָ אַ ביסל אַ מאָל, פֿאַרברענגט ער נישט מיט איידעלע מענטשן זיין גלייכן, נאָר מיט די פּראָסטע יונגן, בעלי־מלאכות, שמידן און מיל־יונגען. ער קען זיך אַפֿילו מיט דער דינסט אָוועקשטעלן רעדן, ער האָט גאָר אַ ברעקל שטאָט נישט. דאַקעגן, אָט די פּראָסטע לייט האָבן פֿון אים געהאַלטן אַן עולם ומלואה; זיי האָבן געזאָגט אַז ווען מען זאָל אַזאַ מענטשן זוכן מיט ליכט, וועט מען אויך נישט געפֿינען. ער איז אַזוי געבילדעט — פֿלעגן זיי רעדן וועגן אים — אַזאַ קענער, און האַלט זיך ביי זיך אַזוי פּראָסט, בלאָזט פֿון זיך נישט, ווי אַנדערע קענערס, ער קען זיך מיטן קלענסטן אָפּשטעלן רעדן. הײַנט זיין רעדן! אַז מען רעדט מיט אים, פֿאַרגעסט מען אַז מע רעדט מיט אַ קענער, מען שעמט זיך פֿאַר פֿאַר אים נישט, מען רעכנט אַז מען רעדט מיט דיין גלייכן. ער ווייסט אַזוי קלאָר דיין לעבן, כמעט בעסער ווי דו אַליין, און רעדט קלוג, אַז ס'דאַכט זיך, ווען ער וואָלט רעדן אַ טאָג מיט אַ נאַכט, וואָלט נישט מיאוס געוואָרן הערנדיק...״

און אָט ווי אַזוי חיה זעלדעס שילדערט אַ „פּריַיטיק צו נאַכט נאָך דעם עסן״, און ווי אַזוי ער פֿאַרקניפּט דעם פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכן שמועס מיט די מיל־אַרבעטער, כדי זיי אויפֿצוקלערן די סודות פֿון גאָטס וועלט: „זיי זענען אַלע אַריין אין קיך. אויף דעם טיש האָט געברענט אַ לאָמפּ, און לעבן לאָמפּ איז געשטאַנען אַ גרויסער טעלער מיט קירבעס־יאָדרעס. אַרום טיש זענען געזעסן הערשל און מלך — צוויי בחורים פֿון מיל... לעבן איווון זענען געזעסן די איבעריקע צוויי בחורים פֿון מיל: ישראל און אַברהם,ביידע פֿון מיטעלן וווקס מיט ברייטע פּלייצעס... לעבן איווון איז געזעסן אַ קאַראַבעלניק אויך. ער פֿאָרט אַרום מיט קליינע סחורות, ווי: נאָדלען, שפּילקעס, באַוול, ציץ און פֿאַטשיילקעס, ער פֿירט עס אַרום איבער די דערפֿער און פֿאַרקויפֿט די פּויערים פֿאַר מזומנע געלט אָדער פֿאַר דאָרפֿס־פּראָדוקטן... לעבן אַלמער איז געשטאַנען די דינסט־מיידל חנה מיט חייקע דעם שמידס מיידל... — איר ווילט זיך אפֿשר אָנוואַרעמען, לערער? קומט צום איווון, האָט ישראל געזאָגט״. און אָט דאָ אין קיך אַנטוויקלט זיך אַ גרויסער שמועס וועגן כעמיע און אירע געזעצן — אַ שמועס, וועלכער פֿאַרציט זיך אויף עטלעכע לאַנגע אָוונטן, און וועלכער גיט דעם גאַנצן אינהאַלט פֿון בוך.

עס האָט געוויס נישט נאָר אַ ביאָגראַפֿישן, נאָר אויך אַ ליטעראַטור־געשיכטלעכן אינטערעס צו ברענגען אייניקע אויסצוגן פֿון די „ווינטער־אָוונטן״,

כדי צו ווייזן, ווי אַזוי דער יונגער מחבר איז מסביר אייניקע גאָר שווערע ענינים פאַרן רויען לייענער:

„אי פיזיקע אי כעמיע, אי די אַלע איבעריקע וויסנשאַפטן דערקלערן אונדז די גרויסע קונצן אין דער נאַטור. מיר זעען זיי אַלע טאָג, אַט די קונצן אין דער נאַטור, נאָר ווייל מיר זענען צו זיי צוגעוווינט פון קינדהייט אָן, ווייל מיר זעען זיי שטענדיק, קוקן זיי ביי אונדז גאָר פאַר קיין קונצן נישט אויס. און אונדז קומט גאָר אויפן זינען נישט אויפצוקלערן, פאַר וואָס דאָס איז אַזוי, ווי די קונצן ווערן געמאַכט. דאַרום ווען מיר זעען אַ זאַך, וואָס עס טרעפט זיך נישט אָפט, אַט דאָס איז ביי אונדז אַ קונץ, אַ נס. מיר עפענען אויף מויל און אויערן, מיר זעען אין דעם שדים אָדער מלאכים און מיר גלייבן אין אַלע נאַרישקייטן. פאַר דעם געלערנטן מענטשן אָבער, דער וואָס קוקט אויף דער וועלט מיט אָפענע אויגן, פאַר אים איז די גאַנצע נאַטור, יעדע זאַך אַ קונץ, די גאַנצע נאַטור איז איין גרויסער קונץ, אָדער ריכטיקער געזאָגט: קיין קונצן איז גאָר נישטאָ, נאָר אַלץ פירט זיך נאָך באַשטימטע שטענדיקע געזעצן, וועלכע קענען קיין מאָל אַנדערש נישט ווערן.

— וואָס פאַראַ קונצן זעט איר דאָס אין דער וועלט אַלע טאָג? — האָט ישראל געפרעגט.

— ווי הייסט, וואָס פאַר אַ קונץ? לאָמיר אָנכאַפּן, למשל, עס גייט אַ רעגן אָדער אַ שניי. איז דאָס נישט קיין קונץ? פאַרשטייט איר, פון וואַנען עס נעמט זיך דער רעגן אָדער דער שניי?

— וואָס איז דאָ פאַראַנען צו פאַרשטיין? דער רעגן גייט פון הימל?

— און פון וואַנען נעמט זיך דאָרט אין הימל דער רעגן?

— ווי הייסט פון וואַנען? פון וואָלקן.

— און וואָס איז דאָס אַזוינס דער וואָלקן? און ווו נעמט דער וואָלקן וואַסער?

— זעט איר, דאָס ווייס איך שוין נישט...“

און ווען דער עולם הייבט אָן מאַכן חוזק פון די געלערנטע, דערקלערט דער לערער:

„זיי ווייסן אויף ריכטיק דעם גאַנג פון די שטערן, זיי קענען אויסרעכענען אַפריער אויף אַ סך יאָרן, אין וועלכער מינוט, אַפילו אין וועלכער רגע יעדער שטערן וועט שטיין אינעם באַשטימטן אָרט. און זיי האָבן קיין טעות נישט... מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק ווען עס פלעגט זיך טרעפן אַ ליקוי חמה, פלעגט מען פריער וועגן דעם גאָרנישט וויסן. פּלוצלינג, אין מיטן העלן טאָג איז געוואָרן פינצטער, אויף דער זון איז אַרויפגעגאַנגען אַ גרויסער שוואַרצער שאָטן און עס איז געוואָרן נאַכט. בעת מעשה פלעגן זיך אַלע געוויינלעך שטאַרק

איבערשרעקן, מען האָט געמיינט אַז די וועלט ווערט שוין חרוב... איצט אָבער איז עס געוואָרן גאַנץ אַנדערש: די געלערנטע, וועלכע דערלערנען דעם גאַנג פון די שטערן — אָדער ווי מען רופט זיי, די אַסטראָנאָמען — ווייסן גוט די סיבה פון דעם ליקוי חמה, און זיי ווייסן אַפריִער, ווען עס וועט זיין. זיי קענען אויסרעכענען אויף טויזנטער יאָרן אַפריִער, ווען עס וועט זיין אַ ליקוי חמה...״

און צום סוף אויף דער פראַגע, וואָס וועט אַרויסקומען, אויב מע וועט שוין אַלץ פאַרשטיין, פון דער אַרומיקער נאַטור, ענטפערט דער לערער:

„דאָס פאַרשטיין פאַר זיך אַליין איז אַ גרויסע זאַך. איר וועט נישט גלייבן אין נאַרישקייט, איר וועט קוקן אויף אַלץ מיט אָפענע אויגן; דאָס איז קנאַפּ? וועל איך אייך זאָגן, אַז איר וועט האָבן דערפון נוצן אויך. קיין מאַשינען וועט איר טאָקע נישט מאַכן, אָבער ווי בעסער צו לעבן וועט איר געוויס פאַרשטיין. ווייסנדיק די נאַטור, וועלכע איז אַרום אייך און אין אייך, וועט איר זיך אויף יעדער טריט קענען אַפילו פאַרהיטן, אירע קרעפטן זאָלן אייך נישט שאָדן, זיי זאָלן אייך נאָך נוצן ברענגען. געוויינלעך נעם איך זיך נישט אָן אייך צו דער־קלערן די גאַנצע נאַטור, איך ווייס זי אַליין נישט זייער פיל, און די גאַנצע תורה אויף איין פוס אויסלערנען קען מען דאָך גלאַט נישט...״

אָט אַזוי האָט זיך שוין אין די ערשטע שאַפונגען אַנטפּלעקט דער גרויסער פּאָפּולאַריזאַטאָר, וועלכער איז געווען באַקאַנט צענדליקער טויזנטער ייִדישע לייענער און לעקציע־צוהערער, א. ליטוואַק.

## קאַפּיטל פיר

די באַקאַנטע בונדישע טוערין אַנאַ ראָזענטאַל האָט געשריבן אין אירע „בלעטלעך פון אַ לעבנס־געשיכטע״, אַז „די צוויי ביכלעך ׳ווינטער־אָוונטן׳ פון חיה זעלדעס זענען געווען אַן אמתער אוצר פאַר אונדז״. דאָס באַציט זיך צו דעם זומער 1897, ווען די ביכלעך זענען שוין אַרויס פון דרוק. אָבער, ווען חיים יאַנקל האָט געשריבן דאָס ערשטע ביכל אין 1894־1895, דעמאָלט איז נאָך נישט געווען אַזוי פיל אָנערקענונג פאַר אים. דעמאָלט האָט ער ערשט געזוכט אַ וועג צו דער אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז גאָרנישט געווען קיין קלייניקייט.

די אָרגאַניזאַציע איז געווען אין די הענט פון די אינטעליגענטן — אָט אַזעלכע, ווי אַרקאַדי, ליובע, גאָזשאַנסקי און אַנדערע. חיים יאַנקל האָט באַ־לאַנגט צו דער קאַטעגאָריע האַלב־אינטעליגענטן, „פּאָלו־אינטעליגענטן״, נישט קיין „געענדיקטער״, הייסט עס. נישט נאָר די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן פון דעם עלעמענט נישט געהאַלטן שטאַרק, נאָר אַפילו די מאַסע האָט זיך פון זיי געהאַלטן ווייטלעך. עס איז דאָך געווען די צייט פון קליינע פּראָ־

פּאַגאַנדע־קרייזלעך, ס׳רוב אויף רוסיש — דאָס האָט די אַריינגעצויגענע אַרבע־טער אימפּאָנירט. האָבן אַ סטודענט פאַר אַן אָנפירער פון קרייז איז געווען אַ שטיקל יחוס. אָבער אומשטיינס־געזאָגט, דער האַלב־אינטעליגענט, געוועזענער ישיבה־בחור און קלויזניק — וואָס האָט מען געקענט פון אים געניסן? „מיר ווילן נישט קיין פּאָלע פון אַן אינטעליגענט״ — פלעגן זיי טענהן. ערשט ווען די באַוועגונג האָט אָנגענומען מאַסן־פאָרמען און איז אַריבער צו מעטאָדן פון אַגיטאַציע, און יידיש איז אַריין אין די פעדערן, האָט זיך די דאָזיקע באַציונג געענדערט.

חיים יאַנקלס טרוים איז געווען צו ווערן אַליין אַ פירער פון אַ קרייזל. אָבער די אָרגאַניזאַציע האָט אים אַזוינס נישט געגעבן. א. ליטוואַק אַליין דער־ציילט וועגן אָט די צרות זיינע אַזוי: „די אָפיציעלע אָרגאַניזאַציע האָט פון מיר ווייניק געהאַלטן. איך בין נאָך געווען גאָר רוי, אָקערשט אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון בית המדרש; ביי אינטעליגענטן אין קרייזלעך געווען זייער ווייניק, אין גאַנצן אַ חדשים דריי, אַליין געלייענט, פאַרשטייט זיך, נישט סיס־טעמאַטיש, און אַן עזות פנים בין איך אויך געווען — האָב איך דירעקט פון דער אָרגאַניזאַציע, דוכט זיך, די ערשטע יאָרן קיין קרייזל נישט באַקומען. דורך צווייטע הענט פלעגט מען מיר איבערגעבן לייענען מיט אינטעליגענטע אַרבעטער די נייע יידישע ליטעראַטור, כדי זיי זאָלן עס קענען בעסער אויסנוצן אין זייערע קרייזלעך, אויך קרייזלעך פאַר אָנפאַנגער. מיר איז דאָס אָבער געווען ווייניק. פלעג איך, און געוויס נישט איך אַליין, זיך געבן אַן עצה פון דער זייט...״

אין דער דערקלערונג „און אַן עזות פנים בין איך אויך געווען״ שטעקט מסתמא אַ שטיקל בלבול פון א. ליטוואַקן אויף חיים יאַנקלען. אין דעם אומ־צוטרוי פון דער אָרגאַניזאַציע איז גיכער געווען אַן אַנדער סיבה: דאָס איז געווען זיין מום, זיין הינקען זייער שטאַרק; ביי די דעמאָלטיקע אומלעגאַלע באַדינגונגען, ווען יעדער טוער אין דער באַוועגונג איז געווען אויסגעשטעלט אויף שטענדיקן שפּיאָנאַזש, איז דער דאָזיקער חסרון געווען אַ זאַך, מיט וועלכער מען האָט זיך געדאַרפט שטאַרק רעכענען. עס האָט נישט אים אַליין געדראָט די סכנה פון לייכט אויסגעשפּיאָנירט ווערן, נאָר ער האָט אויך געקענט פאַר־שלעפּן „שפּיקעס״ אויף געהיימע קוואַרטירן, און שטעלן אין אַ סכנה אויך אַנ־דערע אָנטיילנעמער. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט די פּאַרטיי גע־דאַרפט שטענדיק אין זינען האָבן אָט דעם אומגליק ליטוואַקס, הגם מען האָט באַוווּנדערט זיינע טאַלאַנטן זיך אַרויסצודרייען פון פּאָליציי און שפּיאָנעס.

צוביסלעך, אַ דאַנק זיין עקשנות און ברען אַריינצוגיין אין דער אַרבעט, אַ דאַנק זיין גלענצנדן יידיש און כוח־הסברה, ווערט חיים יאַנקל אַלץ פּאָפּו־לערער אין דער אַרבעטער־סביבה. ער פירט קרייזלעך, ער טרעט אויף אויף

קליינע און שפּעטער אויף אַלץ גרעסערע געהיימע פֿאַרזאַמלונגען — אויף דער „פינפטער קאַסאַרקע“ און ערגעץ אַנדערש. אַט פירט ער אַן אַרבעטער־קרייזל. ער לייענט פֿאַר די בראַשור „שכירות“, ער זאָגט אָפּ אַ פּסוק און רעדט אַרום דעם אַ גאַנצע שעה. מע האָט אים געקענט פֿאַר „חיים יאַנקל דער הינקעדיקער מגיד“, וועלכער פֿאָרט אַרום איבער די שטעטלעך — אַ מאָל אויף אַ פֿור, אַ מאָל געגאַנגען צופֿוס. איצט האָט ער די מגידישע מעטאָדן און אופֿנים פֿון רעדן אַריינגעטראָגן אין די אומלעגאַלע קרייזלעך. די מענטשן פֿון דער מאַסע האָבן הנאה געהאַט פֿון זיין רעדן. אַ סך פֿון די, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין זיינע קרייזלעך, האָבן עס יאָרנלאַנג געדענקט.

אָט האָט דערציילט איזידאָר קאָהען וועגן דער ערשטער „פֿאַרזאַמלונג“ פֿון פינף פּריקאַזטשיקעס צו גרינדן אַ פּריקאַזטשיקעס־פֿאַראיין אין ווילנע. דאָס איז געווען, ווי ער שרייבט, אין 1896. „חיים יאַנקל העלפֿאַנט (א. ליטוואַק) האָט געעפֿנט די פֿאַרזאַמלונג. ער האָט פֿאַר אונדז אַנטדעקט אַ נייע וועלט... דער הויפּט־געוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף פּאָליטישע און אַלגעמיינע וועלט־פֿראַגן. מיר האָבן ממש געשלונגען זיינע ווערטער“. אין דעם זעלבן אַרטיקל דערציילט איזידאָר קאָהען וועגן אַ פֿאַרזאַמלונג אין זאַקרעטער וואַלד הינטער ווילנע. צווישן די, וואָס זענען דאָ געווען אָנוועזנד, דערמאָנט ער אויך א. ליטוואַקן.

צו דער זעלבער צייט, מסתמא, באַציט זיך אויך די באַשרייבונג, וועלכע יוסף באַסקין גיט פֿון אַ פֿאַרזאַמלונג, אויף וועלכער חיים יאַנקל האָט גערעדט. פּונקט ווי די פֿריִער געשילדערטע פֿאַרזאַמלונג פֿון פּריקאַזטשיקעס, איז דאָס אויך געווען אַן אונטערנעמונג, פֿאַרבונדן מיטן נאָמען פֿון קלמן קראַפּיוויניקאָוו, אַ באַקאַנטער טוער אין יענער צייט און איינער פֿון א. ליטוואַקס פֿריינד — אונדז וועט נאָך שפּעטער אויסקומען צו דערמאָנען זיין נאָמען. איז אָט דער־ציילט וועגן אים א. באַסקין: „ער האָט דאָס מיך געבראַכט צו אַ מיטינג, ווו חיים יאַנקל האָט געדאַרפֿט רעדן. מען האָט מיך אַריינגעפֿירט אין אַ קעלער, דער צימער קלייך, די שויבן צעבראָכענע, נישט געווען קיין לופֿט, נישט גע־ווען קיין ליכט, אָבער אין דעם קליינעם צימערל זענען געווען אָנגעפּאַקט, ווי אין אַ פֿעסל הערינג, עטלעכע צענדליק מענטשן, מענער און פֿרויען פֿון פֿאַר־שידענע פֿאַכן. און אין אַ ווינקל, אָנגעשפּאַרט מיט זיין קראַנקער פֿוס אויף אַ בענקל, איז געשטאַנען דער רעדנער. ער האָט גערעדט, ער האָט אויף קיינעם נישט געקוקט, עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז ער באַטראַכט קיינעם גאָרנישט. אָבער זיין גאַנצער מאַרך איז געווען קאָנצענטרירט אויף איין געדאַנק. ער האָט גערעדט און די פֿאַרזאַמלטע האָבן אויפֿגעכאַפּט יעדעס וואָרט, מען האָט געשלונגען יעדע זילבע. ער האָט גערעדט וועגן זאַכן, וועלכע זענען פֿאַר

מיר געוועז אומבאַגרייפלעך. אָבער פון צייט צו צייט פלעגן זיך אַרויסרייסן פון אים ווערטער, וועלכע זענען מיר געווען זייער באַקאַנט... דאָס זענען געווען ווערטער פון די נביאים, די רייד פון חבקוק און עמוס, די נביאים וועלכן האָבן געפּרעדיקט צו די מאַסן, האָבן גערעדט צו זיי וועגן די סאָציאַלע איבלען, וועגן דער אומגערעכטיקייט וואָס הערשט אויף דער וועלט...״

ס׳אַרע ווייטן מהלך חיים יאַנקל האָט עס דורכגעמאַכט פאַר די פּאַרלאָפענע פאַר יאָר! ווי לאַנג איז, וואָס ער האָט זיך בכלל דערוווּסט וועגן די געהיימע ביכלעך און קרייזלעך! ווי לאַנג איז, וואָס זיין גרעסטער „רעוואָלוציאָנערער״ טאַט איז געווען, ווען ער האָט צוזאַמען מיט זיינע חברים פלעגן זיך צונויפקלייבן ביי זיי אין סאַד, אין עק פון זייער הויף, און דאָ פירן די געהיימע שמועסן. קיינער האָט נישט געטאָרט צוקומען אַהין. די שוועסטער פעסל איז געווען די פּאַרמיטלערין צווישן דער גוטער מוטער און די פאַרזאַמלטע. זי פלעגט יעדעס מאָל אַרויסבאַקומען ביי דער מוטער אַ גרויסן שטיק ברויט און אַרויס־טראָגן צו די פאַרזאַמלטע. מע האָט פאַרטרונקען מיט וואַסער און מע האָט ווייטער פאָרגעזעצט די שמועסן און דאָס לייענען. איצט איז שוין חיים יאַנקל אַליין אַן אַקטיווער טוער אין דער באַוועגונג. ער שרייבט פאַר יידישע אַרבע־טער. ער באַקומט שוין האָנאָראַר פאַר זיינע געשריפטסן. ער טרעט אויף אויף גרעסערע און קלענערע פאַרזאַמלונגען. ערשט נישט לאַנג האָבן אים יונגע גימנאַזיסטן און אַנדערע געלערנט רוסיש (צווישן זיי דער לערער קאָרטשמאַר און זיין זון, דוד זשוקס זון, חזנס זון). און איצט מאַכט ער שוין אַליין איבער־זעצונגען און באַאַרבעטונגען פון פאַרשידענע ווערק אין דער רוסישער שפּראַך. חיים יאַנקלס אַנטוויקלונג גייט מיט גרויסע טריט פאָרויס. אים שטייט פאָר אַ גרויסע צוקונפט.

**
*

צוזאַמען מיטן אַקטיווערן אָנטייל אין דער באַוועגונג זיינען געקומען אַרעסטן און נייע אומבאַקאַנטע ליידן. מיר האָבן שוין אויבן ציטירט א. ליט־וואַקס ווערטער, אַז דעם צווייטן טייל פון די „ווינטער־אָוונטן״ האָט ער גע־שריבן אין ווילנער פּאָליטישער טורמע, „ווו איך בין געזעסן פון יוני 1896 ביז סוף מיי 1897״.

ווו איז א. ליטוואַק אַרעסטירט געוואָרן? ביי וועלכע אומשטענדן? געגנוי וועז? סאָפיע דובנאָוו־ערליך דערציילט אין איר בוך „גאַרבער־בונד און בער־שטער־בונד״, אַז „אין יענער צייט (עס האַנדלט זיך וועגן 1897) איז אַגב אין סמאָרגאָן געווען אַרעסטירט א. ליטוואַק־העלפאַנד״ (ז׳ 40). מע האָט שוין, הייסט עס, דעמאָלט ליטוואַקן געשיקט אויף פאַרזאַמלונגען אין פּראָווינץ.

א. ליטוואַק אַליין האָט וועגן זיין אַרעסט געשריבן אין זיין אַרטיקל וועגן קאַפּלינסקין אַזוי: „אין מײַ 1897 בין איך געפאָרן קיין אַשמיענע „אָנפירן" די דאָרטיקע גאַרבער־באַוועגונג. ישראל מיכל איז ביי מיר געווען פאַרן אָפּפאָרן. ער האָט מיר איבערגעגעבן אינסטרוקציעס פון קרעמערן; איך בין אין גיכן אַרעסטירט געוואָרן, אָפּגעזעסן אַ יאָר צייט אין טורמע, באַפרייט געוואָרן". מיר זעען, בכן, אַז די פאַקטן שטימען נישט אין די אַלע אינפאָרמאַציעס. ווייזט אויס, אַז ליטוואַק אַליין האָט פאַרלוירן דעם חשבון: צו פיל מאָל איז ער אין זיין לעבן אַרעסטירט געוואָרן.

ווי עס זאָל נישט זיין, צי אין סמאָרגאָן צי אין אַשמיענע, צי דאָס איז געווען דער ערשטער אָדער אפשר גאָר דער צווייטער אַרעסט זיינער, האָט שוין, הייסט עס, חיים יאַנקל באַקומען זיין ערשטן ברוך־הבא פון דער צאַרי־שער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. כמעט אַפּולן יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין תפיסה. דער סדר אין די רוסישע טורמעס איז געווען אַזאַ, אַז מע האָט געמוזט האָבן, ווער עס זאָל צוברענגען עסן, וואַרעמע קליידונג.. עמעצער האָט אויך געמוזט שטופּן די „דיעלע" פון דרויסן אין דער זשאַנדאַרמעריע, ביי דער פּראָקוראָטור, און אָפט מאָל האָט מען דאָ געקענט מיט געלט אַ סך אויפטאָן. קיין „רויטער קרייץ" ביי דער אָרגאַניזאַציע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. און די איינציקע וואָס האָט אַ ביסל געזאָרגט וועגן חיים־יאַנקלען, איז געווען זיין שוועסטער פעסל. זי האָט זיך באַמיט וועגן אַ „סווידאַניע", אפשר האָט זי אויך אַ פּעקל אים דערלאַנגט. אָבער באַלד איז געשען די קאַטאַסטראָפע מיט דער מוטער, און קיינער האָט שוין מער נישט געזאָרגט וועגן חיים־יאַנקלען, הגם ער איז דאָ אין טורמע געוואָרן קראַנק.... נאָר איין מאָל האָט אַ יידישער זעלנער, וועלכער איז געווען צווישן די, וואָס מע האָט געשיקט היטן די טורמע, געבראַכט אַ צעטעלע פון חיים־יאַנקלען, און ער האָט באַרויִקט די אייגענע, אַז ער איז געזונט און אין אָרדענונג.

נאָך דעם יאָר טורמע האָט חיים־יאַנקל באַקומען אַ נייע שטראָף: ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו אויף פּאָליציי־אויפזיכט, אויף דריי יאָר.

אַ פּאָר טעג פאַרן אָפּפאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, זענען צו אים אין זיין פּאָטערס ווינונג געקומען ישראל־מיכל קאַפּלינסקי און מאָיסיי דער איינבינדער (דושקאַן). מע האָט זיך צערעדט וועגן דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט, וועגן די דערשינענע ביכער פאַר דעם יאָר וואָס חיים־יאַנקל איז געזעסן אין טורמע. גערעדט האָבן בעיקר מאָיסיי און חיים־יאַנקל (חברים האָבן אים דעמאָלט אָפט גערופן יאַקאָוו). ישראל־מיכל האָט געשוויגן. „צום סוף — דערציילט א. ליטוואַק — האָט ער אונדז איבערגעריסן: דאָס איז אַלץ לעגאַלע

ליטעראַטור. לאָזט עס איבער פּאַר פּרצן מיט קאָטיקן. זיי וועלן עס שוין באַ־זאָרגן. אָבער וואָס איז מכּוח אומלעגאַלער ליטעראַטור? דאָס דאַרף מען שוין גאָרנישט? מיר זענען דאָך עפּעס רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַליסטן צו אַלדי גוטע יאָר! זענען מיר דאָס צו נישט? איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס ישראל־מיכל רעדט אין אַ ביסל אַן אויפגערעגטן טאָן. איך האָב אָפּגעענטפערט: אומלעגאַלע ליטעראַטור ווערט אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד. ער איז געוואָרן נאָך הייסער: אין אויסלאַנד... אַלץ אין אויסלאַנד. און פאַר וואָס נישט דאָ גופא אין ווילנע צי אין מינסק? איך האָב זיך פאַרחידושט: נו, און אַ דרוקעריי? ישראל־מיכל האָט געטאָן אַ שעלמישן שמייכל: עס וועט זיין אַ דרוקעריי! זונדעלעוויטש האָט געקענט אַוועקשטעלן אין פּעטערבורג אַ דרוקעריי, פאַר די רוסן, און מיר אין ווילנע קענען נישט? זונדעלעוויטש איז אויך געווען אַ ווילנער... און מ׳האָט מיר אין אַלגעמיינע שטריכן דערציילט, אַז אַ דרוקעריי איז שוין כּמעט ווי פאַראַן. שריפט האָט מען ביסלעכווייז „צוגעשלעפּט" פון די לעגאַלע יידישע דרוקערייען, אַ שטיקל פּרעס האָט ישראל־מיכל אַליין צונויפגעמייסטרעוועט. וועגן איינצלהייטן פרעגט נישט: „איך האָב יאָרנלאַנג געבראָכן דעם מוח אויף דעם, און איצט האָב איך עס. אָבער מען מוז האָבן שרייבער, אַז נישט — וועט נישט זיין וואָס צו דרוקן, און דאָ מוזט איר אונדז העלפן". איך האָב זיך ווידער אַ מאָל פאַרחידושט: נו, און ווו איז אַרקאַדי, גליעב און וולאַדימיר? מאַיסיי האָט מיר איבערגעהאַקט: „זייט נישט קיין יאַלד! איידער אונדזערע שמיליגענטן וועלן זיך צוקלייבן, קענען אַריבער יאָרן. לאָמיר זיי צוטראָגן אַ פאַרטיקע זאַך, וועלן זיי אַליין זיין צופרידן. איר וועט שרייבן? איך האָב צוגעזאָגט".

חיים־יאַנקל איז, אַזוי אַרום, געוואָרן אַ שותּף צו איינער פון די שענסטע אויפטועו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג: צו דער באַשאַפונג פון דער אומלעגאַלער „אַרבעטער שטימע". געוויס, די איניציאַטיוו האָט נישט געהערט א. ליטוואַקן. אָבער דער פאַקט, וואָס די איניציאַטאָרן האָבן אים אויסגעקליבן ווי איינעם, וואָס מען קען אים אָנגעטרויען דעם גרויסן סוד און אים געמאַכט פאַר אַ שותּף צו דער זאַך, זאָגט עדות וועגן דעם גוטן נאָמען, וואָס חיים־יאַנקל האָט שוין דעמאָלט געהאַט אין דער דאָזיקער סביבה. אַזוי ווי ער האָט געמוזט באַלד אַוועקפאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו אָפּקומען זיין שטראָף, האָט ער ביי דער עצם אַרבעט נישט געקענט העלפן, ער האָט נאָר געקענט שיקן ליטעראַרישן שטאָף פון דאָרטן, און דאָס האָט ער געטאָן. אונטער דער רעדאַקציע פון ז. זעלדאָוו־ניעמאַנסקי, איז אין אויגוסט 1897 אַרויס דער ערשטער נומער „אַרבייטער שטימע", געדרוקט אין 400 עקזעמפּלאַרן. די דערמאָנטע צוויי אַרבעטער האָבן איינגעריכטעט די טעכנישע זייט. די „אינטעליגענץ" האָט וועגן דער זאַך נישט געוווּסט. חוץ די אַרבעטער, האָבן צו דער זאַך געהאַט אַ שייכות

נאָר די דערמאָנטע האַלב־אינטעליגענטן (ניעמאַנסקי און ליטוואַק). פונעם צווייטן נומער אָן איז די גאַנצע רעדאַקציע־אַרבעט אַריבער אין די הענט פון דער אָרגאַניזאַציע. און פונעם זיבעטן נומער איז די צייטונג אָנערקענט געוואָרן פאַרן צענטראַלן אָרגאַן פון „בונד". דער ערשטער נומער איז געווען זייער אַ מאָגערער, שלעכט אָפּגעדרוקט, פול מיט גרייזן. אָבער דער איינדרוק איז געווען קאָלאָסאַל. געבוירן פון דער איניציאַטיוו פון די אַרבעטער גופא, געדרוקט אין אַ דרוקעריי דאָ אויפן אָרט, צוזאַמענגעשטעלט און דערפונדן פון די אַרבעטער גופא — איז ער געווען דער טריומף פון דער מאַסע.

חיים־יאַנקל האָט צוגעשיקט פון יעקאַטערינאָסלאַוו אַ גרעסערן אַרטיקל וועגן דעם יובילײ פון דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריע. דער אַרטיקל האָט זיך געדרייט אַרום דעם באַקאַנטן ווערטל: „דער קעניג אין ענגלאַנד קעניגט, אָבער ער רעגירט נישט". דער אַרטיקל האָט געוויזן דעם טיפן אונטערשיד צווישן דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט און דער ענגלישער קאָנסטיטוציאָנעל מאָנאַרכישער און פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם. דער אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט אין די ערשטע צוויי נומערן „אַרבייטער שטימע".

אָנגעהויבן פון דער דאָזיקער צייט, איז א. ליטוואַקס לעבן צונויפגעגאָסן מיט דער געשיכטע פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער געשיכטע פון „בונד".

מיט יאָרן שפּעטער איז א. ליטוואַק געוואָרן איינער פון די בעסטע און פּרוכטבאַרסטע פּובליציסטן אין „בונד", סיי אין זיינע אומלעגאַלע אויסגאַבעס, סיי אין די לעגאַלע.

שווער איז געווען דאָס לעבן פון חיים־יאַנקלען אין יעקאַטעריסנאָסלאַוו. הגם דאָ זענען געווען נאָך ווילנער „פּאַרשיקטע" (מאָיסיי א"אַ), איז אָבער דאָס מאַטעריעלע לעבן און דער גייסטיקער זעלבסטגעפיל פון חיים־יאַנקלען געווען זייער אַ טרויעריקער. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין ווילנע. שפּעטער איז אונטער זיין איינפלוס אַפּנים אַראָפּגעקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו זיין שוועסטער פּעסל צו לערנען זיך אויף אַקושערסקע קורסן. זי האָט טאַקע מיט דער צייט די קורסן פאַרענדיקט. חיים־יאַנקל איז איצטער נישט געווען אַזוי עלנט. ער האָט זיך נאָך מער מיט דער שוועסטער דערנענטערט, און ער האָט טאַקע אויף זיין גאַנץ לעבן איינגעהאַלטן וואַרעמע געפילן וועגן דער שוועסטער. זי איז נישט געווען קיין בונדיסטין, אָבער זי איז אים געווען אידעיש נאָענט. שפּעטער מיט יאָרן האָט זי חתונה געהאַט און אַוועק מיט איר מאַן ערגעץ אין אַ סיבירער שטאָט, ווו דער מאַן האָט געהאַט אַן אייגענע אַפּטייק־קראָם, צי געאַרבעט ביי יענעם. דאָרט איז זי יונגערהייט געשטאָרבן, און פון איר זענען געבליבן צוויי קינדער. א. ליטוואַקס

טרוים איז געווען אויפצוזוכן די קינדער און זיי אַדאָפּטירן. אויף זיינע וואַנ־דערונגען האָט ער אין גאַנצן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט דער שוועסטער, און ווען אַ באַקאַנטער האָט אים געבראַכט די ידיעה, אַז זי איז געשטאָרבן, האָט עס אויף אים געמאַכט אַן אומגעהויערן איינדרוק.

אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז נאָך דעמאָלט קיין שום ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג נישט געווען, און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז ליטוואַק האָט זיך גע־ריסן פון דאָרט. צי ער האָט דאָס געטאָן מיטן וויסן פון דער פּאָליציי, צי אָן דעם, אָבער ער באַווייזט זיך אָפּט אין ווילנע און אַנדערע שטעט.

דער באַקאַנטער בונדיסט יאַנקל זשעלעזניקאָוו דערציילט אין זיינע זכרו־נות וואָס זענען אָפּגעדרוקט אין זאַמלבוך „טויזנט יאָר פּינסק”: „א. ליטוואַק איז געקומען אין פּינסק נישט מיט זיין אייגענעם ווילן, נאָר יעקאַטערינאָסלאַ־ווער אָכראַנע האָט אים אַהין פאַרשיקט. ער איז געבראַכט געוואָרן קיין פּינסק מיטן עטאַפּ, אין האַרבסט פון יאָר 1898... פאַר דעם פאַרוואָרפענעם און אָפּ־געשטאָנענעם פּינסק איז א. ליטוואַק געווען דער ערשטער שטורעם־אָנזאָגער, דער ערשטער סאָציאַליסטישער לערער וועלכער האָט געווירקט מיט וואָרט און טאַט... שרעקלעך האָט ליטוואַק אויסגעזען ביי זיין אָנקומען אין פּינסק, נאָך דער באַפרייונג פון די צאַרישע תליונים... ליטוואַק מיט זיין אָפּגעריסע־נער אַרעסטאַנטסקער הלבשה און מיט זיין שרעקלעך־אויסגעמאַטערטן,פיזיש־צעבראָכענעם אויסזען, האָט אָנגעוואָרפן אַ שוידער אויף יעדן איינעם... א. ליטוואַק איז געוואָרן דער דערציִער פונעם ערשטן דור פּראָלעטאַרישע ייִדי־שע קעמפער אין פּינסק... ער איז געווען דער ערשטער אין פּינסק, וועלכער האָט געבראַכט אַהין דאָס מאָדערנע ייִדישע בוך און געוועקט דעם אינטערעס פאַר דער אויפקומענדיקער נייער ייִדישער ליטעראַטור... א. ליטוואַק האָט אין פּינסק און אַרום פּינסק פאַרבראַכט קרוב צו אַנדערהאַלבן יאָר... ער איז פאַר די פּינסקער ייִדישע אַרבעטער פאַרבליבן דער סימבאָל פון אַ שטורעמ־דיקער עפּאָכע. א. ליטוואַק איז אָבער שנעל פאַרטראָגן געוואָרן פון פּינסק. פּונקט ווי ער איז אַהין אָנגעקומען נישט מיט זיין אייגענעם ווילן, אַזוי איז ער אויך קעגן זיין ווילן געוואָרן אָפּגעריסן פון פּינסק צו וועלכן ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעבונדן מיט די פעדעם פון אַקטיוועד רעוואָלוציאָנערער אַר־בעט. א. ליטוואַק איז אַרעסטירט געוואָרן אין דאַוויד־האַראָדאָק (הינטער פּינסק) אין צוזאַמענהאַנג מיטן ערשטן שטרייק אין דער שוועבל־פאַבריק. פון דאַוויד־האַראָדאָק איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אין סיביר”. (ז״ז 139־149).

אָבער נישט אַזוי שנעל קומט מען אָן קיין סיביר...

חיים־יאַנקל זיצט מער ווי אַ יאָר אין טורמע און ער ווערט מגולגל אין דער קיִעווער תפיסה. איינזאַם, ווייט פון בונדישן צענטער, נישט פאַרבונדן

מיט דער אָרגאַניזאַציע — האָט ער דאָ אין קיעווער טורמע שטאַרק געליטן. קיינע פּעקלעך פון דער פרעמד, קיינע זעונגען, קיינע בריוו. פאַרוואָרפן, פאַרלוירן. און נאָך אַ יאָר זיצן קומט די שטראָף: אַרויסגעשיקט קיין סיביר, אויף עטלעכע יאָר.

אין דעם אָרגאַן פון „בונד", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין אויסלאַנד און האָט זייער אויפמערקזאַם רעגיסטרירט אַלע אַרעסטן און פאַרשיקונגען, געפינען מיר אַזאַ נאָטיץ:

„פון אירקוטסקער גובערניע שרייבט מען אונדז פון 31סטן דעצעמבער 1901: נישט לאַנג איז מיטן טייך לענע דורכגעגאַנגען אַ פּאַרטיע פאַרשיקטע..." עס ווערן אָנגעגעבן אַ ריי נעמען, און צווישן זיי: „העלפאַנד, איבער דער דווינסקער דיעלע, אַ זשאַרגאָנישער שרייבער, גייט ביזן פּסק־דין קיין יאַקוטסק" („פּאָסליעדנאַיאַ איזוועסטיאַ", 14טן פעברואַר 1902).

אַ ניי קאַפּיטל אינעם לעבן פון חיים־יאַנקל. נישט באַשערט געווען צו לאַנג צו פאַרבלייבן ביי דער בונדישער אַרבעט. נישט לאַנג האָט געדויערט דער פּעריאָד פון פרייהייט און צוזאַמענאַרבעט מיט פריינד.

קיין סיביר. צו אַ ניי לעבן אין פאַרשיקונג, אין ווייטן סיביר, צווישן ווילדער נאַטור, אויף אַ הונגער־דיעטע פון דער פּאָליציי־מאַכט.

פון אָט דעם מאָמענט אויפן וועג קיין יאַקוטסק — איז אונדז פאַרבליבן אַ פּרעכטיקע באַשרייבונג פון איינעם, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט חיים־יאַנקלען אין אַלעקסאַנדראָווסקער טורמע, ווו די פאַרשידענע פּאַרטיעס פאַרשיקטע האָבן געדאַרפט וואַרטן, ביז וואַנען דער וועג וועט זיך איינשטעלן, דער טייך לענאַ וועט פאַרפרוירן ווערן, און דעמאָלט וועט מען זיי פונאַנדערפירן צו זייערע באַשטימטע פּלעצער: ווער קיין אָליאָקמינסק, ווער קיין יאַקוטסק, ווער קיין קאָלימסק און ווערכאָיאַנסק. דאָרטן, אין דער אַלעקסאַנדראָווסקער טורמע האָט זיך מיט חיים־יאַנקלען געטראָפן ש. ראַבינאָוויטש, און אָט וואָס ער דערציילט:

„איין מאָל זיצן מיר אַזוי, יעדער איינגעזונקען אין זיינע נישט־פריילעכע געדאַנקען. מיט אַמאָל דערהערן מיר ביי אונדז, דאָ, אין טורמע, אַ מערקווירדיק שיינע שטימע, אַ געפילפולע, זינגט אַ רוסיש ליד.

איך האָב איבערראַשט אויפגעהויבן מיינע אויגן און זיך גענומען אַרומקוקן.

ווער האָט עס אַזאַ וווּנדערבאַרע טענאָר־שטימע? און וועמען פאַלט עס איין דאָ צו זינגען? דאָ, אין דעם פינצטערן צימער, מיט דער פאַרשטיקטער לופט, וועלכע איז אָנגעפילט מיט מענטשן, מיט פינצטערע מחשבות און פאַרשטיקטע פאַרלאַנגען? און אַזאַ פריילעכע האָפענונגס־ליד?

## ה. ש. קאַזדאַן

איך געדענק שוין ניט דעם נאָמען פון דער רוסישער ליד. איך געדענק אָבער נאָך איצט (נאָך דרייסיק יאָר — ה. ש. ק.) ווי זי זינגט זיך, און איך געדענק אויך, אז אין איר פלעגן זיך איבערחזרן די ווערטער:

„טאַם ווסיאָ צוויעטאָט, טאַם ווסיאָ פּאָיאָט"
דאָרטן בליט אַלעס, דאָרטן זינגט אלעס!

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם ווינקל, פון וואַנען די שטימע האָט זיך געהערט. דאָס האָט געזונגען געלפאַנד (ליטוואַק).

מיט פאַרטרוימטע אויגן, אין וועלכע עס האָבן זיך געזען א ים מיט האָפענונג און גלויבן, האָט ער געקוקט אין דער ווייטער ווייטקייט און געזונגען פראַכטפול די האָפענונגספולע ליד: „טאַם ווסיאָ צוויעטאָט, טאַם ווסיאָ פּאָיאָט".

שווער איבערצוגעבן, וואָס איך האָב דאַן געפילט. עס האָט מיך מיט אַמאָל עפּעס אַ קראַפט אַרויסגעריסן פון דער פינצטערער חורבה און פון מיינע פינצטערע געדאַנקען. עס איז מיר געוואָרן ליכטיקער. אַ נייער שטראָם לעבן איז אין מיר אַריין.

איך האָב זיך פאַרשעמט — און מסתמא אויך די איבעריקע — פאַר אונדזער יאושדיקייט. ליטוואַקס זינגען האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין אונדזער פסיכאָלאָגישן צושטאַנד.

און ווען די פינצטערע אָסיענדיקע נאַכט פלעגט אונדז איינהילן, און דער רעגן פלעגט אַזוי נאָגנדיק קלאַפּן אין דעם דאַך און אין די שויבן, פלעגן מיר שוין אַלע זיין אַרום ליטוואַקן. און ווי דורך כישוף איז אַלץ פון אונדז פאַרשוונדן — די פינצטערע אָסיענדיקע נאַכט מיט דעם נאָגנדיקן רעגן. ליטוואַק, מיט זיינע טרוימערישע אויגן און זיין וואונדערבאַר־געפילפולער שטימע, האָט געזונגען:

„טאַם ווסיאָ צוויעטאָט, טאַם ווסיאָ פּאָיאָט".

אין דער ציטירטער פּרעכטיקער באַשרייבונג פעלט נאָר איין מאָמענט: דאָס האָט דאָך געזונגען אַ קריפּל, אַ פיזיש־אומגליקלעכער מענטש, וועלכער האָט געהונקען אויף אַ שרעקלעכן אופן. אַן אויסערגעוויינלעכע לעבנסקראַפט און לעבנסמוטיקייט האָט דער מענטש פאַרמאָגט. אַ גאַנץ לעבן איז ער געבליבן אַזאַ: פול מיט גלויבן און האָפענונג, זיכער אין זיך און זיינע פעיקייטן, מיט צוטרוי צום מענטשן, זיכער אין דער בעסערער צוקונפט פון דער מענטשהייט, פעסט צוגעבונדן צו זיין אידעאַל.

אין ווייטן סיביר האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. נייע מענטשן.

רעוואָלוציאָנערן, וואָס געהערן צו פאַרשידענע פעלקער. מענטשן מיט פאַר־שידענע כאַראַקטערן, שטימונגען. אָפּגעריסן פון לעבן, איז דאָ געבליבן נאָר איינס: לייענען און לערנען זיך, פאַרפולקאָמען זיך און גרייטן זיך צו דער קינפטיקער ראָל אין דער באַוועגונג, ווען עס וועט קומען דער טאָג פון באַ־פרייונג. און דער עיקר, האַלטן שטאַרק די אייגענע נערוון און די נערוון פון די אַרומיקע חברים אין געמיינזאַמען ביטערן גורל.

די דערפאַרונג מיט זיין זיצן אין דער אַלעקסאַנדראָווסקער טורמע האָט אים געוויס געשטאַרקט: ווי גוט עס איז צוהעלפן חברים זיך ראַטעווען פון יאוש־שטימונגען. האָט ער דאָך אַ ווירקונג אויף מענטשן, איז דאָך זיין כאַ־ראַקטער, זיין פערזענלעכקייט גענוג אויסגעקריסטאַליזירט. עס איז גוט ווען דו פילסט דיין איינפלוס אויף מענטשן.

אויפן וועג קיין סיביר האָט ער געהאַט נאָך אַ גרויסע איבערלעבונג. אים איז אויסגעקומען צו פאָרן מיט אַ פאַרטיע קרימינעלע — געווען דאָ נאָך אַ פּאָליטישע, אַ יונג מיידל. די מוטער האָט דאָס מיידל אַרויסבאַגלייט, מיט ביטערע טרערן, פאַרשטייט זיך. דערזען א. ליטוואַקן, פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַ פּאָליטישער — האָט זי זיך צו אים געוואָרפן: זאָל ער איבערנעמען דעם שוץ איבערן יונגן מיידל; זאָל ער אַכטונג געבן אויף איר... ליטוואַק האָט איר צוגעזאָגט און ער האָט זיין וואָרט געהאַלטן, הגם עס האָט געשמעקט ממש מיט סכנות נפשות: דעם גאַנצן וועג האָבן אַלע קרימינעלע זיך געצויגן צום מיידל, געוואָלט זי אַריינציִען אין זייער זינדיקער נעץ. אָבער חיים־יאַנקל איז גע־שטאַנען אויף דער וואַך. ער האָט אָפּגעהיט דאָס מיידל מיט דער גאַנצער וואַכ־זאַמקייט, אַבי נישט צו דערלאָזן די קרימינעלע צוקומען צו איר. ער איז נעכט נישט געשלאָפן. די קרימינעלע האָבן געקריצט מיט די ציין און געדראָט זיך נוקם צו זיין אינעם יידישן קריפּל. אָבער ער האָט זי בשלום געבראַכט צום פּלאַץ און דורכגעגאַנגען אַלע געפאַרן.

די פאַרשיקטע פּאָליטישע האָבן אין זייער קאָלאָניע געלעבט אין אַ קאָ־מונע. ווער עס גייט אויף יאַגד, ווער עס שטייט אין הויז און פילט אויס ווירטשאַפטלעכע פונקציעס. וואָס קען אַזאַ ישיבה־בחור טאָן אין שטוב? טאָ־מער איז אַ מאָל געווען זיין ריי צו קאָכן, האָט מען נאָר צרות געהאַט פון אים. ער האָט געדאַרפט שיטן גרויפּן אין טאָפּ, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דאָס זאַלץ, וואָס איז אַזוי אויך געווען אויף דער וואָג פון גאָלד, אַריינגעשאָטן און ער שטייט און מישט מיטן לעפל אָן אַ סוף. פאַר וואָס ווערט עס נישט געדיכט? וואָס איז געשען? אַ לאַנגע צייט איז געבליבן די קאָלאָניע אָן זאַלץ, און חיים־יאַנקלען האָט מען שוין מער נישט צוגעלאָזט צו דער קיך. נאָר איינהייצן דעם

אויוון האָט מען אים אָנגעטרויט. אָבער אויך דאָס איז אים אָנגעקומען מיט זייער גרויסע שוועריקייטן.

אומעטיק און טרויעריק איז געווען דאָס לעבן פון די פאַרשיקטע. נישט יעדער האָט דאָס געקענט אַריבערטראָגן. נישט איינער איז געפאַלן אונטער דער גרויקייט פון דאָרטיקן לעבן. א. ליטוואַק האָט דאָס דאָזיקע לעבן באַשריבן אין אַ סקיצע, וועלכע ער האָט דאָס ערשטע מאָל אָפּגעדרוקט אין קיעוו אין אַ זאַמלבוך אין 1919־1920, אונטערן נאָמען א. גורסקי, און מיט יאָרן שפּעטער איבערגעדרוקט עס אין „פאָרווערטס" (14טן נאָוועמבער 1927). עס רופט זיך „אַ פאַרוואָגלטער גרוס" און עס שילדערט דאָס לעבן פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע. מיר וועלן ברענגען עטלעכע אויסצוגן פון דאָרט, און זיי וועלן אונדז געבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן חיים־יאַנקלס מצב:

„אַרויסגעריסן פון דער היימישער ערד, פאַרוואָגלט אין אַ העק פון מזרח־סיביר, אין דער מלוכה פון פראָסט און שניי, העכער דריי טויזנט וויאָרסט פון אייזנבאַן, צווישן ווילד־פרעמדע יאַקוטן און פאַריאַקוטעוועטע קאָזאַקן — מיט וואָס זאָלן מיר לעבן? קיין היינט איז נישטאָ. דעם נעכטן האָט מען טויזנט מאָל איבערגעטאָפּט אין זכרון, ביז ער איז אָפּגעריסן געוואָרן, און דער מאָרגן זעט אויס אַזוי ווייט, אַז די חלומות וועגן אים פייניקן מער, ווי זיי טרייסטן.

„לעבן מיט חברים, מיט דער קאָלאָניע? קענען מיר שוין איינער דעם אַנדערן אויף אויסנווייניק, און עס איז גענוג איינער זאָל עפענען דאָס מויל, אַז אַלע זאָלן גלייך וויסן וואָס ער וויל זאָגן.

„מיט וואָס לעבט מען אין דער קאַלטער פרעמד, ווען נישט מיט דער פּאָסט? דער איינציקער פאָדעם, וואָס ציט זיך פון דיין וועלט, וועלכע ליגט טויזנט מיילן ווייט, און דאָך בלאָנדזשעט דאָרטן דיין נשמה אין עולם התוהו.

„די בעסטע טעג אין חודש זענען ביי אונדז דער ערשטער און דער פופצנטער, ווען עס דאַרף אָנקומען די פּאָסט. נאָך אָט די טעג רעכענען מיר אונדזער צייט: דאָס איז געווען אין טאָג פון דער ערשטער פּאָסט... יענץ איז געשען אויף מאָרגן נאָך דער צווייטער פּאָסט... די לעצטע טעג איידער די פּאָסט קומט אָן, זענען אַלע אומרויִק, אָנגעשטרענגט, קען מען גאָר וועגן קיין אַנדערער זאַך נישט רעדן. און האָט די פּאָסט פאַרשפּעטיקט, שלאָפסטו נישט קיין נעכט, רוסט נישט קיין טעג, הערסט זיך צו צו יעדן שאָרך, און עס וואַרפט דיך ווי אין קדחת... און ווען די בענקעניש ליגט זיך צו שווער אויפן האַרצן, נישט אַריבערצוטראָגן — נעמסטו אַרויס פון באַהאַלטענעם אָרט אין דיין קאָרב אַ פּעקל אַלטע בריוו פון נאָענטע און ווייטע... דו קלייבסט נאָך אַ מאָל איבער דאָס פּעקל, לייענסט דעם אָנהייב פון איין בריוו, דעם מיטן פון אַ צווייטן, דעם סוף פון אַ דריטן. דו פאַרגלייכסט; דיין בענקעניש ווערט לייכט, הייבט אָן

גלעטן, און אָט ביסטו שוין אין גאַנצן דאָרטן, פון וואַנען די בריוו זענען גע־קומען".

אין זיין פאַרשיקונגס־פונקט, ערגעץ אין מיטל־קאָלימסק, יאַקוטער געגנט, איז א. ליטוואַק פאַרבליבן ביזן סוף 1904, ווען ער איז אַמנעסטירט געוואָרן צוליב דער „גרויסער געשעעניש" פונעם געבוירן פון טראָנפאָלגער ביים רו־סישן צאַר. חיים־יאַנקל האָט זיך אומגעקערט קיין ווילנע, און דאָס ערשטע וואָס אים איז אויסגעקומען דאָ איבערצולעבן, איז געווען די טרויעריקע ידיעה, אַז זיין בעסטער חבר קלמן קראָפּיוויניקאָוו האָט זיך גענומען דאָס לעבן אין פאַרשיקונג. קלמן איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אין גיכן נאָך חיים־יאַנקלען. אין פרילינג 1901 האָט מען אים אַריינגעזעצט אין מאָסקווער טורמע, און ער איז אַזוי אָפּגעזעסן ביי אַ יאָר צייט. ער ווערט באַפרייט, הייבט אָן אַרבעטן אומלעגאַל, און אין גיכן ווערט ער ווידער אַרעסטירט און פאַרשיקט אין אַר־כאַנגעלסקער גובערניע. זיינע נערוון זענען דערשיטערט, ער פאַלט אַריין אין יאוש, ער הערט נישט אויף צו טראַכטן וועגן טויט. ער מאַכט אַ נישט־געלונ־גענעם פּרווו צו אַנטלויפן, און דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מער זיין פאַרצווייפלטע שטימונג. אין דעצעמבער 1904 האָט ער זיך אויפגעהאַנגען. חיים־יאַנקל האָט טיף איבערגעלעבט דעם טויט פון זיין חבר. ער האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם טאָג פון זיין יאָרצייט. אין דעם טאָג איז א. ליטוואַק געווײנלעך אַרומגע־גאַנגען אַ צעבראָכענער, נישט געגעסן, נישט געאַרבעט. יענע נאַכט איז ער נישט געשלאָפן, געקרעכצט, און יעדעס יאָר פון דאָס ניי איבערגעלעבט דעם טויט פון זיין פריינד. אַ פאַרשיקטע חברטע, וואָס האָט געוווינט אין איין דאָרף מיט קלמנען, האָט שפּעטער באַשריבן קלמנס לעצטע טעג אין אַ סקיצע „אויפן ווייטן צפון". און עס איז מסתמא געווען א. ליטוואַקס באַמיִונג, אַז די דאָזיקע סקיצע זאָל זיין אָפּגעדרוקט אין דער ווילנער „פאָלקס־צייטונג" (1906) און שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע אויף יידיש און רוסיש. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען א. ליטוואַק איז שוין געווען אין ניו־יאָרק און געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער „נייער וועלט", האָט ער ווידער געלאָזט די דאָזיקע סקיצע איבערדרוקן (נ' 15, אין 1916) אונטערן נאָמען „אין ווייטן צפון", אונ־טערגעשריבן מ. ש. ליטוואַק האָט די סקיצע באַגלייט מיט אַ נאָטיץ, „אַ פּאָר ווערטער וועגן 'אין ווייטן צפון'". דאָ דערציילט ער: „אין ווייטן צפון איז געשריבן געוואָרן אין 1905 אין רוסיש פון צוויי מענטשן (איינער פון זיי איז י. שוואַב), וועלכע זענען געווען פאַרשיקט מיט קלמן קרופּיוויניקאָוו אין איין דאָרף; קלמן איז מיטביידן געווען נאָענט ביז זיין לעצטן טאָג. דאָס איז אַ שילדערונג פון קלמנס שטימונג אין זיינע לעצטע טעג". איך האָב דעם איינ־דרוק, אַז די יידישע איבערזעצונג געהערט טאַקע א. ליטוואַקן, נאָר צוליב

פאַרשטענדלעכע טעמים האָט ער עס נישט אונטערגעשריבן. דער פאַקט, אַז ער האָט אין 1916, אין אַמעריקע, געהאַט אין זינען איבערצודרוקן די דאָזיקע סקיצע, באַשטעטיקט דאָס, וואָס מיר האָבן ערשט וואָס דערציילט וועגן דעם, ווי א. ליטוואַק האָט טיף אין האַרצן געטראָגן אָט דעם נישט־פאַרהיילטן ווייטיק. און די זאַך איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּערזענלעכקייט פון א. ליטוואַק: אין אים האָט געשטעקט אַ העכסט סענטימענטאַלע נשמה, מיט אײַדעלער פילבאַרקייט, אָפּרופלעכקייט אויף יעדער אינטימער געשעעניש, מיט אַ סך מיטגעפיל פאַר יענעמס צער און ווייטיק. עס איז אַ פולשטענדיקער קאָנטראַסט צו זײַן אויסערלעכקייט און זײַן גאַנצן אַרט לעבן, אָבער עס איז אַ פאַקט.

## קאַפּיטל פינף

געקומען צוריק אין זײַן היימשטאָט, האָט זיך חיים־יאַנקל גלײַך געשטעלט אין רשות פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד“, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דווינסק. עס איז געווען די צײַט פון גרויסן וווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און פון דער ייִדישער און בונדישער בפרט. אַרבעט איז געווען איבערגענוג פאַר אַזאַ איינעם ווי חיים־יאַנקל. עס האָט געבראַזט און געקאָכט אין די ייִדישע שטעט. אין גיכן שיקט אים דער צ״ק קיין וואַרשע. דאָ אין דער גרויסער שטאָט איז אויך פון שטאַנדפּונקט פון קאָנספּיראַציע געווען לײַכטער פאַר אַ מענטשן מיט אַזאַ אויסדריקלעכן פיזישן פעלער.

אָנגעקומען קיין וואַרשע דעם 13טן אָדער 14טן יאַנואַר 1905, האָט א. ליטוואַק דאָ געטראָפן די טראָטואַרן פון דזיקע גאַס באַפלעקט מיט בלוט און מאַרך: עס איז געווען נאָכן גרויסן בלוטיקן פּאָליטישן שטרייק. חיים־יאַנקל האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט. זײַן פּאַרטיי־ישער נאָמען איז דאָ געווען „ברוך“. ער האָט שפּעטער פון צײַט צו צײַט געניצט דעם נאָמען אויך ווי אַ ליטעראַרישן פּסעוודאָנים. חיים־יאַנקל האָט געשריבן די אויפרופן פון וואַרשעווער קאָמיטעט, וועלכע זענען אַרויס זייער אָפט. ער איז אַרויסגעטראָטן אויף פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן און בתי־מדרשים. אַ גרויסע איבערלעבונג איז געווען פאַר אים די מײַ־דעמאָנסטראַציע פון 1905, אַזאַ גראַנדיעזן גאַסן־צוג האָט ער נאָך אויף זײַן לעבן נישט געזען און נישט געחלומט צו זען. אין יוני איז ער אַפּגעפאָרן פון וואַרשע, אָבער ער האָט זיך צוריק אומגעקערט אַהין אין אָקטאָבער, אין די ערשטע טעג פון דעם גרויסן אַלרוסלענדישן שטרייק. א. ליטוואַק פאַרנעמט ווײַטער זײַן פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין

דער אָנפירערשאַפט פון דער בונדישער באַוועגונג אין וואַרשע. דער לאַנג־דויערנדיקער שטרייק אויף דער יידישער גאַס, די טעג פון 17טן און 18טן אָקטאָבער, די צוזאַמענאַרבעט מיט די פוילישע פּאַרטייען, די ריזיקע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס אין די פרייהייטס־טעג — דאָס אַלץ שאַפט גענוג זאָרג, פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַרבעט. א. ליטוואַק איז אַקטיוו אין אַלע אונטערנעמונגען, ער באַקומט שוווּנג. מען הייבט אָן אַרויסגעבן אַ לעגאַלן אָרגאַן פון „בונד" — דאָס איז דער „וואַרשעווער אַרבעטער", וועלכער איז מיט אַ פּאָר יאָר פריִער געווען דער אומלעגאַלער אָרגאַן פון „בונד" אין וואַרשע. מיט אַ געוואַלדיקער ענערגיע און אימפּעט ווערן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען, און שוין דעם 19טן אָקטאָבער גייט אַרויס דער ערשטער נומער פון דער לעגאַלער צייטונג. די צייטונג האָט גרויס דערפאָלג, מען רייסט זי פון די הענט. לאַנג ציט זיך נישט אָט דער יום־טוב פון פרייהייט אונטערן צאַרישן רעזשים, נישט געקוקט אויפן באַקאַנטן מאַניפעסט. אין גאַנצן איז אַרויס זיבן נומערן פון דעם „וואַרשעווער אַרבעטער". די האָניק־טעג פון פרייהייט האָבן זיך גיך געענדיקט. עס זענען צוגעקומען נייע דאגות: מע האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ־גרופּן, גרויסע און באַוואָפנטע; מע האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן ברייטע אָפענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון יידישע אַרבעטער. אַ סך אָנגעזעענע טוער זענען אין יענע וואָכן דורכגעגאַנגען דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד" — ביי די פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, קאָנפערענצן, פאַרהאַנדלונגען אאַז"וו. א. ליטוואַק איז געווען אין צענטער פון דער אַרבעט. ער איז געווען פּאָפּולער צווישן דער אַרבעטערשאַפט. הגם ער איז געווען אָנגעטאָן זייער אָרעם און דער ערשטער איינדרוק איז פון אים געווען נישט קיין גוטער, אָבער זיין לעבעדיקע נאַטור, זיינע וויצן, רעדנער־טאַלאַנט — דאָס אַלץ האָט צוגעצויגן צו אים די אַרבעטער. א. ליטוואַק האָט אויך אָפטער אָנגעהויבן אַרויסטרעטן מיט לעגאַלע רעפעראַטן. אַ באַזונדערן איינדרוק האָט געלאָזט זיין לעקציע וועגן תלמוד. די טעמע איז געווען ניי, איבערהויפּט אין מויל פון אַן אָנגעזעענעם בונדיסט. ביי דער אינטעליגענץ, ביים יידן פון אַ גאַנץ יאָר איז עס געווען אַ גרויסע סענסאַציע — דער רעפעראַט האָט געהאַט אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג.

אין יולי 1906 האָט מען זיך אין וואַרשע גענומען אַרויסגעבן אַן אומלעגאַלן אָרגאַן פון „בונד", דאָס איז געווען „דער גלאָק". אין ווילנע איז שוין אַפילו דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען די „פאָלקסצייטונג", אָבער אין דער לעגאַלער צייטונג האָט זיך נישט געלאָזט אַרומרעדן אַלע פּאָליטישע פראַגן פון יענעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד, און עס איז געווען אַ נויטבאַדערפעניש פאַר דער באַוועגונג אַרויסצוגעבן גלייכצייטיק אויך אַן אומלעגאַלן אָרגאַן, כדי ממלא צו זיין דאָס,

וואָס די לעגאַלע צייטונג האָט פאַרפעלט צו טאָן. אין שפּיץ פון דער רעדאַקציע פון דעם „גלאָק״ איז געשטאַנען א. ליטוואַק. אין גאַנצן זיינען אַרויס דריי נומערן. א. ליטוואַק איז אַרעסטירט געוואָרן מיט אַ מאַנוסקריפּט אין טאַש, מסתמא טאַקע אַן אַרטיקל פאַרן „גלאָק״. דער אַרעסט איז געווען אַ שטיקל אַרבעט פונעם פּראָוואָקאַטאָר איטשע קאַפּטאַל (איטשע דרוקער). א. ליטוואַק האָט טאַקע פון טורמע געגעבן צו וויסן וועגן דעם. ווייזט אויס, די מאַכט האָט נישט איינגעזען קיין געפאַר אינעם אַרעסטירטן קריפּל, און ער איז אין גיכן באַפרייט געוואָרן.

ווען חיים־יאַנקל איז אין יאַנואַר 1905 אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פאַרחתמעטן בריוו פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. די פאַרשטייערין פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט האָט געעפנט דעם בריוו, דורכגעלייענט זיין אינהאַלט און מיט אַ קאַלטן שמייכל אַ זאָג געטאָן אויף רוסיש: „מע שרייבט אונדז, אַז איר זענט אַ זשאַרגאָניסט. זייער גוט, מיר דאַרפן טאַקע איצט האָבן אַזאַ איינעם, וואָס זאָל קענען שרייבן לייכט פּראָקלאַמאַציעס״. חיים־יאַנקל האָט שוין געהאַט איצט אַ נאָמען פון אַ שרייבער אין דער באַוועגונג. ווער עס האָט געוווּסט זיין יחוס פון די ערשטע נומערן „אַרבייטער שטימע״ און ווער עס האָט זיך באַלד דערוווּסט, אַז דאָס איז ער דער מחבר. פונעם איבערגעדרוקטן אין נומ׳ 40 „אַרבעטער שטימע״ אַרטיקל „אונדזער שטרייט־פראַגן״, אונטערגעשריבן דאָס ערשטע מאָל „אַ ליטוואַק״. פּ. אַנמאַן דערציילט אַז ווען ער האָט זיך אין 1906 אומגעקערט פון מזרח־סיביר און געקומען צום צ״ק אין דווינסק, האָט ער דאָ געטראָפן ליטוואַקן און אַלגינען — „ביידע זענען געווען די געשוווירענע ליטעראַטן ביים צ״ק און די מחברים פון אַלע זיינע אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס פאַר דער לעצטער צייט״. און אָט דעריבער איז עס געווען נאַטירלעך, אַז ווען דער „בונד״ האָט געשאַפן זיין לעגאַלן אָרגאַן אין ווילנע, האָט א. ליטוואַק געמוזט ווערן זיין נאָענטער און פּרוכטבאַרער מיטאַרבעטער. ער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד פון צ״ק. ער איז אויך נישט געווען קיין וואָרטזאָגער אין דער פּאַרטיי, וואָס זאָל ביי יעדער געלעגנהייט פאָרמולירן די שטעלונג פון דער פּאַרטיי. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ שאַרפע פעדער, ער האָט געשריבן אַ זאַפטיקן פאָלקסטימלעכן יידיש, ער איז געווען אַ גוטער פּאָלעמיסט — און דעריבער האָט אים די צייטונג געקענט אויסנוצן אויפן ברייטסטן אופן.

די ערשטע לעגאַלע צייטונג פון „בונד״ האָט געהייסן „דער וועקער״. אַ דערלויבעניש אויף דער צייטונג האָט מען באַקומען אין ווילנע סוף דעצעמבער 1905. מען האָט גענומען צונויפשטעלן דעם שטאַב מיטאַרבעטער. „עס איז געקומען ח׳ ליטוואַק — דער ציילט פּ. אַנמאַן — וועלכער האָט פון ערשטן

טאָג אָן און ביזן לעצטן, אין אַ משך פון צוויי יאָר, גענומען דעם נאָענטסטן אָנטייל אין דער ציַיטונג. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען פּאָליטישע אַרטיקלען אויף לויפנדיקע טעמעס, וועלכע האָבן זיך געדרוקט גלייך נאָכן לייט־אַרטיקל, און יידישע טעמעס: פּאָלעמיק מיט די דערגרייכער, מיט די ציוניסטן אאַז״וו. אָפטער פאַר אַלץ פלעגט ער זיך אונטערשרייבן מיט די איניציאַלן „א. ל.״ אַ מאָל פלעגט ער אַרויסשלעפּן זיין אַלטן פּסעוודאָנים ׳חיה זעלדעס׳ פון די ׳ווינטער־אָונטן׳־ציַיטן... אַלע מיטאַרבעטער פון „וועקער״ האָבן נישט גע־טאָרט אָנטייל נעמען אין דער אָרטיקער באַוועגונג כדי נישט צוציִען די אָכראַנ־קע צו דער ציַיטונג און פאַרקערט, נישט צו פאַרשלעפּן צו דער אָרגאַניזאַציע די שפּיאָנען, וועלכע האָבן געהיט די רעדאַקציע. שווערער פאַר אַלץ איז דאָס געווען דורכצופירן בנוגע ליטוואַקן. קוים, קוים האָט מען דאָס ביי אים געפּועלט. פאַרשטייט זיך, ער האָט דאָס קיין מאָל נישט אָפּגעהיט״.

שוין אינעם ערשטן נומער „וועקער״ (25סטן דעצעמבער 1905) האָט ליטוואַק געהאַט צוויי אַרטיקלען: איינער אַ פּאָליטישער, דער צווייטער אויף אַ יידישער טעמע. „אַ טריט נעענטער צום באַנקראָט״ האָט באַהאַנדלט דעם פאַקט, וואָס דער גאָלד־פאָנד פון דער רוסישער צאַרישער מלוכה האָט זיך געהאַט פאַרקלע־נערט אויף 140 מיליאָן; אין זיין צווייטן אַרטיקל האָט א. ליטוואַק געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון דעם צוזאַמענפאָר פון דער נייער יידישער פּאָליטישער ריכטונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דערגרייכער״. דאָס זענען געווען די יידישע ליבעראַלן, וועלכע האָבן געגרינדעט די „געזעלשאַפט צו דערגרייכן גלייכבאַ־רעכטיקונג פאַר יידן״. שוין דער נאָמען אַליין האָט געגעדט וועגן דעם כאַראַק־טער פון אָט דער פאַרטיי, וועלכע האָט נישט געוואָלט קעמפן פאַר יידישע רעכט, נאָר זיי „דערגרייכן״. פאַרשטייט זיך, אַז די באַציִונג פון „בונד״ און פון א. ליטוואַק צו אָט די דערגרייכער און זייער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ נעגאַטיווע.

דער „וועקער״ האָט געהאַט גרויס דערפאָלג און זיך געדרוקט אַן ערך אין 40 טויזנט עקזעמפּלאַרן. און נישט ווייניק האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען דער „וועקער״ פאַר זיין דערפאָלג דער טאַלאַנטירטער פעדער פון א. ליטוואַק. אין די 33 נומערן „וועקער״, וואָס זענען דערשינען ביז ער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן (דעם 3טן פעברואַר 1906), האָט א. ליטוואַק געגעבן אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען און נאָטיצן, אין וועלכע עס האָט זיך געלאָזט פילן זיין שאַרפע צונג און אומ־קאָמפּראָמיסלעכע באַציִונג צו דער רעגירונג. גענוג אָנצורופן די נעמען פון אייניקע אַרטיקלען זיינע: „אַ העזה פון אַן אַדמיראַל״ (נ׳ 3); „גראַף וויטע ראַטעוועט רוסלאַנד״ (נ׳ 10); „די שוואַרצע פאַלקן פון דער קאָנטער־רעוואָלו־ציע״ (נ׳ 12); „דינאַמיט ווערט מער, גאָלד ווייניקער״ (נ׳ 16); „ווידער פאַר־שיקן״ (נ׳ 26). פאַרשטייט זיך, ער האָט אויך געדרוקט אַרטיקלען איבער

יידישע אַנגאַלעגנהייטן — פון דער סעריע וועלן מיר דאָ נאָר דערמאָנען זיין גרויסן אַרטיקל אין צווײ נומערן א״נ „קונצנמאַכער״, געווידמעט זשאַבאָטינסקין און זיין פּאָלעמיק מיטן „בונד״.

דעם 19טן פעברואַר 1906 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון דער נייער בונדישער לעגאַלער צייטונג א״נ „פאָלקסצייטונג״. זי האָט שוין געהאַט מער מזל, ווי דער „וועקער״, און זי האָט געלעבט מער ווי אַנדערהאַלבן יאָר. אויך אין דער „פאָלקסצייטונג״ איז א. ליטוואַק אַ נאָענטער מיטאַרבעטער און זיין נאָמען איז נישט אַראָפּגעגאַנגען פון די שפּאַלטן פון דער צייטונג. צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות האָט ער אָבער דאָ געגעבן נישט ווייניק מאַטעריאַל, וואָס איז נישט געווען אונטערגעשריבן מיט זיין נאָמען, אָדער אונטער נייע פּסעוודאָנימען, וואָס זענען נאָך נישט געווען באַקאַנט דער פּאָליציי און צענזור. א. ליטוואַק איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער צייטונג. צו זיין וואָרט האָט זיך צוגעהערט די גאַנצע פּאַרטיי און זיין נאָמען איז אַלץ פּאָפּולערער געוואָרן אויסער די פּאַרטיי־קרייזן. אַלע זיינע חברים און די נאָענטע מיטאַרבעטער האָבן שוין דעמאָלט הויך געשאַצט א. ליטוואַקס טאַלאַנט און זיין גרויסע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געדרוקטן וואָרט.

אין „בונד״ זענען אין יענער צייט געווען אַ סך אינטעליגענטן, וואָס האָבן געשריבן אַ גלענצנדיקן רוסיש, אָבער זייער ווייניק אַזעלכע, וואָס זענען ביכולת געווען צו שרייבן אין אַ גוטן און פּאָפּולערן יידיש. א. ליטוואַק איז דעריבער געווען אַן אמתער אוצר פאַרן „בונד״.

שרייבט טאָקע וולאַדימיר מעדעם וועגן ליטוואַקן: „דאָס איז שוין געווען אַ מענטש פון אַן אַנדער טיפּ, מיט אַ גרויסער זעלבסטשטענדיקייט און מיט אַ שאַרפן אינדיווידועלן פּנים... דעם ליטעראַרישן גלאַנץ (פונעם „וועקער״) האָבן צוגעגעבן די אמת־יידישע שרייבער, דאָס איז געווען קודם־כל ליטוואַק מיט זיין שאַרפער,ליידנשאַפטלעכער, גאַליקער פען...״ („פון מיין לעבן״, ב׳ 2, זז׳ 89 און 117).

ר. אַבראַמאָוויטש דערציילט וועגן דעם זעלבן פּעריאָד: „ליטוואַק אָבער האָט זיינע אַרטיקלען געשריבן גאָר אויף אַן אַנדער אופן, ווי מיר אַלע, אַפילו ווי אָלגין, וואָס איז געווען די הויפּט־פען, אָדער ווי ליטוואַק האָט זיך שטענ־דיק אויסגעדריקט, דער „הויפּט־טינטער״ פון צענטראַל־קאָמיטעט. ליטוואַקס שרייבן איז געווען זאַפטיק, פאַרביק, צאַפּלדיק; עס איז געווען גאַנץ שיין און האָט זיך געלאָזט גאָר גוט לייענען... שוין אין יאָר 1906 האָט ליטוואַק, און טאָקע מיט פולן רעכט, פאַרנומען צווישן די בונדיסטישע זשורנאַליסטן גאָר אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. זיין פרישער סטיל, זיינע אייגנאַרטיקע געדאַנקען, זיין בלישטשענדיקער הומאָר, און אַפילו זיינע טאַלאַנטפולע שפּילקעס, מיט וועלכע

ער פלעגט שטעכן די שונאים און די קעגנער, האָבן זייער אויסגענומען ביי דעם ברייטן עולם, אין פאַרגלייך מיט די פּאַרבלאָזע, טרוקענע און לעדערנע אַרטיקלען פון אונדזערע אַנדערע שרייבער".

צביון, וועלכער איז געווען אַן אינעוויניקסטער מענטש און מיטאַרבעטער אין די דערמאָנטע בונדישע ציטונגען, דערציילט: „ליטוואַק איז געווען איינער פון די זיילן פון דער ציטונג. עס זענען אין יענער צייט אין אַלגעמיין נישט געווען קיין סך גוטע שרייבער אין רוסלאַנד און נאָך וויניקער זענען געווען גוטע יידישע סאָציאַליסטישע שרייבער... ליטוואַק איז אָבער געווען איינער פון די, וואָס האָבן עס געקענט, אים האָט געפעלט די זשורנאַליסטישע דערפאַ־רונג, אָבער ער האָט געהאַט אַן איינגעבוירענעם זשורנאַליסטישן טאַלאַנט. ער האָט געקענט שרייבן קלאָר, שאַרף און שנעל... אין יענע יאָרן איז ער, דאַכט זיך, געווען דער לייכטסטער און פּראָדוקטיווסטער שרייבער אין דער רעדאַק־ציע. ער האָט נישט געדאַרפט קיין שום הכנות צום שרייבן. אויב נישט אַן עק פון אַ טיש, איז אויך רעכט געווען אַ ברעג פון אַ פענצטער. ער האָט בלויז געדאַרפט האָבן שטיקלעך פּאַפּיר מיט אַ פּען און טינט, און אין אַ שעה צייט איז פאַרטיק געווען אַ פעליעטאָן אָדער אַ לייט־אַרטיקל. און טאָמער האָט מען געדאַרפט עפּעס נאָך, האָט איר אים געדאַרפט בלויז אונטעררוקן אונטער דער האַנט נאָך שטיקלעך פּאַפּיר, און ער האָט ווייטער געשריבן. ער האָט איינפאַך הנאה געהאַט פון שרייבן".

דער אמת איז אָבער, אַז א. ליטוואַק האָט זיך זייער ערנסט געגרייט צו זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, ער האָט זיי דורכגעטראַכט ליגנדיק אין בעט, גייענדיק אין גאַס, לייענענדיק די ציטונג. ווי נערוועז ער איז נישט געווען, איז ער אָבער געווען פעיִק זיך צו קאָנצענטרירן אויף דעם ענין, מיט וועלכן ער איז געווען פאַראינטערעסירט. דערפאַר האָט ער געקענט שרייבן אַזוי „לייכט" און ביי די ערגסטע באַדינגונגען, שטייענדיק ביי דער לינאָטיפּ־מאַשין און דערלאַנגענדיק דעם זעצער שטיקלעכוויז, שורות־וויז זיין אַרטיקל — טאַקע דערפאַר ווייל אין קאָפּ איז שוין ביי אים דער אַרטיקל געווען אין גאַנצן פאַרטיק, ממש אויסגעגאָסן אין אַ פאַרטיקער פאָרעם, עס האָט זיך נאָר גע־פאָדערט אַרויסצוברענגען דאָס אויפן פּאַפּיר. און אַ זכרון האָט ער געהאַט אַ גלענצנדיקן, איז דעריבער די טעכניק פון שרייבן שוין געווען אַ קלייניקייט. און אַ מאָל האָט ער שוין געהאַט אין זיינע אומאויסשעפּלעכע קעשענעס באַזונ־דערע קליינע שטיקלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע ער האָט ביי פאַרשידענע געלעגנ־הייטן (ביים עסן, רועענדיק אויף אַ באַנק אין גאָרטן, טרינקענדיק אַ גלאָז טיי, הערנדיק אַ רעפעראַט) שוין געהאַט אָנגעשריבן טיילן פון שפּעטערדיקן אַרטיקל, גאַנצע אָפּזאַצן אָדער איינצלנע פראַזעס.

דערפאַר האָט מיט ליטוואַקן געקענט פּאַסירן אַזאַ זאַך, ווי עס דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש: אויף אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט איין מאָל א. ליטוואַק פאָרגעלייענט אַן אַרטיקל, וועלכן ער האָט אָנגעשריבן אין דער היים. דער אַרטיקל איז געווען זייער אַ געלונגענער, ליטעראַריש שיין אויסגעטאָקטער, און דער אַרטיקל האָט ביי אַלעמען שטאַרק אויסגענומען. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז א. ליטוואַק האָט דעם אַרטיקל געלייענט פון אַ ליידיקן פּאַפּיר, אויף וועלכן עס איז קיין צורת אות נישט געווען. „אויף מאָרגן — דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש — האָט אונדז א. ליטוואַק טאַקע צוגעשטעלט דעם (כלומרשט) אָנגעשריבענעם אַרטיקל, און ער איז געווען וואָרט אין וואָרט פּונקט אַזוי, ווי ער האָט אים „אימפּראָוויזירט" מינדלעך אויף דער זיצונג פון צע־קאַ". א. ליטוואַק האָט שוין געהאַט דעם אַרטיקל פאַרטיק ביי זיך אין קאָפּ. דעם שרייבער פון די שורות איז נישט איין מאָל אויסגעקומען צו זען א. ליטוואַקן לייענענדיק כלומרשט אָנגעשריבענע רעזאָלוציעס ביי ערנסטע געלעגנהייטן. אַלץ איז געווען דורך אים דורכגעטראַכט באַצייטנס, דאָס אָנשרייבן איז געווען נאָר אַ פאַך פון טעכניק.

שוין דעמאָלט — און אַוודאי אין די שפּעטערדיקע יאָרן — האָט א. ליטוואַק אַרויסגעוויזן גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלץ, וואָס איז אַרויס פון אונטער זיין פעדער. ער האָט מקפּיד געווען אויף יעדן וואָרט און אויסדרוק. צי דאָס איז געווען אַן אַרטיקל פון אויפקלערונג־כאַראַקטער, צי דאָס איז געווען פּאָלעמיק מיט קעגנער, ער איז שטענדיק געווען אויפריכטיק, און ער איז שטענדיק געטריי געבליבן דעם אמת, אַזוי ווי ער האָט אָנערקענט און אויסגעפונען.

וועגן וואָס האָט א. ליטוואַק געשריבן אין דעם בונדישן אָרגאַן?

מיר וועלן דאָ נאָר אָנצייכענען אין אַלגעמיינע שטריכן די טעמעס פון זיינע גרעסערע אַרטיקלען: וועגן דער „נייער" רעגירונג, וועגן די וואַלן, וואַל־פרייהייט, וואַל־קאַמפּאַניע אויף דער יידישער גאַס; וועגן אַמנעסטיע, פּויערים־פראַגע; וועגן די קאַדעטן, מענשעוויקעס; וועגן די פּאָגראָמען און דער ראָל פון דער רעגירונג אין זיי; וועגן די ס"ס, רבנים, ציוניזם, יידישע פּאַרלאַמענטאַריער; וועגן בילדונג, וועגן דער פאַרשפּרייטונג פון ליטעראַטור, און נאָך און נאָך. א. ליטוואַק איז געווען אַריינגעטאָן אין די פּראַקטישע פראַגן פון דער באַוועגונג. ער האָט גענומען אַ וואָרט איבער די ברענענדיקע פראַגן פון טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע. און איז זיין מיינונג נישט צונויפגעפאַלן מיט דער צענטראַלער פּאַרטיי־ליניע, האָט ער געקעמפט פאַר זיין שטאַנדפּונקט. ער איז געווען נאָענט מיט דער אַרבעטער־מאַסע, ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן מיט רעפעראַטן אין אַנדערע שליחותן פון דער פּאַרטיי, ער האָט געכאַפּט די שטימונ־

גען פון די מער־באַוווּסטזיניקע אַרבעטער — און ער האָט דאָס אַלץ אַרויס־געבראַכט אין זיינע אַרטיקלען. אָט זענען אַ פּאָר אינטערעסאַנטע און כאַראַק־טעריסטישע ביישפּילן:

אין די וואָכן ערב אָקטאָבער 1905 האָט מען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי שטאַרק דיסקוטירט די פראַגע: צי וועלן די ס״ד בעמען אַן אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, וואָס וועט זיך שאַפן אין גאַנג פון דער רעוואָלוציע. די באָלשעוויקעס האָבן געענטפערט אויף דעם „יאָ״, די מענשעוויקעס־מאַרטאָווצעס — „ניין״. א. ליטוואַק האָט וועגן דעם געשריבן אַן אַרטיקל אין דער אומלעגאַלער „אַרבייטער שטימע״ (נ׳ 40, סעפּ־טעמבער 1905). דער אַרטיקל הייסט: „אויף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע״. זיין געדאַנקען־גאַנג איז אַזאַ: „מיר פירן אַ קאַמף אויף צוויי פראָנטן: קעגן דער זעלבסטהערשונג און קעגן דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט. מיר קעמפן פאַר איר שטערן צו ברענגען אַ נייע געזעלשאַפט פון עקאָנאָמישער און סאָציאַ־לער גלייכהייט. אָנטייל נעמען אין אַ בורזשואַזער צייטווייליקער רעגירונג הייסט אָפּזאָגן זיך אויף אַ צייט צו קריטיקירן די בורזשואַזע אָרדענונג, צום ווייניקסטן אָפּשוואַכן די קריטיק. עס איז שווער צו קריטיקירן מיט ווערטער דאָס, וואָס מע אָנערקענט מיט מעשים, און וואָס מע נעמט אַן אָנטייל, פאַר וואָס מע איז פאַראַנטוואָרטלעך. אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי קען למשל נישט קעמפן ווי געהעריק קעגן מיליטאַריזם, בעת אירע פאָרשטייער נעמען אַן אָנטייל אין דער רעגירונג, וועלכע האַלט אויף און אָרגאַניזירט אַ שטענדיקע אַרמיי... נעמען מיר אַן אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעגירונג, דאַן גיבן מיר אונדזער הסכמה אויף זיי (אויף די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע אין דער רעגירונג — ח. ש. ק.), דאַן איז אונדז שוין נישט אַזוי לייכט זיי צו קריטיקירן, אָנווייזן זייער בורזשואַזע נאַטור: קריטיקירן זיי הייסט דאַן קריטי־קירן זיך. און אָפּשוואַכן די קריטיק פון דער בורזשואַזער אָרדענונג הייסט פאַרטונקלען ביי דעם פּראָלעטאַריאַט דעם קלאַסן־באַוווּסטזיין, הייסט פירן נישט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטיק״. א. ליטוואַק האָט אונטערגעשטראָכן דעם גרויסן אונטערשייד: פאַרכאַפּן די הערשאַפט בעת אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע אָדער אַ סיטואַציע פון אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע; די זיך־דערנענטערנדיקע רעוואָלוציע (פון 1905) וועט זיין אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע. ווי דעמאָקראַטיש די קומענדיקע רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזע רעגירונג וועט נישט זיין — אונ־דזער אויפגאַבע וועט זיין זי צו קריטיקירן, זיין צו איר אין אָפּאָזיציע, און נישט זיין אינעווייניק. „קיינע פשרות — פאַרענדיקט ער דעם אַרטיקל — קיינע בלאָקן! שטענדיק אין אָפּאָזיציע! שטענדיק אַ שטרייט אויף צוויי פראָנטן!״ דאָס

איז געווען די שטעלונג פון „בונד". א. ליטוואַק איז דאָ געווען דער פּירזאָגער און אויסשפּרעכער פון דער פּאַרטיי.

און אָט איז אַ צווייטער ביישפּיל: דעצעמבער 1905, אַ שטיק וועג פון דער רעוואָלוציע איז שוין אַריבער. די יִדישע אַרבעטער האָבן דורכגעמאַכט אַ שטורמישן יאָר פון פּאָליטישע שלאַכטן. עס איז אויך געוואָרן אַ ביסל פרייער צו פירן די טעטיקייט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען וואַקסן, זענען האַלב לעגאַל, זיי ציִען אַריין אַלץ גרעסערע מאַסן. די פאָרמען פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אין אַלע אירע שטופן, זענען אָבער אָפּגעשטאַנען פון דעם וווּקס און פאַרנעם פון דער פּאָליטישער טעטיקייט. די מאַסע פאָדערט אַ גרעסערע דעה אין גאַנצן פּאַרטיי־לעבן. די אויסערלעכע באַדינגונגען דערלויבן פולשטענדיק דורכצופירן די נייטיקע רעפאָרמען. דער צוּוואַקסענער מאַסן־כאַראַקטער פון דער בונדישער באַוועגונג פאָדערט אַ ריי ענדערונגען אין פּרט פון דערנענטערן די ברייטע מאַסע מיט די אַגיטאַטאָרן און אָרגאַניזאַטאָרן פון דער באַוועגונג. א. ליטוואַק איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט דערפילט די סכנה פון אַ שער צווישן דער מאַסע און די פירער, און ער איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט מיט אַ פאָדערונג פון רעפאָרמען. אין נ' 4, 5, פון „וועקער", 28סטן און 29סטן דעצעמבער 1905, שרייבט ער אַן אַרטיקל א"נ „אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגן", און מיר לייענען דאָ: „... די אָרגאַניזאַציע קען איצט נישט בלייבן פאַרבאָרגן, זי קען נישט באַהאַלטן אירע פאַרשטייער... צו די נידעריקערע איינריכטונגען און אַפילו צו די קאָמיטעטן ווענדט מען זיך איצט פון אַלע זייטן, פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך, מיט אַלערליי פאָדערונגען און בקשות; יעדער פאָדערט אַן ענטפער אויף די פראַגן, וועלכע פּלאָגן אים; יעדער פאָדערט אַן עצה, אַן אָנווייזונג, שטיצע, אָנפירונג. אין דעם איז די קראַפט פון דער פּאַרטיי. מע קען נישט איצט אויך באַהאַלטן דאָס, וואָס ס'טוט זיך אין דער פּאַרטיי אינעווייניק. די פּאַרטיי לעבט אויפן גאַס. די עפנטלעכקייט איז איצט גרויס; אירע שטראַלן דערשלאָגן זיך אין די פינצטערע שפּאַלטן, און אַזאַ גרויסע מאַסן־פּאַרטיי, ווי דער „בונד", קען זיך פון איר נישט באַהאַלטן. דאָס מינדסטע, וואָס לויפט־פאָר אין דער פּאַרטיי אינעווייניק, ווערט באַלד דערוווּסט אין דעם גרויסן פּובליקום. ווען מע וואָלט אַפילו וועלן באַהאַלטן, קען מען דאָס שוין איצט נישט. און אין די לעצטע מאָנאַטן האָט דער פּראָלעטאַריאַט פאַרכאַפּט אינעם קאַמף אייניקע פרייהייטן און רעכט, רעכט, וועלכע גיבן די מעגלעכקייט זיינע אָרגאַניזאַציעס אַרויסקריכן פון פינצטערן קעלער אויף דער ווייסער וועלט. אמת, די רעאַקציע נעמט אַן מיטלען צוריק אָפּנעמען די פאַרכאַפּטע פרייהייטן. איינגעבן וועט זיך איר דאָס נישט: דער פּראָלעטאַריאַט גייט נישט צוריק. די איינגענומענע פּאָזיציעס גיט ער נישט צוריק. ווי

די רעאַקציע זאָל נישט ווילדעווען, אומקערן רוסלאַנד צוריק צו די באַדינגונגען, וואָס פאַר די אָקטאָבער־טעג, איז איצט אוממעגלעך. דער „בונד" האָט דאַרום איצט אי די נייטיקייט, אי די מעגלעכקייט איבערצובויען אייניקערמאַסן זיין אָרגאַניזאַציע".

אַזאַ חוש פאַר דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט האָט א. ליטוואַק פאַרמאָגט! ער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט. אָבער זיין אויסגעבונדנקייט מיט דער מאַסע און אירע בעסערע טוער, זיין אַקטיווע נאַטור, זיין כסדרדיקע אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, זיין לעבן אויס־שליסלעך מיט די אינטערעסן פון דער באַוועגונג — דאָס אַלץ האָט אים געפירט אויף ריכטיקע וועגן און געזונטע מעטאָדן. מיט זיין מויל האָט אין דעם פאַל, ווי אין פיל אַנדערע, גערעדט די מאַסע אַליין. אין זיין פערזאָן האָט די מאַסע געזען אַן עמכדיקן טוער, וועלכער איז געווען צו איר נאָענט אין אַלע פרטים. און וואָס מער א. ליטוואַק האָט גענומען אויף זיך אָט אַזעלכע שליחותן פון דער מאַסע, אַלץ מער איז ער ביי איר געוואָרן באַליבט און פאָפולער.

***

אין 1903, אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער פאַרטיי, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער שטאַנדפונקט פון „בונד". אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג נייטיקט זיך אין אַן אויטאָנאָמער אָרגאַני־זאַציע אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער פאַרטיי, און דער „בונד" איז גע־צוווּנגען געוואָרן אַרויסצוגיין פון דער לאַנד־פאַרטיי, וועלכע ער האָט אַליין געהאָלפן אויפבויען. ווען עס זענען אָבער געקומען די שטורמישע געשעענישן פון 1905 מיט דער גרויסער ראָל פון „בונד" אין זיי, האָבן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן דערפילט, אַז דער ביז איצטיקער צושטאַנד קען ווייטער נישט בלייבן, מע מוז זען, אַז דער „בונד" זאָל צוריק אַריין אין דער לאַנד־פאַרטיי. דער צ"ק פון „בונד" האָט טאַקע באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער רוסלענדער פאַרטיי צו שיקן אַ דעלעגאַציע אויף איר „פאַראייניקונגס־צוזאַמענפאָר". מיט אָט דער פראַגע, צי זאָל דער „בונד" אָננעמען די איינלאַדונג און אויף וועלכע באַדינגונגען זאָל ער צוריק אַריין אין דער פאַרטיי, האָט זיך געדאַרפט פאַר־נעמען די זיבעטע קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע איז צושטאַנדגעקומען אין בערן אין מערץ־אַפּריל 1906. אויף אָט דער קאָנפערענץ האָט א. ליטוואַק געטומען אַ טיכטיקן אָנטייל (זיין פּסעוודאָנים אויף דער קאָנפערענץ איז געווען ליטווין). פון איצט אָן וועט שוין נישט זיין קיין איין צוזאַמענפאָר צי אַ קאָנ־פערענץ פון „בונד", אין וועלכער א. ליטוואַק זאָל זיך נישט באַטייליקן.

די זיבעטע קאָנפערענץ פון „בונד" האָט אויסגעאַרבעט אַ צאָל אולטימאַ־

טיווע פאָדערונגען, וואָס אויב זיי זאָלן נישט אָנגענומען ווערן פון דער רוס־לענדער ס״ד פאַרטיי, קען דער „בונד״ זיך מיט איר נישט פאַראייניקן. צווישן די דאָזיקע אולטימאַטיווע באַדינגונגען פון פאַראייניקונג זענען געווען אַזעלכע: „דער בונד איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פון ייִדישן פּראָלע־טאַריאַט, וועלכע איז נישט באַגרענעצט אין איר טעטיקייט מיט קיינע ראַיאָנע ראַמען״; „דאָס פּראָגראַם פון דער רוסלענדער פאַרטיי איז אויך דאָס פּראָגראַם פון בונד; נאָר דער בונד האָט דאָס רעכט צו בלייבן ביי זיין פּראָגראַם בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ביי דעם פּראָגראַם וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן 6טן צוזאַמענפאָר פון בונד״. אַחוץ דעם, האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען אַ דעקלאַראַטיווע רעזאָלוציע איבער דער „איינציקער פאָרשטייערשאַפט״ פון בונד. די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט קאָנסטאַטירט: די קאָנפערענץ שטעלט נישט אַרויס דעם פונקט וועגן דער איינציקער פאָרשטייערשאַפט, וואָס איז אויסגע־אַרבעט געוואָרן אויפן פינפטן צוזאַמענפאָר, צווישן די אולטימאַטיווע פאָדע־רונגען פון דער פאַראייניקונג מיט דער רסד״אַפּ, זי אָנערקענט אָבער, אַז „אַ נאָרמאַלע פאַרבינדונג צווישן דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און דער רוס־לענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען נאָר דאַן פעסטגעשטעלט ווערן, ווען דער בונד וועט זיין דער איינציקער פאָרשטייער פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט, ווען ער וועט זיין די איינציקע אָרגאַניזאַציע וועלכע וועט אַרבעטן אין דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע, דורך וועלכער די פאַראייניקטע פאַרטיי וועט אָנפירן דעם ייִדישן פּראָלעטאַרישן קאַמף און דורך וועלכער דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט וועט קענען האָבן אַ געוויסן איינפלוס אויף דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון די פאַרטייִשע ענינים״. (די פּראָטאָקאָלן פון דער 7טער קאָנפערענץ פון „בונד״, צווייטער העפט, פעטערבורג, 1906, דרוקעריי פון י. לוריע. זע אויך „רויטער פנקס״, II, וואַרשע, 1924, דעם אַרטיקל פון פ. אַנמאַן „די פאַראייניקונגס־פראַגע אויף דער 7טער קאָנפערענץ פון „בונד״).

אין אַ וואָך אַרום נאָך דער 7טער קאָנפערענץ פון „בונד״ איז פאָרגעקומען דער צוזאַמענפאָר פון דער רסד״אַפּ אין שטאָקהאָלם, און דאָ זענען אַלע פאָדע־רונגען פון „בונד״ אָנגענומען געוואָרן מיט קליינע רעדאַקציאָנעלע פאַרענ־דערונגען, דערפאַר אָבער איז איין פונקט אַריינגעגעבן געוואָרן אַן אייגענער, דער זעקסטער, און ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַ־ציעס פון דער פאַרטיי שאַפן אויפן באָדן פון אַלגעמיינע וואַלן פון אַלע פאַרטיי־מיטגלידער אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט — איין אָנפירנדיקן שטאָטישן קאָמיטעט, וועלכער באַשליסט אַלע פראַגן דורך אַן איינפאַכער מערהייט. אָט דער צוגעגעבענער פונקט האָט געמאַכט צו־נישט דעם גאַנצן פּרינציפּ פון פעדעראַטיווקייט פון די אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער. דער דאָזיקער פונקט

האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אויפן גאַנצן בונדישן עולם, און אין דער „פאָלקסצייטונג" האָט זיך געעפנט אַ ברייטע דיסקוסיע איבער דער פאַראייניקונגס־פראַגע, אַ דיסקוסיע וועלכע האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע חדשים. אַנט־שיידן די פראַגע ענדגילטיק האָט געדאַרפט דער 7טער צוזאַמענפאָר פון „בונד", וועלכער איז פאָרגעקומען אין לעמבערג, סעפּטעמבער 1906.

ווי איז געווען די שטעלונג פון א. ליטוואַק אויף דער קאָנפערענץ און צוזאַמענפאָר, ווי אויך בעת דער דיסקוסיע אין דער פּרעסע?

אויף דער 7טער קאָנפערענץ איז זיין שטעלונג געווען אַזאַ:

„אויב מיר וועלן זיך אָפּזאָגן פון דעם פּרינציפּ פון איינציקער פאָרשטיי־ערשאַפט, וועט די פאַראייניקונג זיין נאָר אַ פּאַפּירענע. מען קען נישט אָפּמאַכן אַ שלום נאָר אין דער הויך צווישן די צענטראַלע איינריכטונגען, און אונטן אויף די ערטער זאָל מען זיך רייסן איבער אַרבעטער. אַ פעסטע פאַראייניקונג וועט מעגלעך זיין נאָר דאַן, ווען מע וועט זיך פרײַער אָפּגרענעצן. איך פאָדער נישט, אַז די רוסלענדער פאַרטיי זאָל אונדז „אָפּגעבן" אַלע ייִדישע אַרבעטער, וועלכע געהערן צו אירע אָרגאַניזאַציעס — דאָס איז אַן אומזין, נאָר מיר דאַרפן פאָדערן אַז די רוסלענדער פאַרטיי זאָל אויף להבא נישט פאַרברייטערן איר טעטיקייט צווישן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן..." ביי די פאַראַנענע באַדינגונגען, ווען די רוסלענדער פאַרטיי האָט אַליין אויך געפירט אַן אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין ראַיאָן פון „בונד", האָט א. ליטוואַק מורא געהאַט, אַז אויב מע וועט נישט באַוואָרענען דעם פּונקט וועגן דער איינציקער פאָרשטיי־ערשאַפט ווי געהעריק, וועט די פאַראייניקונג ברענגען נאָר צו אייביקע סכסוכים, „און אין רעזולטאַט וועט דאָס זיין נישט אַ שריט צו פאַראייניקונג, נאָר פון פאַראייניקונג". ער האָט אויך אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז דער פּונקט וועגן דער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע זאָל קענען אומגעענדערט ווערן אויף די אַלגעמיינע פאַרטיי־צוזאַמענפאָרן נאָר מיט אַ קוואַליפיצירטער מערהייט פון צוויי דריטל שטימען.

בעת דער דיסקוסיע אין „פאָלקסצייטונג" האָט א. ליטוואַק אָפּגעדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען אין מײַ 196 אונטערן נאָמען „דער איינציקער פאָרשטייער". ער האָט געהאַלטן, אַז די 7טע קאָנפערענץ האָט מיט איר רעזאָלוציע עובר געווען אויף די באַשלוסן פונעם 5טן צוזאַמענפאָר פון „בונד" בנוגע די אָרגאַ־ניזאַציאָנס־פראַגן. די קאָנפערענץ האָט, נאָך זיין מיינונג, אָנגענומען איר רע־זאָלוציע אונטער אַ מאָמענט־איינדרוק: מע האָט זיך דערוווּסט, אַז די פּוילישע און ליטווישע ס"ד גייען אַריין אין דער רוסלענדער פאַרטיי, און מע האָט זיך דערשראָקן צו בלייבן איזאָלירט. „מיר טאָרן אָבער נישט זיין קיין מאָמענט־מענטשן. מיר מוזן יעדן מאָמענט־איינדרוק צוזאַמענבינדן מיט אונדזערע אַלגע־

מיינע פּרינציפּן — האָט א. ליטוואַק געשריבן. — ... די איינציקע פּאַרשטייערײַ איז דער פונדאַמענט, אויף וועלכן דער בונד האַלט זיך אַלס אַן אָרגאַניזאַציע, זיין אָרגאַניזאַציאָנס־וואָרצל — די איבעריקע פּונקטן זענען נאָר צווייגן און בלעטער. איז דער וואָרצל גאַנץ, וועט איר צווייגן און בלעטער האָבן. איז דער וואָרצל אונטערגעגראָבן, טריקענען די צווייגן, וועלקן די בלעטער... מען זאָגט: די רעוואָלוציע פאָדערט, דער מאָמענט פאָדערט. איך ווייס אַלץ, עס איז אַלץ אמת. אָבער קיינער וועט מיר נישט איינרעדן, אַז דער מאָמענט פאָדערט, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן. קיינער וועט מיר נישט דערווייזן, אַז ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג וועט פאַרשפּילן, וועט דערפון די רעוואָלוציע געווינען. דאָס איז איינס. און צווייטנס, ווײַל איך זאָגן טאַקע ווי איר זאָגט: די רעוואָלוציע פאָדערט פאַראייניקונג; דאָס וואָס איר לייגט פאָר אָבער איז נישט קיין פאַראייניקונג, דאָס איז אַ רייסעריי. גייען מיר אַריין אין דער פּאַרטיי אויף די באַדינגונגען, וועלכע איר לייגט פאָר, וועלן מיר אין גיכן מוזן אַרויס פון איר צוריק, און דאָס האָט קיין זין נישט". נעמענדיק אין אַכט די פּראַקטיק פון דער רסד״אַפּ מיט אירע אַ״ג סעווערדאַזאַפּאַדנע קאָמיטעטן, האָט א. ליטוואַק זיך געשראָקן, אַז זי וועט זיך האַלטן ווייטער ביים פּרינציפּ פון טעריטאָריעלער אָרגאַניזאַציע, און — די „פאַראייניקונג וועט זיין אַ צע־פלייסענע, כלומרשטיקע. אין דער אמתן וועט עס זיין אַ רייסעניש, אַ צע־שפּאַלטונג".

אַזוי אַרום איז א. ליטוואַק געווען אין דעם פּעריאָד צווישן די „האַרטע" אין בונד — צו דער זעלבער מחנה האָבן באַלאַנגט סלאַוועק און א. ווייטער.

אינעם פּעריאָד צווישן דער זיבעטער קאָנפערענץ און דעם לעמבערגער צוזאַמענפאָר איז א. ליטוואַק אַרומגעפאָרן מיט רעפעראַטן איבערן גאַנצן ראַיאָן פון „בונד", געפירט די וואַל־קאַמפּאַניע צום צוזאַמענפאָר, פאַרטיידיקנדיק די פּאָזיציע פון די „האַרטע". אויפן לעמבערגער צוזאַמענפאָר (דער זיבעטער, סעפּטעמבער 1906) איז געווען אַרום הונדערט דעלעגאַטן, און אַ היפּשע גרופּע, בראש מיט סלאַוועקן און ליטוואַקן, איז ליידנשאַפטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן דער פאַראייניקונג מיט דער רוסלענדער פּאַרטיי אויף די דערמאָנטע באַדינ־גונגען.

מיט יאָרן שפּעטער האָט א. ליטוואַק וועגן אָט דעם קאַפּיטל אין „בונד" געשריבן: „געזיגט האָבן די ווייכע נישט מיט דער לאָגיק פון זייערע אַרגומענטן, נאָר מיטן דראַנג פון די יידישע אַרבעטער צו פאַראייניקונג. דעם דאָזיקן דראַנג האָבן אויף זיך שטאַרק געפילט אַלע פירער און טוער. איך בין געווען פון די האַרטע; איך האָב געהאַלטן, אַז מיר מעגן איינגיין אויף אַנדערע פאָרמעלע פשרות, אַבי זיך דערשלאָגן אַ פולע אויטאָנאָמיע... פון אָנהייב האָבן מיר גע־

האָט כמעט אַ מערהייט, אָבער וואָס אַ טאָג זענען אונדזערע רייען שיטערער געוואָרן... מעדעם, וועלכער איז אין גרונד געווען אַ „האַרטער", און דאָך האָט ער זיך געשטעלט אין די רייען פון די „ווייכע", האָט עס מיר אַזוי דערקלערט: „מיר מוזן וואָס גיכער דורכפירן די פאַראייניקונג פון אויבן; ווען נישט, וועט עס די מאַסע טאָן איבער אונדזערע קעפּ. מיט דער שטימונג פון דער מאַסע שפּילט מען זיך נישט"... אין לעמבערג אויפן זיבעטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" איז געווען אַ גרויסע מערהייט „ווייכע". אָבער ווען עס וואָלט נישט אַזוי געווען, ווען אָן אַ פּאָר שטימען פון די „האַרטע" וואָלט זיך געוועגדט: אָננעמען די פאַראייניקונג אָדער אָפּוואַרפן — בין איך זיכער, אַז ביי אַ היפּשע ביסל פון די „האַרטע" וואָלט זיך די האַנט נישט אויפגעהויבן צו שטימען קעגן. און גלייך נאָכן צוזאַמענפאָר, בעת מ'האָט געדאַרפט דורכפירן די פאַראייניקונג אין לעבן, זענען דאָס רוב נעכטיקע „ווייכע" האַרט געוואָרן און האָבן מיט אַלע כוחות געשטערעבט דערצו, אַז די אויטאָנאָמיע זאָל זיין וואָס פולער".

אויך ר. אַבראַמאָוויטש דערציילט: „אָבער ווי ליידנשאַפטלעך און איינגע־שפּאַרט סלאָוועק האָט געקעמפט (אויפן לעמבערגער צוזאַמענפאָר), האָט ער דאָך אָפּגעגעבן אַ פייערלעכע דערקלערונג, אַז הגם ער איז נישט מסכים מיט דעם באַשלוס פון דער מערהייט, וועט ער זיך, ווי אַ דיסציפּלינירטער בונדיסט, אונטערגעבן אונטער דעם באַשלוס פון זיין פּאַרטיי און וועט ווייטער בלייבן אין די רייען פון בונד. פּונקט אַזוי האָט געהאַנדלט אויך ליטוואַק".

ח' לייבעטשקע (ל. בערמאַן), וועלכער איז געווען אַ דעלעגאַט אויף דער זיבעטער קאָנפערענץ, האָט מיר דערציילט:

אַזוי ווי אַלע דעלעגאַטן, איז אויך א. ליטוואַק געשטאַנען אין אַ האָטעל. זיי זענען געווען דריי דעלעגאַטן אין איין צימער: ער, ליטוואַק און ד. זאַסלאַוו־סקי. ווי געוויינלעך, האָט מען זיך געלייגט שפּעט, מ'האָט דערציילט איינער דעם אַנדערן פאַרשידענע זאַכן, זיך געטיילט מיט איינדרוקן פון די קאָנפערענץ־זיצונגען וכד'. איין אָוונט, שוין שפּעט אין דער נאַכט, האָט מען געמאַכט אַ געוועט: ליטוואַק און זאַסלאַווסקי וועלן דערציילן וויצן, אַנעקדאָטן — און מע וועט זען, ווער וועט בלייבן קורץ אין אַ וויץ, ווער וועט דער ערשטער זיך פאַרמאַטערן און זיך אונטערגעבן. האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן יידישע און נישט־יידישע וויצן, מען האָט געפּלאַצט לאַכנדיק. און ליטוואַק איז כסדר גע־ווען אויבנאויף מיט זיינע וויצן. דער שווייצאַרישער באַלעבאָס פון האָטעל האָט געקלאַפּט אין טיר, זיך געבעטן מע זאָל אויפהערן לאַכן, טומלען. עס האָט נישט געהאָלפן. א. ליטוואַק האָט נאָך אַ לידל אויך צוגעגעבן. עס האָט פון אים געשפּראָצט מיט פרייד און לעבעדיקייט.

אָט דאָס איז געווען דעמאָלט א. ליטוואַק. יונג, געזונט, לעבנסלוסטיק,

זיכער אין זיך, אין זיינע פעיקייטן. דאָס ווייטערדיקע לעבן האָט פון אים באַרויבט אַ סך פון אָט די אייגנשאַפטן. עס האָבן אויף אים געוואָרט אַ סך ביטערע שעהען און אַנטוישונגען. אָבער אין אַלגעמיין איז ער אַזאַ פאַרבליבן אויף זיין גאַנץ לעבן. דאָס געשענק פון חברישקייט און משפחהדיקייט פון דער בונדישער סביבה — דאָס איז געווען א. ליטוואַקס מתנה אויפן גאַנצן לעבן. דער „בונד", בונדיזם — דאָס איז געווען דער טייערסטער אוצר, וואָס ער האָט מיטגעטראָגן אַ גאַנץ לעבן.

## קאַפּיטל זעקס

סוף פעברואַר 1907 איז צושטאַנד געקומען דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון באַרימטן „גאַרבער־בונד". עס איז געווען אַ גרויסע געשעעניש אין „בונד". אין דער אַרבעט פונעם צוזאַמענפאָר האָבן גענומען אַ נאָענטן אָנטייל א. יודין־אייזענשטאַט, ווי דער פאָרשטייער פונעם צענטראַל קאָמיטעט פון „בונד", און אויך א. ליטוואַק (ס. דובנאָוו־ערליך: גאַרבער־בונד און בערשטער בונד. וואַר־שע, 1937, פאַרלאַג „קולטור־ליגע", ז' 98).

און באַלד נאָך אָט דעם צוזאַמענפאָר האָט א. ליטוואַק זיך גענומען גרייטן צו אַ צווייטן גרויסן צוזאַמענפאָר, בעת וועלכן עס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ וויכטיקע פאַרטייִש־ליטעראַרישע שליחות.

פון 13טן מײַ ביז דעם 13טן יוני 1907 איז פאָרגעקומען דער באַקאַנטער צוזאַמענפאָר אין לאָנדאָן פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַר־טיי. עס האָבן אָנטייל גענומען קאַרגע 300 דעלעגאַטן. דאָס מאָל איז שוין דער „בונד" געווען אָנגעזונד אויפן צוזאַמענפאָר; זיין דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון 54 מענטשן. פאַרשטייט זיך, אויך א. ליטוואַק איז דאָ געווען. דער „בונד" האָט אויפן צוזאַמענפאָר געשפּילט זייער אַן אָנגעזעענע ראָל. די בונדישע פראַק־ציע האָט געאַרבעט סאָלידאַר. ווי עס דערציילט בייניש מיכאַלעוויטש, איז אין דער בונדישער פראַקציע געווען אַ גרופּע פון אַן 11 מאַן, „וועלכע האָבן נישט מסכים געווען מיט די דעמאָלטיקע לאָזונגען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט (פאַר־אַנטוואָרטלעכע רעגירונג) און דער פּרינציפּיעלער ליניע פון דער דומע־פראַקציע. צווישן די 11 זענען געווען: בראָניסלאַוו גראָסער, יודין, א. ליטוואַק, הירש לוריע (אַלבערט) און איך".

א. ליטוואַק אַליין דערציילט וועגן דעם: „דער בונד איז ביז 1906, אין די הייסע טעג פון דער רעוואָלוציע, געווען באַלשעוויסטיש געשטימט... אָבער פון 1906 האָבן מיר אָנגעהויבן ביסלעכווייז פאַרלירן די באַלשעוויסטישע שטימונ־גען, און אויפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר זענען מיר שוין כמעט אַלע געווען

צענטריסטיש, אויסער עטלעכע געציילטע: איסיי אײזענשטאַט־יודין, בראָניס־לאַוו גראָסער־סלאַוועק, דער דעמאָלט נאָך גאָר יונגער וולאַדעק, און דער שרייבער פון אָט די שורות (ד״ה א. ליטוואַק), אָבער אַפילו די געציילטע האָבן געהאַט, ווי געזאָגט, נאָר באָלשעוויסטישע שטימונגען... די בונדישע דעלעגאַטן האָבן געבילדעט אויפן צוזאַמענפאָר אַ צענטער, אָבער דאָס איז געווען אַ צענטער, וועלכער איז געווען נעענטער צו איין פליגל — צום מענשעוויסטישן, וואָרעם אַפילו מיר, די בונדישע „באָלשעוויקעס״, האָבן אין אַלע פראַגן געשטימט ווי די מערהייט פון אונדזער פראַקציע האָט באַשלאָסן אויף אירע באַזונדערע זיצונגען״.

א. ליטוואַק האָט אויף דעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר באַקומען אַ גאָר ווichtיקע פונקציע: צוזאַמען מיט פ. באַגראָוו האָט ער געדאַרפט פאַר דער בונדישער פרעסע געבן אַ גענויעם באַריכט וועגן דעם פאַרלויף פון דאָזיקן לאַנגן און גרויסן פאַרטיי־קאָנגרעס אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע. אונטערן נאָמען לוי, אַ פסעוודאָנים, וועלכן א. ליטוואַק האָט אַ סך מאָל גענוצט סיי פאַר דעם סיי נאָך דעם — האָט ער טאַקע געגעבן אַ ריי באַריכטן, וועלכע זענען געווען געדרוקט אין דער „פאָלקסצייטונג״ (נומער 348—50; 352—57; 363, 365, 366—70; 372, 374, 377, 379, 383—385). שפּעטער איז דער דאָזיקער באַריכט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ באַזונדער ביכל אונטערן טיטל: „ביי די ברעגן פון טעמזע״ („די וועלט״, ווילנע, 1907; די מחברים — באַגראָוו און לוי). די דאָזיקע אַרבעט האָט געפאָדערט אַ סך טאַקט, אָביעקטיווקייט, באַאָבאַכטונגס־פעיִקייט און אַ גוטע ליטעראַרישע פעדער. א. ליטוואַק האָט דאָס אַלץ פאַרמאָגט אין אַן איבערגענוגנדיקער מאָס. ער האָט אויסגעפירט זיין שליחות בשלימות.

די רעוואָלוציע איז אָבער געגאַנגען באַרג אַראָפּ. די רעאַקציע אין לאַנד האָט זיך כסדר פאַרשטאַרקט. דעם 19טן סעפּטעמבער 1907, אויף דעם 434סטן נומער, איז דורך דער רעגירונג אָפּגעשטעלט געוואָרן דער צענטראַלער אָרגאַן פון „בונד״ — די „פאָלקסצייטונג״. די פאַרטיי האָט דערוואַרט אַזאַ אָנפאַל, און זי האָט באַצייטנס צוגעגרייט אַ דערלויבעניש אויף אַ נייער צייטונג. זי האָט שוין געהייסן „די האָפענונג״. איר גורל איז אָבער געווען זייער אַ טרויעריקער: דער טיראַזש איז געפאַלן, די דעפיציטן פון דער צייטונג זענען געוואַקסן. די שווערד פון דער צענזור איז כסדר געהאַנגען איבערן האַלדז, מען האָט געמוזט שטאַרק פאַרקאָנספּירירן דעם באַשטאַנד פון דער רעדאַקציע, אַ סך אַרטיקלען האָט מען געדרוקט אינגאַנצן אָן אונטערשריפטן. דער עיקר אָבער האָט געדריקט די מאַטעריעלע נויט. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו ענדערן דעם כאַראַקטער פון דער צייטונג: פאַרוואַנדלען זי אין אַ

קליינעם קאַפּיקענעם בלאַט, וואָס זאָל זיין צונויפגעשטעלט און געשריבן אין אַ פּאָפּולערער פאָלקסטימלעכער שפּראַך — מען האָט געהאָפט אויף אַזאַ אופן צו געווינען אַ נייעם און ברייטערן קרייז לייענער. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַשטימט אַ רעדאַקציע פאַר אָט דער צייטונג אין באַשטאַנד פון מעדעם, אסתר און ליטוואַק. ליטוואַקס פעדער האָט זיך אוודאי קוואַליפיצירט פאַר אַזאַ אויסגאַבע אָבער שוין אינעם ערשטן טאָג ווען די נייע רעדאַקציע האָט געדאַרפט אָנהייבן אַרבעטן, איז די זשאַנדאַרמעריע באַפאַלן די רעדאַקציע, און עס זענען דאָרט אַרעסטירט געוואָרן אסתר, ליטוואַק, יונה, מ. דושקאַן, טעומין, יעווזעראָוו. דאָס איז געווען דעם 29סטן אָקטאָבער 1907. אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען אַרעסטירט געוואָרן אַרקאַדי, גאָזשאַנסקי, אַנאַ ראָזענטאַל א״אַ.

ווידער אין טורמע, דאָס מאָל אין דער לוקישקער טורמע אין ווילנע. דאָס מאָל אָפּגעזעסן אַכט חדשים, אַרויס אין יוני 1908. א. ליטוואַק איז געזעסן לענגער ווי אַנדערע: נישט געווען, ווער עס זאָל זיך פאַר אים משתדל זיין ביי די זשאַנדאַרמען. די פּאַרטיי איז שוין געווען אין אַ ירידה־צושטאַנד, און אפילו די מאַטעריעלע נויטן פון די אַרעסטירטע זענען שוואַך באַזאָרגט געוואָרן. א. ליטוואַק האָט שרעקלעך געליטן אין טורמע. זיין פיזישער צושטאַנד איז געווען שלעכט. ער איז געווען זייער נערוועז, אומרויִק. לויט די ווערטער פון פּ. ראָזענטאַל — „נישט געזען נאָך אַ מענטשן, וואָס זאָל אַזוי נישט זיין פעיִק צו זיצן אין טורמע ווי א. ליטוואַק״. די אַכט חדשים תפיסה האָבן אים שרעקלעך אויסגעמאַטערט. אָבער ווען ער איז אַרויס פון לוקישקער טורמע, האָט אויף א. ליטוואַקן געוואַרט עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען פיל ערגער נאָך ווי די תפיסה. „איך האָב אויף דער פריי געפונען — האָט ער שפּעטער געשריבן — אַ גאַנצע איבערקערעניש. דוכט זיך די זעלביקע סביבה פון חברים, וואָס מיט אַכט חדשים צוריק, און דאָך אַ פרעמדע וועלט״.

שוין זומער 1907 האָט מען געקענט אָנטאַפּן דעם קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער פּאַרטיי צוזאַמען מיט דער פאַרשטאַרקטער רעאַקציע אין לאַנד. איצט איז שוין דער דאָזיקער קריזיס געווען פולשטענדיק פאַרענדיקט. די אָרגאַניזאַציע איז זיך צעפאַלן. נישט נאָר די מאַסע — אפילו אַקטיווע טוער האָבן געגומען ווייכן פון דער באַוועגונג. עס האָט זיך געמערט דער טיפּ „גע־וועזענע״ און אַנטוישטע. נאָענטע חברים פון דער פּאַרטיי האָבן זיך נישט געלאָזט דערקענען מער. א. ליטוואַק האָט שרעקלעך געהונגערט, נישט געהאַט ווו צו וווינען. די פּאַרטיי־קאַסע איז געווען ליידיק, און עס איז געווען שווער אַרויסצובאַקומען אַ האַלבן רובל. קיין לעגאַלע פּרעסע איז מער נישט געווען. שווער געווען צו געפינען אַן אָרט צום איבערשלאָפן כאָטש איין נאַכט. ער האָט געקענט באַקומען אַ הלוואה אין קליין־קרעדיט־באַנק, אָבער עס האָט

זיך נישט געפונען קיין איין חבר, וואָס זאָל פאַר אים זשירירן אין באַנק. ערשט אין האַרבסט האָט אים דער צ״ק אויסגעבאָרגט 15 רובל. אַן אַלטע חברטע האָט אים קוים איינגעאָרדנט — זי האָט געקראָגן פאַר אים אַ האַלב־טונקעלן קעמערל ביי אַ קראַם פון פרויען־היט אויף סטעפן־גאַס. אין יאַנואַר 1909 האָט אין ווילנע געזאָלט פאָרקומען אַ באַראַטונג פון „בונד" — איז אָבער געקומען צו דער באַראַטונג נישט מער ווי איין־איינציקער דעלעגאַט. מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף דעם נערוועזן א. ליטוואַק, וועלכער איז אַזוי אויך שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ פלעשעלע וואַלעריאַן־טראָפּנס אין קעשענע.

אָבער אין דער ווילנער מאַסע, און נישט דווקא צווישן דער אַרבעטער־מאַסע נאָר אפילו צווישן די פּראָסטע פאָלקס־מענטשן, איז דער נאָמען חיים יאַנקל אַלץ געבליבן טייער און רייצנד. דאָ האָט ער געהאַט אומצייליקע פריינד און פאַרערער. אָט וואָס פאַר אַ פּרעכטיק בילד עס גיט וועגן יענער צייט אין ליטוואַקס לעבן דער דיכטער דוד איינהאָרן:

„ליטוואַק האָט געהאַט אַ קליינע אָפּעראַציע אין האַלדז. אויף גיין אין שפּיטאָל האָט ער קיין צייט נישט געהאַט... הינקעדיק ווי ער איז געווען, פלעגט ער דורכגיין מיילן, האָט נישט געטאָגט ווו ער האָט גענעכטיקט. אין אַזאַ לאַגע האָט זיך ליטוואַק נישט געקענט דערלויבן צו זיצן אין אַ צימער אַ וואָך און דורכפירן די קוראַציע ווי דער דאָקטער האָט אים פאַרשריבן... ליטוואַק האָט, לויט דער פאַראָרדענונג פון דאָקטער, געדאַרפט שווענקען דעם האַלדז אַלע דריי שעה, ער האָט אין איין קעשענע געטראָגן אַ גלאָז און אין דער צווייטער אַ פלאַשעק. אַז מיר זענען געווען אויף רודניצקער גאַס און דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף, איז ליטוואַק מיט מיר אַריין אין אַן אָרעמען הויף, צוגעגאַנגען צו אַ טיר, וואָס איז שוועל איז געלעגן לעבן רינשטאָק, און אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. — שרהקע, שרהקע, איך ברויך אַ האַלב גלאָז הייסע וואַסער. די טיר האָט זיך געעפנט און אַ צעשויבערטער קאָפּ פון אַן אויס־געמאַטערטער פרוי האָט זיך באַוויזן.

— חבר חיים יאַנקל, קומט אַריין.

— ניין, איך האָב קיין צייט נישט.

די פרוי איז אַרויס אויפן שוועל מיט אַ הייסן טשייניק און אָנגעגאָסן ליטוואַקן אַ האַלבע גלאָז, און אויפן אָרט האָט ליטוואַק דורכגעפירט די פאַר־אָרדענונג פון דאָקטער.

אין דעם טאָג איז מיר אויסגעקומען צו זיין מיט ליטוואַקן אויף נאָוואָגראָד, אין דער ייִדישער גאַס, ביים גרינעם בריק — אומעטום האָט ליטוואַק געהאַט אַן אַרבעטער־טיר, אומעטום האָט זיך באַוויזן אַ פרויען־קאָפּ אָדער אַ קאָפּ פון

אַ ייִדישן בעל־מלאכה, אומעטום האָט מען אים גערופן ביים נאָמען און ברייט איינגעלאַדן, ווי אַן אייגענעם מענטשן. און איז נישט געווען קיין הייסע וואַסער, האָט מען שנעל געמאַכט פייער אונטערן דרייפוס, און ליטוואַק איז געזעסן און געשמועסט מיט דער הויזגעזינד, ווי ער וואָלט דאָרט יאָרנלאַנג געוווינט".

נישט נאָר אין יענעם פּעריאָד, אין זיין גאַנצן לעבן איז א. ליטוואַק געווען דער אַסקעט, דער מענטש אָן שום „עול" פון אייגנטום, שטענדיק אין נויט. אָן אַן אייגענעם ווינקל, אינגאַנצן געווידמעט דער פּאַרטיי און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן, אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין ענינים פון אַרבעטער־פּאָליטיק, פון וועלט־פּאָליטיק, פון ייִדישן פאָלק. אַ מענטש נישט פון דער וועלט, הגם מיט אַן אַבסאָלוט געזונטן חוש פאַרן לעבן און פאַר דער ווירקלעכקייט. אָבער פאַר זיך פּערזענלעך קיין זאַך נישט געזוכט, גאָרנישט באַדאַרפט.

***

אַרויס פון טורמע און דערקענט די נייע באַדינגונגען, האָט א. ליטוואַק זיך גענומען צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן, אויסגעפונען די וועגן און מעטאָדן פאַר נייער אַרבעט, און זיך גלייך גענומען צו זיין געזעלשאַפטלעכער מיסיע אין ייִדישן לעבן.

קיין לעגאַלע צייטונג האָט דער „בונד" שוין נישט געהאַט. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אומפּעריאָדישע זאַמלביכער, אונטער פאַרשיידענע נעמען: „די צייט", „די נייע צייט", „אונדזער צייט", „צייטפראַגן". פון אייניקע פון זיי איז אַרויס צו עטלעכע בענד. מען האָט זיך דאָ געמוזט צופּאַסן צו דער צענזור. מען האָט דאָ גערעדט צו דעם מער אינטעליגענטן אַרבעטער און אינטעליגענט. א. ליטוואַק איז אין די אַלע זאַמלביכער געווען פאַרטראָטן מיט אַ גאָר היפּשע צאָל גרעסערע אָפּהאַנדלונגען: „פראַגן פון דער ייִדישער קהילה"; „דער קאָווער צוזאַמענפאָר"; „שבת־ און זונטיק־רו פאַר האַנדלס־אָנגעשטעלטע"; „דער רבנים־צוזאַמענפאָר" און אַנדערע. עס ווערט אויך געמאַכט אַ פּרוּוו אַרויסצוגעבן אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך וואָכנבלאַט. דער אַרויסגעבער איז דער טרויעריק־באַקאַנטער ישראל מיכל קאַפּלינסקי; דער רעדאַקטאָר איז א. ליטוואַק. דער נאָמען פון דער אויסגאַבע איז: „דער טאָג אויף שבת". אונטערן נאָמען „לעבנספראַגן" און „נאָטיצן" — רעאַגירט דאָ א. ליטוואַק אויף אַלע אַקטועלע פראַגן פון ייִדישן און אַלגעמיין־מלוכהשן לעבן. דער ערשטער נומער פון „טאָג אויף שבת" איז אַרויס דעם 11טן סעפּטעמבער 1908. מיט דעצעמבער מאָנאַט האָט זיך די אויסגאַבע געענדיקט.

גלייכצייטיק אַגיטירט א. ליטוואַק דעם צענטראַל־קאָמיטעט, אַז מען זאָל אָוועקשטעלן אַן אומלעגאַלן אָרגאַן פון „בונד". ווען דער צ"ק האָט נישט מס־

כים געווען, האָט ליטוואַק דורכגעפירט זיין פאַרשלאַג אינעם ווילנער קאָמיטעט פון „בונד". אָבער ווען דער ווילנער קאָמיטעט האָט גענומען מאַכן אַלע הכנות אויף אַרויסצוגעבן דעם אומלעגאַלן אָרגאַן, האָט דער צ"ק באַשלאָסן איבער־צונעמען די זאַך אין זיינע הענט, און אין 1909 זענען אַרויס צוויי נומערן פון דאָזיקן אָרגאַן, אונטערן נאָמען „די שטימע פון בונד". אַ דריטער נומער איז נאָך אַרויס אין 1910, און דאָס איז שוין געווען דער לעצטער.

צו יענער צייט האָט זיך אין די סאָציאַליסטישע קרייזן בכלל און די בונדישע בפרט געפירט אַ דיסקוסיע וועגן אַריבערגיין אינגאַנצן אָדער טייל־ווייז אויף לעגאַלע פּאָזיציעס. נאָך אין פרילינג 1908, אויף אַ באַראַטונג פון „בונד" אין גראָדנע, ווען א. ליטוואַק איז געזעסן אין תפיסה, האָט זיך אָנגע־הויבן די דיסקוסיע צווישן די אָנהענגער פון „ליקווידירן" די רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן, די אַזוי־גערופענע ליקווידאַטאָרן, און צווישן די „פּאַרטיי־אָנהענגער". אין „בונד" זענען געווען אָנהענגער פון ביידע ריכטונגען. אמת, דאָ איז דער קאַמף געווען שוואַכער ווי אין דער רוסלענדער פּאַרטיי. ווי א. ליטוואַק דערציילט, האָבן אין „בונד" די אַנטי־לעגאַליסטן אויך געהאַלטן, אַז ווי ווייט די לעגאַלע מעגלעכקייטן זענען פאַראַן, דאַרף מען זיי אויסנוצן; די פראַגע איז נאָר געווען: ווו ליגט דער שווער־פּונקט, דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט? מ'האָט געשטריטן וועגן דעם פאַרנעם פון דער לעגאַלער און אומלעגאַלער טעטיקייט, וועגן דער פּראָפּאָרציע צווישן זיי. איצט, ווען עס איז געווען דער אומלעגאַלער אָרגאַן פון „בונד", האָט מען זיך געקענט פריי דורכשמועסן וועגן דער פּראַגע. אין די ערשטע צוויי נומערן פון דער „שטימע פון בונד" האָט זיך געפירט די דיסקוסיע צווישן די „לעגאַליסטן" און „אַנטי־לעגאַליסטן"; פונעם ערשטן צד איז אַרויסגעטראָטן אַבראַמאָוויטש און ליבער, פון צווייטן צד — א. ליטוואַק, אונטער פּסעוודאָנים „הלוי", און אייזנשטאַט־יודין.

אין ווילנע, פּונקט ווי אין גאַנצן איבעריקן לאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע בויונג און טעטיקייט פון פאַרשידענע לעגאַלע געזעלשאַפטן. אין ווילנע איז געווען טעטיק די מוזיקאַליש־ליטעראַרישע געזעלשאַפט. ביי דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז אויך געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז — דאָ איז פאַקטיש געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער שפּעטער־באַקאַנט־געוואָרענער „ווילנער טרופּע".

א. ליטוואַק איז געווען אַקטיוו אין די אַלע ווילנער אַנשטאַלטן. ער איז דאָ אָפט אַרויסגעטראָטן מיט רעפעראַטן, און געפירט דיסקוסיעס מיט אַנדערע. ער איז געפאָרן מיט רעפעראַטן אין די אַמאָליקע בונדישע צענטערן, ווו ער איז דעם ברייטן עולם געווען גוט באַקאַנט. ער האָט אויסגענומען מיט זיינע רעפעראַטן אין האָמליע, קיעוו אאַז"וו. אַ מאָל איז ער אויפגעטראָטן פאַר אַ

בירגערלעכן עולם אין אַ קלוב און גערעדט צו אים רוסיש. גערעדט קעגן אַסימילאַציע. שטאַרק באַווירקט דעם פרעמדן עולם — מיט זיין גאַנצן אויס־זען, מיט דער איבערצייגונגס־קראַפט. אין אַ דיסקוסיע מיט זשיטלאָווסקין אין ווילנע האָט ער אַ מאָל געזאָגט: „פאַר מיר זענען אידעען נישט קיין קליידער, וועלכע איך קען אויסטאָן פון זיך, ווען איך דאַרף זיי נישט. מיינע אידעען זענען איך, איינגאַנצן איך". אָט מיט דער אויפריכטיקייט און אידעאַליסטישקייט האָט א. ליטוואַק שטענדיק געווונען זיין אוידיטאָריע. זיין אָנזען אין ווילנע איז געווען גרויס. אין דערמאָנטן דראַמאַטישן קרייז איז ער געווען אין דער קאָמיסיע, וועלכע פלעגט אויסהערן די קאַנדידאַטן, באַשטימען ווער פון זיי זאָל זיין אין כאָר, דראַמאַטישן קרייז וכד'.

ביי די נייע באַדינגונגען פון פאָליטישן לעבן האָט זיך געפאָדערט נאָך מער ווי אַ מאָל שטרענגע קאָנספיראַציע, פאָרזיכטיקייט. אָט די מעלות האָבן א. ליטוואַקן געפעלט. זיין אויסערלעכער מום איז אויך געווען אַ סיבה פאַר זיין „אומפאָרזיכטיקייט" — אַן אַלטער פעלער, וועלכן די דערפאַרענע בונדישע טוער האָבן אים פון שטענדיק פאָרגעוואָרפן. און דאָך האָט א. ליטוואַק אָפט זיך באַטייליקט אין ווילנע אין אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען — אַ מאָל אין די „קאַסאַרקעס" אין וואַלד, אַ מאָל אין די ביליקע הייזער. און נישט איין מאָל איז אַ פאַרזאַמלונג דורכגעפאַלן, און א. ליטוואַק האָט זיך קוים געראַטעוועט. איין מאָל, אין די ביליקע הייזער, איז ער געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג. פּאָליציי איז באַפאַלן, די פאַרזאַמלטע האָבן זיך צעשאָטן איבער די פילצאָליקע וווי־נונגען, אָבער וואָס טוט מען מיט ליטוואַקן? האָבן די אַרבעטער אים גענומען צום הויכן פּאַרקאַן, אַ טייל איז אַריבער אויף דער צווייטער זייט, אַ טייל איז געבליבן פון דער זייט, און מיט גרויס מאַטערניש און בריהשקייט האָבן זיי דעם אומבאַהאָלפענעם ליטוואַקן אַריבערגעוואָרפן איבער דעם פּאַרקן, און אַזוי אַרום איז ער אויך דאָס מאָל ניצול געוואָרן פון פּאָליציייִשע הענט. אין 1909 איז ער געווען אַן אַגענט פון צענטראַל־קאָמיטעט, און ווי אַזעלכער האָט ער זיך באַטייליקט אין אַלע זיינע ברייטערע זיצונגען, גענומען אָנטייל אין די דעבאַטן (אָבער נישט אין אָפּשטימונג). ער האָט באַזוכט מינסק, פּעטערבורג און אַנדערע שטעט.

אין די יאָרן 1909־1910 האָט זיך אין ווילנע און בכלל אין לאַנד פאַר־שטאַרקט דער ייִדישיסטישער קולטור־נאַציאָנאַלער פליגל. עס האָט זיך פאַר־שטאַרקט דער אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור און טעאַטער. עס זע־נען דערשינען ליטעראַרישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע אויסגאַבעס, עס איז אָנגעגאַנגען אַ גרעסערע טעטיקייט אין אייניקע לעגאַלע געזעלשאַפטן, באַ־זונדערס אין דער חברה מפיצי השכלה. אין די אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען אויך

אַרייַנגעדרונגען בונדישע טוערס. די בונדישע זאַמלביכער האָבן בייגעטראָגן צום פּראָבלעם פון אַ יידיש־וועלטלעכער פאָלק־שול. א. ליטוואַק האָט זיך אין אַט דער אַטמאָספער געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. ער, דער תלמיד חכם און למדן, ער וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט יידישן גייסט און קולטור, מיט יידישע פאָלקס־אינטערעסן, ער וואָס איז אַליין געווען אַ גלענצנדער פּו־בליציסט אין יידיש און האָט שוין געגוג בייגעטראָגן צו דער יידישער ליטעראַ־טור — ער האָט איצט זיך אויסגעלעבט אין דער נייער קולטור־אַטמאָספער אויף דער יידישער גאַס, ער האָט זיך איצט מער ווי ווען עס איז אויסגעלעבט נאַציאָנאַל. זיינע אינטימע געפילן פאַר ליטעראַטור און עסטעטיק האָבן איצט געהאַט אַ ברייט פעלד פאַר אַקטיווער שאַפונג. ער האָט געלייענט רעפעראַטן וועגן י. ל. פּרץ, וועגן די נביאים, תלמוד, משיחיזם. ער האָט געשריבן אַ סך און נישט דווקא אין בונדישע אויסגאַבעס. ער האָט אין דער אַרבעט פון די יידישע סאָציאַליסטן אין פּיאָנערן־פּעריאָד געזען די המשכות פון דער השכלה אויף דער יידישער גאַס. ער האָט אָפט געזעדט מיט אַ העכערן טאָן ווי די אַנדערע בונדישע פירער — וועגן יידישער נאַציע, יידישער קולטור און שפּראַך, יידישן קיום. ער איז נישט חלילה, געקומען אין קאָנפליקט מיט דער בונדישער טעאָריע און פּראָגראַם, ער איז נאָר געווען אַנדערש ווי זיי, און דאָס איז נאַטירלעך. סרוב בונדישע פירער פון ערשטן דור זענען געקומען צום „בונד" דורך דער רוסישער שפּראַך און קולטור. א. ליטוואַק אָבער איז געווען אַ קינד פון פאָלק מיט אַ יידישן הינטערגרונד. דערפאַר איז די נייע יידישיסטישע קולטור־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס אין אַט די יאָרן געווען פאַר אים אַ פּערזענלעכע דערקוויקעניש.

א. ליטוואַק איז געווען דער אָנגעלייגטסטער גאַסט אין אַלע קולטור־קרייזן. ער האָט דאָ געגלאַנצט מיט זיין שאַרפן וואָרט, מיט זיין וויץ. פון אים האָט געשפּראָצט מיט פריילעכקייט און אָפּטימיזם. „אויף בונדישע און ליטע־ראַרישע ליאַמעס — דערציילט דוד איינהאָרן — איז ער געווען דער ערשטער זינגער פון פאָלקס־לידער און אַ לעבעדיקער אוצר וויצן. ביי זיין אָנוועזנהייט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די אַזוי־גערופענע אָנגעצויגענע מעלאַנכאָליע, אויף וועלכער עס ליידן אַ סך יידישע באַנקעטן און צוזאַמענקונפטן. דאָס האָבן כמעט אַלע אין ווילנע געפילט. און אַז מענדעלע מוכר ספרים איז געווען אין ווילנע און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון באַנקעטן און פייערלעכקייטן, איז יע־דעס מאָל, ווען מענדעלע פלעגט קומען אויף אַ באַנקעט, פלעגט ער צוערשט פרעגן: ווו איז ליטוואַק, דער בונדיסט? אַז איך דערזע אים פאַלט מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. ס'איז אַ מחיה מיט אים! און דאָס מוז מען צוגעבן, מענדעלע האָט נישט געהערט צו די, וואָס זאָגן גלאַט אַ גוט וואָרט אויף אַ מענטשן. דאָ

האָט מענדעלע דער פאָלקס־מענטש, וואָס האָט אויסערלעך זיין פאָלקסטימלעכ־
קייט געבראָכן, פלוצלונג דערזען זיין אייגענע יוגנט".

פון יענער אָט צייט איז פאַרבליבן אַ פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער עס איז
פאַראייביקט איינער אַזאַ באַזוך פון מענדעלע מוכר ספרים אין ווילנע. אויף
דער פאָטאָגראַפיע געפינט זיך אַ חוץ דעם גאַסט: דוד איינהאָרן, מ. זילבורג,
פאַלק האַלפּערין, א. ליטוואַק, דן קאַפּלאַנאָוויטש, ז. קאַלמאַנאָוויטש, דבורה,
זרובבל, ליפּמאַן און בן־אביגדור. מיר זעען דאָ ליטוואַקן אין אָט דעם ליכט,
וואָס איינהאָרן האָט געשילדערט אין דער אָקאָרשט ציטירטער שטעלע. אגב,
איז די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע געוועזן אַ קוואַל פון צרות פאַר דוד איינהאָרנען,
ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין 1912. די זשאַנדאַרמעריע האָט נישט אָפּ־
דערש געוואָלט האָבן, אַז דאָס איז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד". ווער
איז דער? האָט מען געפרעגט איינהאָרנען. — דאָס איז א. ליטוואַק. — א.
העלפאַנד? דער הינקענדיקער? ווו איז ער? מיר זוכן דאָך אים שוין אַ יאָר צייט!

צו יענער צייט איז שוין געווען אַ געוויסע אויפלעבונג אין דער אַרבעטער־
באַוועגונג. און די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך צוריק גענומען מיט ענערגיע צו
איר אַלטער עבודה. ליטוואַק איז געווען אויפן צעטל. נישט איין מאָל האָט אים
געדראָט אַרעסטירט צו ווערן. אָבער זיין בריהשקייט זיך אַרויסצוראַטעווען פון
די שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען איז געווען פשוט פאַנטאַסטיש. אין 1911 האָט
ער אַ געוויסע צייט געוווינט אין וואַרשע. האָט ער געהאַט זיינע האָטעלן און
ער פלעגט זיך יעדעס מאָל איינשרייבן אין אַן אַנדער האָטעל, און דווקא אויף
זיין אמתן נאָמען. פּאָליציי האָט געהאַט אַ פאַראָרדענונג אים צו אַרעסטירן.
אָבער יעדעס מאָל ווען מען איז געקומען אים צונעמען, האָט זיך אַרויסגעוויזן,
אַז ער איז גאָר נישטאָ אויף דעם פּלאַץ: ער האָט קיין מאָל נישט גענעכטיקט
דאָ, ווו ער איז געווען איינגעמאָלדן. די רציחה פון דער פּאָליציי איז דערגאַנגען
אַזוי ווייט, אַז אין איין געוויסן טאָג האָט מען אין דער יידישער געגנט אַרעס־
טירט אַלע הינקעדיקע אויפן רעכטן פוס... אָבער ליטוואַק איז אַלץ נישט גע־
ווען צווישן די אַרעסטירטע... אַזוי איז געווען פריער אין ווילנע: מ. ליבער
איז געווען אַרויסגעשיקט פון ווילנע, ר. אַבראַמאָוויטש איז געווען אַרעסטירט.
נאָר איין ליטוואַק האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט. און אַזוי איז איצט געווען אין
וואַרשע. סיי דאָ, סיי דאָרט האָט ער געקענט יעדעס ווינקעלע, יעדן גרעסערן
הויף מיט זיינע צוויי אַרויסגענג; אומעטום האָט ער געהאַט נאָענטע, באַקאַנטע
יינגלעך, וועלכע זענען געלאָפן ווו מען האָט באַדאַרפט און אָנגעזאָגט וואָס עס
האָט זיך געפאָדערט. אומעטום האָט ער געהאַט פריינד, ווו מען האָט אים גע־
לאָזט איבערנעכטיקן אויף אַ קאַנאַפּע. די באַלעבאָסטעס פון די האָטעלן האָבן
געפירט זיינע קאָנספּיראַציעס און אונטער דער נאָז פון דער פּאָליציי אים גע־

האַלפן זיך אַרויסראַטעווען. און איז אַ מאָל אין ווילנע געוואָרן גאָר ענג, און ער האָט געוווּסט, אַז אויפן וואָקזאַל היט מען אים, מען וויל אים כאַפּן — האָט א. ליטוואַק זיך אויפגעהויבן און אַוועק צופוס קיין ווילייקע, און פון דאָרט רחבותדיק זיך געלאָזט קיין וואַרשע. זיין גרויסע ענערגיע, זיין לעבנסקראַפט, קאַמפּסלוסטיקייט זענען אים בייגעשטאַנען אין אַלע צרות און סכנות.

***

אין 1908 האָט א. ליטוואַק, אין פאַרלאַג „די וועלט" אַרויסגעלאָזט אַ קליינעם זאַמלהעפט אונטערן נאָמען „פּייערלעך". דאָ האָט ער אָפּגעדרוקט אַ געדיכט אין פּראָזע „ליכטלעך". די דאָזיקע זאַך האָט שפּעטער זוכה געווען אַריינצוגיין אין די יידישע שול־ביכער, און ווירקלעך — דאָס איז אַ מוסטער פון ראַפינירטן סטיל, אַ פּרעכטיקע סימבאָלישע זאַך, צוגעפּאַסט צו יענער צייט פון חושך און רעאַקציע, ווען די רעוואָלוציאָנערע „ליכטלעך" זענען פאַרשוווּנדן. עס איז כלומרשט אַ חנוכה־מאָטיוו, און עס פאַרענדיקט זיך אַזוי (מיט געוויסע קיצורים):

„הייליק זענען די ליכטלעך אין די פינצטערע נעכט פון כסליו!...

נאָר קליין זענען די ליכטלעך. קורץ זענען די ליכט. נישט לאַנג דויערט זייער פייער. אַ האַלבע שעה גייט אַריבער און די ליכטלעך הייבן זיך אָן לעשן. ווען ס'פאַרלעשט זיך אַ ליכטל, בלייבט אַ פינצטערער פלעק אויף זיין אָרט, און די איבעריקע ליכטלעך זעען אויס ווי אבלים, זיי טרויערן נאָך דעם אָפּגעקומענעם ברודערל און זייער ליכט ווערט קלענער, טונקעלער. אַ ליכטל לעשט זיך אויס, אָט איז טונקל געוואָרן אין איין פענצטער, אין אַ צווייטן, אַ דריטן. נאָך אַ מינוט און די גאַס איז ווידער פאַרזונקען אין טיפער פינצטערניש — — —

אַך, ווי גוט וואָלט געווען, ווען די ליכטלעך זאָלן זיך נישט פאַרלעשן, זיי זאָלן ברענען און ברענען. און ווערט איין ליכטל פאַרלאָשן, זאָל דער שמש באַלד אָן אַנדערס אָנצינדן. דאָס אָרט, וווּ אַ פייערל האָט געברענט, זאָל נישט בלייבן ליידיק. נישט בלייבן פינצטער, נאָר ברענען און לייכטן ביז ס'וועט אויפגיין דער מאָרגנשטערן.

...אַ פאַרציטערטער ווער איך, איך שריי נישט מיט מיין קול: קינדער, הייבט אויף דעם שמש! איך האָב אים אַרויסגעלאָזן, הייבט איר אים אויף! לאָזט נישט ווערן פינצטער! היט די ליכטלעך. צינדט זיי. דאָס זענען חנוכה־ליכטלעך, הייליקע ליכטלעך...

...צינדט! צינדט!"

אָט אַזוי האָט א. ליטוואַק גערעדט צו דער יידישער אַרבעטער־מאַסע אין יענער צייט פון פּאָליטישער רעאַקציע און דערשלאָגנקייט. ער האָט גע

מונטערט, ער האָט געוואָלט אויספירן די ראָל פון אַ „שמש“, וואָס צינדט די ליכטלעך. די פאַרשטעלטע פאָרעם האָט געווירקט שטאַרקער ווי די אָפענע רייד. א. ליטוואַק האָט ווייטער געטראָגן די פאָן פון „בונד“.

***

א. ליטוואַקס נאָמען אַלס זשורנאַליסט און פּובליציסט איז פאַר די לעצטע פאַר יאָר שטאַרק געוואַקסן. זינט סוף 1908 האָט ער אָפט געדרוקט אַרטיקלען אין פּעטערבורגער „פריינד“. און עס איז אַזוי געשען, אַז אין פעברואַר 1909, ווען ש. ראָזענפעלד איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָט א. ליטוואַק דריי חדשים צייט פאַרטראָטן און ער האָט רעדאַקטירט דעם „פריינד“. דאָס איז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג — צו זיין דער אָנערקענטער בונדיסט און אין דער זעלבער צייט צו באַקומען דעם צוטרוי פון „פריינד“, וואָס ווי ראַדיקאַל ער איז נישט געווען אין יענעם פעריאָד, איז ער פאָרט געווען אַן אָרגאַן פונעם ייִדישן בירגערטום. אַזוי גרויס איז געווען דער צוטרוי צו א. ליטוואַקס פּערזענלעכער ריינקייט און אָרנטלעכקייט, און פון דער אַנדערער זייט אַזוי גרויס איז שוין דעמאָלט געווען זיין אויטאָריטעט און אָנערקענטקייט אַלס איינער פון די בעסטע ייִדישע פּובליציסטן און סטיליסטן. א. ליטוואַק אַליין האָט געהאַלטן פאַר אַ וויכטיקע געשעעניש אין זיין לעבן אָט די מיטאַרבעט אין „טאָג אויף שבת“ און אין „פריינד“. ער האָט וועגן דעם געשריבן („וואָס געווען“, ז' 256): „וועגן דעם וואָכנבלאָט מיטן משונהדיקן נאָמען „(טאָג אויף שבת“ — ח. ש. ק.) און וועגן דער קורצער צייט, וואָס איך האָב רעדאַגירט דעם פּעטערבורגער „פריינד“, האָף איך צו שרייבן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט“. צו אונדזער גרויסן צער, האָט א. ליטוואַק נישט געפונען די דאָזיקע געלעגנהייט.

אין 1909, אָנהייבנדיק פונעם נומער 43 „פריינד“, האָט א. ליטוואַק געשריבן יעדע פאַר טעג אַ לייטאַרטיקל אונטערגעשריבן „א. ל.“ קיין שום ספק נישט, אַז אויך צווישן די נישט-געחתמעטע לייט-אַרטיקלען און נאָטיצן זענען פאַראַן אַ סך, וואָס געהערן צו דער פען פון א. ליטוואַק. עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע אונטערגעשריבענע אַרטיקלען, זיי זענען אַלע געווידמעט די טאָג-פראַגן פון דער רוסישער און ייִדישער פּאָליטיק. פון די אַלע אַרטיקלען וועל איך נאָר דערמאָנען אַ פאָר: ה' סליאָזבערגס אויפגעהויבענע פאָן (נ' 47); וואַליאַי יאַצקאָן (נ' 59); וועגן דעם צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע קונסט-פאַראיינען (נ' 72); צו א. ר. קאַמינסקאָס בענעפיס און יובילעום (נ' 76); נאָכן רבנים-צוזאַמענפאָר (נ"נ 100, 102, 103).

אין „פריינד“ פון 1910 געפינען מיר גאָר אַ קליינע צאָל לייט-אַרטיקלען

און טאָג־נאָטיצן פון א. ליטוואַק. דערפאַר זענען דאָ פאַראַן עטלעכע גרעסערע אַרטיקלען, מיט וועלכע עס לוינט זיך צו באַקענען אונדזערע לייענער. איין אַרטיקל (אין צוויי נומערן: 130, 131) איז אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט דוד פרישמאַנען. דער אַרטיקל הייסט „אַ שטיקל סך־הכל" און ער רעכנט זיך אָפּ מיט פרישמאַנס „געטער־ברעכערישע פעליעטאָנען", וואָס האָבן זיך דעמאָלט גע־דרוקט אין „היינט". אָבער עס איז מער ווי אַ פּאָלעמיק. עס איז באמת אַ פאַר־מעסט צו געבן „אַ סך־הכל: ווער איז דוד פרישמאַן?". די צוויי אַרטיקלען ענ־דיקן זיך מיט אַ צוזאָג צו געבן אַ וויטערדיקע באַהאַנדלונג „אין אַ צווייטן אַרטיקל", אָבער איך האָב דעם דאָזיקן המשך נישט געפונען. איך וועל ברענגען עטלעכע אָפּגעריסענע אויסצוגן פון א. ליטוואַקס סך־הכל וועגן פרישמאַנען:

„דוד פרישמאַן איז אַ פּאָעט, אַ בעלעטריסט... יאָ, אָבער נישט קיין אָרי־גינעלער און אין בעסטן פאַל אַ מיטלמעסיקער (דאָ קומען עטלעכע ביישפּילן פון פרישמאַנס „איבערפּראַזירונגען" פון קאַרל עמיל פראַנצאָז, פון דאָדע, שיי־לער און היינע — ה. ש. ק.)... פרישמאַן וועלכער לאָזט דאָס וואָרט „שיינקייט" פון מויל נישט אַרויס, האָט נאָכאַנאַנד געטאָן און באַגאָסן מיט שמוץ גראָד דאָס שענסטע ביי אונדז... ווו האָט דוד פרישמאַנען אַרויסגעזאָגט זיין עסטעטישן אַני מאמין? ווער קען אָנווייזן דעם קריטישן מאָסשטאַב, מיט וועלכן ער גייט צו צו אַ ליטעראַרישן ווערק? וואָס הייסט ביי אים גוט? וואָס הייסט ביי אים שלעכט?... אָנשטאָט דעם אַלעם האָט אונדז דוד פרישמאַן געגעבן אַ פּאַק וויצן, אָנשטאָט דעם האָט ער געלאַכט, אָבער נישט מיט דעם געלעכטער וועלכער ברענגט אייך צו טרערן, אָפּט צו שוידערן, אויך נישט מיט דעם געלעכטער, וועלכער רייניקט די נשמה און מאַכט ליכטיק די אויגן. פרישמאַנס געלעכטער איז אַ פלאַכער, אַ ליידיקער, אַ געלעכטער צוליב געלעכטער, פון וועלכן עס קיצלט אייך, אויב איר זענט טעמפּ, און עקלט אייך אויב איר זענט פיין... קיין מאָל האָט ער נישט געוווּסט וואָס ער וויל, קיין מאָל האָט ער נישט געהאַט קיין שום געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן... עס איז אָבער צייט צו זאָגן דוד פריש־מאַנען: מיר זענען אייך גאָרנישט שולדיק, אָבער גאָרנישט. צוליב אונדזער אָרעמקייט האָט איר אַ נאָמען געמאַכט, קרעדיט דערוואָרבן. איר האָט אָבער אייער נאָמען נישט פאַרדינט, אייער קרעדיט נישט גערעכטפאַרטיקט. אויב עמעצער איז דאָ אַ בעל־חוב, זענט איר עס, דוד פרישמאַן, אַ בעל־חוב אַ גרוי־סער, אַ בעל־חוב וואָס איז נישט פעיִק צו צאָלן. די אונטערשטע שורה — איר זענט באַנקראָט, דוד פרישמאַן!".

אין די דאָזיקע ציטאַטן אין לייכט צו דערקענען די שאַרפע פעדער פון א. ליטוואַק. כדאי אויך צו דערמאָנען, אַז אין די דאָזיקע אַרטיקלען ווייזט אַרויס א. ליטוואַק אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט מיט דער העברעיִשער ליטעראַטור, אין

וועלכער פּרישמאַן האָט געקיניגט. די אַרטיקלען זענען גלייכצייטיק פּאָלעמיש און זייער זאַכלעך.

דוד איינהאָרן, מיט וועלכן א. ליטוואַק איז אין יענעם פּעריאָד געווען שטאַרק באַפרײַנדעט און זיי האָבן אַפילו געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבן צוזאַמען אַ העב־רעיִשן זאַמלבוך אונטערן דעמאָנסטראַטיוון נאָמען „עם הארץ“, כדי צו באַ־ווייזן די העברעיִסטן, אַז אויך די בונדיסטן און ייִדישיסטן קענען גוט העברעיִש — שרייבט וועגן א. ליטוואַקס מיטאַרבעט אין „פֿרײַנד“ אַזוי: „פֿאַר ליטוואַקן האָט מען געציטערט אין די ליטעראַרישע קרייזן. אַפילו פּרישמאַן, דער דאָזי־קער טיגער, וואָס האָט נישט דורכגעלאָזן קיין לעבעדיקן און נישט קיין טויטן מיט זיין בייסיקער פֿאַרניכטנדיקער איראָניע, האָט זיך דערפֿילט געשלאָגן. ווען ליטוואַק האָט אין צוויי פֿעליעטאָנען אין „פֿרײַנד“ אים אָנגעגריפֿן, דער דאָזיקער בירגערלעכער ציניקער, וואָס האָט אַ דאַנק זיין ביטול צו אַלע אי־דעען, באַקומען די מאַכט פֿון איראָניע, האָט באַקומען געשלאָגן פֿון גאָר אַן אַנדערער איראָניע — די איראָניע פֿון אַ טיף־גלויביקן איבערצייגטן מענטשן, וועלכער האָט מיטן פֿייער פֿון זיין גלויבן פֿאַרברענט און צעבראָכן דעם גאַנצן אַרסענאַל פֿון פּרישמאַנס ייִדישן בירגערלעכן ביטול“.

די וואַרשעווער גוטע פֿרײַנד פֿון פּרישמאַנען און שונאים פֿון „בונד“ און א. ליטוואַקן, האָבן זיך אינעם לעצטן דעמאָלט „נוקם“ געווען. איינער פֿון די גע־שווירענע טינטלערס האָט אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ, אין וועלכער עס איז געווען געזאָגט: דער „פֿרײַנד“ האָט לעצטנס אָנגעהויבן אונטערצוהונקען. דאָס האָט געדאַרפֿט זיין אַ „קלוגער“ און „דזשענטלמעניִשער“ ווונק אויף א. ליטוואַקן, דעם הונקענדיקן בעל־מום, וועלכער רעדאַגירט איצט דעם „פֿרײַנד“. ווי עס האָט מיר דערציילט לייבעטשקע בערמאַן, האָט א. ליטוואַק אָפּט דערמאָנט די דאָזיקע פּאָלעמישע פּייל אין אים — מיט גרויס פֿאַרדרוס: ער האָט זיך געפֿילט שרעקלעך געטראָפֿן פֿון אָט דער גראָב־יונגערישקייט.

אין יענער צייט איז א. ליטוואַק געווען פֿול מיט פֿאַרשידענע ליטעראַרישע פּלענער. וועגן איינעם אַזאַ אינטערעסאַנטן פּראָיעקט דערוויסן מיר זיך פֿון אַ בריוו, וואָס ב. ווירגילי־כהן האָט געשריבן צו אַנסקין זומער 1910 („פֿון נאָענטן עבר“, 1937): „געערטער ה׳ אַנסקי! — שרייבט ווירגילי — איך האָב די וואָך באַקומען אַ בריוו פֿון ליטוואַקן. ער נעמט פּערזענלעך פֿאַר אַן אויפֿ־גאַבע פֿון זאַמלביכער. אין בריוו בעט ער מיר ווענדן זיך צו אייך מיט אַ בקשה שיקן אים אַ וואָסער נישט איז בעלעטריסטישע זאַך פֿון 2־3 הונדערט שורות. ווי ער שרייבט, וועט אייער נאָמען פֿאַר אים זיין זייער וויכטיק. האָנאָ־ראַר וועט ער מער ווי 5 קאָפּ׳ אַ שורה נישט קענען צאָלן. אין צוויי וואָכן אַרום וועט ביי אים אַרויס דער ערשטער ביכל אונטערן נאָמען „פֿונקען“. ער וואָלט זייער

וועלן האָבן אייער זאַך צום ערשטן ביכל... אויב איר וועט געפינען פּאַר מעגלעך צו שיקן, דאַן שיקט אויף מיין אַדרעס. איך וועל אים שוין איבערשיקן"...

דער הונגעריקער א. ליטוואַק, אָן אַן אייגענער היים און אָן אַן אייגענעם אַדרעס, האָט עס געזאָלט ווערן אַליין אַ פאַרלעגער און אַפילו צאָלן 5 קאָפּיקעס אַ שורה האָנאָראַר...

***

מיר האָבן שוין דערציילט וועגן דעם קאַמף צווישן די „לעגאַליסטן" און „אַנטי־לעגאַליסטן" אין „בונד".

א. ליטוואַק, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער אַנטי־לעגאַליסטישער ריכ־טונג, האָט געליטן פון דעם קעגנזאַץ צווישן דער טעאָריע פון אומלעגאַלער אַרבעט און דער פּראַקטיק אין לעבן — געוועזן צו אַקטיוו, ער זאָל זיך נישט אַריינוואַרפן אין יעדער לעגאַלער טעטיקייט, וועלכע קען נאָר נוצן דער אַר־בעטער־באַוועגונג און דינען דער פּאַרטיי. און ער האָט טאַקע אויסגענוצט פאַרשידענע געלעגנהייטן פון לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, זייערע אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונגען און צוזאַמענפאָרן, און איז געלאָפן אַהין און אויפגעטראָטן און גע־פּרעדיקט אין אַ מער־ווייניקער אָפענער פאָרעם די אידעען פון „בונד".

אַ וויכטיקער צענטער פון ייִדישער פּאָליטישער טעטיקייט איז געווען די הויפּטשטאָט פּעטערבורג. אין דער גאָסודאַרסטווענער דומע זענען געווען אַ פּאָר ייִדישע דעפּוטאַטן, און ביי זיי איז געווען טעטיק אַ שטענדיקע ביוראָ. סעקרע־טאַר פון ביוראָ איז געווען דער בונדיסט ל. עטקין, אָפיציעל אָבער האָט זיך דער „בונד" אין דער ביוראָ נישט באַטייליקט. אין האַרבסט 1909 איז דאָ אויפגעקומען אַזאַ איניציאַטיוו: רופן מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט אַ באַראַטונג פון ייִדישע געזעלשאַפטלעכע טוערס, כדי צו באַטראַכטן אַ צאָל ספּעציעל־ייִדישע פראַגן. אַזאַ דערלויבעניש האָט מען אַרויסבאַקומען, און אויף דעם 19־22סטן נאָוועמבער 1909 איז גערופן געוואָרן אַזאַ באַראַטונג אין קאָוו־נע. איז פאַרן „בונד" געשטאַנען די פראַגע, צי זאָל ער זיך באַטייליקן אין אַזאַ צוזאַמענפאָר, וואָס זיינע הויפּט־פירער זענען פאָרשטייער פון רבנים און סתם־בירגערלעכע ריכטונגען. און ווידער האָט געזיגט דער פּראַקטישער חוש, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן יאָ נעמען אָנטייל אין דער קאָוונער באַראַטונג. דעם „בונדס" פאָרשטייער זענען דאָ געווען דער לעגאַליסט מ. ליבער־גאָלדמאַן און דער אַנטי־לעגאַליסט א. ליטוואַק, אָדער ווי ער פיגורירט אינעם סטענאָגראַפישן באַריכט פון דער באַראַטונג (אַרויס אויף רוסיש אין פּעטערבורג, 1910), ח. געלפאַנד (ריגע). דאָס האָט אַ לעגאַלע אינסטיטוציע אין ריגע באַזאָרגט ליט־וואַקן מיט אַ כשרן מאַנדאַט צו דער באַראַטונג.

לויטן סטענאָגראַפישן באַריכט האָט א. ליטוואַק צוויי מאָל גענומען אַ וואָרט אויף דער באַראַטונג. גערעדט האָט ער רוסיש, ווייל די אַדמיניסטראַציע האָט נישט דערלויבט צו רעדן יידיש. מיר וועלן ברענגעןביידע רעדעס, אין אונדזער איבערזעצונג, הגם די „סטענאָגראַמע" ליידט זייער שטאַרק פון אומליטעראַרישקייט און אומסטיליסטישקייט (זז׳ 181 און 207):

„דער חשובער רעפערענט האָט געזאָגט, אַז אויב מע זאָל אָפּנעמען ביי דער קהילה די רעליגיעזע פונקציעס, דאָס פאַרוואַלטן מיט די רעליגיעזע ענינים, וועלן פאַרבלייבן נאָר עפּעס ווירטשאַפטלעכע פונקציעס פון צופעליק צונויפגעקומענע מענטשן. הייסט עס — האָט א. ליטוואַק געטענהט — אַז אויסער רעליגיע איז ביי אונדז גאָרנישט נישטאָ, פאַראַן נאָר עפּעס צופעליק צונויפגעקומענע פאַרשוינען? הייסט עס, מיר האָבן נישט קיין נאַציע, מיר האָבן נאָר רעליגיעזע פונקציעס און אַרום זיי צופעליקע מענטשן? ווען דער חשובער ה׳ סליאָזבערג א״אַ זאָגן, אַז דאָס יידישקייט פאַרשווימט, באַקומט זיך ביי זיי עפּעס ווי אַ קליין ווינקל, וואָס באַשטייט פון רעליגיע פּליוס יידישן גייסט, וועלכער האַלט זיך בלויז אויף די לערנביכער פון זאַקאָן באָזשי. אַזוי ווי עס וואָלט גאָר ביי אונדז נישט געווען קיין שפּראַך, קיין ליטעראַטור, קיין קולטור. איך האַלט, אַז עס איז נישט אַזוי, אַז מיר זענען יאָ אַ נאַציע, און ווי יעדע נאַציע פאַרמאָגן מיר אי אַ קולטור אי אַ ליטעראַטור. ווי באַלד אָבער מיר פאַרמאָגן אַ נאַציאָנאַלע קולטור, דאַרף זי דאָס ווערן דער הויפּט־ענין און די אויפגאַבע פון דער קהילה. זאָל מען אָנערקענען, אַז אויסער ווירטשאַפטלעכע אַנשטאַלטן פאַרמאָגן מיר גאָרנישט, דעמאָלט זענען מיר, הייסט עס, נישט קיין נאַציע, נאָר צופעליק צונויפגעקומענע מענטשן. — איך וויל ציִען אייער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פּונקט, וואָס הייסט אין די טעזיסן „קולטור־גייסטיקע אַנשטאַלטן". איך שטעל מיר פאָר קולטור־אַנשטאַלטן אין ברייטסטן זינען פון וואָרט. מיר האָבן יידישע שולן לויטן נאָמען וועלכע זענען אין דער אמתן רוסישע. מען קען זיך אָבער פאָרשטעלן... קולטור־גייסטיקע אינסטיטוציעס, ווי יידישע ביבליאָטעקן, יידישע מוזייען, יידיש טעאַטער. אָט די אַלע אינסטיטוציעס דאַרפן געניסן פון דער קהילהס שטיצע. הקיצור, מע קען פאַרשיידן פאַרשטייך די אויפגאַבן פון די יידישע קולטור־גייסטיקע אינסטיטוציעס. דאָ האָט מען אַ סך אַלגעמיינע רייד געהאַלטן וועגן נאַציע — אָבער וועגן דעם, וואָס דאַרף די יידישע קהילה טאָן אין געביט פון שול און בילדונג, וועגן דעם האָט מען נישט גערעדט. אָדער, צום ביישפּיל, די פראַגע וועגן עמיגראַציע — צי דאַרף די זאָרג וועגן עמיגראַציע אויך זיין אַ פונקציע פון דער יידישער קהילה? וועגן דעם האָט מען דאָ אויך קיין וואָרט נישט געזאָגט. עס באַקומט זיך, אַז די יידישע קהילה איז אַ וואָרט, וואָס האָט קיין שום באַטייט נישט..."

די צווייטע אַרויסטרעטונג פון א. ליטוואַק איז געווען געווידמעט דער פראַגע האַנטווערק־שולן. ליטוואַק מיינט, אַז די עקסיסטירנדיקע האַנטווערק־שולן אַנטשפּרעכן נישט זייער באַשטימונג אויף דער יידישער גאַס. „אַ סך שילער גייען אַוועק פאַרן טערמין פון ענדיקן אָדער אַפילו אין גיכן נאָכן אָנ־קומען — דערפאַר ווייל די עלטערן זענען אַליין אָן פּרנסה און זענען זיי נישט בכוח אויסצוהאַלטן... מען דאַרף צוטראַכטן מיטלען אויף צו פאַרברייטערן די מעגלעכקייט אַנצוקומען אין די האַנטווערק־שולן. מען דאַרף מאַכן צוטריט־לעך דאָס אָנקומען אַהין פאַר יעדן חדר־יינגל, אַפילו ווען ער קען נישט קיין רוסיש. וואָס שייך אַלגעמיינער בילדונג, אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, קען מען עס געבן אין שול אויף דער געזעצטער יידישער שפּראַך — די שולן וועלן זיך דעמאָלט עפענען פאַר אַלע יידישע קינדער, ווייל אַלע כמעט קענען זיי די יידישע שפּראַך און גראַמאַטע".

די צוויי רעדעס ליטוואַקס אין קאָוונע ווייזן אונדז גענוי זיין גאַנצן אידעען־גאַנג אין יענער צייט. זיין בונדיזם האָט אַרומגענומען דאָס יידישע לעבן אין אַלע זיינע פּראָבלעמען. יידישע שפּראַך און קולטור איז געווען ביי אים אין צענטער. קהילה איז געווען פאַר אים אַן אַקטועלע פראַגע, ער איז גרייט גע־ווען אויסצוברייטערן די קאָמפּעטענץ פון דער קהילה. ער איז אויך געווען ביי דער מיינונג, אַז „נייטראַליזם" איז נישט צוגעפּאַסט צו דער שטעלונג פון „בונד".

בנוגע דער פראַגע, ווי דאַרף זיין די באַציִונג פון „בונד" צו אַסימילאַציע, אין דער פראַזע „נאַציאָנאַליזם אָדער נייטראַליזם", צי דאַרף דער „בונד" האָבן אַ פּראָגנאָז מכוח די וועגן, אויף וועלכע די געשיכטע וועט פירן דאָס יידישע פאָלק, האָט א. ליטוואַק געפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט וול. מעדעמען און אַנדערע.

אין „פריינד" 1910 האָט א. ליטוואַק געדרוקט אַ גרעסערע אַרבעט אונ־טערן נאָמען „פּובליציסטישע בריוו". איינער פון די „בריוו" טראָגט דעם נאָ־מען „וועגן נייטראַליזם", און מיר ברענגען פון אים אַ גרעסערן אויסצוג:

„פרעגט זיך, וואָס איז אַזוינס דער נייטראַליזם, פון וועלכן פריינד און פיינט האָבן אַזוי פיל גערעדט.

אין קורצע ווערטער הייסט עס אַזוי: אונדז איז אַלץ איינס, וואָס מיט דער יידישער נאַציע וועט ווערן אין דעם משך פון די נאָענטע דורות, צי וועט זי אויפלעבן און אויפבליִען, אָדער זי וועט זיך אַסימילירן און פאַרשלונגען ווערן. אונדז קימערט נישט דער גורל פון דער יידישער שפּראַך, צי וועט זי זיך אַנטוויקלען אָדער זי וועט פאַרגעסן ווערן. מיר זענען אין דער דאָזיקער פראַגע אין גאַנצן נייטראַל, ווייל מיר קענען נישט געבן קיין באַשטימטן פּראָג־

נאָז, מיר קענען נישט פעסטשטעלן דעם וועג, איבער וועלכן די געשיכטע פירט דאָס ייִדישע פאָלק, צי איז דאָס דער וועג פון אויפלעבונג אָדער דער וועג פון אַסימילאַציע. און אויף דער דאָזיקער נייטראַליטעט זאָל זיין געבויט אונ־דזער נאַציאָנאַלער פראָגראַם. אונדזער פראָגראַם איז גלייך צוגעפּאַסט ווי צום וועג פון אויפלעבונג, אַזוי צום וועג פון אַסימילאַציע. ווייל מיר שטרעבן נישט צו שאַפן וואָס עס איז פּאָזיטיוועס, שטרעבן נישט וואָס עס איז אויפן נאַציאָ־נאַלן באָדן צו בויען. מיר ווילן נאָר באַשאַפן אַזעלכע פּאָליטישע פאָרמען, וועלכע זאָלן לאָזן די טענדענצן פון דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס ווירקן פריי אומגעשטערט. וואָס פאַר אַן אורטייל די געשיכטע האָט דער ייִדישער נאַציע נישט אָנגעשריבן — לעבן אָדער טויט — אונדזער פּראָגראַם וועט באַזאָרגן דער אורטייל זאָל אויסגעפירט ווערן פריי, אומגעשטערט.

טראַכטן מיר זיך אַריין אין דעם דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג.

— וואָס הייסט, אונדז איז אַלץ איינס, צי וועט די ייִדישע נאַציע אויפ־בליען אָדער אונטערגיין? וואָס הייסט אונדז קימערט נישט דער גורל פון דער ייִדישער שפּראַך, דער גורל פון דער ייִדישער קולטור? איך פאַרשטיי, אַז אַ פּאָליטישע ריכטונג קען נישט און דאַרף נישט זיך אינטערעסירן מיט דער פראַגע, צי וועט די מענטשהייט אינגאַנצן ווערן גייסטלעך רייכער אָדער אָרעמער דורך דעם, וואָס די ייִדישע נאַציע וועט אונטערגיין, געוויס איז נישט די זאַך פון אַ פּאָליטישער ריכטונג צו באַדויערן דעם פאַקט, וואָס ייִדן וועלן איינגעשלונגען ווערן נישט נאָר פון דייטשן, אַמעריקאַנער און רוסן, נאָר אפילו פון אַזאַ נידעריקן קולטורעלן טיפּ, ווי די אַרגענטינער.

גוט. אָבער די ייִדישע קולטור — דאָס באַדייט דאָך די קולטורעלע אינ־טערעסן פון די ברייטסטע ייִדישע מאַסן. און צו די דאָזיקע אינטערעסן קען דאָך אַ פּאָליטישע ריכטונג, וואָס וויל פאַרטרעטן די אינטערעסן פון די דאָזיקע מאַסן, בשום אופן גלייכגילטיק נישט זיין. וועט די ייִדישע קולטור אויפבליען, וועט עס הייסן, אַז די ייִדישע מאַסע פּראָגרעסירט, איר קולטורעלער צושטאַנד וואַקסט, הויבט זיך; וועט די ייִדישע קולטור אונטערגיין, הייסט עס דאָך, אַז די ייִדישע מאַסע וועט אויף אַ לאַנגער צייט אָפּשטיין אין איר קולטורעלער אַנטוויקלונג. וואָס בעסערס, וואָס העכערס — וועט אַוועקגיין צו פרעמדן ליכט, און זי (די ייִדישע מאַסע — ח. ש. ק.) וועט בלייבן אין דער פינצטער. און אָפּשטיין אין קולטורעלער אַנטוויקלונג — הייסט דאָך אויך זיין ווייניקער פעיִק צו קעמפן פאַר אירע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רעכט, הייסט בלייבן שטיין אויף אַ נידעריקער מדרגה פון לעבן. קען אַ פּאָליטישע ריכטונג, וועל־כע שטיצט זיך אויף די ברייטע ייִדישע מאַסן, בלייבן צו דעם אַלע גלייכגיל־טיק?

וואָס־זשע דען מיינט עס מיט דעם נייטראַליזם? אפשר, אַז מיר וועלן נישט גיין קעגן דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס; און אויב די געשיכטע פירט דערצו, אַז יידן זאָלן אונטערגיין און יידיש זאָל פאַרגעסן ווערן, וועלן מיר נישט אַרבעטן דאַקעגן? דאָס איז פאַרשטייט זיך, אמת. די אָנהענגער פון דער פּאָליטישער ריכטונג, וועלכער מיר רעדן, זענען קיינמאָל נישט געווען קיין דאָן־קישאָטן, צו קעמפן קעגן אַ ווינטמיל. זיי האָבן קיינמאָל נישט געדופעט אויפן ווילן פון פערזאָנען. זיי האָבן אַלע מאָל געוווסט, אַז נישט דער ווילן באַשטימט די אַנטוויקלונג, נאָר פאַרקערט, די אַנטוויקלונג באַשטימט דעם ווילן. זיי האָבן אַלע מאָל געהאַלטן, אַז די פּראָגראַם קען מען בויען נאָר מיט דעם שטראָם פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און נישט קעגן אים.

גוט. אין דעם פּרט האָט דער נייטראַליזם אַ געוויסן זין. אויב מיר זאָלן זיך איבערצייגן, אַז יידן גייען אונטער, אַז די געשיכטלעכע נויטווענדיקייט האָט זיי אָנגעשריבן צום טויט, וועלן מיר זיך נישט באַמיען צו דערלענגערן זייער לעבן דורך לופט־קישעלעך און קינסטלעכער איינעטעמונג, וועלן מיר נישט שטרעבן מחיה מתים צו זיין מיט זויער־שטאָף אין אַפּטייק געקויפט. אמת, אַ מענטש וועלכער איז צוגעבונדן צו זיין נאַציע, וועלכער דענקט און רעדט אויף זיין שפּראַך, קען זיך אַזוי שווער פאַרשטעלן דעם טויט פון זיין נאַציע, דעם אונטערגאַנג פון זיין שפּראַך, פונקט ווי אַ געזונטער מענטש קען זיך פאַרשטעלן זיין אייגענעם טויט. אָבער ווען אַ נאַציע האַלט ביים אונטערגיין, ווערט דאָך ביי איר די לעבנס־קראַפט, די צוגעבונדנקייט צום לעבן פיל שוואַכער, און אַן אַלטער געבערעכלעכער זקן קען זיך דאָך זיין טויט לייכטער פאַרשטעלן.

מוז מען דאָך אָבער פריער באַשטימען ביי זיך, ווי גייט דער וועג פון דער געשיכטע, צו וואָס פירט ער יידן, צו וואָס פירט ער די יידישע קולטור, וועלכע טענדענצן זענען שטאַרקער. פון אַסימילאַציע אָדער פון אויפלעבונג. מען זאָגט, אַז גראָד דאָס איז אוממעגלעך, קיין באַשטימטן פּראַגנאָז קען מען דערוויל נישט געבן. זעסטו, די טענה פאַרשטיי איך נישט. יידן האָבן ביז אַהער געלעבט און זיך אַנטוויקלט, זיי לעבן איצט. קומט דערפון לאָגיש אַרויס, אַז זיי וועלן ווייטער זיך אַנטוויקלען, און איך האָב קיין שום גרונט נישט אין דעם צו צווייפלען. איר גלויבט נישט. איר צווייפלט. איר האָט מורא, יידן זאָלן זיך נישט אַסימילירן. דאַרפט איר דערווייזן אַז די טענדענצן פון אַסי־מילאַציע זענען שטאַרקער, אַז זיי פירן יידן צום אונטערגאַנג. דערוויל האָט עס קיינער נישט דערוויזן, דערוויל איז עס נאָר אַ שטימונג פון האַלב־ און גאַנץ־אַסימילירטע אינטעליגענטן, וועלכע זעען, אַז די יידישקייט גייט אונטער ביי זיי און דרינגען, אַז זי גייט אונטער בכלל. יידישע עקזיסטענץ איז אַ פאַקט.

און דערוויַיזן דאַרפֿן די, וואָס זאָגן, אַז ייִדן אַסימילירן זיך, נישט די וואָס זאָגן, אַז ייִדן וועלן אויך ווייטער בלייַבן עקזיסטירן.

די פּראָגראַם איז צוגעפּאַסט, ווי צום וועג פֿון אַסימילאַציע, אַזוי צום וועג פֿון אויפֿבליִונג... דאָס איז אָבער אוממעגלעך. לאָמיר זיך נישט נאַרן. אַ פּראָגראַם, וואָס איז אויסגערעכנט אי אויף אַסימילאַציע, אי אויף נאַציאָנאַלע אויפֿלעבונג, איז קיין פּראָגראַם גאָר נישט, איז אַ פּראָגראַם פֿון נישט טאָן, פֿון זיצן מיט צונויפֿגעלייגטע הענט. אַ פּראָגראַם איז נישט קיין ווינטמיל, וועלכע מען קען איבערדרייען אין דער זייט, פֿון וועלכע דער ווינט בלאָזט. אויף ענטוועדער־אָדער קען זי דאָך נישט בויען. מיר וועלן האָבן איין פּראָגראַם ווען מיר וועלן אָננעמען, אַז ייִדן זענען אַ נאַציע, אַ קולטורעלער טיפּ, וועלכער קען זיך אַנטוויקלען, און אַן אַנדער פּראָגראַם ווען מיר וועלן זייַן איבערצייַגט, אַז ייִדן זענען נאָר אַ שבט, וועלכער האַלט זיך, כל־זמן ער לעבט אָפּגעזונדערט, און עס איז געווּנג, די אַלגעמיינע קולטור זאָל אויף אים אַ בלאָז טאָן, און פֿון אים זאָל קיין זכר נישט בלייַבן. מען אַרבעט אַנדערש, ווען מען ווייסט, אַז מען לייגט שטיינער אויף אַ צוקונפֿטיקע פֿעסטונג און אַנדערש ווען מען קלערט, אַז איך בוי בלויז אַ סוכּה, וועלכע וועט מאָרגן אָראָפּגעטראָגן ווערן, נאָר איך טו עס, ווייל איך מוז זיך רעכענען מיט אַלטע איבערלעבונגען, מוז אויסנוצן די לעצטע מינוטן פֿון גוסס.

און ווי קען מען בכלל אַרבעטן, נישט וויסנדיק, וואָס פֿון מייַן אַרבעט וועט אַרויסקומען? אַ פֿילאַנטראָפּ, וועלכער אינטערעסירט זיך נישט מיט די וואָרצלען פֿון די ליידן, וואָס ער וויל היילן, נאָר מיט די שמערצן, וואָס זיי פֿאַרשאַפֿן אין דער איצטיקער מינוט, קען אַרבעטן, נישט רעכענענדיק זיך מיטן מאָרגן, אַ ראַדיקאַלער פּאָליטישער טוער מוז זיך רעכענען מיטן מאָרגן. נאָך מער, ער אַרבעט דאָך כּמעט דורכאויס פֿאַרן מאָרגן־מענטש. און זייַן הייַנטיקע אַרבעט האָט דאָך אַ זין נאָר אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל זי העלפֿט באַשאַפֿן דעם מאָרגן. מוז ער דאָך וויסן פֿאָראויס וואָס פֿאַר אַ מאָרגן דער הייַנט באַשאַפֿט.

מיר שאַפֿן נישט קיין פּאָזיטיוועס... ווי טיילט מען אָבער אָפּ דאָס פּאָזיטיווע פֿונעם נעגאַטיוון, דעם „נישט" פֿון דעם „יאָ". (דאָ זענען 2 שורות פֿאַרדרייט פֿון דעם בחור הזעצער — ה. ש. ק.). מיט יעדן טריט וואָס מיר שטעלן, העלפֿן מיר איינער פֿון די טענדענצן, און דערמיט גופא שטערן מיר דער צווייטער. מיט יעדן טריט זאָגן מיר אויך יאָ. און וואָס איז די ליטעראַטור, וואָס מיר העלפֿן באַשאַפֿן, די שפּראַך, וואָס מיר העלפֿן אויסבילדן, די קולטור וואָס מיר טראָגן די מאַסן אויף ייִדיש, אין ייִדישע פֿאָרמען. הייסט עס אַלץ נישט־שטערן אָדער בויען? צו וואָס מורא האָבן פֿאַר ווערטער?".

**
*

די פּראָבלעם אַסימילאַציע און קיום האומה האָט זיך געקרייצט מיט דער אידעאָלאָגיע פון ציוניזם. ח׳ ליטוואַק האָט פון זיינע ערשטע טריט ביזן לעצטן אָטעם פון זיין לעבן — געהאַט אַ פּרינציפּיעל־נעגאַטיווע איינשטעלונג לגבי דעם ציוניזם. „ציוניזם — האָט ער געשריבן — באַדייט פאַרגעסן אין קלאַסן־קאַמף, פאַרבייטן דעם סאָציאַליזם אויף נאַציאָנאַליזם, זיך פאַרבינדן מיט קלאַסן און גרופּן וועלכע זענען פיינדלעך צום יידישן אַרבעטער־קלאַס... יעדער טריט צום ציוניזם איז פּאַקטיש אַ טריט פון סאָציאַליזם״. א. ליטוואַק איז פריער פאַר אַלץ געווען אַ סאָציאַליסט. יידישיזם, קיום האומה׳יזם, אַנטי־אַסימילאַציע — דאָס איז פאַר ח׳ ליטוואַק געווען „נאָר אַ טייל פון אונדזער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג״.

„מיר זענען נישט קיין אַסימילאַטאָרן — האָט געשריבן ח׳ ליטוואַק אין לעצטן יאָר פון זיין לעבן. — דאָס הייסט דאָך אָבער, אַז מיר ווילן נישט אַז יידן זאָלן אונטערגיין אַלס פאָלק און ווערן בלויז אַ רעליגיעזע גרופּע. מיר ווילן נישט אַז די יידישע שפּראַך זאָל אונטערגיין, די יידישע קולטור זאָל אונטער־גיין. מיר זענען סאָציאַליסטן און מיר וועלן צוליב קיום האומה נישט טאָן קיין זאַך אַזוינס, וואָס זאָל גיין קעגן סאָציאַליזם, וואָס זאָל שטערן דעם סאָציאַ־ליזם אין זיין וועג. אונדזערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען מוזן האַרמאָניזירן מיט אונדזערע סאָציאַליסטישע שטרעבונגען. אָבער פון צוויי סאָציאַליסטישע וועגן, ביי גלייכע אָביעקטיווע מעגלעכקייטן, וועלן מיר אויסקלייבן יענעם וועג, וואָס פירט צו דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אונדזער פאָלק, שפּראַך און קולטור, נישט צו זייער אונטערגאַנג״.

אויך אין דער פראַגע וועגן דער קאָמפּעטענץ פון דער קהילה איז א. ליטוואַק געגאַנגען אַ סך ווייטער ווי מעדעם און וול. קאָסאָווסקי. אויך די לעצטע זענען געווען גרייט אויף הנחות אין דער פראַגע, אָבער זיי האָבן גע־האַלטן, אַז די אויסברייטערונג פון דער קהילה־קאָמפּעטענץ קען נאָר טראָגן אַ צייטווייליקן כאַראַקטער. ווען עס וועט איינגעשטעלט ווערן אין אַ לאַנד אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג, וועט מען מוזן אָט די קאָמפּעטענץ צוריק פאַרשמע־לערן. אַנדערש איז געווען די שטעלונג פון א. ליטוואַק, ער האַלט דעם שטאַנד־פּונקט פון מעדעם און קאָסאָווסקי פאַר אַ פאַלשן. ער האַלט, אַז די קהילה האָט אָרגאַניש אַ ריי נאַציאָנאַלע אויפגאַבעס, וועלכע לאָזן זיך ביי איר נישט אָפּנעמען אפילו אין אַן אמת דעמאָקראַטישן רעזשים. און ער פאָרמולירט די קאָמפּעטענץ פון דער קהילה אַזוי:

„אויסגעטיילט מוזן ווערן (פאַר דער קהילה — ח. ש. ק.) די קולטורעלע אינטערעסן, און די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער קהילה זענען קולטורעלע: פאָלקס־בילדונג, ביבליאָטעקן, מוזייען, פאָלקס־אוניווערזיטעטן אד״גל. די פּראָ־

פעסיאָנעלע בילדונג מוז אויסגעטיילט ווערן... ווייטער, הילף. אונטער דעם וואָרט פאַרשטיי איך: שפּיטאָלן, באַגאַדיעלניעס אד״גל. איך האַלט זיי פאַר נויטיק אויסצוטיילן אָט צוליב וואָס: קיין מאָל נויטיקט זיך אַ מענטש נישט אַזוי אין אַן אייגענער סביבה, ווי בעת ער איז קראַנק און עלנט... די קהילה מוז אויך גרינדן דעמאָקראַטיש־אָרגאַניזירטע איינריכטונגען צו אינפאָרמירן און ווי ווייט מעגלעך איז נויטיק צו העלפן דעם ייִדישן עמיגראַנט... און נאָך איין אויפגאַבע האָט אויף זיך די קהילה — יורידישע הילף. זי מוז העלפן אירע מיטגלידער, יורידיש באַשיצן זייער רעכט. דערצו מוז זי גרינדן יורי־דישע קאָנסולטאַציעס אד״גל...

„און פריִער פאַר אַלץ מוז מען וועקן דעם אינטערעס פון די מאַסן צו די פראַגן פון דער קהילה. דער מאַסן־ייִד מוז וויסן, אַז מיט דער ייִדישער קהילה זענען פאַרבונדן זייער וויכטיקע אינטערעסן זיינע, לעבעדיקע טאָג־אינטערעסן און נאָך נישט־געבוירענע צוקונפט־אינטערעסן... און ווו אינטע־רעסן זענען, מוז מען אַליין זיין, מוז מען אַ וואָרט האָבן, מוז מען מאַכט האָבן״.

פאַר א. ליטוואַקן איז די קהילה געווען נישט קיין ענין פון סתם טאָג־טעגלעכער פּראַקטישקייט, נאָר אַן ערנסטער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם.

***

אינגיכן נאָך דער קאָוונער באַראַטונג איז פאָרגעקומען אַ רבנים־צוזאַמענ־פאָר. ער האָט זיך באַשעפטיקט אומגעפער מיט די זעלבע ענינים, וואָס די באַראַטונג. די רבנים האָבן פאַרענדיקט זייער צוזאַמענפאָר מיטן שיקן אַ דע־לעגאַציע צו סטאָליפּינין, דעם דעמאָלטדיקן הערשער פון רוסלאַנד. א. ליטוואַק האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר רעאַגירט מיט אַ גרויסן אַרטיקל אין בונדישן זאַמלבוך „צייטפראַגן״ (ב׳ 2, מערץ 1910). אונטערפירנדיק אַ סך־הכל פונעם צוזאַמענפאָר, האָט א. ליטוואַק געשריבן: „דער רבנים־צוזאַמענפאָר האָט אונדז מזכה געווען מיט אַ קהילה, וועלכע דאַרף זיין דורכויס רעליגיעז, מיט רעלי־גיעזע אָנפאַנג־בילדונג, אָן אַלגעמיינע וואַל־רעכט און גיכער ווי אַלץ מיט קאָראָבקע. אָט דעם רעזולטאַט האָט געבראַכט די צוזאַמענאַרבעט פון אונדזערע קלעריקאַלן מיט די גרופּיסטן („סליאָזבערג און זיין קאָמפּאַניע״ — דריקט ער זיך אויס אין אַ צווייט אָרט— ח. ש. ק.). און זאָל עטוואָס ענלעכעס באַשטעט־טיקט ווערן אַלס געזעץ, וועלן די ייִדישע מאַסן האָבן אינעם רעזולטאַט פונעם רבנים־צוזאַמענפאָר אַ שווערן שטיין אויף זייער וועג צו אַ דעמאָקראַטישער קהילה, וועלכע קען אין דער אמתן באַפרידיקן זייערע קולטורעלע באַדערפע־נישן, און געבוג מי וועט קאָסטן דעם שטיין אָפּצוראַמען...״

אָרום איז די רעאַקציע געווען גרויס. עס האָט געהערשט אין די ייִדישע

רייען אַ געזעלשאַפטלעכע גלייכגילטיקייט. א. ליטוואַק האָט באַקעמפט אָט דעם געפערלעכן צושטאַנד. ער האָט שאַרף געקעמפט קעגן די אַלע אומגעזונטע דערשיינונגען. און די ייִדישע געזעלשאַפט האָט זיך אַלץ מער צוגעוווינט צו־צוהערן זיך צו א. ליטוואַקס וואָרט און זיך רעכענען מיט זיין מיינונג, וועלכע איז שטענדיק געווען די מיינונג פון „בונד". מען האָט אים כסדר געטראָפן אין די שטעט פון ייִדישע תחום: אין האָמליע, וויטעבסק, מינסק, וואַרשע און ווילנע אויף לעגאַלע און אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, אָפט אין פּריוואַטע היי־זער פון חשובע גבירים — אומעטום האָט ער פאַרטיידיקט די נייע ייִדישע קולטור און דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן קאַמף, אַזוי ווי דאָס האָט פאַרשטאַנען די אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטערשאַפט.

אין 1911 הייבט זיך אָן אַן עקאָנאָמישע אויפלעבונג אין די ייִדישע שטעט, און צוזאַמען מיט דעם הייבט זיך אויך אָן אַ בהדרגהדיקע אויפלעבונג אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. פון 1912 קומט אַ נייע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע אין גאַנצן לאַנד. עס בויען זיך אויף צוריק די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע, וואַרשע, ביאַליסטאָק, האָמליע, לאָדז און אַנדערע שטעט. אין 1911 קומט פאָר אין זשענעווע אַ באַראַטונג פון צענטראַל־קאָמיטעט מיטן אויסלענ־דישן קאָמיטעט פון „בונד", און דאָרט ווערט באַשלאָסן צו באַנייען דעם פּרווו אַרויסצוגעבן אין רוסלאַנד אַ לעגאַלע צייטונג. די צייטונג האָט געזאָלט אַרויס־גיין אין וואַרשע, אָבער די רעדאַקציע האָט געדאַרפט זיצן אין ווין. אין רעדאַקציע זענען אַריין: מעדעם, גראָסער, אַבראַמאָוויטש, ליטוואַק — שפּעטער אויך אָלגין און אסתר. דעם 8טן מיי 1912 איז אין וואַרשע אַרויס דער ערשטער נומער „לעבנספראַגן". די פּאָליציי האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז עס איז אַ בונדישע אויסגאַבע, און נאָכן צווייטן נומער איז די צייטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן און די אַדמיניסטראַציע איז אַרעסטירט געוואָרן. דעמאָלט איז די צייטונג אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין פּעטערבורג, ווו די צענזור־באַדינגונגען זענען געווען אַ סך לייכטער; די צייטונג האָט שוין איצט געהייסן „די צייט". די רעדאַקציע איז ווייטער געווען אין ווין, און א. ליטוואַק איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן און שרייבערס. דעם 20סטן דעצעמבער 1912 איז אַרויס דער ערשטער נומער. דאָס מאָל האָט די צייטונג געהאַט מער מזל, און עס זענען פון איר אַרויס זעכציק נומערן; אין 1914 האָט זיך שוין דאָס בונדישע וואָכנבלאַט פאַרשפּרייט אין 12־14 טויזנט עקזעמפּלאַרן (דאָס איז געווען אַ סך מער ווי די „פאָלקסצייטונג" אין 1907). זומער 1914 האָט „די צייט" אָנ־געהויבן אַרויסצוגיין שוין צוויי מאָל אַ וואָך און עס איז געווען געפּלאַנט אַריבערצוגיין אויף אַ טעגלעכער צייטונג. די מלחמה פון 1914 האָט צעשטערט די פּלענער.

אַזוי אַרום איז א. ליטוואַק מגולגל געוואָרן קיין ווין, און ער האָט דאָ שוין פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר. דאָ, אין „אייראָפּע“, איז געווען אַן אַנדער אַרט לעבן, ווי אין ווילנע, מען האָט געמוזט לייגן מער אַכט אויף דער אייגענער אויסער־לעכקייט. דאָ האָט אויף אים אַכטונג געגעבן זיין יונגע פריינדין, די שפּעטער־דיקע יידישע אַרטיסטקע סאָניע גורסקי. דאָ זענען געווען נייע באַקאַנטע און אַנגעזעענע טוער פון דער רוסישער (טראָצקי, ריאַזאַנאָוו אאַ״וו) און עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָ איז געווען פרייע פרעסע.

דאָס פּאָליטיש־פּאַרטייִישע לעבן איז אין ווין געווען אינטערעסאַנט און אינטענסיוו. נישט נאָר איז געווען אַ בונדישע רעדאַקציע מיט קאָלעקטיווע באַשפּרעכונגען פונעם אַנגעשריבענעם מאַטעריאַל פאַר דער פּעטערבורגער צייטונג, עס איז אויך געווען אַ בונדישער קלוב, און אַ חוץ דעם אַ געמיינ־זאַמער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קלוב, און דאָ האָט מען באַהאַנ־דלט און דיסקוטירט אַלע פּראָבלעמען פון רוסישן פּאָליטישן לעבן, פון דער פּאַרטיי און אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, ווי אויך אינטערנאַציאָנאַלע פּראָב־בלעמען, וועלכע האָבן דעמאָלט פאַרנומען אַלע פּאָליטישע מוחות — פּראָ־בלעמען, וועלכע זענען באַלד ביים אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג געוואָרן וועלט־פּראָבלעמען. אין קאָפּע „צענטראַל“ פלעגן זיך אויך צוזאַמענקומען די ווינער סאָציאַליסטן צוזאַמען מיט די יידישע עמיגראַנטן, און דאָ האָבן זיך געשאַפן אינטימע פאַרבינדונגען אויף יאָרן לאַנג. דאָ, אינעם קעסל פון אינ־טערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט זיך שטאַרק אויסגעברייטערט דער האָריזאָנט פון די רוסישע און יידישע עמיגראַנטן, און דאָ איז אויך גייסטיק געוואָקסן א. ליטוואַק.

מאַטעריעל האָט זיך א. ליטוואַקן דאָ געלעבט זייער שווער. אַ ביסל הייס וואַסער, פאַרקאָכט אַ „בוליאָן“, אַ שטיקל ברויט — מיט דעם האָט מען געלעבט. אַ וווּרשטל מיט קרויט אָדער אַ פּאַרטיקער סאַנדוויטש און קאַווע — דאָס איז שוין געווען אַ יום־טובדיקער מאָלצייט. און דאָך געווען צופרידן, נישט פאַרלוירן דעם הומאָר. און איז געקומען עמעצער פון דער היים, אַ געוועזע־נער בונדיסט צי אַוודאי אַ איצטיקער בונדיסט, געקומען היילן זיך פון אַ שווע־רער קראַנקהייט צו ווינער פּראָפעסאָרן — האָט א. ליטוואַק זיך געפּאָרעט אַרום דעם נויטבאַדערפטיקן חבר צי סימפּאַטיקער, אָפּגעגעבן אַ סך צייט און ענערגיע אויף אויסצוגעפינען די בעסטע וועגן ווי צו העלפן. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן די אמתע גוטע נאַטור פון א. ליטוואַקן, זיין חברישקייט און מענטשלעכקייט — שטריכן, וועלכער יעדער וועמען עס איז אויסגעקומען צו זיין נענטער מיט א. ליטוואַקן, האָט דאָס ביי אים אַרויסגעפילט און באַאָבאַכטעט.

**
*

אין האַרבסט 1910 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די אַכטע קאָנפערענץ (אין לעמבערג) פון „בונד". א. ליטוואַק האָט זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקט זייער אַקטיוו. דאָס איז געווען די ערשטע קאָנפערענץ פון „בונד", ווו אַלע פאַרהאַנדלונגען זענען געפירט געוואָרן נאָר אויף יידיש. די קאָנפערענץ איז געווען דער אָנזאָג אין „בונד", אַז עס קומט אַן אויפלעבונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. הייסע וויכוחים האָבן זיך דאָ געפירט אַרום דער פראַגע וועגן די לעגאַלע מעגלעכקייטן און וועגן דער אונטערערדישער אַרבעט. אַ גרויס אָרט האָט אויך פאַרנומען אין דעם סדר־היום און אין די דעבאַטן די פראַגע וועגן קהילות: זייער אָרט אין יידישן לעבן, די גרענעצן פון זייער קאָמפּעטענץ, מיטאַרבעט פון „בונד" אין די קהילות און אירע קאָמיסיעס אאַז"וו. מיר האָבן שוין אויבן דערציילט וועגן דער שטעלונג פון א. ליטוואַקן אין די דאָזיקע פראַגן, און אָט די שטעלונג זיינע האָט ער פאַרטיידיקט אויף דער קאָנפערענץ.

זומער (אויגוסט) 1912 איז אין ווין פאָרגעקומען די ניינטע קאָנפערענץ פון „בונד". די סימנים פון דער פּאָליטישער אויפלעבונג אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט זענען שוין דעמאָלט געווען שטאַרק אָנזעעוודיק: אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שחיטה, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן איבער די גאָלד־גרובן־אַרבעטער אין סיביר ביים טייך לענאַ, האָבן יידישע אַרבעטער גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין די פּראָטעסט־שטרייקן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן אין גאַנצן לאַנד; אין וואַרשע, מינסק, ווילנע, באָברויסק א"אַ שטעט האָבן געשטרייקט טויזנטער יידישע אַרבעטער. די ניינטע קאָנפערענץ האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער פראַגע וועגן די קומענדיקע וואַלן צו דער 4טער דומע. הייס בלוט האָט אַרויסגערופן די פראַגע, ווי אַזוי זאָל דער „בונד" רעאַגירן אויף די אַקציעס פון די פּוילישע אַרבעטער אין וואַרשע און אַנדערע שטעט אויף אַרויסצושטויסן די יידישע אַרבעטער פון די מעכאַנישע פּראָדוקציע־צווייגן (שיך א"אַ). די קאָנפערענץ האָט זיך אויך באַשעפטיקט מיט אויפשטעלן צוריק די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" אויף די ערטער און דעם צענטראַלן אַפּאַראַט פון דער פּאַרטיי. א. ליטוואַק איז אויף דער אַכטער און אויף דער ניינטער קאָנפערענץ אויסגעקליבן געוואָרן אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" און ער האָט זיך איצט נאָך מער אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע וויכטיקסטע אונטערנעמונגען און פּלענער פון דער פּאַרטיי און מיט אים האָט מען זיך שטאַרק גערעכנט.

אין אויגוסט 1912 איז אין ווין פאָרגעקומען אַ צוזאַמענקום פון די מענשעוויקעס, טראָצקיסטן און „בונד". דער צוועק פון דעם צוזאַמענקום איז געווען: צו מאַכן אַ סוף צו די שטענדיקע מחלוקת צווישן די פאַרשידענע פראַקציעס אין דער פּאַרטיי און דערגרייכן אַן אויסגלייך מיט די באָלשעוויקעס,

וועלכע האָבן געפירט אַ שאַרפן פּראַקציאָנעלן קאַמף אין דער פּאַרטיי. ליטוואַק האָט אויך אין דער קאָנפערענץ אין ווין זיך באַטייליקט אַקטיוו. ער איז אַפילו געווען דער באַריכט־אָפּגעבער פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעצעמבער דעם זעלבן (אָדער 1913) יאָר אינעם צוזאַמענפאָר פון די אויסלענדישע גרופּעס פון „בונד". מען האָט אויך גענומען פּלאַנעווען צו רופן אין ווין דעם אַכטן צוזאַמענפאָר פון „בונד", וועלכער האָט געזאָלט פאָרקומען אין אָנהייב אויגוסט 1914. אָבער די מלחמה, וועלכע איז אין גיכן אויסגעבראָכן, האָט צעשטערט אַלע פּלענער.

א. ליטוואַק אַליין האָט געהאַט געגוג אינטערעסאַנטעס צו דערציילן וועגן די אַלע אויבנבאַשריבענע קאָנפערענצן און צוזאַמענקומען. און ווען ער האָט אין 1925 אַרויסגעלאָזט זיין בוך „וואָס געווען", האָט ער אים פאַרענדיקט מיט אָט די ווערטער: „וועגן אונדזער דעמאָלסטיקע חלוקי־דעות אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אויך וועגן קאַמף קעגן אַרויסשטויסן יידישע אַרבעטער פון די פאַכן, וואָס גייען איבער פון האַנט־אַרבעט צו מעכאַנישער קראַפט, רעכן איך צו שרייבן געזונט אין אַ באַזונדער קאַפּיטל פון מיינע זכרונות, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „דריי קאָנפערענצן", ס'הייסט: די אַכטע קאָנפערענץ פון „בונד" אין לעמבערג אין האַרבסט 1910, די ניינטע קאָנפערענץ פון „בונד" זומער 1912 אין ווין און די אויגוסט־קאָנפערענץ פון די מענשעוויקעס, טראָצקיסטן און „בונד" אינעם זעלביקן יאָר און אין דער זעלביקער שטאָט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לעצטער קאָנפערענץ וועט מיר אויסקומען צו באַשרייבן אונדזערע חילוקי־דעות אין אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגן, ווי „טיילווייזע לאָזונגען", „פּעטיציעס־קאַמפּאַניע" וכדומה, אויך וועגן דעם צושטאַנד אין דער רוסלענדער ס. ד. און וועגן די באַציִונגען פון „בונד" צו איינצלנע פראַקציעס אירע". צום גרויסן באַדויערן, האָט אויך דעם דאָזיקן ליטעראַרישן פּלאַן זיינעם א. ליטוואַק נישט אויסגעפירט.

אין די יאָרן 1912—1914 איז א. ליטוואַק געווען אַן אָפטער גאַסט אין די פאַרשידענע עמיגראַנטישע קאָלאָניעס אין זשענעווע, מינכען, פּאַריז א"אַ. אומעטום האָט ער געהאַלטן רעפעראַטן און ער האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען צווישן דער יידישער סטודענטנשאַפט. אין ווין איז אין 1913 געווען דער 11טער ציוניסטישער קאָנגרעס, און א. ליטוואַק האָט געשריבן אַ סעריע בריוו פונעם קאָנגרעס אין וואַרשעווער „פריינד". דאָ, אויפן קאָנגרעס, איז געקומען צו אַ שאַרפן פּערזענלעכן צוזאַמענשטויס צווישן ליטוואַקן און אַ צווייטן וואַרשעווער יידישן זשורנאַליסט. דער דאָזיקער אינצידענט האָט דעמאָלט געהאַט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער געזעלשאַפט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בייליס־פּראָצעס האָט דער „בונד" דורכגעפירט (1912) אַ אונטערשריפטן־קאַמפּאַניע און צוגעשטעלט דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פראַקציע אין דומע אַ פּראָטעסט מיט זעקס טויזנט אונטערשריפטן. אין סעפּטעמבער 1913 איז אין וואַרשע, פּעטערבורג און אַנדערע שטעט דורכגע־פירט געוואָרן אַ פּראָטעסט־שטרייק, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. אויך אין אויסלאַנד איז אָנגעגאַנגען אַ פּראָ־טעסט־באַוועגונג. אין אָקטאָבער 1913 האָט זיך פּראָיעקטירט אַ גרויסער מאַסן־מיטינג אין פּאַריז צו פּראָטעסטירן קעגן בייליס־פּראָצעס. אָרגאַניזירט דעם מיטינג האָבן דריי אָרגאַניזאַציעס: די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די ליגע צו פאַרטיידיקן מענטשן־רעכט און דער „בונד". אויפן אָרט אין פּאַריז האָט דער „בונד" נישט פּאַרמאָגט קיין געהעריקע רעדנערישע קראַפט אויף אַרויסצוטרעטן אויף דעם דאָזיקן מיטינג. איז דעמאָלט דעלעגירט געוואָרן צו דעם צוועק א. ליטוואַק. די מאַסן־פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַ־ריז דעם 17טן אָקטאָבער 1913 אין זאַל וואַגראַם ביי 5.000 באַטייליקטע. עס האָבן גערעדט אויף דער פּאַרזאַמלונג: רובאַנאָוויטש, פרעסאַנסע, זשאָרעס און ליטוואַק. אין בולטע בילדער האָט א. ליטוואַק געשילדערט די משוגעת־שטימונג, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום דעם בייליס־פּראָצעס. מ'האָט אים געהערט מיט גרעסטער שפּאַנונג און אינטערעס. עטלעכע מאָל האָט מען אים איבערגעריסן דאָס רעדן מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. אַ פּאָר וואָכן איז נאָך דעם א. ליטוואַק פאַרבליבן אין פּאַריז. דעם 20סטן דעצעמבער האָט ער אין זאַל דע־פּעט גע־האַלטן אַ רעפעראַט איבער די פּאָליטישע שטרעמונגען צווישן די רוסישע יידן; דעם 22סטן דעצעמבער האָט ער אין זעלבן זאַל געהאַלטן אַ רעפעראַט אד"ט: „דער ציוניזם און זיין לעצטער עטאַפּ". דער דערפאָלג איז געווען זייער גרויס.

אויף זיינע וואַנדערונגען אין אויסלאַנד האָט זיך א. ליטוואַק באַקענט און באַפריינדעט מיט אַ סך טוער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. צווישן די מאַנוסקריפּטן, פאַרבליבענע נאָך זיין טויט, זענען פאַראַן אייניקע באַשריי־בונגען פון זיינע באַגעגענישן מיט פּאַוועל אַקסעלראָד, בוכאַרינען, טראָצקין. אויף איין רעפעראַט פון לענינען אין ציריך האָט ער גענומען אַן אָנטייל. ער פלעגט פאַרברענגען מיט ראַדעקן. אָט די אַלע באַגעגענישן האָט ער באַשריבן און זיי זענען אָפּגעדרוקט אין בוך „געקליבענע שריפטן" וואָס דער „אַרבעטער רינג" אין ניו־יאָרק האָט אַרויסגעגעבן אונטער מיין רעדאַקציע אין 1945.

אויך מיט בונדיסטן האָט א. ליטוואַק פאַרקנופּט פריינטשאַפט אויף לאַנגע יאָרן. זיצנדיק אין דער ווילנער רעדאַקציע, האָט ער זיך נאָך מער באַפריינדעט מיט אסתרן, מעדעמען, אַבראַמאָוויטשן א"אַ. אין ווין האָט ער אויך אָפט פאַר־

בראַכט ביי איין טישל אין קאַפע מיט באַראַכאָוו, כאַזאַנאָוויטשן א״אַ. בוכאַרין, ריאַזאַנאָוו און ראַדעק האָבן געהאַט זייער אַ גוטע באַציִונג צו אים.

דעם 1טן אויגוסט 1914 איז אויסגעבראָכן דער קריג. פאַר די אַלע פּאָ־ליטישע עמיגראַנטן האָט זיך געשאַפן אַ טראַגישע לאַגע. פאַרבלייבן אין ווין האָט געהייסן ריזיקירן צו ווערן קריגס־געפאַנגענע. עס איז געווען די מורא באַשולדיקט צו ווערן אין שפּיאָנאַזש לטובת רוסלאַנד. חוץ דעם, איז די מאַ־טעריעלע לאַגע פון די אַלע טוער געוואָרן באמת טראַגיש. וואָס זאָל מען טאָן? האָט אַ טייל פון דער ווינער קאָלאָניע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ווין און מיט די לעצטע צוגן האָבן זיי זיך געלאָזן אין דער נייטראַלער שווייץ. אויך א. ליטוואַק איז געווען צווישן די, וואָס האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן קיין שווייץ. דאָס איז געווען אַ ביטערע צייט אין אַלע פּרטים. די סאָציאַל־פּאַטריאָטישע כוואַליע אין דייטשלאַנד האָט אַלעמען שווער געדריקט. קיין געלט־מיטלען איז נישט געווען. דעמאָלט האָט א. ליטוואַק אָנגענומען אַ באַשלוס צו פאַרלאָזן אייראָפּע און אַריבערקלייבן זיך קיין אַמעריקע — אין די פאַרייניקטע שטאַטן. דעם דאָ־זיקן באַשלוס האָט ער טאַקע אין גיכן פאַרווירקלעכט. ווען אַלע פאָרמאַליטעטן זענען געווען דערליידיקט, האָט ער זיך געלאָזט אינעם נייעם לאַנד. דאָס איז געווען אַן ערך יאַנואַר־פעברואַר 1915. אין מערץ־אַפּריל איז ער שוין געווען אין ניו־יאָרק.

***

אין 1912 האָט א. ליטוואַק דורכגעמאַכט אין דער שווייץ אַ שווערע אָר־טאָפּעדישע אָפּעראַציע. זיין קראַנקער רעכטער פוס האָט די לעצטע יאָרן אים גענומען ווי טאָן. חוץ דעם, האָט ער דאָ, אין אויסלאַנד, מאָראַליש שטאַרק גע־ליטן פון זיין מום. ער האָט געוווסט, אַז דורך אַ געהעריקער אָפּעראַציע לאָזט זיך אויסבעסערן זיין פוס, און ער האָט זיך באַשלאָסן דורכצומאַכן די אָפּעראַ־ציע, מיט וואָס פאַראַ יסורים און געלט־מיטלען דאָס זאָל נישט זיין פאַרבונדן. אין לאָזאַן איז געווען אַ באַרימטער פּראָפעסאָר פון אָרטאָפּעדיע, און צו אים האָט זיך א. ליטוואַק געווענדעט. חברים זענען מיט אים מיטגעפאָרן. דער פּראָ־פעסאָר האָט פאַרזיכערט, אַז ער קען אויסגלייכן דעם פוס. אויך די פאַרטיי־חברים האָבן אים צוגערעדט דערצו: אויס הונקענדיקער, אויס קאָנספּיראַציע־געפאַרן... עס איז געווען אַ שווערע אָפּעראַציע. איצט האָט זיך פונעם קראַנקן געפאָדערט, ער זאָל עטלעכע חדשים ליגן אין אַ באַשטימטער פּאָזיציע, דער פוס אין אַ קאַסטן, אַ שווער געוויכט — אָנגעטאָן אויפן פוס — איז געהאָנגען אויף אַ רימען און נישט געלאָזט מאַכן קיין מינדסטע באַוועגונג. אַ קורצע צייט איז דער קראַנקער ליטוואַק געווען געהאַרכזאַם, געפאָלגט אַלע פאָרשריפטן פון דאָקטאָר.

אין גיכן איז עס אים נמאס געוואָרן. ער האָט געמאָלדן, אַז ער קען מער אַזוי
[illegible]
מען זאָל אים דערלויבן זיך צו באַוועגן. אָבער דאָס האָט דאָך געהייסן מבטל מאַכן אַלע רעזולטאַטן פון דער אָפּעראַציע. דעמאָלט האָט דער קראַנקער ליטוואַק דערקלערט אַ הונגער־שטרייק: ער וועט בעסער שטאַרבן, אין דעם איצטיקן מצב קען ער נישט פאַרבלייבן. מען האָט אַרויסגערופן ליטוואַקס חברים. חבר פּ. קורסקי האָט אויף אים געפּרוווט ווירקן, איינרעדן, באַרויִקן. עס האָט גאָר־נישט געהאָלפן. אַ ליטוואַק איז געווען אין אַ צושטאַנד פון העכסטער דענער־ווירטקייט. די קראַנקן־שוועסטער, וועלכע איז געווען ביי אים טאָג און נאַכט, האָט גאָרנישט געקענט מאַכן. דער פּראָפעסאָר האָט אים געזידלט און געדראָעט: ער וועט בלייבן אַן אומגליקלעכער אויף זיין גאַנץ לעבן. דער פּראָפעסאָר האָט פאַראָרדנט צוצוגעבן נאָך צען פונט געוויכט, כדי דער קראַנקער זאָל זיך נישט קענען אַ ריר טאָן און די אָפּערירטע ערטער זאָלן זיך צונויפוואַקסן ווי געהעריק. מען האָט אים געגעבן מעדיצינען צו באַרויִקן, איינשלעפערן. אָבער א. ליטוואַק האָט זיך אַלץ נישט אונטערגעגעבן, און אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ כוח און טאַקע אַ ריר געטאָן מיטן פוס — און דאָס האָט געהאַט אַ פאַטאַלן רעזולטאַט. א. ליטוואַק האָט נאָכן שפּיטאָל געדאַרפט דורכמאַכן אַ ספּע־ציעלע קוראַציע, געדאַרפט אַרומפאָרן אויף אַ ראָד, מאַכן מאַסאַזשן, אָבער ער האָט דאָס אַלץ נישט אויסגעפאָלגט. אַ פאַר וואָכן איז ער אַרומגעגאַנגען אויף קוליעס. ער האָט געהאַט געוואַלדיקע עגמת נפש, וואָס ער קאָסט דער פּאַרטיי אַזוי פיל געלט. ענדלעך איז ער געקומען צו זיך, אַראָפּגענומען די אָנגעוואַק־סענע גרויסע באָרד, און איז צוריק אָפּגעפאָרן קיין זשענעווע. ער האָט איצט געהונקען אַ סך וויניקער ווי פריִער, דער פוס איז שוין נישט געווען אַזוי אויסגעדרייט ווי פריִער, דאָך איז ער ווייטער געבליבן אַ קאַליקע.

## קאַפּיטל אַכט

די מלחמה האָט א. ליטוואַקן געבראַכט קיין אַמעריקע.

געקומען קיין ניו־יאָרק, וואַרפט זיך א. ליטוואַק אַריין מיטן גאַנצן אימפּעט אין דער היגער יידישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געוואָרן טעטיק אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אין דעם אָרגאַן פון דער פעדעראַציע „די נייע וועלט“, און אין גיכן איז ער געוואָרן אַפילו איינער פון אירע רעדאַקטאָרן — צוזאַמען מיט מ. אָלגין, מ. גאָלדפאַרב און י. ב. סאַלוצקי. אונטערן נאָמען „א מוק“ פירט ער שוין אין דער צווייטער העלפט פון 1915 און אין די ווייטערדיקע יאָרן אַן אָפּטיילונג „פון ציַיטונגען

און זשורנאַלן", ווו ער רעאַגירט אויף אַלע אַקטועלע יידישע פּראָבלעמען אין אייראָפּע און אַמעריקע. די ליידן פון די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד און פּוילן זענען דעמאָלט געווען זייער גרויס, מען האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי זיי צו קומען צו הילף. א. ליטוואַק האָט אין דעם אַלעמען גענומען אַן אויטאָריטעט וואָרט. פון צייט צו צייט האָט ער אויך געפירט אַן אָפּטיילונג „ליטעראַטור און לעבן" און דאָ אַרומגערעדט פּראָבלעמען פון יידישער קונסט און פונעם יידישן אַרבעטער־לעבן. אין אייראָפּע האָט די מלחמה געפלאַקערט, און די סאָציאַליסטן פון אַלע פעלקער, דער עיקר די רוסלענדישע, האָבן געזוכט די פּאַסיקע לאָזונגען און טאַקטיק פאַרן פּראָלעטאַריאַט, כדי אים אַרויסצוראַטעווען פון דער מאַכט פונעם נאַציאָנאַליסטישן און פּאַטריאָטישן טשאַד. אין אַ קליין שטעטל אין דער שווייץ, צימערוואַלד, איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון אינ־טערנאַציאָנאַלע פאָרשטייער פון סאָציאַליזם, און דאָ איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ „אינטערנאַציאָנאַליסטישע" ליניע. אין נאָמען פון דער קאָנפערענץ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ מאַניפעסט, וועלכער האָט באַלד דערגרייכט צו אַמע־ריקע און האָט דאָ אַרויסגערופן גרויסע דיסקוסיעס. א. ליטוואַק האָט זיך דער־קלערט פאַר אַ „צימערוואַלדיסט" און ער האָט געפירט אַ העפטיקע קאַמפּאַניע פאַר אָט דער ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין דער „נייער וועלט" (נ' 10, דעצעמבער 1915) דרוקט ער אַ גרויסן אַרטיקל אונטערן נאָמען „פאַרוואָס איך בין פאַר צימערוואַלד". אין גיכן האָט די עקזעקוטיווע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע באַשטימט צו אינדאָרסירן די צימער־וואַלדער אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ — דער דאָזיקער באַשלוס איז דאָ אָנגענומען געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן צוויי. א. ליטוואַק האָט אין דעם געהאַט אַ גרויס פאַרדינסט.

פאַרשטייט זיך, א. ליטוואַק האָט זיך אין אַמעריקע נישט באַגרענעצט מיט ליטעראַרישער טעטיקייט. ער איז אַרויסגעטראָטן אויף פאַרזאַמלונגען, ער האָט געהאַלטן לעקציעס אין ניו־יאָרק און אין לאַנד, דער עיקר אין די שטעט נאָענט צו ניו־יאָרק. גאָר אַ גרויסן טור האָט ער געמאַכט אין נאָוועמבער 1916; ווי עס ווערט געמאָלדן אין דער „נייער וועלט", האָט א. ליטוואַק געדאַרפט האָבן אַ טור ביז שיקאַגאָ און ווייטער פון שיקאַגאָ ביזן פּאַסיפישן ברעג; די ערשטע העלפט איז געווען אַראַנזשירט דורך די בראַנטשעס פון דער פעדעראַציע, די צווייטע העלפט אונטערן אויפזיכט פון „אַרבעטער־רינג".

טרעפנדיק זיך מיט דער אַרבעטער־מאַסע אויף מיטינגען און לעקציעס; זיצנדיק אין דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעראַציע צוזאַמען מיט אַרטיקע גענאָסן; באַגעגענענדיק זיך מיט די פאָרשטייער פון דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע און שטודירנדיק אירע מנהגים; צוקוקנדיק זיך צו די מעטאָדן פון גע־

זעלשאַפטלעכער אַרבעט אויף דער ייִדישער גאַס — האָט א. ליטוואַק געזען פיל ביישפּילן פון זאַכן, וועלכע זענען אים אין גאַנצן פרעמד געווען. ער האָט זיך באַמיט זיי צו פאַרשטיין, אָבער ער האָט נישט געקענט מסכים זיין מיט זיי. זיין גאַנצער ווּעזן האָט פּראָטעסטירט און זיך געוועהרט קעגן דעם. אויף פאַר־זאַמלונגען און אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, אונטער זיין אייגענעם נאָמען און ווי אַ „מוק", האָט ער כסדר פּאָלעמיזירט מיט מענטשן און דערשיינונגען. ער האָט געשטאָכן און געמוסרט. ער האָט געפילט, אַז ער איז גערעכט אין אַלע זיינע טענות, די אַרומיקע פריינד האָבן אָבער אַנדערש געדענקט. אַפילו מיט אַזאַ נאָענטן פריינד, ווי ב. וולאַדעק, איז אים אויסגעקומען צו פּאָלעמיזירן: יענער האָט אים באַטראַכט פאַר אַ גרינעם, וואָס פאַרשטייט נישט אַמעריקע און וויל זיך נישט צופּאַסן צו די אָרטיקע באַדינגונגען. ליטוואַק ווידער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן אָט דאָס קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ און דאָס האַלטן אים פאַר אַפּגעשטאַנען, און ער האָט שטאָלצירט מיט זיין גרינקייט. ער האָט געענטפערט זיינע דיספּוטאַנטן מיט אַזאַ מעשה:

„איך בין נאָך דעמאָלט גאָר יונג געווען, כמעט אַ ייִנגל, געלערנט אין ישיבה. פלעגן מיר דאָרט אויך אָפּט האָבן סיכסוכים, שטיקלעך אומרוען קעגן משגיח, קעגן ראש־ישיבה, אַפילו קעגן גבאַי אַליין. און איך בין שוין דעמאָלט אויך געווען אַ שטיקל קאָכלעפל, אַ נייִן־זאָגער... טענהט מיט מיר אַ מאָל אַ חבר מיינער: אַ מאָדנער מענטש ביסטו, שטענדיקט זוכסטו עוולות. זאָל מען עמעצן אָנרירן, מעג ער דיר זיין אַ ווילד־פרעמדער, שרייסטו, מאַכסטו גוואַלדן, פּונקט ווי מען וואָלט דיר אַליין אָדער דיין טאַטן אויפן פּוס אָנגעטראָטן. ביי מיר איז אַן אַנדער טבע: איך זוך נאָר די עוולות, וואָס מען האָט מיר געטאָן — עוולות בכלל, וועמען אַרט עס? מיין חבר האָט דעמאָלט נישט געוווּסט, און איך אַליין האָב עס אויך נישט פאַרשטאַנען, אַז מיר איז באַשערט צו זיין אַ רעוואָלוציאָנער און פּובליציסט ביי ייִדן... מיט איין זאַך בין איך צופרידן, און דאָס איז מיט מיין אומצופרידנקייט. זי פאַרלירן וויל איך נישט".

שפּעטער מיט אַ סך יאָרן, שרייבנדיק וועגן ה. ד. נאָמבערגן, האָט א ליט־וואַק אַזוי פאָרמולירט די אויפגאַבע פון אַ זשורנאַליסט: „פון באַרוף איז דאָך אַ קעמפער, אַ כלל־טוער". דאָס איז א. ליטוואַק געווען מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה. און די מיסיע פון אַ קעמפער און כלל־טוער האָט ער באמת אויסגעפירט זיין גאַנץ לעבן.

די אַמעריקאַנער טוער האָבן אָבער געהאַט אַן אַנדער מיינונג וועגן א. ליט־וואַקס האַלטונג און האַנדלונג אין אַלע אַקטועלע ענינים פון אָרטיקן ייִדישן לעבן. און זיי האָבן נישט געשוינט דעם „גרינעם". אָט איז נאָר איין מוסטער פון יענע פּאָלעמיקעס. אין דער „נייער וועלט" פון 18טן אויגוסט 1916 איז געקומען צו

אַ שאַרפן אַרויסטריט פון אַ היגן טוער קעגן א. ליטוואַקן צוליב יענעמס אַרטיקל אין אַ פּאַריקן נומער וועגן דער דעמאָלטיקער קאָנפערענץ פון פּיפּעלס־רעליף: א. ליטוואַק האָט באַטראַכט די קאָנפערענץ ווי אַ „סקאַנדאַליעזע" און ער האָט אין ביטערע ווערטער פּאַראורטיילט, וואָס אויף דער קאָנפערענץ האָבן זיך „די פאָרווערטס־אַסאָסיאיישן און די ציוניסטישע פעדערײשן געאייניקט". אויף אָט דעם אַרויסטריט האָט געענטפערט דער דאָזיקער טוער:

„...זאָל עמעצער אָנשרייבן אַ שלעכטן צייטונגס־אַרטיקל אָדער חס־ושלום דורכלאָזן ערגעץ אַ קאָמאַ, אָדער טרעפט ערגעץ אַ אַסיפה, אַ קאָנגרעס, אַ קאָנ־פערענץ; אָדער אַ לעקטשורער האָט שלעכט גערעדט און דער טשערמאַן האָט נישט פיין גערדשנט — געב. א. ליטוואַק איז אויפן פּלאַץ, ער דעקט שוין דעם בעל־עוולה. האָט ער קיין צייט אָדער ער פוילט זיך, גיט ער אַ ווונק זיין אַ מוק, און דער דזשאַב ווערט פאַרטיק. זאָל דער עולם נישט זינדיקן. אָפט הערט איר, אַז די געגאָסן ווערן אויפגעבראַכט פון אָט דער שטענדיקער קריטיק. זיי פרעגן, ווער האָט אים געמאַכט פאַר גאָטס סטראַפּטשע, פאַר אַ בעל־משגיח איבער אַלע־מענס מעשים... און וואָס טאַקע זאָל ער טאָן? זיינע לעקציעס וועגן ציוניזם אינ־טערעסירן דאָ קיינעם נישט. נישט קיין גאַנגבאַרע סחורה. בכלל איז דאָ דאָס אַרומרייסן זיך מיט די ציוניסטן נישט קיין מלאכה, איז ער געוואָרן אַ חטאים־זוכער. אַ רחמנות".

אויך אין „פאָרווערטס" איז געווען אַ שאַרפער אַרויסטריט קעגן א. ליטוואַקן.

ב. צביון האָט אין ב' 34 פון דער „נייער וועלט" זיך אָנגענומען פאַר ליט־וואַקן און האָט אַזוי געשריבן וועגן די דאָזיקע צוויי שרייבערס פון די אַרטיקלען:

„...איך האָב נישט דערוואַרט פון אַזעלכע צוויי פּראַקטישע, פולשטענדיק אויסגעגרינטע געגאָסן, אַז זיי זאָלן באַטש אויף אַ מינוט קענען גלויבן, אַז זייער פאַרביטערטער אָנגריף אויף געב. א. ליטוואַק קען אים עטוואָס שאַדן... דערצו האָט קיינער פון זיי נישט געדאַרפט נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו רעדן וועגן געב. א. ליטוואַקס רעקאָרד אין רוסלאַנד... זיי זענען קיינמאָל דאָרט נישט געווען און זיי קענען פערזענלעך וועגן געב. ליטוואַקס טעטיקייט אין בונד, וועגן זיין פּלאַץ און געוויכט אין דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד גאָרנישט רעדן. און אויב זיי דערציילן אונדז, אַז געב. ליטוואַק האָט זיין אָנער־קענונג נישט געקראָגן אין דער באַוועגונג און האָט נישט פאַרנומען קיין וויכטיק פּלאַץ צוליב זיין מידה פון זידלעריי און רכילות־טרייבעריי, באַווייזן זיי דערמיט, אַז זיי אַליין פאַרנעמען זיך מיט רכילות־טרייבעריי און זידלעריי, וואָס דאָס איז אייגנטלעך איינע פון די הויפּט־מכות אין אונדזער אַמעריקאַנער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג".

פאַרשטייט זיך, אויך א. ליטוואַק איז נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער. ער האָט געשריבן: „...ווייל אַוועקשטעלן פּאַרן לאַנד ליטוואַקס שעדלעכע אַרבעט. ...שרייט אויף אַלע דעכער, אַז ער וועט ליטוואַקן אויסראָטן. ׳איך וועל אים ענ־דיקן׳. די יוצר משרתים הייבן אָן צו פאַרשפּרייטן שטילע קלאַנגען. נישט שרע־קלעך. די הענט זענען צו קורץ. עס איז אייך נישט יוסף באַראָנדעס. די צייט איז אַן אַנדערע און איך בין אויך אַן אַנדערער. מיך וועט איר פון דער אַרבעטער־באַוועגונג נישט פאַרטרייבן״.

די דאָזיקע ציטאַטע ווייזט ליטוואַקס געמיט־צושטאַנד דאָ אין לאַנד. מען קען זיך פאָרשטעלן, וויפל געזונט די אַלע צוזאַמענשטויסן האָבן אים געקאָסט. אָבער אַ פּרינציפּ האָט ער געהאַט: נישט פאַרשווייגן, נישט לאָזן יענעם האָבן דאָס לעצטע וואָרט, אָפּן רעאַגירט אויף יעדן אָנפאַל.

סוף־כל־סוף זענען דאָך דאָס נישט געווען קיין ריין־פּערזענלעכע צוזאַמענ־שטויסן, נישט וועגן ליטוואַקס כאַראַקטער איז דאָ געגאַנגען. דאָ האָבן זיך צו־זאַמענגעטראָפן צוויי מיינונגען און באַציִונגען, צוויי וועלט־אָנשויאונגען, צוויי אידעען־סיסטעמען. א. ליטוואַק האָט נישט געקענט פאַרשווייגן געוויסע מנהגים אין סאָציאַליסטישן „פאָרווערטס״. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די פּוסט־קייט פון דער היגער יידישער אינטעליגענץ, די בלוט־אָרעמקייט פון דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט זיך געוואָלט זען קולטורעלער, אידעיִש־אויסגע־האַלטענער. און ער האָט וועגן דעם אַלעם גערעדט אָפן, געשריבן.

וועגן דער דעמאָלטיקער „וואַרהייט״ האָט ער געשריבן: „באָר אין צוויי זאַכן איז די ׳וואַרהייט׳ שטענדיק טריי זיך אַליין, דאָס איז פּאָרנאָגראַפיע און טעמעני־האַל, אייגנטלעך געשלעכטלעכע זנות און פּאָליטישע זנות״. אָבער אויך דעם „פאָרווערטס״, אין וועלכן ער האָט צומאָל אַליין מיטגעאַרבעט, האָט ער נישט געשוינט. אינעם ב׳ 7, 1916, פון די „נייע וועלט״ שרייבט א. מוק: „יעדע צייטונג האָט זיך איר ספּעציאַליטעט. די ספּעציאַליטעט פון „פאָרווערטס״ איז קושן. אין יעדן נומער וועט איר געפינען 3־4 מעשיות מיט קושן. אפילו קעפּלעך מיט קושן... פּאַראַנען דאָרטן אַ מיטאַרבעטער ב. בראַנז. איז ער פּשוט אַ מאדים אויף קושן, ער סמאַקעוועט, ער טשמאָקעט. ער חזרט איבער אין איין נאָטיץ דריי מאָל „די וויכינקע, פּוכינקע בעקעלעך״... דער לעצטער נומער ׳פאָרווערטס׳ איז בכלל אַן ער־און־זי־נומער... אַלערליי סאָציאַליסטן אויף דער וועלט: רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אד״גל. די גענאָסן ב. בראַנז און קלאַראַ גינצבורג זענען קוש־סאָציאַליסטן. זיי ווילן ברענגען דעם סאָציאַליזם קושנדיק״.

עס איז געווען אַ גרויזאַמע צייט, ווען מען האָט געמוזט זיך קאָנצענטרירן אויף שנעלער הילף פאַר די יידישע־מלחמה־קרבנות אין אייראָפּע; אָבער די ציוו־

ניסטן האָבן מער געהאַט אין זינען זייערע פּאָנדן און אויף דעם געווענדט די אויפמערקזאַמקייט פון די אַמעריקאַנער יידן. די יידישע סאָציאַליסטישע טוער האָבן דאָס געדולדעט. א. ליטוואַק האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט. אין נ׳ 5 „די נייע וועלט״, 1916, שרייבט אַ מוק מיט גרויס פאַרביטערטקייט: „מיר פון אונ־דזער זייט פרעגן ביי אַלע אָנשטענדיקע ציוניסטן: איז איצט די צייט צו פאַר־גרעסערן די פּאָנדן פונעם ציוניזם אויף די קאָסטן פון די מלחמה־קרבנות? מיר פירן דאָ נישט קיין פּאַרטיי־חשבונות, מיר פאָדערן נאָר עלעמענטאַרע מענטשלעכע גערעכטיקייט. מיר זענען זיכער, אַז עס זענען פאַראַנען גענוג ציוניסטן, וואָס שע־מען זיך מיטן קרעמערישן אויפטו פון זייער פּראָוויזאָרישער קאָמיטע... (אויסער די סומען, וואָס דער רעליף באַשטימט פאַר ארץ־ישראל, נעמען די ציוניסטן אַליין אַראָפּ 25 פּראָצענט פון דעם, וואָס זיי זאַמלען)״.

אין דער צווייטער העלפט פון 1915 איז אין ניו־יאָרק אָנגעגאַנגען אַ העפ־טיקער קאַמפּיין פאַר אַן אַל־יידישן קאָנגרעס, אין צוזאַמענהאַנג מיט די יידישע מלחמה־פּראָבלעמען. די עקזעקוטיווע פון דער פעדעראַציע האָט אין דער פראַגע אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „נעמענדיק אין אַכט, אַז אונטער דער פאָן פון דער פאָדערונג איינצובאַרופן אַן אַל־יידישן קאָנגרעס צו קעמפן פאַר יידישע רעכט אין די מלחמה־לענדער, ווערט פון מאַנכע גרופּן אָנגעפירט אַ קאַמפּיין פאַר כל־ישראל־ציוניסטישע פּאָליטיק... באַשליסט די עקזעקוטיווע פון דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער פעדעראַציע פון אַמעריקע, אַז אַלע יידישע סאָציאַליסטן דאַרפן אַרויסטרעטן קעגן דער יידישער קאָנגרעס־באַוועגונג און איר איצטיקער פאָרם און מיט איר אויסגעשפּראָכענעם פּאַרטיי־ציוניסטישן אינהאַלט״.

א. ליטוואַק איז געווען צווישן די ראָש המדברים, וואָס האָבן פאַרטיידיקט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. אין אַרטיקלען און נאָטיצן האָט ער אויפגעדעקט די נישט־אויפריכטיקע האַלטונג פון די ציוניסטן און פון די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען. אויך אָט די פּאָלעמיק איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן געפירט צו די געשילדערטע פאַרשאַרפטע באַציונגען מיט א. ליטוואַקן.

עס איז נאַטירלעך, אַז אויך אינעווייניק אין דער פעדעראַציע און אין דער רעדאַקציע פון דער „נייער וועלט״ האָבן אָט די פאַרשאַרפטע באַציִונגען גע־מוזט געפינען אַן אָפּקלאַנג. און ווירקלעך, דעם 11טן יוני 1916, אויף אַ זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער פעדעראַציע, ווערט ב. ווילאַדעק דער־ווילט פאַר אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע פון דער „נייער וועלט״. דאָס האָט געגעבן א. ליטוואַקן אַ געלעגנהייט צו רעזיגנירן פון דער רעדאַקציע פון דאָזיקן פּאַרטיי־אָרגאַן. דערביי מאָטיווירט ער עס אַזוי: „צוליב דעם וואָס אין דער רעדאַקציע פון דער ׳נייער וועלט׳ וועט זיך איצט געפינען אַ מאַיאָרי־

טעט, וועלכע איז רעדאַקציאָנעל פאַרבונדן מיטן ׳פאָרווערטס׳, ציט ער צוריק יעדע רעדאַקציאָנעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער ׳נייער וועלט׳, אפילו ער וועט פאָרזעצן זיין מיטאַרבעטערשאַפט ווי פריִער״. ליטוואַקס רעזיגנאַציע איז איינשטימיק אָפּגעוואָרפן געוואָרן, און דאָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשור־נאַל. א. ליטוואַק איז אָבער געבליבן ביי זיינס, אין אַ בריוו אין רעדאַקציע שטעלט ער פעסט: „אַזוי ווי איך בין נישט דערוויילט דורך דער מעמבערשיפּ, נאָר קאָאָפּטירט פון דער רעדאַקציע, קען די עקזעקוטיוו מיין רעזיגנאַציע נישט צוריקווייזן, און פון היינט אָן שטיי איך אויסער דער רעדאַקציע פון דער נייער וועלט״. במשך פון עטלעכע נומערן דרוקן זיך נישט מער די פּרעסע־איבער־זיכטן פון אַ מוק, עס פעלן אויך מסתמא די לייט־אַרטיקלען, וועלכע א. ליטוואַק האָט געשריבן אָן אַן אונטערשריפט. דעמאָלט קומט אָן עפנטלעכע ווענדונג „פון דער רעדאַקציע צו געני ליטוואַק״: די רעדאַקציע „האָט באַשלאָסן זיך ווענדן צו אייך מיט דעם פאָרשלאַג: ווידער אַריינצוטרעטן אין דער רעדאַקציע אַלס איר מיטגליד און מיטאַרבעטער אויף די זעלבע יסודות ווי ביז אַהער״. דער ענין איז ערשט דערליידיקט געוואָרן אין יולי, ווען די רעדאַקציע האָט (אין נ׳ 28) גע־מאָלדן, אַז די רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע פון דער „נייער וועלט״ האָט באַשלאָסן צו פאַרגרעסערן די צאָל פון אירע מיטגלידער דורך קאָאָפּטירן די גענאָסן: ל. ב. בודין, מ. טערמאַן, א. ליטוואַק און צביון... „די גענאָסן א. ליטוואַק און צביון האָבן אָנגענומען... די קאָלעגיע באַשטייט, אַלזאָ, פון אָלגין, ד״ר מ. גאָלדפאַרב, ב. וולאַדעק, א. ליטוואַק, י. ב. סאַלוצקי און צביון״. אַזוי אַרום איז געקומען אַ סוף צום אינצידענט, וועלכער איז אפנים געווען פּיינלעך נישט נאָר פאַר ליט־וואַקן, נאָר אויך פאַר די אַנדערע מיטגלידער פון דער רעדאַקציע און עקזעקו־טיווע.

ווי שוין געזאָגט, איז ליטוואַק געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג נישט נאָר ליטעראַריש. אַזוי, למשל, זומער 1916 איז געמאָלדן געוואָרן פון דער פעדעראַ־ציע, אַז זי גרינדעט אַ זומער־שול — „אַ מאָנאַטלעכן קורס אין סאָציאַליזם״ מיט זייער אַ ברייטן פּראָגראַם. איז די זאַך איבערגעגעבן געוואָרן צו אָרגאַניזירן ליטוואַקן. אין נומער פון 14טן יולי איז אָפּגעדרוקט אַן אַפּיל אונטערגעשריבן דורך א. ליטוואַקן, און עס ווערט דאָ געזאָגט: „מיר לייגן אַוועק אויף דעם קורס אַ סך מי. העלפט אונדז, זעט אַז דער קורס זאָל זיין אַ דערפאָלג. אויב מיר וועלן מוזן דעם קורס אויפגעבן (לויטן פּלאַן האָט געדאַרפט זיין 25 שילער מי־נימום — ה. ש. ק.), צוליב מאַנגל אין שילער, וועט עס זיין זייער טרויעריק. און אַ חרפּה וועט עס זיין. טרויעריק פאַר אונדז אַלעמען און אַ חרפּה פאַר אונדז אַלעמען. רופט זיך אָפּ, חברים! מיר האָפן אויף אייך!״.

סוף 1916 האָט די פעדעראַציע געמאַכט אַ פּרווו אויפצובויען אַן ערנסטן

טעאָרעטישן זשורנאַל, כדי צו פאַרטיפן און פאָרשן די ערנסטע פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין סעפּטעמבער־אָקטאָבער איז אַרויס דער ערשטער נומער פונעם דאָזיקן זשורנאַל, וועלכער האָט געזאָלט דערשיינען איין מאָל אין דריי חדשים. דער נאָמען פון דער אויסגאַבע איז געווען „די צייט" — „זשורנאַל פאַר סאָציאַלער וויסנשאַפט און קולטור". די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון אָלגין, מ. גאָלדפאַרב, א. ליטוואַק און י. ב. סאָלוצקי. דער ערשטער נומער האָט געהאַלטן 160 גרויסע זייטן. אין דער דערקלערונג פון דער רעדאַקציע ווערט געזאָגט: „די 'צייט', ווי אַ זשורנאַל פון דעם ייִדישן אַרבעטער־לעזער, וועט פאַרברענגען פון צייט־צו־צייט ערנסטע אָפּהאַנדלונגען וועגן די פראַגן פון דעם לויפנדיקן ייִדישן לעבן, ווי אויך פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָבן אַ שייכות מיטן עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן, אָדער אַן אינטערעס פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג... מיר האַלטן קוים פאַר וויכטיק צו דערקלערן, אַז דער זשורנאַל וועט זיין סאָציאַליסטיש־מאַרקסיסטיש לויט זיין ריכטונג"...

א. ליטוואַק האָט אין אָט דעם ערשטן נומער פון „די צייט" געגעבן אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג: „יצחק־יואל לינעצקי — קולטור־היסטאָרישע שריפטן פון דער השכלה־עפּאָכע", אַן אַרבעט, וועלכע פאַרנעמט דאָ 31 זייטן. די דאָזיקע אַרבעט האָט עדות געזאָגט וועגן א. ליטוואַקס טיפן אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור און אירע קוואַלן, צו די פּראָבלעמען פון ייִדישער קולטור בכלל. די דאָזיקע אַרבעט איז מיט אַ 5־6 יאָר שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן דורך א. ליטוואַקן אין קיִעוו, זי איז אויך אַריין אין זיין בוך, וואָס איז דערשינען שוין נאָך זיין טויט, אין ניו־יאָרק, אונטערן נאָמען „ליטעראַטור און קאַמף (פאַרלאַג „וועקער", נ"י, 1933); דאָ פאַרנעמט שוין די אַרבעט 66 זייטן. מיר זעען, ליטוואַק דער פּאָליטישער טוער און אַגיטאַטאָר, דער צייטונגס־מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר, האָט געפונען צייט פאַר אַ גרעסערער אַרבעט, וועלכע קען דינען פאַר אַ מוסטער פון אַ קריטיש־ליטעראַרישער און קולטור־היסטאָרישער פאָרשונג.

די קיִעווער אויסגאַבע (1919, „קיִעווער פאַרלאַג") איז אַ פולע קאָפּיע פונעם אַרטיקל אין דער „צייט". אָבער ווען ער האָט פאַרטראַכט אַרויסצוגעבן זיין בוך „ליטעראַטור און קאַמף", האָט א. ליטוואַק דעם אַרטיקל גרינטלעך איבערגעאַרבעט: די זייטן 24, 38־44, 48, 51, 52, 63־66, 72־73 זענען אין גאַנצן פון דאָס ניי צוגעשריבן. עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע ענדערונגען, דער עיקר צוגאָבן. ליטוואַקס פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געדרוקטן וואָרט איז געווען זייער גרויס. ער האָט אויפן קלענסטן אַרטיקל גרינטלעך געאַרבעט, בפרט אויף אַזאַ ערנסטער אָפּהאַנדלונג ווי „יצחק־יואל לינעצקי". די דאָזיקע

קולטור־היסטאָרישע און קריטיש־ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג וועגן איינעם פון די אָנהייבער פון דער יידישער ליטעראַטור פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן פון אַ גרויסער אַרבעט. זי איז אָביעקטיוו, אַלזייטיק, אויסשעפּנדיק. ווי אַן איבער־צייגטער מאַרקסיסט, פאָרשט ער אויס — בעיקר אין די דערמאָנטע צוגעגע־בענע זייטלעך — סאָציאָלאָגיש די גאַנצע סביבה פון לינעצקיס שאַפונג, די יידישע רעכטלעך־סאָציאַלע לאַגע; ער גיט אַ קריטישן אַנאַליז פון דער השכלה־עפּאָכע, וועלכע איז אַזוי נישט ענלעך צו די אויסגעדראָשענע מאמרים אין אונדזער ליטעראַטור וועגן די משכילים, סיי פאַר ליטוואַקן, סיי נאָך אים. אָט אויף דעם קלאַסן־פאָן פון יידישן לעבן גיט ער אונדז דעם תוך פון דעם באַטייט פון לינעצקיס שאַפונג. אָבער אין דער זעלבער צייט גיט ער אונדז די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון לינעצקיס טאַלאַנט, די אינדיווידועלע קוואַלן פון זיין שאַפונג, און ער צייכנט אָן די קרומע ליניע פון איר אַנטוויקלונג. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז: דער „טרוקענער ליטוואַק" און דער פּאַר־טיי־מענטש דער בונדיסט, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אין זינען דעם קלאַסן־באַוווּסטזיין פונעם לייענער, ווייזט אַרויס אומגעהייערע וואַרעמקייט צום אומ־גליקלעכן לינעצקין, ער באַהאַנדלט אים אַזוי מענטשלעך, מיט אַ רחמנות־געפיל און מיטלייד, מיט אַ פּערזענלעכן אינטערעס צו זיין גורל, אַקוראַט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מענטשן וואָס לעבט נאָך היינט און לעבט צוזאַמען מיט אים, א. ליטוואַקן. אַזאַ באַציִונג איז געווען אַ כאַראַקטעריסטי־שער שטריך פאַר א. ליטוואַקן. צביון, אַן אַלטער פריינד פון א. ליטוואַקן, האָט די דאָזיקע שטריכן פון זיין נאַטור גוט געקענט און ער האָט וועגן דעם געשריבן:

„ער האָט אויסגעזען צו זיין אַ בייזער, אַ שטרענגער, אַ שטענדיק טיף ערנסטער, אָבער אין דער אמתן איז ער עס נישט געווען. זיין בייזקייט, זיין שטרענגקייט האָט זיך אויסגעדריקט בלויז אין באַוועגונגס־פראַגן, ווי מען קען דאָס אָנרופן, גאַנץ גלייך צי פון סאָציאַליסטישער באַוועגונג אָדער פון אַנדערע באַוועגונגען, וואָס האָבן אים אינטערעסירט. אין זיין פאַרקער מיט מענטשן אָבער האָט ליטוואַק געהאַט אין זיך נישט בלויז אַ סך פריינדלעכקייט, נאָר אויך צערטלעכקייט. נישט מער, זיין שטרענגער, כמעט שטענדיק טיף ערנסטער פּנים האָט געמאַכט דעם פאַלשן איינדרוק, אַז ער איז פרעמד צו מענטשן און צו דער וועלט... אין פּערזענלעכן פאַרקער איז ער געווען גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ שווערער מענטש. ער האָט אַפילו אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט־באַציִונגען מיט זיינע אידעיִשע קעגנער. מיט מאַנכע פון זיי איז די פריינדשאַפט געווען אַ באַזונדערס וואַרעמע". אַזוי איז א. ליטוואַק געווען אין פּריוואַטן לעבן, אַזוי איז ער אויך געווען אין ליטעראַרישער אַרבעט: ער האָט געקענט שרייבן

מיט דער גרעסטער רויִקייט און אָביעקטיוויטעט וועגן אַבסאָלוט פּרעמדע און קעגנערישע שרייבער. ער האָט אַרויסגעוויזן וואַרעמקייט אַפילו צו וויטע — אידעיִש און אין שטח. און דאָס זעען מיר אין דער אַרבעט וועגן לינעצקין.

**
*

אין מערץ 1917 קערט זיך א. ליטוואַק אום פון זיין טור איבערן לאַנד. פאַר דער צייט האָט ער זייער ווייניק געשריבן אין דער „נייער וועלט", די פּרעסע־איבערזיכטן האָט געפירט אַן אַנדער מיטגליד פון דער רעדאַקציע. איצט באַנייט א. ליטוואַק זיינע שמועסן מיט די לייענער, די „מוק" לאָזט פון זיך וויטער הערן.

מיט אַ מאָל האָבן זיך אָנגערוקט גרויסע געשעענישן: די איבערקערעניש אין רוסלאַנד. די גאַנצע גרופּע עמיגראַנטן אין ניו־יאָרק פיבערט, צוזאַמען מיט זיי אויך א. ליטוואַק. מע איז זייער וויט פון דעם רעוואָלוציע־פראָנט. אַקעגן, איז דאָס לאַנד פון די פאַראייניקטע שטאַטן ערב דעם אַריינטריט אין וועלט־קריג. די צענזור־באַדינגונגען האָבן זיך געענדערט אין לאַנד. די ידיעות פון באַפרייטן רוסלאַנד זענען נישט געניגנדיק, נישט אין גאַנצן זיכער און קלאָר. אין נומער „נייע.וועלט" פון 23סטן מערץ שרייבט א. ליטוואַק: „מיר ווייסן נאָך נישט אַלץ, וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען. קיין גענויעם בילד פון דער גרויסער רעוואָלוציע האָבן מיר נאָך נישט. אָבער דאָס וואָס מיר ווייסן שוין, גיט אונדז דאָך אַ געוויסן לייט־פאַדעם אין די פאַרוויקלטע געשעענישן". פאַרשטייט זיך, ער און די גאַנצע רעדאַקציע באַגריסן מיט פרייד און האָפע־נונג די אויסגעבראָכענע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. זיי באַגריסן דעם שטורעם און דריקן אויס די האָפענונג, אַז ער וועט זיך אויך צו אַמעריקע דערטראָגן. זיי האָבן מורא נישט אונטערצושאַצן, אָבער אויך נישט איבערצושאַצן די גרויסע געשעעניש. זיי האָבן מורא זיך צו אַנגאַזשירן אין דער אָפּשאַצונג פון די אויסזיכטן פון דער רעוואָלוציע. און באַלד הייבט אָן א. ליטוואַק, פּונקט ווי אַנדערע, צו ציִען אַהין, צום לאַנד וווּ מע האָט אַזויפיל אַרבעט און קרבנות אַריינגעלייגט אויף צו קענען דערלעבן אַזאַ איבערקערעניש.

דער רוסישער קאָנסולאַט הייבט אָן אַרויסצוגעבן פּאַפּירן און געלט־מיטלען די אַלע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וועלכע זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייער פאָטערלאַנד, און ווילן זיך איצט אומקערן אַהין. דער ערשטער פון די בונדיסטן זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד איז געווען מ. גאָלדפאַרב, אויך א. ליטוואַק הייבט אָן טראַכטן וועגן דעם. דערווייל וואָס באַטייליקט ער זיך אַקטיוו אינעם אָרטיקן סאָציאַליסטישן לעבן. אויף דעם 26סטן מײַ איז געווען באַשטימט אַ קאָנווענשאָן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע (אין

ניו־יאָרק), אינעם געמאָלדענעם טאָג־אָרדענונג ווערט א. ליטוואַק אָנגעגעבן ווי דער רעפערענט איבער דריי פּונקטן: די מעטאָדן פון אונדזער וואָל־אַגיטאַציע; די פאָרמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע — לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע; קולטור־צענטער. א. ליטוואַק האָט באַגריסט די קאָנווענשאָן און האָט צווישן אַנדערן געזאָגט: „דער פּאָרזיצער און אַנדערע האָבן גערעדט וועגן מיר ווי וועגן אַ גאַסט, וואָס פּאַרט אַוועק. איך וואָלט אָבער געוואָלט, איר זאָלט איצט מיך אויסהערן ווי אַן אייגענעם. פאַר דער צייט, וואָס איך בין דאָ אין אַמעריקע, האָב איך מיין אַרבעט דורכויס אַוועקגעגעבן דער פעדעראַציע... איך ווינטש, אויף דער קאָנווענשאָן זאָל רוען די שכינה פון „בונד", דער גייסט פון דער רוסישער רעוואָלוציע!"

פאַרשטייט זיך, אויף דער קאָנווענשאָן זענען געווען אָפּקלאַנגען פון די דעבאַטן, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן דערציילט. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין פאַרשיידענע טענות צו דער רעדאַקציע, צו באַזונדערע טוער און צו ליטוואַקן. אין זיין ענטפער אויף די אינטערפּעלאַציעס האָט א. ליטוואַק צווישן אַנדערן געזאָגט: „און איצט וועגן דעם רעדאַקציע־קאָלעגיום... איך און סאַלוצקי האָבן געהאַט מער דעה, ווייל מיר זענען געווען אָנגעשטעלטע פון דער פעדעראַציע און האָבן אָפּגעגעבן שעהען און טעג, ווו אַנדערע האָבן געקענט געבן נאָר מינוטן... איך בין נישט פון די, וועלכע האַלטן, אַז אַלץ וואָס די מאַסע טוט און זאָגט, איז הייליק, אַז די מאַסע איז אָן פעלערן. איך בין נישט קיין לאַקיי פון דער מאַסע און האַלט נישט פאַר נייטיק איר צו חנפענען. איך האָב זי ליב פאַר די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס זיינען אין איר באַהאַלטן. אָבער איך זאָג נישט קיין אָמן אויף אַלץ, וואָס זי איז היינט... מיר זאָגן צו אונדזער מאַסע: שלאָגט אונדז, נאָר לאָזט אונדז אַרבעטן! שלאָגט אונדז, נאָר לאָמיר אַרבעטן צוזאַמען! אין דער אַרבעט וועלן מיר איבערוואַקסן אונדזערע און אייערע חסרונות!"

אין משך פון יוני האָט זיך אויך א. ליטוואַק געמאַכט גרייט צו דער צוריק־רייזע קיין רוסלאַנד. אין נומער 24 (פון 22סטן יוני) לייענען מיר אין דער „נייער וועלט" אַ לייט־אַרטיקל, וועלכער געזעגנט זיך שוין מיט א. ליטוואַקן. ביי דער געלעגנהייט ווערט אויך געמאַכט אַ סך־הכל פון די פאָר יאָר, וואָס ליטוואַק האָט פאַרבראַכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

„ער (ליטוואַק) — זאָגט זיך אינעם לייט־אַרטיקל — איז געקומען קיין אַמעריקע אויף דער איינלאַדונג פון אונדזער פאַרוואַלטונג, קירצלעך נאָך דעם ווי עס האָט אויסגעפּלאַצט דער וועלט־פייער, און פאַר די אַן ערך צוויי מיט אַ האַלבן יאָר, זינט ער איז אַרונטער פון שיף ביז דעם לעצטן טאָג פאַר זיין אָפּרייזן, פאַרבליבן מיט לייב און לעבן פאַרטאָן אין אונדזער אַרבעט, אין

אונדזערע פּראָבלעמען. די מערסטע צייט האָט גענ׳ א. ליטוואַק פאַרבראַכט אין אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, ווי אויך אין גרויס־ניו־יאָרק, מיט רעפע־ראַטן, פאָרטראָגן און לעקציעס איבער די וויכטיקסטע אַקטועלע פראַגן פון דעם לויפנדיקן לעבן און באַוועגונג... פון ערשטן טאָג אָן האָט ער זיך געפילט ביי אונדז ווי אין דער היים, נישט ווי אַ גאַסט, און קיין צווייג פון אונדזער אַרבעט איז אים נישט געבליבן פרעמד. ער האָט אונדז געשטויסן, אָפט איבער־געיאָגט אונדז. א. ליטוואַק ביי אַ ברענטש־פאַרזאַמלונג איז נישט געווען קיין „פּראָפעסיאָנעלער גדול״, וואָס באַציט זיך מיט פאַראַכטונג צו די קליין־פראַגן פון פּאַרטיי־לעבן; אין קעגנטייל, ער איז אין אַלץ אַריין, מיט אַלץ זיך אינ־טערעסירט, פאַר אַלץ געפונען צייט... די גאַנצע צייט איז גענ׳ א. ליטוואַק געווען צווישן די טעטיקע מיטרעדאַקטאָרן פון דער צייטונג. ער האָט אַ סך געשריבן, רעדאַגירט, געטאָן פון די גרעסטע ביז די קלענסטע אַרבעט, אַריינ־געטאָן זיין קאָכיקן טעמפּעראַמענט, נערוועזע אַקטיוויטעט און שאַרפן זשורנאַ־ליסטישן חוש אין אַלע צווייגן פון אונדזער ליטעראַרישן קאַמף, זיך שנעל און אין צייט אָפּגערופן אויף די פראַגן, וואָס דער מאָמענט און דער פּאַרטיי־קאַמף האָט אַרויסגעשטעלט. די „נייע וועלט״ האָט פיל צו פאַרדאַנקען א. ליטוואַקן פאַר דאָס, וואָס זי איז געוואָרן, און אויף ווייטער וועט זי אָן ספק שטאַרק פילן זיין אָפּוועזנהייט. דער ליטעראַטור־פאַרלאַג פון דער פעדעראַציע האָט פון זיין זייט פיל גענומען פון גענ׳ א. ליטוואַקס צייט און ענערגיע. אַ ביכעלע אין צייט פון קאַמפּיין, גרעסערע אַרטיקלען אין די זאַמלביכער און ענדלעך אַ גאַנצער זאַמלבוך „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד״ — דאָס זענען צופעליק אָנגעכאַפּטע מאָמענטן פון א. ליטוואַקס פּילזייטיקער אַרבעט פאַר דער פעדע־ראַציע אין פאַרלויף פון די צוויי מיט אַ האַלבן יאָר פון זיין שטיין מיט אונדז״.

אָט דער לייט־אַרטיקל פון דער „נייער וועלט״ איז געווען אַ גרויסע סאַ־טיספאַקציע פאַר א. ליטוואַקן. דאָס וואָס דאָ דערציילט זיך וועגן אים — דאָס איז געווען א. ליטוואַק, אַן אמתער בירגער פון דער וועלט. ווו ער קומט, אַבי עס איז פאַראַן אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, דאָרט איז זיין פּלאַץ, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פעיִקייט פון צופּאַסונג צו נייע באַדינגונגען — אַריינגעוואָרפן זיך אין דער באַוועגונג, און ווייטער פאַרגעזעצט זיין סאָציאַליס־טישע טעטיקייט. און געאַרבעט — מיט דער גאַנצער ענערגיע און איניציאַטיוו, אין וואָרט און שריפט. מיט זיין גאַנצער אינטעליגענץ און פּאָליטישער דער־פאַרונג, אויפריכטיק און מוטיק — האָט ער געדינט דער באַוועגונג. ער האָט פאַרטיידיקט די זאַך פון אַרבעטער־קלאַס, און האָט געדינט די מאַסע ווי אַ לערער. און ווען דער חוב צו דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אים גערופן צוריק אַהיים, האָט ער זיך אויף קיין מינוט נישט פאַרטראַכט און גענומען דעם

וואַנדער־שטעקן, אין האַנט און זיך געלאָזן אין ווייטן און אומבאַקאַנטן וועג. נישט פֿאַרטראַכט זיך: וואָס וועט ער טרעפֿן דאָרט אין די נייַע באַדינגונגען? ווי וועט אויסזען די זאַך מאַטעריעל אינעם מלחמה־צעשטערטן לאַנד נאָך די באַקוועמלעכקייטן פֿון אַמעריקע? וואָס וועט זיין מיט זיין פּערזענלעך לעבן — האָט ער דאָך ערשט וואָס חתונה געהאַט מיט דער יונגער סאָניע גורסקי? זיין פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעך לעבן און מיסיע איז געשטאַנען העכער פֿאַר אַלץ. און צוזאַמען מיט אַגרופּע יִדישע און נישט־יִדישע פּאָליטישע עמיגראַנטן האָט ער זיך סוף יוני אַרויפֿגעזעצט אויף אַ שיף, וואָס האָט זיי געדאַרפֿט דורך שוועדן ברענגען קיין רוסלאַנד.

ווי עס פֿירט זיך און ווי עס האָט זיך געפּאַסט אין יענעם מאָמענט באַזונדער, האָט מען זיך מיט א. ליטוואַקן געזעגנט אין אַ גאַנצער ריי שטעט, אויף פֿאַרזאַמלונגען און באַנקעטן. נישט איין מאָל האָט ער געפֿילט ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, אַז ער איז ווירקלעך אַרומגערינגלט מיט אַ סך וואַרעמקייט, פֿאַרמאָגט איבערגעגעבענע פֿריינד. אַ גאַנצן טור פֿון אָפּשיד־אָוונטן האָט א. ליטוואַק דורכגעמאַכט, און אומעטום האָט מען אים אַרויסגעוויזן אויפֿמערקזאַמקייט און ליבע. ער האָט עס מיט רעכט אָנגענומען פֿאַר אַ צייכן פֿון טיפֿער אָנערקענונג און אָפּשאַצונג פֿון זיין אַרבעט דאָ אין לאַנד במשך די צוויי מיט אַ האַלב יאָר. פֿאַרן אַוועקפֿאָרן האָט ער אָפּגעדרוקט אין דער „נייער וועלט" (22סטן יוני) אַ געזעגן־בריוול, אין וועלכן ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק אָט די געפֿילן. ער האָט זיך געזעגנט מיט די לייענער און זיי אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז ער האָט דאָ געשריבן אונטער די נעמען: א. מוק, בן יחיד, לוי, י. גרין, ב. ריגער*, ער האָט זיך געזעגנט מיט דער רעדאַקציע און מיט אַלע זיינע פֿריינד איבערן לאַנד. „איך קען זיך נישט באַרימען — האָט ער געשריבן צווישן אַנדערן — קיין סך ליכטיקע פּונקטן האָב איך אויף מיין וועג דאָ אין לאַנד נישט געטראָפֿן. אָבער געוועזן זיינען זיי דאָך. ווען נישט אָט די פּונקטן, וואָלט דאָ געווען אוממעגלעך צו אַרבעטן, און דער געפֿיל פֿון ביטערקייט ביים אַוועקפֿאָרן וואָלט געווען פֿיל גרעסער ווי ער איז איצט... איך ווייס, איך האָב מיט מיין טעטיקייט דאָ אַ סך בייז בלוט פֿאַרשאַפֿט. פֿאַר די דריטהאַלבן יאָר האָב איך דאָ דערוואָרבן גענוג אינטימע פֿיינד; און דעם אמת געזאָגט, בין איך צופֿרידן דערפֿון. איך וואָלט געפֿילט, אַז איך האָב דאָ גאָרנישט אויפֿגעטאָן, ווען די דאָזיקע לייט וואָלטן געווען גלייכגילטיק צו מיר. איך וואָלט מיך געשעמט פֿאַר זיך אַליין, איך וואָלט זיך געפֿילט, אַז איך בין דאָ געווען אויס איך ווען די

* צווישן א. ליטוואַקס פּסעוודאָנימען דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן אַ. פּיל (העברעיִש — העלפֿאַנד).

דאָזיקע לייט וואָלטן מיר גוטע פריינד געווען. זאָלן נאָר גוטע פריינד נישט פאַרגעסן, שונאים וועלן געדענקען. זייט געזונט! אייער א. ליטוואַק".

אין מיטן יולי איז א. ליטוואַק געווען אין פּעטערבורג. אָפּגעשטעלט זיך אין שטאָקהאָלם, האָט זיך דאָ א. ליטוואַק געטראָפן מיט דער דעלעגאַציע, וועלכע דער פּעטערבורגער אויספיר־קאָמיטעט פון די סאָוועטן האָט געשיקט קיין אויסלאַנד מיט דער מיסיע צו אַגיטירן פאַר אַ דעמאָקראַטישן שלום און צונויפברענגען די סאָציאַליסטישע פירער פון אַלע קעמפנדיקע לענדער, כדי אויפצושטעלן צוריק דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די דעלעגאַציע איז געווען פון פינף מענטשן: צוויי פון זיי זענען געווען גוט באַקאַנט ליטוואַקן נאָך פון פריִערדיקע יאָרן — איינער איז געווען דער יונגער בונדישער טוער, הענריק ערליך, וועלכער איז שפּעטער אַזוי טראַגיש אומגעקומען; דער צווייטער — דער רוסישער אַרבעטער סמירנאָוו, וועלכן ער האָט געקענט נאָך פון דער אויגוסט־קאָנפערענץ אין ווין. פון אָט דער דעלעגאַציע האָט ער זיך דערוווסט גענויער וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך איצט אין פּעטראָגראַד און ווי עס האַלט מיט דער רעוואָלוציע אין לאַנד. פון ה. ערליכן האָט ער זיך אויך דערוווסט, אַז אויף דער צענטער קאָנפערענץ פון „בונד" אָנפאַנג אַפּריל איז א. ליטוואַק אויסגעוויילט געוואָרן אונטער די אויגן פאַר אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" (מיט 44 שטימען). שווערע נסיונות האָט די רעוואָלוציע געגרייט פאַר דעם אויסגעפּרוווטן רעוואָלוציאָנער און בונדיסט א. ליטוואַק.

***

פאַר זיין אַוועקפאָרן פון אַמעריקע האָט א. ליטוואַק צוזאַמען מיט י. ב. סאָלוצקין צוגעגרייט אַ גרויסן זאַמלבוך „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד". חוץ רעדאַקציע, איז א. ליטוואַק דאָ געווען באַטייליקט מיט פיר גרויסע אַרבעטן: „די אויסזיכטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע", „דער צאַריזם", „די טרייבקרעפטן פון דער רעוואָלוציע", „דער בונד — צוואַנציק יאָר קאַמף".

שרייבנדיק וועגן די אויסזיכטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָך אין די ערשטע וואָכן אין ניו־יאָרק ווו נישט אַלץ איז געווען קלאָר, האָט א. ליטוואַק אַזוי אָפּגעשאַצט די לאַגע אינעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד:

„די רעוואָלוציע איז אַ פּאָליטישע, נישט קיין סאָציאַלע. מען קאָן זי נישט לאָזן ביי מיליוקאָוון אין די הענט, דאָס וואָלט הייסן שאַרן קוילן נאָר פאַר די ליבעראַלן. אָבער די אומנאָרמאַלע לאַגע פון פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע אין אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע טאָר אויך לאַנג נישט דויערן.

„ווי ווייט מיר קענען אורטיילן פון ווייטן, זענען נישט גערעכט די לעני־

צעס, וועלכע ווילן דערפירן די לאַגע ביז אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. עס זענען נישט גערעכט די, וואָס מיינען אַז מען מוז אין אַלץ נאָכגעבן די ליבעראַלן, טאָמער חלילה וועלן זיי זיך אָפּשפּאַלטן. דאָס וואָלט הייסן אָוועקגעבן דער בור־זשואַזיע מיטן גוטן ווילן אָן קאַמף דאָס, וואָס זי קאָן באַקומען נאָר נאָך אירן אַ זיג... גערעכט זענען צערעטעלי און טשכעידזע, וועלכע ווילן, אַז דער פּראָ־לעטאַריאַט זאָל דורך דעם ראַט פון אַרבעטער און סאָלדאַטן קאָנטראָלירן די פּראָוויזאָרישע רעגירונג. נישט לאָזן זי אָפּטרעטן אויף רעכטס, דריקן אויף איר און שטויסן זי לינקס אויפן וועג צו דער ברייטסטער דעמאָקראַטיע, וואָס איז מעגלעך אין אַ בורזשואַזער אָרדענונג; אָבער נישט שטרעבן צו צוועקן, וועלכע זענען דערווייל אוממעגלעך, נישט שטירצן די פּראָוויזאָרישע רעגירונג און אַליין זיך שטעלן אויף איר אָרט"...

אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק — אַ צימערוואַלדיסט־אינטערנאַציאָנאַ־ליסט; אין דער אינערלעכער פּאָליטיק פון רוסלאַנד — אַ רעוואָלוציאָנערער צענטריסט, וואָס פאָדערט אַ מער אויסגעהאַלטענע האַלטונג און אַ פעסטערן קורס אין דער פּאָליטיק פון לאַנד; אָן אילוזיעס וועגן אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע אויף דער וועלט און אויך נישט אין רוסלאַנד — אָט דאָס איז געווען די איינ־שטעלונג פון א. ליטוואַקן, ווען ער איז געקומען קיין רוסלאַנד, — זיין פּאָזיציע האָט אַנטשפּראָכן צו דער שטעלונג פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן־מענשעוויקעס, וועלכע האָבן אויך געהאַט אַן אַנטשפּרעכנדיקע פראַקציע אין „בונד".

## קאַפּיטל ניין

געקומען איז א. ליטוואַק קיין פּעטראָגראַד אין די סאַמע „הייסע" טעג. באַוואָפנטע אַרויסטריטן פון די באָלשעוויקעס קעגן דער רעגירונג און סאָוועט, די שטאָט און דאָס גאַנצע לאַנד איז אַרומגענומען מיטן פלאַקער פון אינע־וויניקסטע קאַמפן אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט. דער איינפלוס פון די באָל־שעוויקעס איז כסדר געוואַקסן. עס האָט זיך געגרייט די מלוכה־באַראַטונג אין מאָסקווע, און גלייכצייטיק איז געוואָקסן דער שאָטן פון דער קאָנטר־רעוואָ־לוציע.

א. ליטוואַק האָט זיך געוואַקלט. ער האָט פאַרלוירן די זיכערקייט, מיט וועלכער ער האָט גערעדט אין ניו־יאָרק וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע. אין אַלגעמיינע פּאָליטישע ענינים האָט ער אויף די זיצונגען פון „בונד" זעלטן גענומען אַ וואָרט. די פראַקציע אינטערנאַציאָנאַליסטן האָט אויף אירע באַראַ־טונגען ליטוואַקן נישט איינגעלאַדן.

אַלע חברים אין פּעטראָגראַד האָבן אויפגענומען א. ליטוואַקן מיט פרייד:

מע איז געווען זיכער, ליטוואַקס פעדער און רעדנער־קראַפט וועלן קענען אויסגענוצט ווערן אויפן בעסטן אופן. די נויט אין מענטשן איז געווען גרויס, איבערהויפט אין דער פּראָווינץ, טאַקע דאָרט ווו די ייִדישע באַפעלקערונג האָט געלעבט. די הויפּט־פיגורן אין „בונד" האָבן געמוזט ווייטער פאַרבלייבן אין דער הויפּט־שטאָט, די איבעריקע האָבן געדאַרפט זיך לאָזן קיין קיִעוו, מינסק, אָדעס א״אַ.

„איינער פון די ערשטע — דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש — וואָס איז צו־ריקגעקומען פון אַמעריקע און וועמען מיר אַלע האָבן באַגעגנט מיט אמתער פרייד, איז געווען אונדזער אַלטער ליטוואַק. ווען ער איז אַריינגעקומען צו מיר, אינעם אָפיס פון „בונד" אין פעטערבורג, דירעקט פון צוג, האָב איך מיינע אויגן נישט געגלייבט: ווו איז אַהינגעקומען דער אַלטער היים־יאַנקל, וועמען איך האָב געקענט אין מינסק, אין דווינסק, אין ווילנע און אין ווין — מיט דעם אויסגעריבענעם רעקל, מיט צעקנייטשטע הויזן, מיט די שטענדיק־צעריסענע שטיוול, מיט אָפּגעלאָזענע האָר? פאַר מיר איז געשטאַנען אַן עלע־גאַנטער אַמעריקאַנער דזשענטעלמאַן אין אַ שיינעם נייעם אַמעריקאַנער אָנצוג, מיט אַ שאַרפן קנייטש אין די הויזן, מיט אַ שניי־ווייסן קראַגן, אַ נייעם שניפּס, אַ זילבער־געשאָרענער, אַ געגאָלטער, מיט אַ נייעם קאַפּעליוש, מיט גאָלדענע ברילן און מיט בלישטשענדיקע שיך. מיר דאָ אין פעטערבורג, אין די הייסע זומער־טעג, אין די אייביקע נאַכט־זיצונגען אין סאָוועט, האָבן זיך שוין אָפּ־געוווינט פון דער דאָזיקער עלעגאַנץ, און זענען אַליין אַרומגעגאַנגען אין רוסישע בלוזעס, מיט אַרבעטער־קעפּקעס.

אָבער ליטוואַק איז געווען זייער צופרידן מיט דעם עפעקט, וואָס ער האָט אויף אונדז געמאַכט. האָט זיך געלאָזט באַוווּנדערן פון אַלע זייטן, שמייכלענ־דיק מיט זיין נאַיִוו־קלוגן, אַ ביסל קינדערשן שמייכעלע און שטאָלצירנדיק מיט זיין זייגערל, דער פאַונטן־פען, וואָס מ׳האָט אים געשאָנקען אין אַמעריקע פאַרן אָפּפאָרן, און מיט עטלעכע צענדליק אַמעריקאַנער דאָלער, וועלכע ער האָט געהאַט ביי זיך אין קעשענע".

אַ קורצע צייט בלויז איז ליטוואַק פאַרבליבן אין פעטערבורג. פאַר דער צייט האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע אַרטיקלען אין דער „אַרבעטער שטימע", וועלכע איז איצט אַרויסגעגאַנגען אין פעטערבורג; ער האָט אויך געשיקט עט־לעכע אַרטיקלען אין דער ניו־יאָרקער „נייע וועלט"; אין נ׳ 45 „אַרבעטער שטימע" (סעפּטעמבער 1917) איז אָפּגעדרוקט זיין גרויסע אַרבעט „אין די פינצטערע יאָרן" — דאָס איז געווען אַ יום־טובדיקער נומער לכבוד דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילײַ פון „בונד". אין גיכן איז א. ליטוואַק אַריבערגעפאָרן קיין מינסק, ווו עס האָט זיך געפונען די ביוראָ פון צענטראַל־קאָמיטעט. צו די

מיטגלידער ירחמיאל, אסתר, יודין־אייזענשטאַט א״אַ איז צוגעקומען איצט א. ליטוואַק. פון יוני אָן איז דאָ אין מינסק אַרויסגעגאַנגען „דער וועקער״, ווי אַ טעגלעכע צייטונג פאַרן צפון־מערבדיקן געגנט. אין אַ האַלב יאָר אַרום איז אים באַשערט געווען צו פאַרוואַנדלט ווערן אינעם צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד״. א. ליטוואַק איז געוואָרן מיטרעדאַקטאָר פונעם „וועקער״. ער איז ווייטער געווען אויף זיין פלאַץ. ער האָט ווייטער געקענט ווירקן מיט וואָרט און טאַט אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ווי אַ מיטגליד פון צ״ק האָט ער געטראָגן די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם ווייטערדיקן גורל פון דער רעוואָ־לוציע און פון „בונד״.

די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט אין רוסלאַנד מיט דער שנעלקייט פון אַ פילם. דער טאָג פון 25סטן אָקטאָבער, פון דער באָלשעוויסטישער איבער־קערעניש, האָט זיך דערנענטערט אויף אַ פאַטאַליסטישן אופן און מיט אַ מערק־ווירדיקער שנעלקייט. וואָס נוגע דעם „בונד״, איז נאָך דאָ אין אויגוסט 1917 די אָנפירונג געווען אין די הענט פון די רעכטע און אַפילו „אָבאָראָנצעס״. אָבער די לינקע און אינטערנאַציאָנאַליסטישע שטימונגען זענען כסדר געוואַקסן. שוין אויף דער אויגוסט־קאָנפערענץ אין קיעוו האָבן זיך די שטימען אין די הויפּט־פראַגן — באַציִונג צו דער רעגירונג, מלחמה און שלום — צעטיילט כמעט אויף העלפט. דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער פליגל אין „בונד״ האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט, און אין גיכן זענען נישט נאָר אַ טייל פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן נאָר אויך פון די רעכטע אַריבער אויפן קאָמוניסטישן שטאַנדפונקט.

דעם 8־15טן דעצעמבער 1917 קומט פאָר אין פּעטראָגראַד דער 8ער צוזאַמענפאָר פון „בונד״. עס זענען פאַרטראַטן 48 אָרגאַניזאַציעס דורך 74 דעלעגאַטן. אויף דעם צוזאַמענפאָר האָבן זיך שוין געפירט פאַרשאַרפטע אינע־ווייניקסטע קאַמפן. די אינטערנאַציאָנאַליסטן האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן מיט אַ גרויסער מערהייט זייער מאַרטאָוו־רעזאָלוציע, אָבער ביים אויסוויילן דעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אינטערנאַציאָנאַליסטן פאַרמאָגן נישט קיין אויטאָריטעטע קאַנדידאַטן אויף צו באַזעצן דעם צ״ק, און עס איז דעריבער אויסגעקליבן געוואָרן כמעט דער גאַנצער אַלטער באַשטאַנד, מיטן צוגאָב פון וויקטאָר אַלטער. ליטוואַק האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר נישט געהאַט קיין אַרויסטרעטונג: עס האָבן געקעמפט בעיקר די הויפּט־פאָר־שטייער פון די ריכטונגען, קיין יידישע פראַגן זענען אין סדר־היום נישט געווען, אין די אַלגעמיינע פראַגן האָט זיך אַפּנים א. ליטוואַק נאָך אַלץ נישט געפילט גענוג דעצידירט.

פון פעטערבורג איז א. ליטוואַק צוריק געפאָרן קיין מינסק. ליטוואַק אַרבעט ווייטער אין „וועקער״, שטייט אויס שטענדיקע קאָנפליקטן מיט אסתרן.

ירחמיאל איז דער פאָרזיצער פון דער רעדאַקציע און ער באַמיט זיך אויס־צוגלייכן די סיכסוכים צווישן דער אַלץ־לינקער־גייענדיקער אסתר און דעם צענטריסטישן ליטוואַק. ירחמיאל און ליטוואַק פאַרטרעטן דעם „בונד" אין דער „ראַדע" פון ווייסרוסלאַנד.

מערץ־אַפּריל 1918 קומען פאָר די וואַלן צו דער מינסקער קהילה. עס גייט אָן אַ שווערע וואַל־קאַמפּאַניע. אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן אין לאַנד ווערט די ברייטע יידישע מאַסע אַלץ מעסיקער, הערט זיך צו צו די ציוניסטן. א. ליטוואַק וואַרפט זיך אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דעם וואַלקאַמף. דאָ שווימט ער אַזוי ווי אַ פיש אין וואַסער. זיין דערפאָלג איז אויסערגעוויינלעך. עס איז זיין גלאַנץ־פּעריאָד אין דער מינסקער צייט. ער איז אַליין דערוויילט אין דער קהילה, צוזאַמען מיט אַ גרויסער בונדישער פראַקציע, וועלכע איז אָבער נישט קיין מערהייט. די ערשטע זיצונג פון דער קהילה איז ווייטער דער גרויסער טריומף פון א. ליטוואַק. די גאַנצע זיצונג גייט אָן אַ שאַרפער דועל צווישן אים און דעם פאָרשטייער פון די ציונים, ד״ר בערגער. שעהען געדויערט זייער צוויי־קאַמף, וועלכער גייט אָן אין דער אָנוועזנהייט פון אַ קאָלאָסאַלן עולם. דער ליידנשאַפטלעכער קאַמף איז אַרום ציוניזם, יידיש־העברעיש.

א. ליטוואַקס אַלגעמיין־פּאָליטישע שטימונג קען מען זען פון אַן אַרטיקל, וועלכן מיר געפינען אין דער ניו־יאָרקער „נייער וועלט", נ׳ 11 פון 15טן מערץ 1918, אַפּנים איבערגעדרוקט פון דעם מינסקער „וועקער". דער אַרטיקל רופט זיך „מענטשן־חיות" און איז געווידמעט דעם טרויעריקן אינצידענט אין פּעטערבורג, ווען די מאַטראָסן האָבן אויף אַ ברוטאַלן אופן דערשאָסן דעם גענעראַל דוכאָנין. „עס איז אַ פלעק — שרייבט א. ליטוואַק — אויף דער רע־וואָלוציע, אַ שוואַרצער פלעק אויף דעם נאָמען מענטש. עס כאַפּט אָן אַן אימה פאַר רוסלאַנד... דאָ האָט זיך געגעבן צו פילן דריי און אַ האַלב יאָר קריג... גאָר די נויט, גאָר דער הונגער פון די לעצטע מאָנאַטן. אָבער אַ גרויסן חלק אין דעם אַלעם האָבן אויך די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן געחנפהט די נידע־ריקע אינסטינקטן, וועלכע האָבן געלערנט די מאַסן, אַז דער שפּיז איז די העכסטע מאַכט, די קויל — די העכסטע גערעכטיקייט... קרילענקאָ מיט זיינע חברים האָבן אַרויסגערופן די פינצטערע קרעפטן פון אַנאַרכיע און איצט האָבן זיי פאַרלוירן די הערשאַפט איבער זיי. נישט די באָלשעוויקעס פירן די שפּיזן, נאָר פאַרקערט, די שפּיזן פירן די באָלשעוויקעס... מיר טאָרן זיך נישט אונ־טערגעבן דעם געפיל פון יאוש. וואָס געדיכטער דער חושך, אַלץ גרעסער דאַרפן זיין אונדזערע אָנשטרענגונגען... אַלע קרעפטן דעם קאַמף קעגן דער

חיה אין די פינצטערע מאַסן. אַלע קרעפטן דער דערציִונג פון דעם פרייען קעמפנדיקן מענטשן אין די דערוואַכטע פעלקער פון רוסלאַנד".

שפּעטער מיט עטלעכע חדשים איז א. ליטוואַקן אויסגעקומען צו זען אַלץ מער און מער מעשים תעתועים פון די מענטשן־חיות מיט פּאַרטיי־קאַרטן און אַן אַזעלכע...

**
*

דערווייל האָט זיך קיִעוו געגרייט צו דער אוקראַיִנער ייִדישער צייטווייליקער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. אָנפאַנג נאָוועמבער 1918 האָט זי שוין געדאַרפט זיך עפענען. איבער גאַנץ אוקראַיִנע זענען דורכגעפירט געוואָרן וואַלן צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג. אַלע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע בעסטע כוחות פאַר קאַנדידאַטן צו דער פאַרזאַמלונג. אין גאַנצן זענען פאָרגעקומען וואַלן אין 168 קהילות; אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט 3.663 ראַטמענער, וועלכע האָבן פאַרטראַטן 209.128 וויילער. דער „בונד" האָט באַקומען 37.704 שטימען און 23 דעלעגאַטן — די גרעסטע פראַקציע נאָך די ציוניסטן (42 דעלעגאַטן). אויך א. ליטוואַק איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ דעלעגאַט, און ער איז טאַקע געקומען קיין קיִעוו און זיך באַטייליקט אינעם א"ג ייִדישן פאַרפאַרלאַמענט.

אין דער בונדישער פראַקציע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט א. ליטוואַק געשפּילט אַ ביז גאַר וויכטיקע און אָנגעזעענע ראָל. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם פּראָיעקט פון דער דעקלאַראַציע פון „בונד", וועלכע איז שפּעטער געלייענט געוואָרן דורך אַלבערט־לוריע אויפן פּלענום פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. דער דאָזיקער פּראָיעקט ליטוואַקס איז, ווי עס פירט זיך, פריִער באַטראַכט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער פראַקציע, און עס איז געווען אַלעמענס מיינונג, אַז עס איז אַ וווּנדערבאַרער דאָקומענט, סיי פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט, סיי פון זיין ליטעראַרישן ווערט. אַוודאי, האָבן באַזונדערע מיטגלידער פון דער פראַקציע אַריינגעטראָגן אויסבעסערונגען, צוגאָבן אאַז"וו. א. ליטוואַק האָט אַלע פאָרשלאָגן אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און געדולדיקייט, אָן שום סימן פון מחברישער אַמביציע און זעלבסטליבע. און אויב ער האָט אייניקע זאַכן אָפּגעוואָרפן, געהאַלטן דאָס פאַר פאַלש, האָט ער עס אויך געטאָן רויִק, גוטמוטיק. דאָס איז פאַר אַ סך דעלעגאַטן געווען אַן איבערראַשונג: זיי זענען געווען ביי דער פאַלשער פאָרשטעלונג, אַז א. ליטוואַק איז אַ שווערער מענטש, אָן טאָלעראַנץ צו יענעמס מיינונגען. אָבער א. ליטוואַק האָט געפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פונעם מאָמענט, ער האָט געוווּסט צו שעצן די מיינונגען פון די דעלעגאַטן, וואָס זענען געקומען פון די

ערטער און וואָס האָבן אויף זייערע פּלייצעס אויסגעטראָגן דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע אויף דער יידישער גאַס. ער האָט די דעקלאַראַציע אויסגעבעסערט און אַזוי איז זי געלייענט געוואָרן. זי האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אויף די לינקע ווי אויף די רעכטע.

א. ליטוואַק איז אויך געווען דער ראש המדברים פון דער פראַקציע אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. ער האָט געהאַט דעם קאָרעפּעראַט וועגן דעם ציוניזם. קעגן די טעזיסן פון א. גאָלדשטיין און זיין רעפעראַט וועגן די ציוניס־טישע פאָדערונגען אויף דעם שלום־קאָנגרעס — האָט א. ליטוואַק אַרויסגערוקט די טענה, אַז דער שלום־קאָנגרעס קאָן דאָך זיכערן די עקסיסטענץ נאָר פון אַזאַ זאַך, וואָס עקסיסטירט שוין, אָבער נישט פון אַ זאַך וואָס עקסיסטירט נאָך נישט. ער האָט דעריבער געהאַלטן, אַז אַלע אַנדערע פּראָבלעמען פונעם יידישן לעבן זענען אַ סך וויכטיקער, איידער די פאָדערונגען, וואָס זאָלן צוגעשטעלט ווערן צום שלום־קאָנגרעס. וואָס נוגע דעם „בונד", האָט ער אָנגעוויזן אויף דער שטענדיקער פאַרבינדונג פון „בונד" מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועג־גונג פון די אַנדערע פעלקער, אויף איר אָריענטירט ער זיך אויך איצט, און מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וועט ער אָנהאַלטן די פאַרבינדונג און צו זיי זיך ווענדן, ווען עס וועט נייטיק זיין.

א. ליטוואַק איז שוין פאַרבליבן אין קיעוו, און דאָ איז אים באַשערט געווען דורכצומאַכן די פילצאָליקע פּאָליטישע איבערקערענישן, דעם גרויזאַמען בירגערקריג, די פאַרמעסטונגען צווישן די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן און די רוסיש־אָריענטירטע באָלשעוויקעס, און דער עיקר די שרעקלעכע שחיטות פון דער יידישער באַפעלקערונג איבערן גאַנצן לאַנד — פון די הענט פון אָרגאַ־ניזירטע און נישט־אָרגאַניזירטע, מלוכהש־נאַציאָנאַלע און אַנאַרכיסטיש־שאָווי־ניסטישע אוקראַינישע באַנדעס.

די בונדישע באַוועגונג אין אוקראַינע האָט פאַר די יאָרן פון דער רעוואָ־לוציע דורכגעמאַכט אַ רייכע געשיכטע, סיי כלפּי חוץ סיי כלפּי פנים. דער אָנערקענטער פירער פון דער בונדישער באַוועגונג איז דאָ געווען משה ראַפעס. די שטימונגען פון דער מיטגלידערשאַפט זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ לינקער. די נידערטרעכטיקע פירונג פון די אוקראַינישע פּאָליטיקער בראש מיט פּעטליוראַן האָט געשטופּט די יידישע אַרבעטער אַלץ מער לינקס. שוין אויף דער אויבן דערמאָנטער אויגוסט־קאָנפערענץ פון אוקראַינער „בונד" אין 1917 האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן אַנטשיידענער ווזקס פון די אינטערנאַציאָנאַליסטישע שטימונגען: די אינטערנאַציאָנאַליסטן זענען געווען פאַרטראָטן דורך ר. אַבראַ־מאָוויטש, און דער פאַרטרעטער פון די אָבאָראָנצעס איז געווען מ. ראַפעס. די רעזאָלוציע פון די ערשטע האָט באַקומען 34 שטימען, די רעזאָלוציע פון די

צווייטע — 27, דערביי האָבן זיך ביי דער גרונט־פראַגע אָפּגעהאַלטן 16 דעלע־גאַטן. דאָס זענען געווען די וואַקלדיקע, וועלכע האָבן שפּעטער דעצידירט דעם גורל פון דער בונדישער באַוועגונג.

נאָך דער איבערקערעניש פון סקאָראָפּאַדסקי האָבן אויף קיִעוו זיך געקליבן שווערע וואָלקנס. די באָלשעוויקעס האָבן געדריקט אויפן לאַנד פון עטלעכע זייטן — סטראַטעגיש, דיפּלאָמאַטיש, אינעווייניק אין די רייען פון דער אַרבע־טערשאַפט. איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג איז געלעגן דער חלף פון פּאָגראָמען. די רעשטלעך פון דער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע זענען געהאָנגען אויף אַ האָר. די ציוניסטן האָבן אַלץ געשטעלט אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע. די ייִדישע אינטעליגענץ איז געווען דעזאָריענטירט. פאַר די ברייטע מאַסן האָט די רויטע אַרמיי אַלץ מער געשיינט ווי די איינציקע אויס־לייזונג פון די שווידערלעכע פּערמאַנענטע שחיטות.

אין נאָוועמבער 1918 קומט פאַר די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. ביי די ייִדישע אַרבעטער שטאַרקן זיך די האָפענונגען אויף דער אייראָפּעיִשער רעוואָ־לוציע, עס שטאַרקט זיך דער גלויבן אין דער רויטער אַרמיי און אין דער מאָסקווער ראַטן־רעגירונג. און דאָס איז אויך דער אָנהייב פון דער שפּאַלטונג פון דער בונדישער פּאַרטיי: דער נעכטיקער אַבאָראָניעץ און רעכטער מ. ראַפעס קייקלט זיך אַלץ מער אויף לינקס. אין נאָוועמבער זענען שוין דאָ אין קיִעוו צוויי ביוראָס פון „בונד": איינע אַ לינקע, אָנגעפירט פון ראַפעסן, די צווייטע אַ רעכטע, אָנגעפירט פון א. ליטוואַקן; זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער און שטיצער זענען ב. ספּיוואַק, עטקין א״אַ. נאָך איז די אָרגאַניזאַציע „בונד" פאָרמעל נישט געשפּאָלטן, אָבער די אינעווייניקסטע שטרייטעריַיען זענען זייער גרויס, די באַציִונגען געוואַלדיק אָנגעשטרענגט. אין די טויערן פון קיִעוו קלאַפּט דערוויַיל די נייע רעוואָלוציאָנערע אוקראַיִנישע רעגירונג, די דירעקטאָריע, וועלכע זיצט אין ווינִיצע, און זי האָט דאָ אַגב דעם 16טן דעצעמבער צוריק־אויפגעשטעלט די נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וועלכע העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי האָט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אין גאַנצן אָפּגעשאַפט. איצט איז אַ סך אָפּהענגיק פון דעם, ווי אַזוי עס וועט זיך פירן די דירעקטאָריע, אויף וויפל זי וועט זיין רעוואָלוציאָנער אויסגעהאַלטן אין איר גאַנצער פּאָליטיק. מיר ווייסן שוין פון די פריִערדיקע זייטן די שטימונגען און אָנשוייונגען פון א. ליטוואַקן, און עס איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן זיין האַלטונג אין די קריטישע טעג.

דעם 19טן דעצעמבער 1918 איז די דירעקטאָריע אַריין אין קיִעוו. אין דער דירעקטאָריע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל דער סאָציאַל־דעמאָקראַט ווינִיטשענקאָ, די רעגירונג איז געגאַנגען אונטער רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. אין די קיִעווער ייִדישע קרייזן איז די שטימונג געווען אַן אָפּטימיסטישע, דער

„בונד" און די „פֿאַראייניקטע" האָבן געשיקט דער דירעקטאָריע ענטוזיאַסטישע באַגריסונגס־טעלעגראַמעס. אָבער די אַנטוישונג האָט נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. דער פּאַקטישער באַלעבאָס אין דער דירעקטאָריע איז געווען פּעטליורע, און הינטערן רוקן פֿון ווינישענקאָ האָט ער דורכגעפֿירט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט. די אוקראַיִנישע סאָציאַליסטן זענען געווען אינערלעך צעשפּאָלטן, דער דרוק פֿון די באָלשעוויקעס איז געווען שטאַרק. די רעאַקציע אין דער דירעקטאָריע האָט זיך פֿאַרגרעסערט, אירע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען האָבן זיך אַלץ מער אויסגעוועפּט.

שוין אין אַ חודש אַרום נאָכן פֿאַרנעמען קיִעוו און נאָכן באַפֿעסטיקן זיך אין גאַנץ אוקראַיִנע, איז די דאָזיקע טענדענץ פֿון דער דירעקטאָריע געווען אַזוי קלאָר, אַז די יִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אָפּגערופֿן זייערע פֿאָרשטייער פֿון די קהילות און פֿון די שטאָטישע זעלבסט־פֿאַרוואַלטונגען. די דירעקטאָריע האָט כסדר אונטערהאַנדלט מיט די יִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, זיי זאָלן באַשטימען אַ יִדישן מיניסטער אין דער רעגירונג. אָבער, פּונקט ווי די רוסישע סאָציאַליסטן, זענען זיי אויך געבליבן אין שאַרפֿער אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג. דערווייל זענען נאָך אַלע — דער „בונד", די פֿאַראייניקטע און די פּועלי־ציון — געווען איינשטימיק: אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן די דירעקטאָריע, כּל זמן עס וועט זיך נישט ענדערן איר פּאָליטיק בנוגע דער אוקראַיִנער אַרבעטער־באַוועגונג, בנוגע סאָוועטן־רוסלאַנד און דער עיקר בנוגע צו די מיליטאַריסטישע פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן געהאַלטן די דירעקטאָריע אין געפֿאַנגענשאַפֿט. אויף די געמיינזאַמע באַראַטונגען פֿון די פּאַרטייען איז דער „בונד" געווען פֿאַרטראָטן דורך ביידע ביוראָס: די באָלשעוויסטישע פֿראַקציע דורך חפֿץ און ראַפּעס, די מענשעוויסטישע פֿראַקציע דורך א. ליטוואַק. געענדיקט האָט עס זיך מיט דעם, אַז די פּועלי־ציון האָבן פֿאַרראַטן דעם „בונד" מיט די „פֿאַראייניקטע" און באַשלאָסן צו שיקן א. רעוווצקי ווי אַ יִדישן מיניסטער אין דער פּעטליורישער דירעקטאָריע.

אָנהייב 1919 איז אין קיִעוו פֿאָרגעקומען אַן אַרבעט־קאָנגרעס; דאָ האָט געדאַרפֿט געשאַפֿן ווערן שטימונג און מאָראַלישע אונטערשטיצונג פֿאַר דער דירעקטאָריע. אויך דאָ, אויפֿן קאָנגרעס, זענען אַרויסגעטראָטן ביידע פֿראַקציעס פֿון „בונד", דערביי האָט די לינקע פֿראַקציע געמאָלדן, אַז זי סאָלידאַריזירט זיך פֿולשטענדיק מיטן באָלשעוויזם. אין נאָמען פֿון דער רעכטער פֿראַקציע האָט גערעדט א. ליטוואַק. ער האָט גערעדט אַ גוטן רוסיש, זיין רעדע איז געווען אויסגעצייכנט, פּאָליטיש קלאָר און גוט באַגרינדעט, מיט אַן אַלזייטיקער און ריכטיקער אָפּשאַצונג פֿון דער גאַנצער סיטואַציע אין דעמאָלטיקער

אוקראַינע. הגם דער גאַנצער קאָנגרעס האָט זיך געפירט כאַאָטיש, האָט א. ליטוואַקס רעדע איבערגעלאָזט אַ גאָר שטאַרקן איינדרוק.

אָבער די געשעענישן זענען געגאַנגען מיט אַן אויסטערלישער שנעלקייט און אינעווייניקסטער לאָגיק. אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין די רויטע אַרמיי געווען אין קיִעוו (5טן פעברואַר 1919) — פאַרשטייט זיך, נישט אָן דער הילף פון די אַרטיקע באָלשעוויסטישע קעמערלעך און אָרגאַניזאַציעס. אין פעברואַר קומט שוין צו אַ פאַרמעלער שפּאַלטונג אין דער קיִעווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד": אויף דער אַלגעמיינער פאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָבן געשטימט 97 מיט־גלידער פאַר דער לינקער שטעלונג, 79 פאַר דער רעכטער, 11 האָבן זיך אָפּגע־האַלטן. דעם 18טן פעברואַר 1919 איז פאָרגעקומען אַ לאַנד־באַראַטונג פון „בונד", עס זענען געקומען אין גאַנצן 28 דעלעגאַטן. אויך אין אָדעס, כאַרקאָוו און יעקאַטערינאָסלאַוו זענען שוין פאָרגעקומען אין „בונד" שפּאַלטונגען. איצט איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין לאַנד־מאַסשטאַב. די רעכטע האָבן פאַרגעלייגט וואַרטן ביז דער 11טער קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע איז גערופן געוואָרן אויפן 16טן מערץ אין מינסק. אָבער די לינקע האָבן נישט געוואָלט איינגיין אויף דעם. דעם 1טן מערץ האָט זיך אין קיִעוו קאָנסטיטויִרט אַ קאָנפערענץ פון די לינקע אָרגאַניזאַציעס פון בונד, און דאָ איז געשאַפן געוואָרן דער „קאָמו־ניסטישער בונד" (קאָמבונד). דער „בונד" אויף אוקראַינע איז געווען אָפיציעל געשפּאָלטן.

אָט דאָס איז געווען דאָס פעלד פון טעטיקייט פאַר א. ליטוואַקן אין יענער צייט. עס איז אפשר געווען דער ביטערסטער פעריאָד אין זיין לעבן. איינזאַם, אָן זיינע אַלטע פריינד פון „בונד", אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון שטענדיקע איבערקערענישן און באָמבאַרדירונגען, אין שרעק פאַר אַ פּאָגראָם אין קיִעוו, אין אַן אַטמאָספער פון אַבסאָלוטער שטאַנדהאַפטלאָזיקייט, ווען אין דער פרי האָט מען נישט געוווּסט, ווי אַזוי וועט דער געגעבענער חבר און טוער פאַרענ־דיקן פּאָליטיש־פּאַרטייִיש צום אָוונט — האָט א. ליטוואַק געטראָגן שטאָלץ די פאָן פון זיין אַלטער פּאַרטיי.

געבליבן דער איינציקער גענעראַל אין בונדישן שטאַב, האָט ער אָבער געוווּסט ווי צו היטן דעם פּאַרטיי־פאַרמעגן. די קיִעווער סאָציאַליסטישע טוער פון יענער צייט געדענקען נאָך ביז היינט, ווי אַזוי, למשל, א. ליטוואַק האָט זיך געהאַלטן אויף אַ געוויסער פאַרזאַמלונג, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן דורך דעם פירער פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג אין איינעם פון יענע פיל־צאָליקע פאַלן, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען קיִעוו. דער דאָזיקער פירער פונעם „אָסאָבי אָטדיעל" האָט נישט אַנדערש געוואָלט, ווי איבערצייגן אַלע ריכטונגען — פון די ליבעראַלן ביז אַלע מינים סאָציאַליסטן, אַז זיי דאַרפן

דווקא מיטאַרבעטן מיט די באָלשעוויקעס. אָט צו דעם צוועק האָט ער פאַררופן עטלעכע הונדערט מענטשן אין זאַל פון שטאָטראַט, און געהאַלטן פאַר זיי אַן אָנטשפּרעכנדיקע דרשה. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די ענטפערס פון די פּאַרטיי־פאַרשטייער. דער ערשטער האָט גערעדט אַ פּראָפעסאָר פון אוניווערסיטעט, אַ צעקראָכענער ליבעראַל; ער האָט זיך געבויגן אין דרייען פאַר דער נייער מאַכט, און אומווירדיק געחנפהט. דער צווייטער רעדנער איז געווען א. ליטוואַק, מוטיק, שאַרף, קלוג, סאַרקאַסטיש, פּאָליטיש אויסגעהאַלטן איז געווען אָ. ליט־וואַקס רעדע. ער האָט אָפּגעוואָרפן די איינלאַדונג מיטצואַרבעטן מיט דער באָלשעוויסטישער מאַכט, און ער האָט אויפגעוויקלט דאָס בילד פון דער באָל־שעוויסטישער פּאָליטיק און פירונג. די פאַרזאַמלונג איז עלעקטריפיצירט גע־וואָרן. מער קיין רעדנער האָבן שוין נישט גערעדט. די פאַרשטייער פון די אַנדערע פּאַרטייען זענען געווען גרייט ליטוואַקן אויף די הענט צו טראָגן. מען האָט צווישן זיך גערעדט: מען האָט נאָך אַזאַ רעדע נישט געהערט. און פאַראַן אַזעלכע, וואָס געדענקען ביז היינט די רעדע, גיבן זיי צו: זיי האָבן זינט דע־מאָלט אַזאַ רעדע נישט געהערט. גאַנץ קיִעוו האָט געשמועסט וועגן ליטוואַקס רעדע און האַלטונג. מע האָט געוווסט — דאָס איז די שטעלונג פון „בונד״. דאָס האָט דער „בונד״ אָפּגעגעבן זיין דעקלאַראַציע. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט זיך א. ליטוואַק אויסבאַהאַלטן אַ געוויסע צייט. מע האָט אים נישט אַרעסטירט. בעת די באָלשעוויסטישע רעזשימען אין קיִעוו, פּונקט ווי אַמאָל ביים צאַרישן רעזשים, האָט א. ליטוואַק אַרויסגעוויזן בריהשקייט און מזלדיקייט נישט אַרעס־טירט צו ווערן. אַרום זיינען כסדר אָנגעגאַנגען אַרעסטן פון די מענשעוויקעס און אַנדערע. מע איז געזעסן וואַכנלאַנג אָן אַ פּאַרוואָס. מע האָט געהאַלטן אין איין „איינלאַדן״ אין טשעקאַ. א. ליטוואַק איז אָבער קיין איין מאָל אין קיִעוו נישט פאַרהאַלטן געוואָרן. און איז ער געפאָרן איין מאָל אין 19־20סטן יאָר אויף אַן אומלעגאַלער באַראַטונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, קיין כאַר־קאָוו, איז די באַראַטונג אַרעסטירט געוואָרן, איין ליטוואַק איז ניצול געוואָרן. אים איז גראָד איינגעפאַלן — ער דאַרף גיין זען עפּעס אַ באַקאַנטע. אָגב, האָט ליטוואַק אויפן וועג קיין כאַרקאָוו געהאַט אַ גרויסע איבערלעבונג: צוזאַמען מיט אַ גרופּע דעלעגאַטן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין פּאָלטאַווע און דאָ באַזוכט דעם גרויסן שרייבער און קעמפער וול. קאָראָלענקאָ, ביי אים געגעסן פרישטיק און מיט אים פאַרבראַכט עטלעכע שעה.

שוועך, אומגעהייער שוועך איז געווען ליטוואַקס לעבן אין קיִעוו אין דער דאָזיקער צייט, ווען די מאַכט האָט זיך יעדע פאָר וואָכן געטוישט, און אַרום האָט געהערשט הונגער און נויט. אויך אין דעם פּרט האָט ער געהאַט גרויס מזל: אַרום האָט געהערשט טיפוס און אַנדערע קראַנקייטן. מענטשן, באַזונדערס

פון דער אינטעליגענץ, זענען געפאַלן ווי פליגן. ליטוואַקס אָרגאַניזם איז אַזוי ווי געווען פאַרכישופט. קיין איין מאָל נישט געקרענקט, זיך נישט אָנגעשטעקט.

אָן מאַטעריעלע מיטלען צום לעבן, ביי אַ פוסטער פאַרטיי־קאַסע, ביי הונגער־באַדינגונגען אין שטאָט, שוין לאַנג צעריסן יעדן בגד וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון אַמעריקע — אָט אַזוי האָט געלעבט א. ליטוואַק. אין שטענדיקער מורא פאַר פאָליטישע פאַרפאָלגונגען פון די היינטיקע און מאָרגנ־דיקע מאַכט־באַזיצער — איז אים אויסגעקומען טעג און וואָכן זיך אויסצובאַ־האַלטן. גאַנץ אָפט איז ער נאָך אַ פאַרזאַמלונג פאַרבליבן שלאָפן אין בונדישן קלוב. דאָ אויף די הוילע בענק און טישן האָט ער פאַרבראַכט נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט. די נאָענטע מיטאַרבעטער ליטוואַקס זענען אַליין געווען אין דער זעלבער געפאַר, די סימפּאַטיקער זענען געווען אָנגעשראָקן, צעלאָפן. אַנ־דערע האָבן אַליין געוווינט אין איין צימער מיט אַ גאַנצער פאַמיליע, און ערשט נעכטן איז מען אין אַזאַ שטוב געווען אין נאָמען פון „אָרעמקייט־קאָמיטעט" און צוגענומען די לעצטע בעבעכעס אָדער גאָר אַוועקגעשלעפּט אין מיטן דער נאַכט אויף אומגעלומפּערטע צוואַנגס־אַרבעט. די איינציקע טרייסט ליטוואַקס זענען געווען די עטלעכע יונגע און יוגנטלעכע בונדיסטן, געטריייע, איבערגע־געבענע (אַזוי ווי בוזי ספּיוואַק). אָבער מאַטעריעל — וואָס האָבן די אַ יוגנט־לעכע געקענט אַרויסהעלפן זייער באַליבטן לערער א. ליטוואַק? און טאָמער האָט ער, ליטוואַק, געטראָפן אויף דער גאַס אָדער אויף אַ זיצונג אין אַ פּאַלאַץ פון דער היינטיקער רעגירונג, עפּעס אַן אַלטן באַקאַנטן צי פריינד פון אַמאָליקע צייטן, אַזאַ וואָס מען איז מיט אים צוזאַמען געזעסן ביי איין טיש אין אַ קאַפע אין ווין צי ציריך, אָדער גאָר אַזאַ איינעם, וואָס מען איז מיט אים צוזאַמען געזעסן אין ניו־יאָרק אין רעדאַקציע צי אין איין אָרגאַניזאַציע, אָדער גאָר אַ חבר פון אַמאָליקע טורמעס און פאַרשיקונג — האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז יענער איז איצט אַן אייגענער אין די הויכע פענצטער, און אין בעסטן פאַל האָט ער געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז עס פרייט אים זיך צו טרעפן ווידער מיט ליטוואַקן — אין דער אמתן אָבער האָט ער זיך פון אים באַלד אָפּגעדרייט, געגעבן אָנצוהערן אַז ער קען זיך מיט אים מער נישט טרעפן און אַוודאי קען ער אים נישט העלפן, כאָטש א. ליטוואַק איז אין דער ערגסטער לאַגע געווען געווען און שטאָלץ נישט אויסצונוצן קיינע פּראָטעקציעס און פּריוואַטע הילף פון אַט די געוועזענע.

אַ ביטערע צייט איז עס געווען פאַר ליטוואַקן.

חוץ דער גאַנצער לויפנדיקער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע, האָט מען נאָך געדאַרפט זאָרגן, אַז אין דער עפנטלעכקייט זאָל זיך הערן די שטים פון „בונד". שוין זינט דעם 8טן אויגוסט 1917 איז אין קיִעוו אַרויסגעגאַנגען די

טעגלעכע בונדישע „פאַלקצייטונג"; ביז דעם 21סטן פעברואַר 1919 איז עס געווען אַן אַרטיקע צייטונג פאַר דרום־רוסלאַנד, און פון דעמאָלט — דער אָר־גאַן פונעם אַלגעמיינעם יידישן קאָמיטעט פון אַרבעטער־בונד. במשך פון 1919־20 האָט זיך געביטן דער נאָמען פון דער בונדישער אויסגאַבע און אונ־טער פאַרשיידענע רעזשימען האָט זי געהייסן: „צייט־פראַגן", „פרייהייט", „פאָלקסצייטונג", „האָפנונג". די גאַנצע צייט איז א. ליטוואַק געווען אָדער מיטרעדאַקטאָר אָדער רעדאַקטאָר, און האָט אויסגעפילט די צייטונג מיט פאַר־שיידענע מאַטעריאַלן. אָפיציעלער רעדאַקטאָר איז שטענדיק געווען דער אויבן דערמאָנטער בוזי ספּיוואַק. דאָס רוב זענען דאָס געווען קורץ־אָטעמדיקע אויס־גאַבעס, טאָג־פלאַטערלעך, וואָס זענען אונטערגעגאַנגען נאָך איידער די מאַכט האָט זיך געכאַפּט זיי צו שליסן. היינט די מאַטעריעלע שוועריקייטן אַרויסצו־געבן אַזאַ מין בונדיש בלעטל? נישט קיין געלט, נישט קיין פּאַפּיר, נישט קיין פאַרשפּרייט־אַפּאַראַט, אין פרעמדע איבערגעשראָקענע דרוקערייען... און דאָס אַלץ האָט אויסגעטראָגן אויף זיך א. ליטוואַק אַליין. עס איז געווען צו באַוווּנ־דערן די ענערגיע און אומגעבראָכנקייט פון דעם מענטשן...

**
*

דעם 16־20סטן מערץ 1919 איז פאָרגעקומען די מינסקער קאָנפערענץ פון „בונד", די עלפטע קאָנפערענץ. די קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען זענען דע־מאָלט געווען אויסערגעוויינלעך שווער, און א. ליטוואַק צוזאַמען מיט די אַנ־דערע קיִעווער דעלעגאַטן זענען געקומען צו שפּעט. ער האָט דערפאַר קיין רע־פעראַט אויף דער קאָנפערענץ ניט געהאַט. ראַפּעס איז דאָ צוגעלאָזט געוואָרן ווי אַ גאַסט, און ער האָט זיך באַמיט ווירקן אויף דער קאָנפערענץ, זי זאָל זיך שטעלן אויף דער קאָמוניסטישער פּלאַטפאָרם. ליטוואַק איז עטלעכע מאָל אַרויס־געטראָטן אויף דער קאָנפערענץ, פאַרטיידיקט די אָפּאָזיציע צום לינק־קאָמו־ניסטישן קורס פון אַ טייל דעלעגאַטן. אויף דער קאָנפערענץ האָבן געקעמפט עטלעכע פראַקציעס. ליטוואַק איז געווען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע. די הויפּט־פראַגע איז געווען: אָננעמען דעם פּרינציפּ פון ראַטנמאַכט און דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אַ דאַנק אסתר און ירחמיאל האָט זיך דאָ איינגעגעבן צו פאַרמיידן אַ שפּאַלטונג אין „בונד". דערווייל זענען אַלע פאַר־בליבן אין איין פּאַרטיי. אָבער דער פּרינציפּ פון ראַטנמאַכט איז דורך דער מערהייט פון דער קאָנפערענץ דאָך אָנגענומען געוואָרן.

ווען די גאַנצע קיִעווער גרופּע דעלעגאַטן האָט געמאַכט געוואַלדיקע אָבסטרוקציעס קעגן ראַפּעסן — האָט א. ליטוואַק זיך אָפּגעהאַלטן דערפון. ער האָט געזען, אַז יעדע קלייניקייט קען דאָ מיטווירקן צו אַ שפּאַלטונג, און ער

איז אַליין געווען צוריקגעהאַלטן און אויך אויף אַנדערע געפּרוווט ווירקן. עס איז געווען זיין איינציקע כוונה: נישט דערפירן צו אַ שפּאַלטונג. דאָס איז אָבער געווען שוין אָנגעצייכנט פון דער גאַנצער געשיכטע פון די לעצטע נאָך־מלחמה־יאָרן. דאָס וואָס איז נישט געשען אויף דער מינסקער קאָנפערענץ, איז באַלד אין גיכן געשען אויף דער מאָסקווער קאָנפערענץ.

פון מינסק איז ליטוואַק אָפּגעפאָרן קיין ווילנע. א. ליטוואַק האָט אין ווילנע אָפּגעגעבן זיין באַריכט וועגן דער מינסקער קאָנפערענץ, ער האָט זיך באַמיט צו זיין קאָרעקט צו די קעגנער, נישט פאַרשאַרפן די באַציִונגען. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, די דאָזיקע באַריכט־פאַרזאַמלונג איז געווען רייך מיט דראַ־מאַטישע מאָמענטן, דער פירער פון דער אָפּאָזיציע האָט זיך געריסן צום וואָרט, געמאַכט דעמאָנסטראַציע, דער פאַרשטאָרבענער ווירגילי האָט געמאַכט קעגן־דעמאָנסטראַציעס זינגענדיק די „שבועה" — און צום סוף איז אַ היפּשע גרופּע אין גאַנצן אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג. א. ליטוואַק האָט נאָך דאָ אין ווילנע געהאַלטן אַ פּאָר ליטעראַרישע רעפעראַטן — זיי זענען פאַר אים געווען אַ שטיקל אָפּרו פון די פּאָליטישע פראַקציאָנעלע צאַנקערייען און שלאַכטן. שוין עטלעכע יאָר האָט ליטוואַק נישט געזען זיין ווילנע, פיל זאַכן האָבן זיך דאָ געענדערט פאַר די מלחמה־יאָרן, נייע מענטשן, נייע פּראָבלעמען. קיין צופיל נחת האָט ער אויך דאָ נישט געשעפּט פאַר די פּאָר וואָכן, וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט. און דעמאָלט איז ער צוריק אַוועק קיין קיִעוו. שווער איז געווען דער וועג צוריק קיין קיִעוו. אוקראַיִנע האָט ווייטער געקאָכט און געשטאַנען פאַר נייע געשעענישן. וואָס ווייטער, איז אוקראַיִנע אַלץ מער אָפּגעריסן געוואָרן פון די אַנדערע טיילן פונעם גרויסן לאַנד. דער פילם פון בירגערקריג דרייט זיך ווייטער: דעניקין, וראַנגעל, מלחמה מיט פּוילן. קיִעוו און אוקראַיִנע בכלל שטייען אין צענטער פון די קאַמפן.

ביי אַזעלכע אומשטענדן ווערט אַלץ שווערער צו פירן אַ בונדישע טעטי־קייט. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג ראַנגלט זיך פאַר דער מעגלעכקייט צו עקסיסטירן לעגאַל. מען פּאַסט זיך צו צו די אומשטענדן. נישט איינער ווערט געשטרויכלט: ווען די דעניקינצעס פאַרכאַפּן קיִעוו, שאַפט זיך ביי אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אַ שטימונג זיך צוצופּאַסן, גיין מיט די דעני־קינצעס, נישט דערמאָנענדיק דער נייער מאַכט אירע אָקערשט־דורכגעפירטע פּאָ־גראָמען אויף יידן. עס ווערט אויך געשטרויכלט איין בונדיסט: ד. זאַסלאַווסקי. ליטוואַק האַלט זיך פעסט, גייט נישט אויף קיינע קאָמפּראָמיסן, אין מאָמענטן פון סכנה רופט ער אַפילו די בונדישע מאַסן אַריינצוטרעטן אין דער רויטער אַרמיי כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן דער געפאַר פון בלוטיקער אוקראַיִנישער און דעניקינשער רעאַקציע. שווער איז ביי דער לאַגע איינצוהאַלטן פּאָליטישן גלייכ־

געוויכט. אָבער א. ליטוואַק בלייבט אומדערשיטערט. ער האַלט איין די אָרגאַ־ניזאַציע, ער טרעט אויף ביי יעדער געלעגנהייט אין נאָמען פון „בונד״, ער באַטייליקט זיך אין אַלע לעגאַלע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען, ער באַ־האַלט זיך ווען די סכנה פון אַרעסט איז צו גרויס און ער שווימט אַרויס אומ־געריכט ווען די סכנה איז אַריבער. אַט האָט מען זיך געדאַרפט באַהאַלטן פון די פּעטליוראַווצעס, אַט פון די באָלשעוויקעס, אַט פון די דעניקינצעס, אַט פון די פּאָליאַקן, און אַט ווייטער אַ מאָל פון די באָלשעוויקעס. און די לעצטע האָבן ביי יעדן מאָל פאַרנעמען קיִעוו אַן אַנדער פּנים, אַן אַנדער טאַקטיק.

פון וואָס האָט א. ליטוואַק דעמאָלט געלעבט? קיינער האָט נישט געפרעגט, קיינער האָט נישט געזאָרגט. הונגער, טויט־שרעק, אַרעסטן, פּאָגראָמען זענען געהאַנגען איבער דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג. אַלץ איז געווען טראָ־ריזירט און דערשלאָגן. אַ שטיק ברויט און אַ ביסל הייסע זופּ איז געווען אַ פּראָבלעם. ווי אַלע אַנדערע, איז אויך א. ליטוואַק געשטאַנען אין דער ריי נאָך אַ ביסל קאַשע און אַ שטיקל שוואַרץ ברויט געמישט מיט זאַמד. ער האָט זיך געקלאַמערט אין די פּאַרלאַגס־אינסטיטוציעס פון די צי אַנדערער רעגירונג, וווּ מען האָט כלומרשט געטאָן עפּעס אַן אידעיִש־נוצלעכע אַרבעט, אָבער אין דער אמתן זיך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן פּלענער וואָס זענען קיין מאָל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן און מיט שאַפן לעבנס־מעגלעכקייטן פאַר די אָנגע־שטעלטע...

**
*

זינט סקאָראָפּאַדסקי איז געקומען צו דער מאַכט, איז אין קיִעוו אויסגע־וואַקסן אַ גרויסע ייִדיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע — די „קולטור־ליגע״. זי האָט געזאָלט אויספירן די פונקציעס פון דער אונטערגעגאַנגענער נאַציאָ־נאַלער אויטאָנאָמיע. די „קולטור־ליגע״ איז זיך שטאַרק צעוואַקסן און פאַר־מאָגט אין לאַנד ביי 200 דערציִאונג־ און קולטור־אינסטיטוציעס. אויך די קולטור־ליגע האָט געליטן פון די פּאָליטישע איבערקערענישן און פּאָגראָם־געשעענישן, און צום סוף איז זי אין גאַנצן פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישער מאַכט, ווען זי האָט זיך אין דער צווייטער העלפט 1920 פאַר־פעסטיקט. די „קולטור־ליגע״ האָט געהאַט אַ צענטראַל־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטראָטן אַלע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווי אויך די פאָלקס־פּאַרטיי און די ליטעראַרישע וועלט. די פּראַקטישע אַרבעט האָט געפירט אַן אויספיר־ביוראָ פון 5־6 פּערזאָן. א. ליטוואַק איז געווען אַקטיוו אין דער „קולטור־ליגע״, ער פלעגט קומען אויף די זיצונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט, ער האָט זיך באַטייליקט אין אייניקע אירע סעקציעס, און אַ געוויסע

צייט איז ער אַפילו געווען אַ מיטגליד פון אויספיר־ביוראָ. ער האָט אָפט געהאַלטן רעפעראַטן אויף די אונטערנעמונגען פון דער „קולטור־ליגע", ער האָט רעדאַגירט און מיטגעאַרבעט אין די ליטעראַרישע אויסגאַבעס פון „קולטור־ליגע", ער האָט פאַרפאַסט דעם מאַניפעסט פון דער „קולטור־ליגע", וועלכער האָט באַגרינדעט די צילן און אויפגאַבן, די קולטור־אידעאַלן און אַרבעט־מעטאָדן פון דער „קולטור־ליגע". דאָס איז געווען אַ דאָקומענט פון אַ גרויסן פאַרנעם, סיי פּאָליטיש־אידעיש און סיי פּובליציסטיש־ליטעראַריש. עס איז געווען די באַגרינדונג פונעם סאָציאַליסטישן יידישיזם. א. ליטוואַק האָט אויך רעדאַגירט דעם בולעטין פון דער „קולטור־ליגע". אַ געוויסע צייט האָט פאַרנומען די מוחות פון די קולטור־טוער דער פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ יידישע אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע; א. ליטוואַק איז געווען אַ דירעקציע־מיטגליד פון אָט דער געפּלאַנטער ענציקלאָפּעדיע, און אויב זי איז נישט רעאַליזירט געוואָרן איז עס געוויס נישט די שולד פון דער „קולטור־ליגע" און אַוודאי נישט פון א. ליטוואַקן. ער האָט בכלל אַרויסגעוויזן גרויס אויפמערקזאַמקייט צו יענע אָפּטיילונגען פון דער „קולטור־ליגע", וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט בילדונג פאַר דערוואַקסענע. דאָ אין קיעוו איז א. ליטוואַק געווען אַ געוויסע צייט (אין 1919) איינער פון די דריי אָנפירערס פון דער יידישער סעקציע פון דעם ליטעראַריש־פאַרלעגערישן ביוראָ פון „ליטקאָם" (אַלאוקראַינער ליטעראַרישער קאָמיטעט), צוזאַמען מיט מ. ליטוואַקאָוון און נח לוריע. ער האָט אויך מיטרעדאַגירט דעם חודש־זשורנאַל פון אָט דער סעקציע „באַגינען" (קיעוו, יוני, 1919, זז' 126, אַרויס בלויז איין באַנד). ער איז אויך געווען איינער פון די איניציאַטאָרן און מיטרעדאַקטאָר פון דעם „רויטן פּנקס", אַן אויסגאַבע פאַר דער געשיכטע און מאַטעריאַלן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג; דער דאָזיקער פּנקס איז אַרויס אין קיעוו אין פאַרלאַג „קולטור־ליגע" אין 1920; שפּעטער איז ער אין דעם זעלבן פאַרלאַג איבערגעדרוקט געוואָרן אין וואַרשע, און עס איז דאָ אַרויס נאָך אַ צווייטער באַנד פון „רויטן פּנקס" — צו דיביידע זאַכן האָט א. ליטוואַק געהאַט די נאָענטסטע שייכות.

אין יולי 1919 איז אין קיעוו פאָרגעקומען אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער קולטור־ליגע. ראַפעס און אַברהם חפץ זענען אַרויסגעטראָטן מיט שאַרפע אַטאַקעס קעגן דעם כאַראַקטער פון דער „קולטור־ליגע" און איר אַרבעט אין „קליינבירגערלעכן" גייסט. זיי האָבן געוואָלט, די „קולטור־ליגע" זאָל ווערן קאָמוניסטיש, זאָל זיך פאַרנעמען בלויז מיט פּראָלעטאַרישער קולטור. א. ליטוואַק איז אַ פּאָר מאָל אויפגעטראָטן אויפן צוזאַמענפאָר, שאַרף פּאָלעמיזירט מיט די קאָמוניסטן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער רעזאָלוציע־קאָמיסיע, און ער איז טאַקע געווען דער מחבר פון דעם פּראָיעקט פון דער רעזאָלוציע, וואָס

איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער מערהייט. ער האָט דאָ צום ערשטן מאָל אין דער ייִדיש־סאָציאַליסטישער עפנטלעכקייט אַריינגעבראַכט די פאָרמולע „מאַסן־קולטור", וועלכע איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרן דורך אַלע ראַדיקאַל־דעמאָק־ראַטישע און סאָציאַליסטישע טוער אין פּוילן.

אין קיִעוו איז א. ליטוואַקן אויך געווען באַשערט איבערצולעבן די שווי־דערלעכע געשעענישן, ווען שרה פוקס האָט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד (זיך דער־טרונקען דעם 24סטן יוני 1919). אין זיין רעדע ביי איר לוויה האָט א. ליטוואַק זיך געזעגנט מיט דער אומגעקומענער. שרה פוקס איז געווען אַן אַרבעטאָרין און אַ מיטגליד פון קיִעווער קאָמיטעט, איבערגעגעבן און אידעאַליסטיש. דער אַרומיקער באָלשעוויסטישער טעראָר און די שפּאַלטונג אין „בונד" האָבן ביי איר אָפּגענומען איר גייסטיקן גלייכגעוויכט. פאַר ליטוואַקן איז עס געווען אַן אויסערגעוויינלעכער קלאַפּ. עס איז פאַר אים געווען נישט נאָר אַ פּאַרטייִשע אבדה, ער האָט אויך פאַרלוירן אַ נאָענטן פריינד. אין זיין פאָרוואָרט צום באַנד „וואָס געווען" האָט א. ליטוואַק געשריבן: ער האָט אַרויסצוגעבן אַ צווייטן באַנד פון דעם זעלבן כאַראַקטער, און דאָרט וועלן אַריינגיין צווישן אַנדערע זיינע אַרבעטן: „אַכט חדשים אין מינסק אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע"; „אַ יאָר אין קיִעוו (אָקטאָבער 1918 — אָקטאָבער 1919)"; „צוויי וואָס זענען אַוועק (שרה פוקס און נחקע יאָכוויד)". צום באַדויערן האָט א. ליטוואַק אויך דעם פּלאַן נישט פאַרווירקלעכט. זיין שטענדיק וואַנדערן, זיין לויפן פון איין שטאָט אין אַ צווייטער, פון איין לאַנד אין אַ צווייטן, זיין שטענדיקע מאַטעריעלע נויט און נישט־באַזאָרגטקייט מיטן מינימום, זיין אַקטיוויטעט און ווילן צו ווירקן אויף די געשעענישן פון הייַנטיקן טאָג — דאָס אַלץ האָט ביי אים אָפּגע־נומען די מעגלעכקייט צו אַרבעטן סיסטעמאַטיש איבער דעם, וואָס ער האָט אַזוי געוואָלט צו פאַרפיקסירן. און ער האָט דאָך אַזוי פיל געהאַט צו דערציילן!

**
*

אין מיטן חודש מיי 1920 האָט די פּוילישע אַרמיי פאַרנומען קיִעוו, און ערשט דעם 12טן יוני זענען זיי אַרויסגעטריבן געוואָרן. צום פערטן מאָל האָבן די באָלשעוויקעס פאַרנומען קיִעוו, דאָס מאָל שוין נישט אויף אַוועקצוגיין מער פון דאַנען.

קיִעוו איז געווען אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט. א. ליטוואַק האָט נישט געקענט אָנהאַלטן די פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי אין ווייסרוסלאַנד און מאָסקווע. און ווען אויף דעם 12טן אַפּריל 1920 איז גערופן געוואָרן די צוועלפטע קאָנפערענץ פון „בונד", האָט א. ליטוואַק דאָרט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט זיין. פּונקט אַזוי איז געשען אין 1919, ווען עס איז גערופן גע־

וואָרן אַ באַראַטונג פון „בונד" אין האָמליע; אויך אַהין האָט א. ליטוואַק זיך נישט געקענט דערקלייבן.

אויף דער צוועלפטער קאָנפערענץ האָט שוין אסתר פאַרטיידיקט דעם קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט, דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מינדערהייט האָט מען אַפילו נישט געגעבן קיין וואָרט אין דער דיסקוסיע צום באַריכט. ר. אַבראַמאָוויטש האָט אין זיין אָפּגעגעבענער דעקלאַראַציע אָנגערופן די שטעלונג פון דער מערהייט „אַנטנאַימדיקע פאַראייניקונג מיטן קאָמוניזם".

ש. לעוויטאַס איז גראָד דעמאָלט געפאַרן פון קיִעוו קיין מאָסקווע אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. האָט א. ליטוואַק מיט אים איבערגעגעבן צו דער בונדישער קאָנפערענץ אַ דעקלאַראַציע פון אוקראַיִנער „בונד", ווו ער האָט אַפּעלירט קעגן דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי. עס איז געווען אַ גרויסער וויכטיקער דאָקומענט. ר. אַבראַמאָוויטש האָט דעם דאָזיקן דאָקומענט פאַרעפנטלעכט אויף דער קאָנפערענץ.

דעם 19טן אַפּריל האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע בונדיסטן, נאָך דעם ווי זיי האָבן דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזט די צוועלפטע קאָנפערענץ, אַליין געעפנט זייער אייגענע צוועלפטע קאָנפערענץ און באַשלאָסן צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד — סאָציאַל־דעמאָקראַטן". עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אייגענער צענטראַל־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין יודין, אַבראַמאָוויטש, גר. אַראָנסאָן, א. ליטוואַק א"אַ. אין זיין בוך „אין צוויי רעוואָלוציעס" (ב' 2, ז' 316) דערמאָנט ר. אַבראַמאָוויטש צווישן די דעלעגאַטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מינדערהייט אויף דער געמיינזאַמער מאָסקווער קאָנפערענץ אויך א. ליטוואַקן. דאָס איז אָבער זיכער אַ טעות. א. ליטוואַק איז, ווי געזאָגט, נישט געווען אָנוועזנדיק אויף דער קאָנפערענץ. אויך אין די פאַרעפנטלעכטע באַריכטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בונדישער דעלעגאַציע, וועלכע זענען איבערגעדרוקט אין דער ניו־יאָרקער „נייער וועלט" פון 4טן פעברואַר 1921, איז א. ליטוואַקס נאָמען נישט אָנגעגעבן. אין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צענטראַל־קאָמיטעט איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אונטער די אויגן.

אָבער אין גיכן האָט זיך א. ליטוואַק באַוויזן אין מאָסקווע. אין גאָט ווייסט, ווי אַזוי ער האָט זיך דערשלאָגן צו מאָסקווע. אַרום האָבן געהערשט עפּידעמיעס, קיין געלט האָט ער נישט געהאַט, קיין וואַרעמע קליידונג אויך נישט, וואָס צו עסן אַוודאי נישט. דאָס איז שוין געווען אין טיפן האַרבסט, ווען ר. אַבראַמאָוויטש האָט זיך געטראָפן מיט ליטוואַקן אין מאָסקווע. „ווידער האָט זיך געעפנט די טיר פון מיין הויז — דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש — אויף דער אַרבאַטגאַס, און עס האָט זיך אַריינגעלאָזט חיים־יאַנקל, אָבער וואָס פאַר אַ חיים־יאַנקל!

דאָס איז שוין געווען דער סאַמע ברען פון „מיליטערישן קאָמוניזם" מיט דעם הונגער און דחקות. ליטוואַקס „אָנצוג" איז באַשטאַנען פון אַ לייוונטענעם זאַק, אין וועלכן עס זענען געמאַכט געוואָרן גאַנץ פּרימיטיווע אויסשניטן, כדי צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ מין בלוזע. עס איז געווען אַ געוויינטלעכער גרויער מעלזאַק פון אַ גראָבער סוראָווער לייוונט און אויף איין זייט האָט זיך נאָך געזען אַ טייל פון יענעם שוואַרצן שטעמפּל, מיט וועלכן מען האָט אין רוסלאַנד אָפּגעשטעמפּלט די מעלזעק. אויך זיינע הויזן זענען געמאַכט געוואָרן פון אַ צווייטן זאַק און זענען געווען אַרומגעבונדן אַרום די לענדן מיט אַ שטריקל. אויף די פיס האָט ער געטראָגן לייוונטענע סאַנדאַלן אויף הילצערנע פּאָדעשוועס, און כדי די סאַנדאַלן זאָלן נישט אַראָפּפאַלן פון די פיס, זענען זיי געווען אַרומגעבונדן אַרום און אַרום מיט שטריקלעך... אָבער אין זיין עלעגאַנטן אַמעריקאַנער סוט, ווי אין די קיִעווער זעק — פאַרענדיקט ר. אַבראַמאָוויטש — איז ליטוואַק אַלץ געווען דער אַלטער ליטוואַק: די ריינע נשמה, דער איבערגעגעבענער בונדיסט, דער עכטער סאָציאַליסט, דער געטרייער חבר, אויף וועלכן מען האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן — און דער גאָט־באַגאַבטער שרייבער און רעדנער".

א. מוקדוני דערציילט וועגן יענעם מאָסקווער פעריאָד אין לעבן פון א. ליטוואַק:

„איך פלעג אים (א. ליטוואַקן) אָפט זען אין יענעם קורצן פעריאָד און איך קען צוגעבן עטלעכע וויכטיקע איינצלהייטן. ער איז אַרעסטירט געוואָרן ווי אַ קעגנער פון באָלשעוויזם, ביים אַרעסט האָט מען ביי אים געפונען אַ היפּשע סומע אין דאָלאַרן; איז עס געווען קלאָר פאַר די וועלכע האָבן אים אַרעסטירט אַז דאָס געלט איז נישט זיינס. וואָרעם ווי קומט צו דעם אַרכי־פּראָלעטאַריער א. ליטוואַק עטלעכע הונדערט דאָלאַר? איז די טעאָריע פון די באָלשעוויקעס געווען, אַז דאָס איז די קאַסע פון דעם בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט. קיין זיכערערע קאַסע ווי א. ליטוואַקס קעשענע און קיין געטרייערערן קאַסיר ווי א. ליטוואַק האָט מען דאָך נישט געקענט געפינען. דאָס געלט האָט מען, פאַרשטייט זיך, צוגענומען ביי אים, און נאָך אַ קורצן אַרעסט האָט מען אים אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי. אָבער קיין פּאַפּירן האָט מען אים נישט געגעבן, ווייל ער איז געווען אונטער דעם חשד פון קאָנטער־רעוואָלוציע. און אָן אַ פּאַפּירל האָט מען אין מאָסקווע דאַן, אין סאַמע ברען פון דער רעוואָלוציע, ווען דריי פערטל פון די רוסישע בירגער זענען געווען אונטערן חשד פון קאָנטער־רעוואָלוציע, נישט געקענט לעבן. האָט א. ליטוואַק ממש געלעבט אויף דער גאַס. ביי נאַכט פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן צו אַן אייגענעם אָדער צו אַ גוטן באַקאַנטן און אַ דרעמל טאָן אַ פּאָר שעה. איך פלעג אים אָפט באַגעגענען גייענדיק איבער די

מאָסקווער גאַסן מיט נאָך אַ זייער הויכן בונדאָוויעץ — ער, דער קורצער און דער לאָמער, פלעגט שפּאַנען מיטן לאַנגפוסיקן חבר אפשר פערצן שעה אַ טאָג. איך בין געווען איינער פון זיינע פריינד צו וועלכע ער פלעגט זיך ביי נאַכט אַריינגנבענען צו כאַפּן אַ דרעמל. — אַרומגעגאַנגען איז ער איבער מאָסקווע קרוע־בלוע. דאָס איז דאַן קיין חידוש נישט געווען, גאַנץ רוסלאַנד איז דאַן געווען קרוע־בלוע. אָבער א. ליטוואַק איז אַרומגעגאַנגען אין שיך אָן פּאָדעשוועס. איך האָב זיך משתדל געווען מען זאָל אים געבן אַ פּאָר פּאָדעשוועס פון די סקלאַדן פון יעוואָפּאָ (יִדישער הילפס־קאָמיטעט), איבער וועלכן ייִדישע קאָמוניסטן האָבן געהאַט די שליטה. האָט מיר אַ קאָמוניסט געזאָגט אָפּן: ווער, מיינט איר, האָט מער רעכט אויף אַ פּאָר פּאָדעשוועס, אונדזערער אַ חבר וואָס שטעלט איין זיין לעבן טאָג־איין טאָג־אויס אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, צי אונדזערער אַ קעגנער, אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער? מיין גוטע מיסיע האָט קיין דערפאָלג נישט געהאַט און א. ליטוואַק איז אַרומגעגאַנגען אין שיך אָן פּאָדעשוועס. אָבער ער האָט זיך נישט געקלאָגט און האָט צו קיינעם קיין טענות נישט געהאַט. ער האָט יאָ געהאַט טענות, אָבער די דאָזיקע טענות זענען געווען ריין פּאָליטישע, — אָט אַזאַ איז געווען א. ליטוואַק דער פּראָלעטאַריער דורך און דורך". („מאָרגן־זשורנאַל", 12טער מיי, 1946).

פּאַר די עטלעכע חדשים וואָס א. ליטוואַק האָט פאַרבראַכט אין מאָסקווע, און לויט יענע אומשטענדן פון באָלשעוויסטישן טעראָר, האָט א. ליטוואַק גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן. ער האָט געשריבן אין די בונדישע אויסגאַבעס, וואָס האָבן זיך באַוויזן פון צייט צו צייט. ער האָט זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט, ער איז געווען דער מחבר פון פאַרשידענע רעזאָלוציעס; ער האָט זיך באַוויזן עטלעכע מאָל אין באַקאַנטן קלוב „אמת"; ער האָט אויך גערעדט ביי דער דערעפענונג פון ייִדישן קאַמער־טעאַטער. און הגם ער האָט גערעדט ס'רוב אויף טעמעס פון ליטעראַטור און קונסט, האָט ער קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אויך צו רעאַגירן אויף די פּאָליטישע געשעענישן. אין יענער צייט האָט דער ס. ד. בונד אין מאָסקווע געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבן אַ גרעסערן זאַמלבוך. אויך א. ליטוואַק האָט געשריבן אַן אַרטיקל פאַרן זאַמלבוך; ער איז אָבער קיינמאָל נישט דערשינען.

אין די לעצטע חדשים פון 1920, נאָך דער ליקווידירונג פון דער „קולטור־ליגע"דורך דער באָלשעוויסטישער מאַכט אין קיעוו, האָט דער אויספיר־ביוראָ פון דער ק"ל (אין באַשטאַנד פון מ. זילבערפאַרב, י. כמורנער, ז. מלמד, נ. מייזיל און דער שרייבער פון די שורות) באַשלאָסן צו פאַרלאָזן קיעוו און אַריבערקליבן זיך קיין וואַרשע, כדי דאָ צו באַנייען די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט און פאַרלאַג „קולטור־ליגע". צוויי פון די אָנגערופענע מיטגלי־

דער האָבן זיך אינגיכן געלאָזן קיין מאָסקווע, כדי דאָרט צו שאַפן די נויטיקע מיטלען פאַר דער דאָזיקער אונטערנעמונג און פון דאָרט אַריבערצופאָרן אומלעגאַל קיין וואַרשע. די דאָזיקע מיטגלידער פון אויספיר־ביוראָ האָבן זיך אויך געדאַרפט פאַרשטענדיקן מיט א. ליטוואַקן, און אויך אים איבערצייגן אָנצונעמען דעם פּלאַן פון אַריבערפאָרן קיין וואַרשע, און אויב ער וועט מסכים זיין — שאַפן פאַר אים די מיטלען דערצו.

צו יענער צייט איז קיין מאָסקווע געקומען אַ פאָרשטייער פון דזשאָינט אין ניו־יאָרק, ד״ר ראָזענבלאַט, וועלכער האָט פערזענלעך גוט געקענט א. ליטוואַקן. ד״ר ראָזענבלאַט האָט געבראַכט ליטוואַקן 200 דאָלער פון סאָניע גורסקי, ניו־יאָרק. ליטוואַק האָט הונדערט דאָלער איבערגעשיקט צו איר משפּחה אין אַ שטעטל לעבן ווילנע. מיט די איבעריקע הונדערט דאָלער האָט ער געלאָזט זיך אַריבערקלייבן קיין פּוילן. אָבער אָנהייב פעברואַר 1921 איז א. ליטוואַק אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון ס. ד. צענטראַל־קאָמיטעט. אין איינעם מיט די אַנדערע מיטגלידער איז ער געזעסן צוויי טעג, און באַלד האָט מען אים אַרויסגעלאָזט. ביים אַרעסט אָבער האָט מען ביי אים געפונען די אָנגערופענע דאָלאַרן. ער האָט נישט געוואָלט אָנגעבן, פון וואַנען ער האָט זיי, און ער איז דעריבער באַשולדיקט געוואָרן דורך דער טשעקאַ אין ספּעקולאַציע. דאָס געלט איז פאַרהאַלטן געוואָרן. זיין אַמאָליקער פריינד בוכאַרין האָט אים אויסגעלייזט פון דער באַשולדיקונג אין געלט־שמוגל, און א. ליטוואַק האָט צוריק באַקומען זיינע אומגליקלעכע דאָלאַרן.

אינגיכן האָט ער זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין. ער האָט זיך דערקליבן קיין מינסק סוף 1921. בינו לבינו איז דאָ א. ליטוואַק אַרעסטירט געוואָרן דורך דער מינסקער טשעקאַ, נאָך אַ פּאָר טעג איז ער באַפרייט געוואָרן. א. ליטוואַק האָט זיך גענומען גרייטן אַריבערכאַפּן זיך איבער דער רוסיש־פּוילישער גרענעץ. עס איז נישט געגאַנגען אַזוי לייכט. אַ געוועזענער פּועלי־ציוניסט און איצט אַ גאַנצער מאַכער ביי דער גרענעץ און אַ סאָוועטישער מאַכט־האָבער, האָט געהאָלפן א. ליטוואַקן אַריבערצוגיין בשלום די גרענעץ.

אינגיכן איז ער שוין צוריק אין זיין היימשטאָט ווילנע, צווישן אַלטע פריינד, אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, וווּ עס איז טעטיק געוועזן די גאַנצע צייט פון קריג אַ זעלבסטשטענדיקער פּוילישער „בונד״. ליטוואַק איז ווידער אַמאָל אויף דער טעריטאָריע פון „בונד״, אין צענטער פון דער גרויסער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג...

# קאַפּיטל צען

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג פון גאַנץ פּוילן, און אויך אין ווילנע, איז געווען לינק געשטימט. די דריטע קאָנפערענץ פון פּוילישן „בונד" (אַפּריל 1919) האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע מיט דער פאָדערונג פון אַ ראַטן־רע־פּובליק און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון פּוילישן „בונד" (אַפּריל 1920) באַשליסט אַריינצוטרעטן אין 3טן אינטערנאַ־ציאָנאַל, און דער צווייטער צוזאַמענפאָר (דעצעמבער 1921) באַשטעטיקט נאָך אַמאָל דעם באַשלוס — מיט אַ באַוואָרעניש, אַז ער וואַרפט אָפּ די 21 פּונקטן פונעם קאָמינטערן.

אַזוי אַרום איז איצט א. ליטוואַק אַריינגעפאַלן אין אַ נייער סיטואַציע, וועלכע איז פאַר אים גייסטיק־אידעיִש געווען נישט ווייניקער פּיינלעך: ער איז פּאַקטיש ווייטער געווען אָן אַ פּאַרטיי, אויסערן „בונד". אָבער אין ווילנע איז צו יענער צייט אויך געווען אַ קליינע גרופּע בונדיסטן, וועלכע האָבן גע־דענקט ווייטער סאָציאַל־דעמאָקראַטיש. ווען א. ליטוואַק איז געקומען, האָט די דאָזיקע גרופּע פאַרשטאַרקט איר טעטיקייט. זי האָט זיך אָנגערופן „סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער בונד" און זי האָט אין גיכן געגרינדעט אַן אייגענע צייטונג. די רעדאַקציע פון דער צייטונג איז באַשטאַנען פון פינף מאַן: אינזש. י. אָקון, י. כאַרלאַש, א. ליטוואַק, רבקה עפּשטיין און ד״ר פּאַוועל ראָזענטאַל. דער נאָמען פון דער אויסגאַבע איז געווען „אונדזער צייט", און איר אָפיציע־לער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר איז געווען ר. עפּשטיין. עס איז געווען אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע, און דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 14טן יאַ־נואַר 1922. די צענזור־באַדינגונגען זענען געווען זייער שווערע, און אויף דעם 24סטן נומער איז די אויסגאַבע געשלאָסן געוואָרן דורך דער מאַכט (דעם 1טן יולי 1922). די בונדישע אויסגאַבע ווערט אין גיכן באַנייט אונטערן נאָמען „אונדזער געדאַנק".

פון צייט צו צייט קומט א. ליטוואַק קיין וואַרשע, דאָ טרעפט ער זיך מיט זיינע אַלטע פריינד פון „בונד", אָבער, פאַרשטענדלעך, ער קען מיט זיי אָנהאַלטן נאָר גוטפריינטשאַפטלעכע און נישט קיין פּאָליטישע באַציִונגען. אין דער ווילנער אויסגאַבע פּאָלעמיזירט ער מיט די פּאָליטישע אָנשויונגען און פּראַקטישע שריט פונעם פּוילישן „בונד", ער טרעט אַרויס גאָר שאַרף קעגן דער כמורנער־פראַקציע אין „בונד", בנוגע צו די פירערס פון דער צענטריס־טישער ריכטונג איז ער איינגעהאַלטן.

דערפאַר אָבער געפינט א. ליטוואַק אַ מאָראַלישע שטיצונג און אינטימע

ספערע אין דער געזעלשאַפט און פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וועלכע איז דאָ באַנייט געוואָרן דורך די טוערס, וואָס זענען אַראָפּגעקומען פון קיעוו. די אָרגאַניזאַציע האָט דאָ נישט געטראָגן דעם צווישן־פּאַרטייִשן כאַראַקטער, וואָס אין אוקראַינע, אָבער זי איז אויך דאָ פאַרבליבן אומפּאַרטייִש, סאָציאַ־ליסטיש און געהאַט דעם זעלבן גרויסן פאַרנעם. דער פאַרלאַג „קולטור־ליגע" האָט גלייך פון אָנהייב אַנטוויקלט אין וואַרשע אַ גרויסע טעטיקייט; די גע־זעלשאַפט ק"ל האָט געפירט אַ מער באַשיידענע אַרבעט, צוליב דער באַציִונג פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין יוני 1921 איז געגרינדעט גע־וואָרן די יידישע שול־אָרגאַניזאַציע, און די חברים פון דער „קולטור־ליגע" האָבן דאָ געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל. אויך אַ טייל אַרטיקע טוער זענען צוביסלעך צוגעשטאַנען צו דער ק"ל־אַרבעט.

א. ליטוואַק איז מיטבאַטייליקט אין דער גאַנצער קולטור־ליגע־אַרבעט. ער איז מיטרעדאַקטאָר פון דער „ביכער־וועלט", אַ זשורנאַל פון „קולטור־ליגע", וועלכער האָט זיך גאָר גיך קונה שם געווען. ער דרוקט דאָ רעצענזיעס און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען. די „קולטור־ליגע" גיט אויך אַרויס אַן אַלגע־מיינעם פּראָפּאַגאַנדע־זשורנאַל א"נ „קולטור", און אויך דאָ איז ליטוואַק מיט־רעדאַקטאָר, ער דרוקט דאָ עטלעכע גרעסערע זאַכן: „פּראָלעטאַרישע קולטור" (נומ' 1 און 2, 1922; איבערגעדרוקט אין בוך „ליטעראַטור און קאַמף"); „גער־האַרד הויפּטמאַן" (נומ' 2; אויך אַריין אין „קולטור און קאַמף"). אין נומער 1 פון „קולטור" האָט ער אויך אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אונטערן אַלטן פּסעוו־דאָנים „חיה זעלדעס" א"נ „זעלבסטבילדונג" — אַ טעמע וואָס האָט אים אינ־טערעסירט אַלע יאָרן זייער שטאַרק. די „קולטור־ליגע" אָרגאַניזירט אויך אין וואַרשע סיסטעמאַטישע „אינטימע אָוונטן" און ספּאָראַדישע אונטערנע־מונגען, געווידמעט יידישער ליטעראַטור, טעאַטער און קולטור. די „קולטור ליגע" האָט אויך געהאַט אַ „פֿאָלקס־אוניווערסיטעט" אין וואַרשע. א. ליטוואַק איז אין אַלץ אַקטיוו באַטייליקט. א. ליטוואַק טרעט אָפט אַרויס אויף די ק"ל־אָוונטן, ער לייענט רעפעראַטן ביי די יידישע סטודענטן און אין ליטעראַטן פאַראיין, ווו ער איז אַ שטענדיקער אַריינגייער און מיטגליד. ער ווערט אַלץ מער פּאָפּולער אין וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן. א. ליטוואַק דרוקט אויך אָפט אַרטיקלען אין די „ליטעראַרישע בלעטער".

אויבן איז שוין דערמאָנט געוואָרן א. ליטוואַקס מיטאַרבעט ביי די צוויי בענד פון „רויטן פּנקס", וועלכע דער פאַרלאַג „קולטור־ליגע" האָט אַרויסגעגעבן אין וואַרשע. א. ליטוואַק איז געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער אויסגאַבע, ער האָט געגעבן איניציאַטיוו פאַר אייניקע אַרטיקלען, און ער האָט אַליין אָנגעשריבן עטלעכע אַרבעטן, וועלכע האָבן דעם גרעסטן אינטערעס פאַר יעדן וואָס וויל

זויסן די געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. פון אַ גאַר גרויסן זוערט איז זיין אַרבעט וועגן אהרן זונדעלעוויטש.

אין דער זעלבער צייט ווערט ער אַלץ מער אויסגענוצט דורך די אויסגאַבער פון „בונד". פריִער באַוויזט ער זיך אין דעם בונדישן יערלעכן „אַרבעטער־לוח", ער דרוקט דאָ עטלעכע גרעסערע אַרבעטן: „אויפן פעלד פון קולטור" (1922); „די ייִדישע ליטעראַטור אין 1924" (1925); „דער בונד אין וואַרשע 1905" (1926). און צו ביסלעך הייבט זיך אָן א. ליטוואַק באַווייזן אויך אין דער פּאַרטייִשער צייטונג „די פאָלקס־צייטונג".

די פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון פּוילישן „בונד" איז געגאַנגען מיט דער ליניע פון כסדרדיקער דערווייטערונג פון די קאָמוניסטן, פון זייער טאַקטיק און זייער אינטערנאַציאָנאַל. די פירער פון צענטער האָבן אין „בונד" געשפּילט אַלץ אַ גרעסערע ראָל. דאָס האָט גורם געווען, אַז דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בונד אין ווילנע האָט זיך נאָך אַ פּאָר יאָר ליקווידירט. א. ליטוואַק וויל נישט זיין אין דער מינימאַלער מאָס אַ שטערער אין דעם וווקס פון די צענטריסטישע שטימונגען אין „בונד". ער באַזעצט זיך אין וואַרשע, ער פּאַרט אַרום איבער דער פּראָווינץ מיט רעפעראַטן — זיין גאַנצע טעטיקייט איז געווידמעט דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. אויך אין דער „פאָלקס־צייטונג" שרייבט ער אויסשליסלעך אויף טעמעס ליטעראַרישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע. דאָך איז זיין אָנזען זייער גרויס צווישן דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט, מען הערט זיך דאָ צו צו זיין וואָרט, מען לייענט און מען לערנט זיינע אַרטיקלען.

ווי שוין געזאָגט, האָבן זיך אַרום די „ליטעראַרישע בלעטער" קאָנצענטרירט אַלע יונגע. זיי זענען געווען אַרויסרופעריש בנוגע אַלע עלטערע און קאָנסערוואַטיווערע ליטעראַטור־פאַרשטייער, זיי האָבן זיך אַליין באַטראַכט ווי די ליטעראַרישע „כאַלאַסטרע" און זיי האָבן פּאָלעמיזירט אויף רעכטס און אויף לינקס, נישט שוינענדיק קיינעם און באַנוצנדיק די שאַרפסטע ווערטער דערביי. זעלטן ווער עס האָט געהאַט מוט זיך אַנטקעגנצושטעלן קעגן אָט די „רעוואָלוציאָנערן" פון ליטעראַטור. אין 1925, בעת פּ. מ. (מאַרקיש) האָט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" אָפּגעדרוקט אַ צעכראַסטעטן אַרטיקל קעגן זישע לאַנדוי, איז א. ליטוואַק אַרויס מיט אַ שאַרפער נאָטיץ אין די „ליטעראַרישע בלעטער", אין וועלכער ער האָט צווישן אַנדערן געשריבן:

„...נאָר צו וואָס ברענגען איינצלנע אויסדרוקן, ווען פון (מאַרקישעס — ח. ש. ק) יעדער שורה גרילצט אין די אויערן, ווי פון צען ווייסנבערגס רעפּעראַטן, ווען פּ. מ. זעט אין דער גאַנצער פּאָלעמיק מער נישט ווי פּערזענלעכע קנאה־שינאה פון דעם געפאַלענעם לאַנדוי צו די אויפשטייגנדיקע לייוויק און אָפּאַטאָשו... און די אַטאַקע אויף זישע לאַנדוי איז דאָך נישט קיין בת־יחידה.

פונקט אין דעם זעלביקן טאָן איז געפירט געוואָרן די אַטאַקע אויף נאָמבערגן, סעגאַלאָוויטשן — דאָס איז שוין נישט קיין פּאָלעמיק, נאָר אַ מאָרדע־רייבעריי... דער רעזולטאַט פון אַזעלכע אַרטיקלען איז שטענדיק דער היפוך דערפון, וואָס דער שרייבער האָט געוואָלט... און אַזעלכע אַרטיקלען מאַכן אוממעגלעך יעדע ערנסטע ליטעראַרישע פּאָלעמיק... צו פּ. מ. האָב איך קיין טענות נישט, ער קען אַנדערש נישט... אָבער די „ליטעראַרישע בלעטער"... צו וואָס קולטיווירט זי אַזעלכע מעטאָדן פון פּאָלעמיק, וועלכע זענען מער ווי סקאַנדאַליעז?" די רעדאַקציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער" איז אין יענער צייט באַשטאַנען פון נ. מייזיל און מ. ראַוויטש. א. ליטוואַקס ווערטער האָבן אויף זיי געמאַכט אַן איינדרוק און זיי האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק זיך צו פאַרענטפערן: „ליידער איז עס שוין געוואָרן ביי אונדז אַזאַ מנהג און אופן פון פּאָלעמיזירן. ח' א. ליטוואַק ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיר גייען פאַרביי און פאַרשוויגן (אפשר צופיל) פיל זלזולים און נישט־באַרעכטיקטע אָנפאַלן. אָבער צי האָבן מיר געקענט פאַרמאַכן די „בלעטער" פאַר אונדזער חבר פּ. מ.?"

א. ליטוואַק זוכט נישט קיין כבוד צווישן די ייִדישע ליטעראַטן, ער קלאַפּט זיי נישט איבער דער פּלייצע. צווישן אים און זיי איז אַ היפּשע דיסטאַנץ. מען האָט צו אים דרך־ארץ, ווייל מען גלייבט זיין אויפריכטיקייט, ווייל מען ווייסט, אַז ער האָט דעם גרויסן צוטרוי און אויטאָריטעט ביי דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט. און מען הערט זיך צו צו זיין וואָרט.

זומער 1925 קומט קיין פּוילן צו גאַסט דער דיכטער ה. לייוויק. ער האָט צוויי קבלת־פּנימס אין ליטעראַטן־פאַראיין און אין קאַמינסקיס טעאַטער. און ביידע מאָל איז א. ליטוואַק צווישן די אָפיציעלע באַגריסער. ער רעדט אין נאָמען פון דער ייִדישער ליטעראַטור און אין נאָמען פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט. ער זאָגט אין זיין רעדע: „לייוויקס ווערק זענען די גרעסטע דערגרייכונגען פון דער ייִדישער פּאָעזיע. זיינע סיוזשעטן זענען ייִדיש. ער איז דורכויס ייִדיש. אָבער אויסשליסלעך ייִדיש איז נאָר די פאָרעם זיינע. אין טיפן תוך איז ער ייִדיש און אַלוועלטלעך צוגלייך. די גאולה־פּראָבלעמען, וואָס ער רירט אָן, זענען אַלמענטשלעכע גאולה־פּראָבלעמען... אין פייער פון זיין דיכטונג האָט ער פון די קייטן אַ גלאָק געמאַכט. דורך ליידן דערגרייכט דעם שניט פון זיין טאַלאַנט. לייוויק איז אונדזער גרעסטע דערגרייכונג און אונדזער גרעסטע האָפענונג". א. ליטוואַקס פּאַטאָס איז געווען אַ דערהויבנדיקער. ליטעראַטור איז געווען זיין אינטימסטע איבערלעבונג.

ווען אין יוני 1921 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן און עס איז געגרינדעט געוואָרן די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע, איז א. ליטוואַק נאָך נישט געווען אין פּוילן. זומער

1925, איז פאָרגעקומען דער צווייטער שול־צוזאַמענפאָר. ליטוואַק האָט זיך שוין דאָ באַטייליקט אַקטיוו. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אומאָפּהענגיקער פראַקציע, וועלכע האָט געפירט אַ שול־פּאָליטיק וואָס איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט דער פּאָליטיק פון דער בונדישער און פועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי. אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר איז אָנגעגאַנגען אַ דיסקוסיע, צי דאַרף די נייע יידישע שול זיין אַ פּראָלעטאַרישע אָדער אַ פּאָלקסטימלעכע, צי דאַרף די שול־אָרגאַניזאַציע זיין געבויט אויף דעם פּראָלעטאַריש־פּאַרטייִשן יסוד אָדער אויפן ברייטן נאַציאָנאַלן באַזיס. ליטוואַק איז געגאַנגען מיט דער אומאָפּהענגיקער פראַקציע, וועלכע איז סיי פּעדאַגאָגיש, סיי געזעלשאַפטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן דעם ריין־פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט.

א. ליטוואַק האָט נישט אָפּגעטיילט די יידישע פראַגן פון די אַלגעמיינע, אין פּאָליטיק, אין שול, אין ליטעראַטור — איז ער געווען דער זעלבער: אַנהענגער פון פרייהייט, דעמאָקראַטיע און פון רעאַלער פּאָליטיק אַנטשפּרעכנדיק צו די באַדינגונגען, אָן רעוואָלוציאָנערער פראַזע לשם פראַזע.

אָבער א. ליטוואַק איז אין פוילן סוף־כל־סוף געווען איינזאַם און נישט־באַפרידיקט. עס האָט אים געפעלט אַ פּאַרטייִשע טריבונע, אַ פּאָליטיש פעלד פון טעטיקייט. ליטעראַטור, שול, לעקציעס, קולטור — דאָס איז פאַר אים געווען נישט גענוג. ער האָט געבענקט נאָך ברייטער פּאָליטישער מאַסן־אַרבעט. ער האָט געבענקט נאָכן „בונד". אָט האָט ער אין יענער צייט באַקומען אַן אויפטראָג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אָנצושרייבן אַ פּאָפּולערע בראָשור וועגן דער דעמאָלטיקער האַנדלונג פון דער יידישער קאָלאָ (דעפּוטאַטן אין סיים), וועלכע האָט געשלאָסן אַן אוגאָדע מיט די ערגסטע רעאַקציאָנערן אין פוילן. א. ליטוואַק האָט אָנגעשריבן אַזאַ בראָשור. ער האָט זי אַ נאָמען געגעבן „שוואַרצע קונצן אָדער די פויליש־יידישע פאַרשטענדיקונג". די בראָשור האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפאָלג און מען האָט זי אין גיכן איבערגעדרוקט אַ צווייט מאָל. מען האָט געדאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַ ברען און פאַרגעניגן א. ליטוואַק האָט געשריבן די דאָזיקע בראָשור. אין וואַלד, זומער־צייט, ביי אַ חבר אויפן גאַנעק, האָט ליטוואַק געשריבן די בראָשור. ווי אַ קינד האָט ער אונטערגעשמייכלט, געהאַט אַ הנאה, ווען אים האָט זיך איינגעגעבן אַריינצופלעכטן אַ געלונגענעם יידישן וויץ, אַ פאַרגלייך, אַ געפליגלט וואָרט. עס איז נישט געווען קיין זעלבסט־צופרידנקייט. ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער קען טראָגן אויפקלערונג צו די ברייטסטע מאַסן, צום פּשוטן יידן פון אַ גאַנץ יאָר.

אָבער — דאָס איז פאָרט געווען ליטעראַטור, נישט קיין לעבעדיקע אַרבעט. דאָס איז נאָר געווען אַ במקום פּאָליטישע טעטיקייט. ער האָט געבענקט נאָך אמתער ברייטער, פּאָליטישער מאַסן־אַרבעט. עס האָט זיך געוויס דערנענטערט

די צייט, ווען ער וועט קענען ווערן צוריק אַקטיוו אין די פֿאָדערשטע רייען פֿון דער פּאַרטיי. אָבער א. ליטוואַק האָט מער נישט געוואָלט וואַרטן. ער האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן ווייטער קיין אַמעריקע. ער האָט זיך געגומען גרייטן אין וועג אַריין. און סוף זומער 1925 האָט מען זיך שוין מיט א. ליטוואַקן אין וואַרשע געזעגנט, בונדיסטן האָבן אים געמאַכט היימישע ליאַמעס, און אומבאַמערקט, שטיל האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון וואַרשע.

פֿאַר זיין אָוועקפֿאָרן האָט ער איבערגעלאָזט דער יידישער אַרבעטערשאַפט פֿון פּוילן אַ שיינע מתנה: אין ב. קלעצקינס פֿאַרלאַג איז אַרויס זיין בוך „וואָס געווען — עטיודן און זכרונות" (1925). צען גרויסע אַרבעטן האָט אַנטהאַלטן דאָס בוך: אַהרן זונדעלעוויטש, מיין ערשטער שריט, די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן, כאַראַקטער־שטריכן פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אויפֿן פֿעלד פֿון קולטור, לאָבוזעס־גנבים און קאָמבינאַטאָרן, דער קליינער בונד, דאָס יידישע אַרבעטער־ליד, אַ פֿאַרצייכעניש, אין די פֿינצטערע יאָרן. אין דער הקדמה צום בוך האָט ער געשריבן, אַז ער גרייט צום דרוק נאָך אַ צווייטן באַנד, אין וועלכן עס וועלן אַריין צווישן אַנדערע: „די פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע איך האָב געקענט"; „גבורה און פּחדנות אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג"; „אַכט חדשים אין מינסק"; „אַ יאָר אין קיִעוו"; „צוויי וואָס זענען אָוועק" (די לעצטע דריי אַר־טיקלען האָבן מיר שוין אויבן דערמאָנט). עס איז אַ גרויסע אבדה פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור און פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס די עסייען זענען נישט אָנגעשריבן געוואָרן פֿון ליטוואַקן.

אויפֿן וועג קיין אַמעריקע האָט זיך א. ליטוואַק פֿאַרהאַלטן אַ קורצע צייט אין בערלין און אין בעלגיע. ער האָט דאָ געהאַט באַראַטונגען, רעפֿעראַטן. פֿאַרן זעצן זיך אויפֿן שיף איז אים געשען עפּעס אַ מיכשל מיט זיינע פּאַפּירן, און ער האָט געמוזט פֿאָרן צוריק קיין פּוילן, כדי צו פֿאַרריכטן די פֿעלערן. אַ גאַר קורצע צייט איז ער ווייטער אין וואַרשע, און דעמאָלט פֿאָרט ער שוין אויף אַן אמת אָוועק קיין אַמעריקע.

דער אַלטער וואַנדערער טראָגט אַריבער זיין טעטיקייט אויף דער שוין איין מאָל אויסגעפּרוּווטער טעריטאָריע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. וועט אים דאָס מאָל געלינגען זיך איינצובירגערן אין דעם לאַנד? וועט ער ענדלעך געפֿינען דאָס, וואָס ער זוכט? וועט זיך באַרויִקן זיין אומרויִקער גייסט?

## קאַפּיטל עלף

גלייך ווי א. ליטוואַק איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער זיך אַריינגע־וואָרפֿן מיט דער גאַנצער ענערגיע אין דער אָרטיקער יידישער סאָציאַליסטישער

באַוועגונג. און פאַר די זיבן יאָר, וואָס אים איז דאָ באַשערט געווען נאָך צו לעבן, איז ממש נישט געווען קיין איין געביט, אויף וועלכן ער זאָל נישט זיין טעטיק און אַקטיוו. ער האָט געשריבן אין „וועקער" און „פאָרווערטס", אין „פריינד" און „צוקונפט", ער איז אַרויסגעטראָטן אויף צענדליקער און הונדער־טער פאַרזאַמלונגען, קאָנווענשאַנס, רעפעראַטן, ער האָט גענומען אַ וואָרט צו אַלע אַקטועלע פראַגן פון אַלגעמיינעם און יידישן לעבן. מיר וועלן באַקענען דעם לייענער מיט אָט דער פאַרשידנאַרטיקער טעטיקייט א. ליטוואַקס.

## א. דער לעקטאָר

געקומען איז א. ליטוואַק קיין אַמעריקע אויף אַ טוריסטן־וויזע אויף זעקס מאָנאַטן, אויף דורכצופירן אַ לעקציע־טור. און ווען די זעקס חדשים האָבן גע־האַלטן זיך ביים פאַרענדיקן, האָבן די פריינד פון „פאַרבאַנד" גענומען זיך באַ־מיִען צו פאַרלענגערן זיין וויזע. ערשט אין אָקטאָבער 1928 איז ער אַרויסגע־פאָרן קיין קאַנאַדע, און אַריינגעקומען אין לאַנד מיט אַ שטענדיקער עמיגראַנטן־וויזע.

באַלד ווי ער איז אָנגעקומען, אָרגאַניזירט פאַר אים דער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד אַ טור איבערן גאַנצן לאַנד, וועלכער געדויערט פון סוף פעברואַר ביז דעם 17טן מיי 1926. ער באַזוכט 58 שטעט, ווו ער האָט אָפּגעהאַלטן אַרום 70 פאַרזאַמלונגען און לעקציעס איבער סאָציאַליסטישע, ליטעראַרישע און יידישע טעמעס. אין די נומערן „וועקער" פון 17טן אַפּריל און 29סטן מיי דער־ציילט ב. כאַנין וועגן דאָזיקן טור: „... גענ. ליטוואַק האָט זיין טור אָנגעפאַנגען די לעצטע טעג פון פעברואַר... זיינע לעקציעס זענען איבעראַל געווען אַ מאָ־ראַלער און פינאַנציעלער דערפאָלג. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די קאָמו־ניסטן האָבן אין אייניקע שטעט געזוכט ביי זיינע פאַרזאַמלונגען צו מאַכן אָרגאַ־ניזירטע אָבסטרוקציעס, גייט ער דאָך אָן מיט דער דערפאָלגרייכער אויפקלע־רונגס־אַרבעט... קיין מאָל האָבן זיך די שטעט אַזוי גערן נישט אָפּגערופן צו האָבן אַ לעקציע ביי זיך אין שטאָט, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט גענ. ליט־וואַקס טור... פון יעדער שטאָט... האָבן מיר דערהאַלטן דאַנק־בריוו פאַר דעם, וואָס מיר האָבן זיי געגעבן די געלעגנהייט צו האָבן גענ. ליטוואַקן ביי זיך אין שטאָט".

א. ליטוואַקס באַזוכן אויף די ערטער זענען אומעטום אַ גרויס געשעעניש און אַ יום־טוב. אָט שרייבט די סאָציאַליסטישע גרופּע פון א. ר. ברענטש 169, וויניפּעג: „חבר ליטוואַק איז אַ שיינענדע זון, וועמענס שטראַלן וואַרעמען און דערוואַרעמען, לייכטן און וועקן. ער איז אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע, רייך און

טיף אין ידיעות, הויך אין געדאַנק, שיין אין גייסט. זיין שפּראַך איז גלענצנד אין פאָרעם, רייך אין אויסדרוק, מאָלעריש אין בילדער. דערצו קומט נאָך זיין אינערלעכער גלויבן און זיין טיפע איבערצייגונג, וועלכע גייען באַלד איבער אויף זיינע צוהערער... ווען וואָס ער זאָל נישט רעדן, פילט איר, אַז עס שטייט פאַר אייך אַן אַלטער, ערלעכער און מוטיקער קעמפער פאַר אַ העכערער און שענערער וועלט — פאַר אַ סאָציאַליסטישער וועלט. ער באַזיצט די זעלטענע פעיִקייט צו האַלטן געשפּאַנט אַ גרויסן עולם צוויי שעה צייט, באַהאַנדלענדיק די שווערסטע טעמע, און מען זיצט צוגעצויבערט צו די בענקלעך. און פאַרשידנ־אַרטיק זענען זיינע טעמעס. ער רעדט וועגן ייִדישער און סאָציאַליסטישער דער־ציִונג״. זיינע טיפע אָפּהאַנדלונגען וועגן „נביאים״ און „משיח־אידעען אין לע־גענדע און ליטעראַטור״ זענען מייסטערווערק פון אויסערגעוויינלעכן אינטערעס הן פאַר פאָלקס־מענטש, הן פאַר געלערנטע... אין זיין לעקציע „צען יאָר רוסי־שע רעוואָלוציע״ ברענגט דער לעקטאָר אַ רייע פאַקטן און ציפערן, אַרויסגע־נומען פון רוסלענדישע זשורנאַלן און ווייזט אָן די דערפאָלגן און דורכפאַלן פון דער סאָוועטישער פּאָליטיק... אַזוי ווי ח׳ ליטוואַק איז אויך געקומען אַלס שול־אינספּעקטאָר, האָבן אויך אונדזערע יונגע געהאַט אַ געלעגנהייט צו געניסן פון זיין רייכן עץ־הדעת. ער באַגייסטערט די קינדער פון פּראָ־סעמינאַר מיט זיין פאָרטראַג איבער „נאַטוראַליזם״ און פאַר דער מיטלשול רעדט ער וועגן שלום אַש... אַ גרויסע צאָל פריינד האָבן אַרויסגעזאָגט זייער ווונטש צו איינלאַדן ח׳ ליטוואַק פאַר אַ גאַנצן חודש קיין וויניפּעג, כדי צו לערנען פון זיינע לעקציעס און אויך הנאה האָבן פון זיינע שיחת חולין וואָס זענען אויך תורה״.

אין יאָר 1928, שרייבט מען פון לאָס־אַנדזשעלעס וועגן א. ליטוואַקס לעק־ציעס: „עס איז גלייך אַראַנזשירט געוואָרן אַ סעריע פון פיר לעקציעס פאַר די ערשטע פיר זונטיקס... די טעמעס זענען געווען: „מאַקסים גאָרקי״, „שלום עליכמס געלעכטער״, „פּראָלעטאַרישע, סאָציאַליסטישע, ייִדישע דערציִונג״, און די „נביאים״. אַז ער האָט אין דער וואָכן אויך נישט גערוט, פאַרשפּאָר איך צו שרייבן פאַר די וואָס קענען ליטוואַקן, דעם ענערגישן, טעמפּעראַמענטפולן טוער, וואָס האָט זיין אויג אָפן אויף אַלץ און אַלעמען (און פאַרשווייגט טאַקע קיין עוולות אויך נישט)... ער מאַכט אַ גרינטלעכע אינספּעקציע פון אונדזער שול, באַטייליקט זיך אין די זיצונגען פון דער שול־פאַרוואַלטונג און פון אונדזער דיסטריקט־קאָמיטעט... שוין אַ פּאָר וואָכן ווי ליטוואַק איז אַוועקגעפאָרן, און מיר האָבן נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך אים און וועלן נאָך לאַנג נישט פאַרגעסן די צייט, ווען ער האָט זיך געפונען צווישן אונדז״.

אָט די באַריכטן וועגן ליטוואַקסן באַזוכן דערציילן אונדז אויף אַ בולטן אויפן וועגן דעם גרויסן אויטאָריטעט און אָנערקענונג, וועלכע ער האָט געניאָסן

אין גאַנצן לאַנד. ער האָט אַלעמען אונטערגעקויפט מיט זיין טיפן וויסן, מיט זיין אידעאַליזם, מיט זיין פּשוטקייט און פּאַלקסטימלעכקייט.

א. ליטוואַק איז נישט געווען קיין מאַסן־רעדנער, קיין טריבון פאַר גרויסע מאַסן־מיטינגען. ער האָט גערעדט שיין, אויב נייטיק שטאַרק. ער האָט פאַר־מאָגט אַ סך הומאָר און בילדערישקייט. ער האָט גענומען דעם עולם מיט זיין שטילקייט און איינגעהאַלטנקייט, מיט זיין געפיל פאַר מאָס און טאַקט. ער איז געווען מער רעפערענט איידער „רעדנער". ער האָט גענומען דעם עולם מיט זיין גרונטלעכקייט און אויסשעפּעוודיקייט. זיינע לעקציעס וועגן טאָלסטאָי, גאָרקי, אַש, ווײַלד און דזשעק לאָנדאָן, זענען געווען ערנסטע שטודיעס. ער האָט זיך טיף אַריינגעלעבט אין דער פּערזענלעכקייט און שעפערישקייט פון די, וועגן וועמען ער האָט געהאַלטן זיין רעפעראַט. ער האָט אַריבערגעטראָגן דעם צוהערער אין יענעמס וועלט. א. ליטוואַקס גרינטלעכקייט און אַלזייטיקייט האָט דעם צוהערער אימפּאָנירט און אַרויסגערופן זיין באַוווּנדערונג.

## ב. דער סאָציאַליסטישער פּאָליטיקער

אויף דער לאַנד־באַראַטונג, וועלכע דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַר־באַנד האָט אָפּגעהאַלטן סוף 1926, זעען מיר שוין ליטוואַקן ווי איינעם פון די אַקטיווסטע מיטגלידער. ער איז באַטייליקט אין דעם קאָמיטעט צו ברענגען אַ באַריכט וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע און ער אַליין גיט אָפּ אַ באַריכט פאַר דער רעזאָלוציע־קאָמיסיע. נאָך איידער ער איז געקומען אין לאַנד, נאָך פון פּוילן, שיקט ער צו אין „וועקער" אַ סעריע אַרטיקלען אונטערן נאָמען: „די סאָוויעטן־מאַכט און די יידישע מאַסן". ער באַטראַכט דאָ אין דריי נומערן — 1) באָלשע־וויזם, פּאָגראָמען און אַנטיסעמיטיזם; 2) די איצטיקע עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד; 3) ווו ליגט די רעטונג פאַר די יידן אין רוסלאַנד. אינעם דאָזיקן אַרטיקל קומט א. ליטוואַק צום אויספיר: „געוויס איז אמת, אַז די ראַדי־קאַלע לייזונג פון דער יידן־פראַגע ליגט אין לעצטן סך־הכל אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אין סאָציאַליזם. אָבער נאָר אין אַ רעוואָלוציע, וואָס וועט אויס־וואַקסן אויפן באָדן פון אַ מאָדערנער ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער עוואָ־לוציע, נאָר אין אַ סאָציאַליזם וואָס וועט בויען אויף צייטיקע ווירטשאַפטלעכע באַציונגען אויף אַ צייטיקן פּראָלעטאַריאַט. אַ נישט־דערבאַקענע „סאָציאַלע רעוואָלוציע", אַ מפּיל־סאָציאַליזם קענען ברענגען נאָר אומגליקן פאַר די מאַסן פון אַלע נאַציעס, און פאַר די יידישע מאַסן טראָגן זיי עקאָנאָמישן חורבן, פאַר־שאַרפטן אַנטיסעמיטיזם, ירידה".

גלייך ווי ער איז אַראָפּגעקומען קיין ניו־יאָרק, ווערט ער דער וואָרטזאָגער

אין אַלע פּראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און אָרטיקער אַרבעטער־באַ־וועגונג. אויף די שפּאַלטן פון „וועקער" לאָזט ער נישט אַדורך קיין איין וויכ־טיקע געשעעניש, ער זאָל נישט רעאַגירן דערויף און ער זאָל נישט פאָרמולירן, ווי דאַרף זיין די באַציִונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו דער געשע־עניש. ציוניזם, קאָמוניזם, סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל, סאָוויעטן־רוס־לאַנד, פּוילישער בונד, די אָרטיקע יוניאָן־באַוועגונג, פראַגן פון „סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד" און אַרבעטער־רינג, די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגן, קאָמוניסטישע אַוואַנטורעס, די דייטשע און עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיעס, די ענגלישע לייבאָר־פּרטיי, די „פּאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן" — די אַלע פּראָבלע־מען און געשעענישן האָבן באַקומען אַן אָפּשאַצונג און אָפּמעסטונג אין א. ליט־וואַקס אַרטיקלען. אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען (וואָך־איין, וואָך־אויס, פון דער זייט, פראַגן און פראַגעלעך), אונטער זיין אמתן נאָמען און אונטער פאַרשידענע פּסעוודאָנימען, האָט א. ליטוואַק רעאַגירט און געזאָגט זיין סאָציאַליסטיש, בונ־דיש וואָרט.

אָט איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען דעם 22—25סטן יוני 1926, דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס איבער די פראַגן פון עמיגראַציע. א. ליטוואַק איז זייער פאַראינטערעסירט אין די פּראָבלעמען פון עמיגראַציע, און ער דרוקט אין „צוקונפט", סעפּטעמבער 1926, אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם קאָנגרעס און זיינע באַשלוסן. עמיגראַציע איז פאַר א. ליטוואַקן אַ פּראָבלעם פון אינטער־נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם, און רעדנדיק וועגן די רעזאָלוציעס, וואָס דער דערמאָנטער קאָנגרעס האָט אָנגענומען, זאָגט מ. ליטוואַק: „די אָנגענומענע רע־זאָלוציעס זענען געוויס פּראַקטיש און קענען ברענגען נוצן. אָבער די הויפּט־פראַגע וועגן די „אָפענע טירן", רעגולירונג אָדער פאַרבאָט פון אימיגראַציע באַרירן זיי נישט. און ווען מען דערמאָנט זיך די שטימונג קעגן פרעמדע, וואָס הערשט נישט בלויז ביי די אַמעריקאַנער, קאַנאַדער און אויסטראַליער, נאָר אויך ביי די פראַנצויזן, בעלגיער און ענגלענדער, ווערט זייער נישט פריילעך אויפן האַרצן. ווי ווייט מיר זענען נאָך אין דער אמתן פון דעם אינטערנאַציאָ־נאַליזם, וועגן וועלכן מיר רעדן שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט. און די זעלביקע שטימונג פון „מיין לאַנד, — מיין לאַנד, מיין מאַיאָנטעק, מיין לאַנד נאָר פאַר מיר!" — וואָס לאָזט זיך איצט אַזוי בולט פילן אין דער פראַגע פון אימיגראַציע, וועט זיך נאָך לאַנג לאָזן פילן בעת אַ צוזאַמענשטויס צווישן מלוכות פאַר קאָ־לאָניעס, פאַר מערק, בעת אַ מלחמה... וואָס נענטער מיר קומען צו צום סאָציאַ־ליזם, אַלץ פאַרוויקלטער ווערן פאַר אונדז אַלע פראַגן. מיר זענען שוין אַזוי פיל אָפּגעגאַנגען, און ערשט איצט האָבן מיר דערזען, וואָס פאַר אַ לאַנגן, וואָס פאַר אַ שווערן וועג מיר האָבן נאָך דורכצומאַכן. ווי שטאַרק עס דאַרפן זיך

נאָך בייטן די באַדינגונגען! וואָס פאַר אַן אומגעהייער שווערע אַרבעט מיר האָבן נאָך אויפצוהייבן!" אין קלענסטן פּראָבלעם זעט א. ליטוואַק די גרויסע מיסיע פון אַרבעטער־קלאַס און זיין אָרגאַניזירטער באַוועגונג. און מיט אָפענע אויגן, נישט אָפּצונאַרן זיך און נישט אָפּצונאַרן דעם לייענער, קוקט ער אויף די שווע־ריקייטן פון דער באַוועגונג.

אָבער נישט שטענדיק איז א. ליטוואַקס וואָרט נושא חן ביי די היגע פירער און טוער. אָפט איז זיין וואָרט פאַר זיי פרעמד, און הגם ער איז שוין אין לאַנד דאָס צווייטע מאָל, איז ער נאָך אַלץ פאַר אַ סך פון זיי דער גרינער. ער איז פאַר זיי דער סימבאָל פון פּאָליטישער טראַציקייט, קעגנשטראָמיקייט. אַפילו פון ב. וולאַדעק איז אים אויסגעקומען איצט, פּונקט ווי מיט יאָרן צוריק, צו הערן ביטערע פאָרוואורפן.

אין אַ „בריוול צו געגאַסע מוק", אָפּגעדרוקט אין „וועקער" פון 28סטן מיי 1927, האָט ב. וולאַדעק געענטפערט אויף ליטוואַקס טענות צו זיין, וולאַ־דעקס, רעדע ביים 30־יאָריקן יובילייַ פון „פאָרווערטס": „איך בין אַ ביסל מיד פון אונדזערע מעטאָדן — האָט ב. וולאַדעק געשריבן צווישן אַנדערן — צו מאַכן אַלץ שוואַרץ, כדי עס זאָל אונדז זיין לייכטער צו האַלטן אַגיטאַציאָנס־רעדעס... אייניקע אויסדרוקן אין אייערע נאָטיצן דערמאָנען מיך אָן דעם טאָן פון דער ,פרייהייט' און פון די גרויסע תנא־בראַס, וואָס לערנען דעם ייִדישן אַרבעטער סאָציאַליזם אויפן קאָמוניסטישן שניט. דאָס איז די אַלטע פאַראַכ־טונג צו אַמעריקע, צום אַמעריקאַנער טוער און אַמעריקאַנער זאַכן, וועלכע איר, געגאַסע מוק... האָט געדאַרפט שוין לאַנג אויפגעבן... דאָס איז טאַקע וואָס איך וויל, אַז דער אַרבעטער אין אַמעריקע זאָל מעסטן אַמעריקע מיט אַמעריקע, נישט שניפּעשאַק מיט אַמעריקע און אַמעריקע מיט שניפּעשאַק".

אין 1926־27 האָט א. ליטוואַק געפּרוּווט אויפבויען אַן אייגענע טריבונע, וווּ ער זאָל קענען פריי רעדן וועגן אַלץ. אין דעצעמבער 1926 איז אַרויס דער ערשטער נומער פונעם חודש־זשורנאַל „בלעטער פאַר פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם, קולטור, ליטעראַטור און קונסט", פון וועלכן א. ליטוואַק איז געווען דער רעדאַקטאָר. אין אַפּריל 1927 איז אַרויס דער צווייטער נומער. דאָס איז געווען אַ זשורנאַל פון גרויסן פאָרמעסט. חוץ אַ סך קלענערע נאָטיצן און אַרטיקלען, האָט א. ליטוואַק אין די צוויי נומערן „בלעטער" געגעבן צוויי גרויסע אָפּהאַנדלונגען: „דעמאָקראַטיע" (אַריין אין באַנד „ליטעראַטור און קאַמף") און „וועגן רעוואָלוציע" (אָפּגעדרוקט אינעם בוך פון 1945). אָבער ווייזט אויס, עס האָבן געפעלט געלט־מיטלען, מיטאַרבעטער און געהעריקער אָפּקלאַנג אין דער ברייטער לייענער־מאַסע. און מער ווי די צוויי נומערן איז נישט

אַרויס. א. ליטוואַק איז ווייטער אויסגעשטעלט אויף די אָרגאַנען פון דער היגער באַוועגונג.

1930־1931. פון צייט צו צייט האָט זיך אויפגעהויבן אויף די שפּאַלטן פון דער היגער פּרעסע אַן אַטאַקע קעגן פּוילישן „בונד". ליטוואַק איז געווען דער פּאַרטיידיקער פון „בונד" קעגן אייגענע און פרעמדע. ליטוואַק איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די עקסט־רעכטע אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און ער האָט געהאַלטן, אַז זיי טראָגן עס די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם, וואָס אַ סך מיטגלידער פון סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד האָבן אים פאַרלאָזט און אָדער געוואָרן אין גאַנצן אַפּאַטיש, אָדער אַריבער צו די קאָמוניסטן. ער האָט די זעלבע עקסט־רעכטע עלעמענטן באַטראַכט פאַר דעם מקור פון דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן ייִדיש און ייִדיש־וועלטלעכער קולטור, ווי אויך פון דער צעפלאָסענער פּראָ־פּאַלעסטינישער און פּראָ־ציוניסטישער אַגיטאַציע אין די רייען פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער האָט אויך געהאַלטן, אַז די היגע באַוועגונג האָט פיל צו לערנען פון דער געזונטער רעאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון „בונד" אין פּוילן. און דאָס אַלץ האָט געפירט צו אומאויפהערלעכע אַטאַקעס און פּאָלעמיקעס מיט א. ליטוואַקן אויף די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס" און פון „וועקער" גופא.

ענטפערנדיק (אין דעצעמבער 1930) אויף אַ בריוו פון פּראָווינץ, וועלכער וואַרפט פאָר דעם „וועקער", וואָס א. ליטוואַק איז געווען זיין רעדאַקטאָר צי מיטרעדאַקטאָר די גאַנצע צייט, הלמאַי ער פאַרשווייגט אַלערליי קרומע ליניעס אין דער היגער באַוועגונג, זאָגט א. ליטוואַק: „מיר שווייגן נישט. אָבער אונדזער קול איז נישט גענוג שטאַרק. ער ווערט אָפט פאַרשטיקט פון יענע, וואָס ווערן געטראָגן פון דעם ווינט און טראָגן דעם ווינט. מיר שווימען קעגן שטראָם. דאָס איז זייער אַ שווערע אַרבעט. בפרט אַז פון ברעג וואַרפט מען אויף אונדז מיט שטיינער. איר האָט גאָר קיין באַגריף נישט, מיט וויפל פייַנטשאַפט דער „וועקער" איז אַרומגערינגלט, מיט וויפל פייַנטשאַפט דער גאַנצער ייִדישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד איז אַרומגערינגלט. איר הערט נישט די קולות פון ביטערער שינאה: מען דאַרף נישט קיין וועקער, מען דאַרף נישט קיין פאַרבאַנד! מיט די פיס דאַרף מען זיי צעטרעטן!"

אין דער זעלבער צייט איז א. ליטוואַק פאַר די קאָמוניסטן געווען דער סימבאָל פון אַל דאָס בייז. זיי האָבן אים נישט געקענט פאַרגעסן, ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף זייער עפנטלעכער ווענדונג אין דער „פרייהייט" מיט זייער „וואָרט צו אַלע אָנשטענדיקע סאָציאַליסטן" — בעת זייערע פאַרוויקלטע סיכסוכים מיט דער יוניאָן־באַוועגונג אין יענער צייט. צווישן די „אָנשטענדיקע" סאָציאַליסטן, צו וועמען זיי האָבן זיך עפנטלעך געווענדט זוכנדיק ביי זיי גע־

רעכטיקייט, זענען געווען סאַלוצקי, שלאָסבערג, ליעסין און ליטוואַק. אָבער קיינער האָט נישט אַזוי שאַרף רעאַגירט אויף דער דאָזיקער ווענדונג, אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן א. ליטוואַק אין זיין עפנטלעכן ענטפער („וועקער", 9טן יולי 1927). ליטוואַק האָט זיי געפרעגט: ווי קומען זיי אים צו פאַררעכענען צווישן די „אָנשטענדיקע" סאָציאַליסטן? „ווי לאַנג איז עס, אַז איר האָט אויף מיר אַראָפּגעלאָזט פון קייט אייער מאַניעווריטשן מיט אייער נאָוויקן?" און רעדנדיק ווייטער וועגן דעם ברודער־קאַמף אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג, פרעגט זיי ליטוואַק: „אָבער ווער איז שולדיק אין דעם דאָזיקן אומגליק? נישט שוין זשע די רעכטע אַליין, און איר טוער און פירער פון דער יידישער סעקציע וואָירקערס פּאַרטיי גאָר נישט? געוויס זענען געווען צווישן די אַלטע יוניאָן־טוער אַזעלכע, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דער דעמאָראַליזאַציע. אָבער איר, קאָמוניסטן, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דעם גאַנצן קאַמף אין די יוניאָנס נישט אויף אַ פּרינציפּיעלן, נאָר אויף אַ פּערזענלעכן באָדן; איר וואָס האָט נאָכאַנאַנד געשריגן, אַז אייערע קעגנער זיינען דזשאָב־זוכערס, גנבים און פאַרקויפטע נשמות — איר טראָגט די גרעסטע שולד פאַר דעם איצטיקן מאָראַלישן פּאָגראָם".

און פאַרענדיקט האָט ליטוואַק דעם דאָזיקן ענטפער צו די קאָמוניסטן אַזוי:

„ווען איר וואָלט אין אייער ווענדונג אַרויסגעוויזן די מינדסטע גרייטקייט צו דערלאָזן כאָטש אַ ווייטע מעגלעכקייט, אַז איר זייט אויך אַ ביסל אומגערעכט, זאָל זיין אויף 25, אויף 10 פּראָצענט, און איר זייט גרייט צו קומען אַנטקעגן און וויפל נישט איז בייטן אייערע מעטאָדן פון ברודער־קאַמף — וואָלט מען געקענט פּרווון זיך אַריינמישן, צונויפפירן בײדע צדדים ביי איין טיש. אָבער ווי אייער ווענדונג איז געשריבן, קען זי נאָר אַרויסרופן אַ שאַרפערע צערייצונג ביים צווייטן צד, באַטייט זי נאָר אַ מלחמה ביז די לעצטע כוחות, אַ מלחמה ביז אַ פאַרניכטונג. קיין אָנשטענדיקער סאָציאַליסט וועט אייך אין דעם נישט העלפן — — —"

„צו מיין גרויסן באַדויערן, גיט מיר אייער ווענדונג נישט קיין שום מעגלעכקייט עפּעס צו טאָן. וואָרעם דאָס, וואָס איר שטרעקט אויס, איז נישט קיין פינגער אַפילו פון שלום, נאָר אַ גאַנצע האַנט פון מלחמה.

מיט דער אַכטונג, וואָס איר פאַרדינט
א. ליטוואַק".

די יידישע קאָמוניסטן האָבן געקריצט מיט די ציין.

זיי האָבן געזען, ליטוואַק איז געבליבן דער זעלבער. נישט אומזיסט האָבן זיי אים געגעבן אַזאַ שיינעם קבלת־פּנים, ווען ער איז געקומען פון וואַרשע. ער איז געבליבן זייער אַלטער שונא. ליטוואַק האָט זיך נישט געענדערט אין

זייער אַטעסטאַט פון אָנשטענדיקייט. סיי ביים באַקאַנטן אינצידענט מיט די לינקע אויפן א״ר שול־צוזאַמענפאָר, סיי איצט ביים פאַרשאַרפטן ברודער־קאַמף, סיי שפּעטער בעת די פּאַלעסטינער געשעענישן, און אַזוי די גאַנצע צייט ביז ליטוואַקס טויט איז ער פאַרבליבן דער אויסגעשפּראָכענער און פּרינ־ציפּיעל־אויסגעהאַלטענער קעגנער פון קאָמוניזם און פון זיינע מעטאָדן אין ראַטן־רוסלאַנד ווי אויך אויף דער היגער אַמעריקאַנער טעריטאָריע. און אויב ער איז געווען שאַרף־קעגנעריש צו די עקסטרעם־רעכטע אין דער היגער ייִדי־שער אַרבעטער־באַוועגונג — האָט ער אָבער קיינמאָל נישט דערלאָזט, אַז די ייִדישע קאָמוניסטן זאָלן שאַנטאַזשירן דעם עולם מיט אָט דער פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטנקייט זיינער.

***

די לעצטע אָנדערהאַלבן יאָר פאַר זיין טויט אַנטוויקלט א. ליטוואַק ווייטער אַן אינטענסיווע פּאָליטישע טעטיקייט — אין וואָרט און שריפט. אין דעצעמבער 1930—אַפּריל 1931 פירט ער דורך אַ טור איבערן לאַנד; ער באַזוכט 35 שטעט און האַלט אָפּ אין זיי 54 לעקציעס. צוליב זיין געזונט־צושטאַנד לאָזט ער אָבער דורך אַ ריי שטעט אויף זיין לעצטן גרויסן געזעגענונגס־טור. זיין דערפאָלג איז גרויס. זיינע טעמעס זענען דאָס מאָל: דער סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד, אַמעריקע און ענגלאַנד; דער ציוניזם אין ליכט פון די לעצטע געשעענישן; אין סטאַלינס מלוכה; די ייִדישע סאָציאַלע דיכטער; מאַקסים גאָרקי — מענטש, קינסטלער און קעמפער; שלום עליכמס געלעכטער; די נביאים — אַ קאַפּיטל ייִדישע גע־שיכטע. ווידער אַ מאָל האָט גערעדט א. ליטוואַק דער פּאָליטיקער, דער ייִדישער פּובליציסט, דער ליטעראַטור־קענער, דער פאַרערער פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור. די דאָזיקע טעמעס — דאָס זענען געווען שטיקער פון זיין לעבן.

אינעם פּאַרטיי־ראַט פון 15טן אויגוסט 1931 נעמט ליטוואַק אַן אַקטיוון אָנטייל. ער לייענט דאָ דעם רעפעראַט „די ייִדישע יוניאָנס און אונדזערע אויפ־גאַבן". אין „צוקונפט", יולי דעם זעלבן יאָר, דרוקט ער אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג א״נ „די שלעכטע צייט", מיט דעם אונטערקאָפּ — „ווי דער עקאָנאָמישער קריי־זיס האָט זיך אָפּגערופן אויפן לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין אַמעריקע". ווייטער, אין די נומערן „צוקונפט" פון אויגוסט און דעצעמבער 1931, שרייבט ער צוויי גרויסע אַרטיקלען וועגן ייִדישער פאַרמעריי אין אַמעריקע. אין חודש מײַ פון דעם זעלבן יאָר דרוקט ער אין „וועקער" אַן אַרטיקל „פּראָבלעמען פון אַרבע־טער־רינג". אין אָרגאַן פון א״ר, „דער פריינד", שרייבט ער אין זעלבן יאָר אַרטיקלען איבער דער שול, איבער דער אַרבעטער־פּרוי און אַן אַרטיקל: „וועט זיך די ייִדישע שפּראַך איינהאַלטן אין אַמעריקע?" אין דער זעלבער צייט איז

אין יעדן נומער פון „וועקער" געווען ליטוואַקס אָפּרופן אויף אַלע פראַגן פון ייִדישן און אַרבעטער־לעבן. אין 1930 האָט דער פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן אַ. ליטוואַקס אַ בראָשור א"נ: „ווערט סאָציאַליסטן — אַנדערע מעגן דאָס זיין, אַרבעטער מוזן דאָס זיין". אין 32 זייטן, אין קורץ־געפּאַסטע זאַצן, רויק, פאָלקס־טימלעך, איבערצייגנדיק אַגיטירט ער דעם ייִדישן אַרבעטער פאַר דער אידעע פון סאָציאַליזם.

אין 1932 גיט אַרויס דער פאַרלאַג „וועקער" אַ בראָשור פון קאַרל קאַוטסקי: „דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם אָדער רויטע דיקטאַטור" מיט אַ פאָרוואָרט פון א. ליטוואַק. אין דער זעלבער צייט הייבט ער אָן צוגרייטן צום דרוק זיין בוך „ליטעראַטור און קאַמף", וועלכער איז שוין אָבער אַרויס נאָך זיין טויט.

## ג. דער שול־טוער

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז א. ליטוואַק האָט געהאַט גרויס אינטע־רעס צו דער ייִדיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג דאָ אין לאַנד. די שול פון אַ"ר איז פאַר אים געווען אַ רינג אין דער קייט פון אַלגעמיינעם קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט.

ווען אין מײַ 1926 איז פאַרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־רינג־שולן, איז ליטוואַק דאָ געווען נישט נאָר אָנוועזנדיק, נאָר אַקטיוו זיך באַטיי־ליקט אין אַלע זיינע אַרבעטן. אים איז דאָ באַשערט געווען צו זיין אַן עדות פון דעם פּרווו פון די 17 אָפּגעשפּאַלטענע שולן צו באַווירקן דעם צוזאַמענפאָר לטובת זייער כלומרשט־אומפּאַרטייִשער שול־אָרגאַניזאַציע.

די דאָזיקע שולן האָבן צוגעשיקט אַ דעלעגאַציע צום צוזאַמענפאָר און פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי צולאָזן. דער צוזאַמענפאָר האָט דאָס אָבער נישט אָנ־גענומען, ער האָט זיי נאָר געגעבן אַ שעה צייט אויף צו געבן די נייטיקע דער־קלערונגען. אַזוי ווי אויף אַזאַ פאָרשלאָג איז די דעלעגאַציע פון די 17 נישט איינגעגאַנגען, איז געקומען צו אַ צווייטן פּראָיעקט: דער צוזאַמענפאָר קלייבט אויס אַ שלום־קאָמיטעט פון פינף מאַן און דער קאָמיטעט זאָל פאַרהאַנדלען מיט דער דעלעגאַציע. אין דעם קאָמיטעט איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן א. ליטוואַק. די דעלעגאַציע האָט געלייגט האָפענונגען אויף א. ליטוואַקן: איז ער דאָך נישט לאַנג אין לאַנד, ער איז אָביעקטיוו, נישט אַריינגעצויגן אין די אָרטיקע קריי־גערייען. אין דער אמתן איז א. ליטוואַק אין דעם קאָמיטעט געווען פון די האַרטע, אַ דערפאַרענער פּאַרטיי־מענטש, האָט ער קלאָר געזען, ווער עס שטייט הינטער די עטלעכע נאַיווע אומפּאַרטייִשע לערער, וואָס ווערן פאַרפירט פון דעם רויש פון זייערע סימפּאַטיעס צו סאָוועטן־רוסלאַנד. ליטוואַק האָט דערקלערט: „עס

זענען פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע פריינד, וואָס ווילן מאַכן שלום, אָבער זיי שטייען אונטער די פליגלען פון די שולן, וואָס זיי פאַרטרעטן, און דאָרטן זענען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע כוחות וואָס דערלאָזן נישט, אַז זיי זאָלן שלום דערגרייכן". דאָס לעבן האָט גאָר אין גיכן באַשטעטיקט, אַז ליטוואַקן האָט זיין געזעלשאַפטלעכער חוש נישט פאַרפירט און ער האָט נישט געדאַרפט חרטה האָבן אויף זיין האַלטונג אין דעם ענין, וואָס איז אפשר געווען אַ גורל־פראַגע פאַר דעם אַרבעטער־רינג.

א. ליטוואַק איז געווען געבונדן מיט דער גאַנצער פּראַקטישער שול־אַרבעט. ווען צו דעם 7טן שול־צוזאַמענפאָר איז צוגעשטעלט געוואָרן אַ נייע רעווידירטע שול־פּראָגראַם, האָט א. ליטוואַק געהאַט אין דער דאָזיקער פּראָגראַם אַ גרויסן חלק. עס איז באַקאַנט, אַז די פאָררעדע צו דער דאָזיקער פּראָגראַם האָט אָנגעשריבן א. ליטוואַק, און גראָד איז דאָ אָנגעצייכנט אַ נייע ליניע אין דער ריכטונג פון דער אַרבעטער־רינג־שול. עס ווייזט אָן איבעריקן מאָל, ווי שעפעריש און אַקטיוו א. ליטוואַק איז געווען אויף אַלע געביטן וואָס האָבן אים אינטערעסירט. צוליב דער גרויסער וויכטיקייט פון דער דערמאָנטער פאָררעדע, אין וועלכער עס איז פאַרקערפּערט אַ שטיק ליטוואַק מיט זיין גאַנצער ייִדיש־סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג, וועלן מיר ברענגען פון איר גרעסערע אויסצוגן:

„אויף דריי זיילן שטייט די קינדער־שול פון אַ״ר: זי איז אַ ייִדישע, אַ סאָציאַליסטישע און אַ פרײדענקערישע.

„אַ ייִדישע: אונדזער שול וויל פאַרבינדן דאָס ייִדישע קינד פון אַמעריקע מיט די מיליאָנען ייִדן, וועלכע לעבן, קעמפן, געניסן און שאַפן קולטור אין זייער אייגענער שפּראַך און אין זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע ניואַנסן — אין פוילן, רוסלאַנד, רומעניע און אַנדערע לענדער; זי וויל שאַפן גייסטיקע פאַרבינדונגס־פעדעם צווישן די קינדער מיטן עלטערן דור דאָ אין אַמעריקע. צוליב דעם מוז דאָס קינד קענען די ייִדישע שפּראַך. דאָ אין אַמעריקע וועט זי פאַר אים זיין נישט די הויפּט־שפּראַך, נאָר זיין אייגענער צוגאָב צו דער שפּראַך פון לאַנד. אונדזער שול וויל פאַרבינדן די קינדער מיט דער געשיכטע פון זייער שטאַם. נישט דערפאַר אַליין, וואָס די ייִדישע געשיכטע איז אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט, נאָר אויך דערפאַר וואָס זי איז אונדז נעענטער, אינטימער, וואָס זי איז אונדזער געשיכטע. דער ייִד פון היינט איז אַ פּראָדוקט פון טויזנטער יאָרן; זיין טיפּ איז אויסגעפורעמט געוואָרן אין משך פון לאַנגע דורות. נישט וויסנדיק אונדזער פאַרגאַנגענהייט, וועלן מיר נישט פאַרשטיין דעם ייִדן פון היינט און נישט קענען אַרבעטן פאַר זיין מאָרגן.

„אונדזער שול איז אַ סאָציאַליסטישע. זי וויל אײַנפּלאַנצן בײַם קינד אַ טיפע ליבע צו אַרבעט און צו די אַרבעטער־מאַסן, פאַרשטענדעניש און מיט־געפיל צו דעם קאַמף, וואָס די מאַסן האָבן פון אייביק אָן געפירט פאַר אַ בעסער לעבן, צו דעם גרויסן קאַמף וואָס דער אַרבעטער־קלאַס פירט הײַנט פאַר אַ גליקלעכער צוקונפט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. די קינדער דאַרפן אין אונדזער שול באַקומען אַ שײַנע פאַרשטעלונג וועגן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל; זיי דאַרפן באַקומען אַ באַגריף וועגן די מאָדערנע אָרגאַניזאַציעס און דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס!... אונדזער שול וויל באַקאַנט מאַכן די קינדער מיט די רעוואָלוציאָנערע העלדן פון דער מענטשהייט, ספּעציעל מיט די שעפער, פירער און באַוווּסטע טוערס פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג: זי וויל בײַ זיי אײַנפּלאַנצן אַקטיוון אידעאַליזם; שטאַנד־האַפטיקייט און אָפּפערווויליקייט, חברשאַפט און געפיל פון קאָלעקטיוו. מיר ווילן נישט געבן דעם קינד קיין פּראָגראַם־סאָציאַליזם. דאָס איז פאַר קינדער באַך צו פרי. זיי וועלן עס נישט פאַרשטיין און נאָר מוזן גלייבן אויפן וואָרט. מיר ווילן אויך נישט פאַרסמן די קינדערשע מוחות און הערצער מיט ברודער־האַס. מיר ווילן געבן נאָר דאָס, וואָס פאַראייניקט די סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען, נישט דאָס וואָס צעטיילט. און דעריבער זייענדיק סאָציאַליסטיש, קען און דאַרף אונדזער שול בלײַבן אומפּאַרטייִיש.

„אונדזער שול איז אַ פרײַדענקערישע. זי וויל אַנטוויקלען בײַם קינד די געוווינהייט צו פאַרלאָזן זיך וויינִיקער ווי אַלץ אויפן גלויבן, און מער ווי אַלץ אויף זײַן אייגענעם קאָנטראָלירנדיקן שכל. זי וויל אַנטוויקלען בײַם קינד די געוווינהייט צו דענקען מיט זײַן אייגענעם קאָפּ, פּונקט ווי עס שטייט אויף זײַנע אייגענע פיס. זי וויל אָפּהיטן דאָס קינד פון שאַבלאָן, אַנטוויקלען זײַן כאַראַקטער, זײַנע אינדיווידועלע שטריכן. נישט אײן היטל פאַר אַלע קעפּ, ווי אין אַ פּאָבליק סקול, נאָר פאַר יעדן קינד אַ באַזונדער היטל לויט דער מאָס פון זײַן קאָפּ. די פרײַדענקערײַ איז בײַ אונדז נישט קיין באַזונדער קעגנשטאַנד, נאָר אַ סיסטעם, וואָס גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך אַלע קעגנשטאַנדן — וואָס מיר זאָלן נישט לערנען, האָבן מיר שטענדיק אין זינען צו אַנטוויקלען בײַם קינד דעם פרײַען געדאַנק".

די דאָזיקע דעקלאַראַציע שפּיגלט אָפּ דעם גאַנצן געדאַנקען־גאַנג א. ליט־וואַקס אין דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור־שאַפונג. זי שפּיגלט אָפּ דעם גאַנצן כאַראַקטער פון זײַן קאַמפּס־מעטאָד און די ליניע פון זײַן געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אַ געוויסע צײַט איז א. ליטוואַק געווען אַ לערער אין דער ניו־יאָרקער אַ"ר מיטלשול. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דעם אַ"ר פּעדאַגאָגן־ראַט, געווען

אויך אינספּעקטאָר איבער די שולן, און ווען ער איז דאָס נישט געווען אַמט־לעך, האָט ער פּאַקטיש ביי אַלע זיינע באַזוכן איבערן לאַנד אינספּעקטירט די שולן און געקענט אויסגעצייכנט אַלע פּראָבלעמען פון דער שול, אַלע מעלות און חסרונות פון די שול־טוער. און ווען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ווידער געשטאַנען אין אַרבעטער־רינג די נייטיקייט צו רעווידירן טיילן פונעם פּראָגראַם, כדי זיי צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען, איז ווידער אַ מאָל א. ליט־וואַק געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט זיך באַ־שעפטיקן מיט די פּראָגראַם־ענדערונגען (1931). אָבער נישט נאָר די טעאָריע און פּראָגראַם פון אַרבעטער־רינג־שול האָבן אים אינטערעסירט. ער האָט געזען אַלע אירע שוועריקייטן און פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען סיי פון אינעווייניק סיי פון דרויסן, און ער האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט צו דעם, ער האָט געמאָנט און געקעמפט. באַגריסנדיק דעם זיבעטן שול־צוזאַמענפאָר (1927), האָט ער אָנגעוויזן: „אונדזער שול האָט דאָס יאָר געהאַט אויסצושטיין אַ גרויסן קאַמף מצד די תלמוד־תורה און היברו סקולס, וועלכע האָבן אין די קלענערע שטעט באַיקאָטירט אונדזערע אונטערנעמונגען, געהעצט די טאַטעס קעגן אונ־דזערע שולן, וועלכע זיי האָבן אָנגערופן „קאָמוניסטישע נעסטן", ווו מען מאַכט די קינדער פּאַר משומדים, און לײדער האָבן זיך אַ סך טאַטעס צוגעהערט צו דעם... דער שטאַרקסטער קאַמף, וואָס אונדזערע שולן האָבן אויסצושטיין, דאָס איז דער קאַמף מיט די רבנים, האַלבע ראַבאַיס און אַנדערע כלי־קודש, אַ קאַמף פון דעם נייעם פרייען געדאַנק קעגן דער אַלטער פינצטערניש".

א. ליטוואַק האָט זייער הויך געשעצט די באַדייטונג פון דער שול פאַרן אַרבעטער־רינג ווי אַן אָרגאַניזאַציע. „די שולן — האָט ער געשריבן — זענען צענטערס פון קולטור־אַרבעט, זיי ציִען צו פרישע קרעפטן, ווירקן אויף דעם גייסטיקן צושטאַנד פון די ברענטשעס, גיבן פרישן אימפּעט, באַגייסטערונג; זיי באַפרוכפּערן אין אונדזער אָרדן אַלע צווייגן פון דער אַרבעט, אַפילו יענע וואָס זענען דירעקט מיט דער דערציִונג פון אונדזערע קינדער נישט פאַרבונדן".

און דערפאַר האָט א. ליטוואַק נישט געקענט צוזען און ער האָט נישט פאַרשוויגן, ווען ער האָט ביי אַ טייל חברים און טוער פון אַרבעטער־רינג און „פאַרבאַנד" געזען אַ נישט גענוג ערנסטע אָדער גאָר אַ פּרינציפּיעל־קעגנע־רישע צי גלייכגילטיק־צעקראָכענע באַציִונג צו דעם שולוועזן.אין זיין באַגריסונג אויף דעם אַכטן אַרבעטער־רינג שול־צוזאַמענפאָר אין 1929, פילאַדעלפיע, האָט ער אַזוי רעאַגירט אויף די דאָזיקע שטימונגען: „איר קענט מיך און איר דער־וואַרט מסתמא נישט פון מיר קיין פראַזן און נישט קיין מליצות. איך ווייס אַז מיין היינטיקע רעדע וועט אַ סך דעלעגאַטן נישט געפעלן ווערן, אָבער מיר אַרט עס נישט; איך וויל נישט אויסנעמען, איך וויל עפּעס זאָגן... איך וואָלט

נישט געוואָלט מיר זאָלן ווערן פּאַרטייִיש. מיר טאָרן נישט געבן די קינדער קיין באַשטימטן פּראָגראַם... מיר ווילן זיי געבן נאָר די גרונט־געדאַנקען, וועל־כע זענען געמיינזאַם פאַר אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען... אָבער עס טרעפט, אַז מיר פאַרגייען צו ווייט אין אומפּאַרטייִשקייט... ווען אין אונדזער אַ שול מאַכט מען אַ מעמאָריאַל־מיטינג נאָך לענינען און מען דערציילט די קינדער אינגאַנצן נישט, ווער מיכאַלעוויטש איז געווען, ווער מעדעם איז געווען — דאָס איז שוין אַ ביסל צו פיל אומפּאַרטייִיש... די ייִדיש־סאָציאַליסטישע דערציִונג מוז מען אָנהייבן פון קינדהייט אָן. קינדער וואָס האָבן פאַרבראַכט יאָרן אין תלמוד־תורה אָדער אַזעלכע וואָס האָבן באַקומען זייער דערציִונג נאָר אין אַ פאָלקס־שול און אויפן גאַס, זענען אַ סך אַן ערגערער מאַטעריאַל פאַר אַ סאָציאַליס־טישער דערציִונג, איידער קינדער וואָס זענען דורכגעגאַנגען אונדזערע עלעמענ־טאַר־שולן. ליידער זענען ביי אונדז פאַראַנען אַ סך אַזעלכע, וואָס שרייען: יוגנט־קלובן! יוגנט־קלובן! נאָר דערפאַר וואָס זיי ווילן דערמיט באַגראָבן אונ־דזערע שולן. דעריבער, ווען איינער פאָדערט קלובן, האָבן מיר אַ רעכט ביי אים צו פרעגן: וואָס מיינסטו שולן און קלובן, אָדער קלובן אָנשטאָט שולן?... איך קען פריינד, וואָס בעת זיי זענען אין דער פאַרוואַלטונג — אַרבעטן זיי פאַר דער שול, און ווען מען קלייבט זיי אין דער פאַרוואַלטונג נישט אויס, נעמען זיי אַפילו זייערע אייגענע קינדער אָפּ פון שול. איך קען פאַרוואַלטער, וועלכע קוקן אויפן לערער, ווי מען פלעגט אַמאָל קוקן אויף אַ מלמד: ער דאַרף אָפּגעבן די עלטערן כבוד, ער עסט דאָך פון זיי ברויט... מיר האָבן לערער, וועלכע קוקן אויף די פאַרוואַלטער, ווי אויף באַסעס, קוקן אויף זיי פון אויבן אַראָפּ, ווי רבנים אויף עמי־הארצים, באַהאַנדלען זיי גראָב און דערמיט דיס־קרעדיטירן זיי די שול, ברעכן זיי די שול. ווען אַלע אונדזערע ניינציק לערער וואָלטן געווען שול־טוער און אַקטיווע קולטור־מענטשן — וואָס פאַר אַ ברייטע און טיפע קולטור־אַרבעט מיר וואָלטן געקענט אַנטוויקלען איבערן לאַנד!...״

און ווען אין 1931 האָט זיך אויף די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס״ צעפלאַ־קערט אַ גרויסע דעבאַטע וועגן דער נייטיקייט פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול דאָ אין לאַנד, אַ דעבאַטע וואָס האָט געשטעלט אין גרויס סכנה די ווייַ־טערדיקע עקסיסטענץ פון די שולן — האָט אויך א. ליטוואַק גענומען אַ וואָרט, און זיין שטים האָט דאָ געקלונגען הויך און מוטיק און זיכער אין דער שול, אין איר נויטיקייט, און אין די שול־טוער. „עס איז גוט — האָט א. ליטוואַק געשריבן — וואָס דער „פאָרווערטס״ האָט די דעבאַטע געעפנט. אַדרבא, זאָל די פראַגע אַמאָל אויסגעדראָשן ווערן אין דער ברייטער עפנטלעכקייט. אונדזערע שולן זענען שוין אַזוי איינגעוואָרצלט, אַז קיין קריטיק, ווי שאַרף זי זאָל נישט זיין, קען זיי פון באָדן נישט אַרויסרייסן. וואָלט זיי אַזוי דער עקאָנאָמישער

קריזיס נישט געשאַדט, ווי די דעבאַטע וועט זיי נישט שאַדן. קעגנער וועט זי געבן מוט, דערפאַר אָבער וועט זי אָנהענגער צוגעבן פאַרעקשנטע איבערגע־געבנקייט. און דער ברייטער עולם, וואָס איז ביז אַהער געווען קאַלט צו דער גאַנצער זאַך, וועט לייענען די אַרטיקלען פאַר און קעגן — און ער וועט זיך באַראײַנטערעסירן". אין אַ צווייט מאָל האָט ער געשריבן וועגן דעם זעלביקן ענין: „די שול אונדזערע איז געקומען צו פאַרבלייבן, דעבאַטעס און אַטאַקעס וועלן זי נישט פאַרניכטן. היינטיק יאָר איז אַ שלעכט יאָר, דאַרפן מיר אַרבעטן מיט מער אָנשטרענגונג, מיט אַלע כוחות... מיט אַרבעט וועלן מיר ענטפערן אויף דער דעבאַטע וועגן די שולן. מיר דאַרפן אַזוי פלייסיק אַרבעטן, אַז מיר זאָלן ווערן נאָך אַ גרעסערער כוח אין דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, דעמאָלט וועלן אונדזערע שונאים מוזן ווערן אונדזערע גוטע פריינד".

„דער וועג פון די אַ"ר־שולן — האָט ער געשריבן אין אַן אַרטיקל א"ב „אַ ביסל פריינדלעכע קריטיק" („וועקער" פון 13טן דעצעמבער 1930) — ליגט גלייך ווייט ווי פון יידישן שאָוויניזם, אַזוי אויך פון אַסימילאַציע. איינ־ציהאַלטן זיך אויף אַזאַ וועג איז אַלע מאָל געווען שווער; באַזונדערס שווער איז עס איצט, ווען אויף דער יידישער גאַס הוליען בייזע שאָוויניסטישע ווינטן. דאָס רוב שולן אונדזערע האָבן איינגעהאַלטן די ריכטיקע געזונטע ליניע. דאָס רוב, אָבער נישט אַלע. פאַראַן שולן, אמת נישט קיין פולע, וועלכע זענען גע־שטרויכלט געוואָרן און האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט אויף איין זייט אָדער אויף אַן אַנדערער..."

## ד. ליטוואַק און יידיש־וועלטלעכע מאַסן־קולטור

ווי אַ שריפטשטעלער, שול־טוער, לעקטאָר און טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז א. ליטוואַקס שייכות צו דער נייער יידישער וועלט־לעכער מאַסן־קולטור געווען זייער אַ קלאָרע. זיין יידישיזם איז נישט געווען קיין אַבסטראַקטער, געקינסטלטער, ער איז פאַר אים געווען געבונדן מיט דער דערוואַכונג פונעם יידישן אַרבעטער צום סאָציאַלן קאַמף. א. ליטוואַקס שטע־לונג צו דער נאַציאָנאַלער יידישער פראַגע און צו די פראָבלעמען פון יידישער קולטור איז געווען רעאַליסטיש, פרעמד פון נאַציאָנאַליסטישקייט און נאַציאָ־נאַלער ראָמאַנטיק. קאַמף קעגן אַסימילאַציע איז פאַר אים געווען אַ רעאַלער פּראָבלעם פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פונקט ווי דער קאַמף קעגן יידישן קלעריקאַליזם און שאָוויניזם. יידישע שפּראַך, יידישע שאַפונג זענען פאַר אים געווען אַ נאַטירלעכע טאָג־טעגלעכקייט.

אין דער דאָזיקער אידעישער שטעלונג זיינער איז ער אָפט געקומען אין אַ

ווידערשפרוך מיט די יידישיסטיש־אינטעליגענטישע און ליטעראַרישע קרייזן דאָ אין לאַנד, וועלכע האָבן זיך אַ געוויסע צייט גרופּירט אַרום דער „קולטור־געזעלשאַפט״. ליטוואַק האָט פּאָלעמיזירט מיט זייער אומפּאַרטיייִשקייט, וועלכע האָט זיך אַזוי אָפט פאַרוואַנדלט אין אַנטי־סאָציאַליסטישקייט, אין פּאַרטיי־פּרעסערישקייט. ער האָט פּאָלעמיזירט קעגן דער טענדענץ פון שאַפן חסידישע רביים אַרום די גרעסטע טאַלאַנטן פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט באַקעמפט דעם נאַציאָנאַליסטישן טשאַד, דאָס אָפּגערענעצן זיך פון די פּראָלעטאַרישע ריכטונגען, דאָס פאַרוואַנדלען דעם יידישיזם אין אַ גאָט. ער האָט געוואָלט עפּעס אַנדערס: די נייע יידישע וועלטלעכע קולטור זאָל ווערן די קולטור פון די ברייטע מאַסע, זיי זאָלן זיין אין איר נישט נאָר געברויכער, נאָר אויך שעפער. יידיש — איז פאַר אים געווען אַן ענין פון מאַסן־קולטור, אין וועלכער יידיש און סאָציאַליזם זענען גלייכע באַשטאַנדטיילן. דערפאַר האָט ער אַזוי שאַרף באַקעמפט יעדע דערשיינונג פון אומקולטור און אומאַכטונג צו יידיש און אירע נייע אידעען, ווען ער האָט זיי נאָר באַמערקט אין די רייען פון אַרבעטער־רינג און סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. די דערמאָנטע יידישיסטן־אינטעליגענטן און שרייבער האָבן נישט אָפּגעשאַצט א. ליטוואַקס טיפע און איפּריכטיקע באַציִונג צו דער יידישער שפּראַך און קולטור, צו דער נייער יידיש־וועלטלעכער שול, צום יידישן טעאַטער א״אַ. דאָס איז באמת געווען אַ באַציִונג פול מיט אינערלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער.

אַפילו פאַר אַזאַ טיפן באַאָבאַכטער און אַלטן פריינד פון א. ליטוואַק, ווי דאָס איז געווען א. ליעסין, זענען אויך אין אַ געוויסן מאָמענט געווען אַן אַנטפּלעקונג אָט די נאַטירלעכע און אויפריכטיקע יידיש־נאַציאָנאַלע געפילן און שטימונגען פון א. ליטוואַק. און עס לוינט זיך איבערצוגעבן די ווייטערדיקע שורות, וועלכע א. ליעסין האָט געשריבן שוין דריי יאָר נאָך ליטוואַקס טויט („צוקונפט״, נומ׳ 1, 1935). אָט וואָס ער דערציילט:

„ליטוואַק איז דעמאָלט (זומער 1932, עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט — ח. ש. ק.) פאַראינטערעסירט געווען אין אַ זאַמלונג פון מיינע לידער און פּאָעמען, וואָס די עקזעקוטיווע פון אַ״ר האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן פאַר די אַ״ר־שולן. ער האָט זיך אויך געקליבן צו שרייבן צו דער זאַמלונג אַ פאָררעדע. און פיר־פינף לאַנגע זומערדיקע זונטיקס האָט ער פאַרבראַכט ביי מיר אין הויז, פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט, זוכנדיק, לייענענדיק און קלייבנדיק די פּאַסיקע לידער... כמעט אַלע מיינע ביבלישע און היסטאָרישע באַלאַדן האָט ער אַריינגענומען.

— זאָלן „זיי״ זיך צוגעווינען! — האָט ער אָנגעכמורעט די ברעמען, ווי ער וואָלט מיט עמעצן פּאָלעמיזירט.

און ווען איך האָב אים אין שפּאַס געזאָגט:

— ליטוואַק, איר ווערט דאָך גאָר אַ צדיק להכעיס!

האָט ער ווידער אָנגעכמורעט די ברעמען:

— זאָלן זיי זיך צוגעווינען!

מיר האָבן גערעדט, ווי ווייניק מען האָט ביי אונדז אויסגענוצט די וווּנדערלעכע ייִדישע געשיכטע. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין זיינע לעקציעס דערמאָנט ער אָפּט די נביאים. איך האָב אים אָבער אָנגעוויזן... דאָס (די מאַרטירערטום־פּאָעזיע — ח. ש. ק.) וואָלט אפילו געהאָלפן ליב צו מאַכן ביים קינד דאָס לשון אַליין. ביים ייִדיש־אַמעריקאַנער קינד איז דאָך ייִדיש, אין בעסטן פּאַל, שוין נישט קיין מאַמע־שפּראַך, נאָר אַ באָבע־שפּראַך; מוז מען אים געבן אין איר דאָס דערהויבנדיקסטע, אַז זי אַליין זאָל אין זיינע אויגן דערהויבן ווערן.

און איך בין געווען פאַרוואונדערט צו זען, ווי ליטוואַק האָט אויפגענומען מיינע רייד אַזוי מיטפילנדיק. איך האָב דעמאָלט ריכטיק געזען זיין באַציִונג צו דער ייִדישער שול און צום ייִדישן וואָרט. דאָס איז געווען ביי אים מער ווי אַ פּאַרטיי־צוגאַנג; דאָס איז געווען ביי אים דאָס האַרץ פון זיין לעבן. איך האָב אים געקענט זייער לאַנג, און האָב געוווּסט זיינע שוואַכקייטן, מיט אַ קורצע צייט פריער געהאַט מיט אים אַ שאַרפע פּאָלעמיק וועגן ארץ ישראל. און אָט אין יענע זונטיקס האָב איך אין האַרצן תשובה געטאָן פאַר געוויסע נישט־קאָרעקטע ווערטער, וואָס זענען צווישן אונדז געפאַלן. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַן ערנסטער חולה, און די זונטיקס זענען געווען הייסע. און אָט זע איך אים, אין אַ ווילדער חמימה, ווי ער ליגט צעוואָרפן מיטן שווערן גוף אויף איין שטול, מיט דער קראַנקער פוס אויף אַ צווייטן שטול, מיט גרויסע טראָפּנס שוויס אויפן רויטן שטערן און מיט גראָבע יאָרגאַנגען „צוקונפט״ האַרט פאַר די קורצזיכטיקע אויגן. און איך טראַכט ביי זיך, ווי די נאַטור קען עס מייסטרעווען — אַזאַ האַרמאָניע אין דער דיסהאַרמאָניע, אַזאַ דינקייט אין דער האַמעטנעקייט, אַזוי פיל „פּאָלק״, עמך, אין דעם אויסדערוויילטן און אויסגעטיילטן״...

אין א. ליעסינס טיפער און פּאָעטישער כאַראַקטעריסטיק פון א. ליטוואַקן ליגט די קווינט־עסענץ פון דעם, וואָס א. ליטוואַק איז געווען.

# קאַפּיטל צוועלף

דעם צוואַנציקסטן סעפּטעמבער 1932 איז א. ליטוואַק געשטאָרבן אין ניו־יאָרק. אַזוי ווי ער וואָלט געפּילט, אַז עס דערנענטערן זיך זיינע לעצטע טעג, האָט ער די פּאָר יאָר פאַר זיין טויט אַנטוויקלט אַן אויסערגעוויינלעך ריי־כע טעטיקייט. ער האָט נישט גערוט, קיין אַכט נישט געלייגט אויף זיין פיזישן צושטאַנד, זיך נישט געשוינט.

אָבער א. ליטוואַק איז שוין געווען שווער קראַנק. זיין קראַנקהייט האָט פון זיך געלאָזט הערן וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער. אין „וועקער" פון 3טן אָקטאָבער 1931 שרייבט ער: „צוליב ריין־פּערזענלעכע סיבות וועל איך אין די נאָענטסטע דריי־פיר און אפשר מער נומערן „וועקער" קיין אָנטייל נישט קענען נעמען. פאַר דער רעדאַקציע פון יענע נומערן וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך אַנדערע גענאָסן". דאָס האָט געשריבן אַ מאַן, וואָס אים איז געבליבן נישט מער נאָך ווי איין יאָר. דער אָרגאַניזם האָט זיך געוועהרט, נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן.

אַ פּאָר האַרץ־אַטאַקן. אַ הויכער בלוט־דרוק. שלעכטע סימנים פאַר אַ מענטשן אין דעם עלטער. נאָענטע פריינד, באַזונדערס סאָניע גורסקאַ, וועלכע איז שוין נישט געווען זיין פרוי, אָבער וועלכע האָט איינגעהאַלטן די בעסטע באַציִונגען צו אים, האָבן זיך געבעטן: שפּאָר דיין געזונט! היט זיך! אָבער ער האָט געטענהט: איידער פירן אַ לעבן פון היטן זיך, איז בעסער אַ קורץ לעבן... און ער האָט ווייטער פאַרגעזעצט זיין לעבן פון אומרו, פּאַרמעסט, אַקטיוון אָנטייל אין לעבן. מיט אַ בלוט־דרוק פון 260 האָט ער ווייטער געהאַלטן עפנט־לעכע לעקציעס, געשריבן אַרטיקלען.

און אָט איז געשען אין סי־גייט, ביי פריינד אין שטוב, ביי אַ גלעזל טיי — אַ האַרץ־אַטאַקע. גערופן אַ דאָקטאָר, ער האָט א. ליטוואַקן געגעבן ניטראָ־גליצערין, און דעם קראַנקן איז געוואָרן בעסער. האָט א. ליטוואַק זיך צוריק גענומען צו זיין אַרבעט, זיך באַהערשט, געטאָן וואָס זיין געזעלשאַפטלעכער געוויסן האָט אים דיקטירט. ער, דער קעמפער פאַר גערעכטיקייט, איז געווען דער אומגערעכטסטער צו זיין אייגענעם איך. ער, וואָס האָט כסדר געדאַרפט זיין אונטערן אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר, איז גאָר אין אַ הייסן זומער־טאָג גע־לעגן אין דרוקעריי, צי גאָר, ווי מיר האָבן געזען, ביי ליעסינען און געזאַמלט זיינע לידער פאַר אַ קינדער־אויסגאַבע. סאָניע גורסקאַ האָט אים אין אַזאַ הייסן יולי־טאָג אַמאָל דערזען, ווען ער איז געקומען פון דרוקעריי, און זי האָט צו אים מיט גרויס צאָרן אויסגערופן: ווי אַזוי קענסטו זיך דאָס דערלויבן? אַ געזונטער מענטש קען דאָך אין אַזאַ טאָג באַקומען אַ האַרץ־שלאָג! האָט איר

א. ליטוואַק רויק געענטפערט: „אָבער די צייטונג (געמיינט דער „וועקער״) דאַרף דאָך אַרויסגיין...״

קורץ נאָך דעם איז א. ליטוואַק גאָר ערנסט קראַנק געוואָרן. ד״ר איסר גינצבורג האָט אים געשיקט צו אַ האַרץ־ספּעציאַליסט. דעם לעצטנס אינ־סטרוקציע איז געווען: ליגן אין בעט. אָבער ליטוואַק האָט זיך געוועדט. ענד־לעך האָט מען זיך ביי אים איינגעבעטן אָוועקצוגיין אין אַ שפּיטאָל, לויט זיין פאַרלאַנג האָט מען אים אַריינגעגעבן אין „זייאָן האָספּיטאַל״, ווו אין פּערסאָנאַל איז געווען אַן אייגענער חבר. געבראַכט האָט מען ליטוואַקן פאַרנאַכט, מען האָט אים אַוועקגעלייגט אין אַלגעמיינעם זאַל, אויף אַ הויך בעט. ביינאַכט האָט ער געפּרוּווט אַראָפּגיין פון בעט, און צוליב זיין קראַנקן פוס און זיין אָפּגע־שוואַכטקייט איז ער אַראָפּגעפאַלן פון בעט. כדי ער זאָל מער נישט מאַכן אַזעל־כע פּרווון, האָט מען אַרומגעצאַמט זיין בעט מיט הויכע ברעטער, און מען האָט אים צוריק אַוועקגעלייגט. ליטוואַק האָט פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אַרומ־צאַמונג, האָט זיך געראַנגלט, עס האָט נישט געהאָלפן. ער איז געווען שרעקלעך דערשלאָגן. ב. וולאַדעק האָט פאַראָרדנט, מען זאָל ביי אים אָוועקזעצן אַ פּריוואַ־טע קראַנקן־שוועסטער. אַזוי איז א. ליטוואַק פאַרבליבן עטלעכע וואָכן אין שפּי־טאָל. זיין צושטאַנד איז געווען זייער אַ שווערער. די דאָקטוירים האָבן זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי האַלט אויס זיין האַרץ: ער איז אַ פּאַציענט, וואָס טוט אַלץ קעגן זיך...

אין „וועקער״ פון 20טן אויגוסט 1932 לייענען מיר די ווייטערדיקע נאָטיץ א״נ „גענאָסע א. ליטוואַק אין האָספּיטאַל״: „גענאָסע א. ליטוואַק, דער רע־דאַקטאָר פון ׳וועקער׳ און אָנגעזעענער סאָציאַליסטישער זשורנאַליסט און טוער, איז מיט עטלעכע וואָכן צוריק קראַנק געוואָרן. די קראַנקהייט איז געווען אַזאַ ערנסטע, אַז מ׳האָט אים געמוזט צונעמען אין האָספּיטאַל, ווו ער געפינט זיך איצט. פאַר די לעצטע עטלעכע טעג האָט זיך זיין געזונטצושטאַנד באַדיי־טנדיק פאַרבעסערט, און מיר האָפן אַז ער וועט קענען אין דער נאָענטער צו־קונפט צוריק שטיין מיט אונדז ביי דער אַרבעט פון ידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. מיר ווינטשן אים וואָס שנעלער געזונט ווערן״.

אינעם נאָענטן נומער „וועקער״, פון 3טן סעפּטעמבער, , לייענען מיר ווי־דער אַן עדיטאָריאַל וועגן א. ליטוואַקס קראַנקהייט: „פון אַלע שטעט דערהאַלטן מיר אָנפראַגן וועגן דעם געזונטצושטאַנד פון גענאָסע א. ליטוואַק, וועלכער געפינט זיך די לעצטע עטלעכע וואָכן אין „איזראַעל זייאָן האָספּיטאַל״. מיט פרייד לאָזן מיר וויסן אַלעמען, אַז גענ. ליטוואַק בעסערט זיך מיט יעדן טאָג און די דאָקטוירים פאַרזיכערן, אַז ער וועט אין דער נאָענטער צוקונפט אַרויס פון האָספּיטאַל אַ געזונטער. גענאָסע ליטוואַק בעט אונדז אין זיין נאָמען צו

באַדאַנקען אַלע גענאָסן, וואָס זענען אים געקומען באַזוכן און וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט זיין געזונטצושטאַנד".

דער דאָזיקער אָפּטימיזם האָט זיך נישט באַרעכטיקט. עס האָט נישט געהאָלפן דעם קראַנקנס ווערן זיך קעגן דער קאַטאַסטראָפע, וואָס דערנענטערט זיך. זיין געמיט האָט זיך אַלץ מער געבראָכן. ער האָט מורא געקריגן פאַרן טויט, און דאָס האָט נאָך פאַרקירצט זיינע טעג.

„עטלעכע טעג פאַר זיין טויט — דערציילט פּ. געליבטער — בין איך געשטאַנען ביי זיין בעט אין שפּיטאָל און מיר האָבן גערעדט וועגן אַ סך זאַכן. פאַר מיין אַוועקגיין נעמט ער מיין האַנט און בעט זיך, ווי אַ קינד, מ'זאָל אים אַרויסנעמען פון שפּיטאָל, מ'זאָל אים נעמען ערגעץ אין אַ היים פון אַ נאָענטן פריינד. בעת ער רעדט אַזוי שטעלן זיך אים טרערן אין די אויגן. אָט די סצענע וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. ליטוואַק, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געטומלט און געקאָכט אַרום מענטשן, האָט די לעצטע טעג געפילט, אַז ער איז אַליין, איינזאַם, אַז דאָ מוז ער סוף־כל־סוף זיך אונטערגעבן און פאָלגן דעם דאָקטאָרס באַפעלן. אין יענע עטלעכע מינוטן האָב איך איבערגעלעבט די גאַנצע טראַגעדיע פון ליטוואַקס לעבן".

דער זשורנאַליסט ה. לאַנג האָט דערציילט אין רירנדיקע ווערטער וועגן די לעצטע טעג פון ח' ליטוואַק „איידער מ'האָט אים אַריבערגענומען אין שפּיטאָל, ווו ער איז געשטאָרבן. מ'האָט אונדז דעמאָלט געלאָזט וויסן אין „פאָרווערטס" אַז ער איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און מען ווייסט נישט ווו ער איז אַהינגעקומען. עס איז אַריבער אַ טאָג און צוויי. מ'איז געוואָרן אומרויִק. מ'האָט דערטאַפּט ערגעץ צעטלעך זיינע, און אויף איינעם איז געווען אַן אַדרעס אין אָרעמען און גאָרנישט זויבערן קוואַרטאַל אין האַרלעם, אויף דער ערשטע עוועניו. הקיצור מיר האָבן אים דאָרטן געפונען אין אַ קאַלטן צימערל אַן פענצטער, אין אַ בעטל אָן בעטגעוואַנט, אַ צוזאַמענגעקנוילטן איך זיין מאַנטל, מיט אַן אַלטער שוירט אַרום זיין האַלדז אַלס אַ שאַל, און דערביי אויף אַ שטול זענען געלעגן עטלעכע באַשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר, אַן אָנהייב פון אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט זיך געקליבן שרייבן, און איז אַוועקגעפאַלן. איך געדענק עס גאַנץ גענוי, ווייל איך בין געווען איינער פון זיינע אַרומזוכער און אויסזוכער. דער עפּיזאָד שטימט מיט זיין גאַנץ לעבן אין עלנט און אין וואָגלענישן — און אין שרייבן. אַזוי אָנגעהויבן און אַזוי פאַרענדיקט" (פאָרווערטס", 17 פעברואַר 1946).

גלויבן אין די אייגענע פיזישע כוחות — און שרעק פאַרן טויט האָבן געקעמפט איינעם שווער־קראַנקן. מאָמענטנווייז איז ער געווען אָפּטימיסטיש אין געטרוימט אין דער הויך וועגן פאָרן צוריק קיין פּוילן, קיין ווילנע, אַרויסגעבן דאָרט זיין בוך. ער האָט געמאַכט פּלענער: איבעררייסן מיט אַמעריקע, ער וועט

געזונט ווערן, זיין אין פוילן, דאָרטן אַרבעטן און שרייבן. ער האָט אַפילו גע־האַט אָפּשפּאָרונגען אויף דעם צוועק.

א. ליטוואַק האָט זיך געמאַטערט עטלעכע וואָכן. דער אויסערגעוויינלעך שטאַרקער אָרגאַניזם האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. די פּאַראַדענונג פון די דאָקטוירים איז געווען: זיך נישט רירן! האָט אָבער נישט איין מאָל פּאַסירט: ער שרייט אויף דער קראַנקן־שוועסטער, זי אויף אים, און עס העלפט נישט — ער טוט אָן די שטעקשיך, און גייט אַראָפּ.

אָבער זיין לאַגע איז געווען האָפענונגסלאָז. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער עס אַליין דערפילט, און ער האָט געבעטן שיקן אים אַדאָלף העלדן, כדי צו מאַכן זיינע פאַראָרדענונגען אויפן פאַל פון טויט. א. העלד איז געקומען, פאַרשריבן זיינע ווונטשן. אָבער ווען עס איז געקומען דער מאָמענט פון אונ־טערשרייבן די צוואה, איז א. ליטוואַק געוואָרן אַזוי פאַרציטערט און נערוועז, אַז א. העלד האָט די זאַך איבערגעריסן, און אַזוי אַרום איז געבליבן נאָר אַ מינדלעכע צוואה.

מען מאַכט אים כסדר איינשפּריצונגען, די ערשטע צייט האָבן זיי געווירקט, שפּעטער אויפגעהערט. ער האָט אָנגעהויבן זינקען אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. ער האָט זיך שרעקלעך געמאַטערט, געכאָרכלט, זיך געוואָרפן. דערזען אַרום זיך אין דער פרי עטלעכע דאָקטוירים, געשריגן: צו וואָס פּלאָגט מען אים? די דאָקטוירים האָבן ווייטער געטאָן זייערס.

אין איינער פון די לעצטע נעכט האָט סאָניע גורסקאַ דעזשורירט ביי אים אַ גאַנצע נאַכט. אויפגעכאַפּט זיך אין דער פרי און אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט א. ליטוואַק איר געדאַנקט און צו גלייך אויסגעדריקט באַדויערן הלמאי זי האָט זיך געמאַטערט. ווידער האָט זיך געלאָזט פילן זיין עלנטקייט, זיין גרע־נעצלאָזער עלנט. ער האָט געבעטן אים ברענגען אַ העברעיִשן בוך פון ד״ר גינצבורגס ביבליאָטעק. זי האָט אים געבראַכט. וועגן זיין ירושה האָט ער גע־זאָגט: מען זאָל פאַרן געלט אַרויסגעבן זיין בוך („ליטעראַטור און קאַמף״), און אַלץ וואָס וועט בלייבן אַוועקגעבן דעם פוילישן „בונד״...

„דער טויט איז ליטוואַקן נאָך שווערער אָנגעקומען — דערציילט סאָניע גורסקאַ אין „אויפקום״, דעצעמבער 1932 — ווי זיין לעבן. איך בין אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט איין מאָל אַ גאַנצע נאַכט ביי זיין בעט געשטאַנען. ער איז שוין דאַן געווען זייער נאָענט צום טויט. ער האָט זיך אַזוי געמאַטערט, אַז איך, וואָס האָב אַזוי געוואָלט ער זאָל לעבן, האָב אויך געוואָלט אַז... עס זאָלן זיך שוין ענדיקן זיינע פּיינען. די דאָקטוירים האָבן אים נאָר קינסטלעך נישט געלאָזט שטאַרבן. דורך פאַרשידענע באַהאַנדלונגען האָבן זיי אויפגעהאַלטן זיין

לעבן, נאָך אַ ביסל פֿאַרצויגן... ביז זיין לעבנס־פֿאָדעם האָט זיך איבער־געריסן...״

דער טויט איז געקומען דינסטיק פֿאַרטאָג, דעם 20סטן סעפּטעמבער 1932.

אין דער לויה האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער אַרבעטער. עס זענען געווען פֿאָרשטייער פֿון סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, פֿון קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע קערפּערשאַפֿטן. אַ גרויסער עולם האָט נאָכגעפֿאָלגט די טרויער־פּראָצעסיע איבער די איסט־סיידער גאַסן. עס זענען געקומען צענדליקער קראַנצן. רעדעס האָבן געהאַלטן אב. קאַהאַן, ב. ולאַדעק, י. וויינבערג, י. באַס־קין, ה. ראָגאָף, צביון, דזשאַדזש פֿענקין, דזשעימס אָניעל, אַלעקס קאַהאַן, דוד מייער, ש. ניגער, דוד פּינסקי און פּ. געליבטער. דער קערפּער איז געבראַכט געוואָרן אין „פֿאָרווערטס״־האַל און אַ גרויסער עולם האָט זיך מיט אים דאָ געזעגנט. ב. כאַנין איז געווען דער פֿירער פֿון דער טרויער־צערעמאָניע און מיט אַ צעבראָכענער שטימע האָט ער געשילדערט די פּערזענלעכקייט פֿונעם נפֿטר. אין זיין אַרטיקל אין „פֿאָרווערטס״ האָט ב. כאַנין געשריבן:

„דער טויט האָט פֿון אונדז אַוועקגענומען איינעם פֿון די וויכטיקסטע פּיאָ־נערן פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג... ער איז פֿון די בונדיסטן פֿאַר־געטערט געוואָרן. אין אים האָבן די הונדערטער טויזנטער בונדיסטן פֿון רוס־לאַנד, פּוילן און ליטע געפֿילט זייערן אַ כּאָלקס־מענטשן, איינפֿאַך אַזוי ווי זיי... אין „פֿאַרבאַנד״ איז ח׳ ליטוואַק געווען דער גייסטיקער פֿירער, זיין וואָרטזאָגער. מיט דעם טויט פֿון ח׳ ליטוואַק פֿאַרלירט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַ שטיק האַרץ און נשמה. א. ליטוואַק וועט פֿעלן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער יידישער זשורנאַליסטיק. זיין מאַרטירער־לעבן, זיין אידעאַליזם וועט בלייבן אַ הייליקער אָנדענק צו אַלע די, וואָס האָבן ליטוואַקן געקענט, וואָס האָבן מיט ליטוואַקן געאַרבעט.

אויך אין פּוילן האָט דער טויט פֿון א. ליטוואַק אויפֿגערודערט די יידישע אַרבעטערשאַפֿט און די קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע וועלט. די צייטונגען האָבן געווידמעט אַרטיקלען זיין אָנדענק, טרויער־פֿאַרזאַמלונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַרשע, ווילנע און אַנדערע שטעט. און אפֿשר דער שענסטער דענקמאָל איז געוואָרן אויפֿגעשטעלט נאָך א. ליטוואַקן, ווען אין ווילנע, זיין אינטימע געבורטשטאָט, איז געגרינדעט געוואָרן אין סאַמע האַרץ פֿון דער יידישער נויט און אָרעמקייט — אַ קינדער־היים אויף די פּאָפּלאַווער אויפֿן נאָמען פֿון א. ליטוואַק — האָבן גענומען אויף זיך די צוויי שענסטע פֿרויען־געשטאַלטן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, די אינטימע פֿריינד און חברים זיינע, אַננע ראָזענטאַל און פּאַטי, די פֿרוי פֿון אַרקאַדי קרעמער. דריי קינדער־היימען האָט די בונדישע פֿרויען־געזעלשאַפֿט „יאַף״ געגרינדעט אין

ווילנע: אויפֿן נאָמען פֿון פּ. אַנמאַן־ראַזענטאַל, פֿון אַרקאַדי קרעמער און פֿון א. ליטוואַק. עס איז געווען סימבאָליש פֿון יעדן שטאַנדפּונקט, וואָס א. ליטוואַק האָט זוכה געווען צו זיין איינער פֿון די דריי. דאָס האָט די ייִדישע אַרבעטער־שאַפֿט, די ייִדישע אָרעמשאַפֿט פֿון ווילנע געצאָלט זייער חוב צום אָנדענק פֿון דעם, וואָס האָט געלערנט און דערצויגן עטלעכע דורות ייִדישע אַרבעטער. צוזאַמען מיט דער פֿאַרניכטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין ווילנע דורך די נאַצישע חיות איז אומגעקומען אויך דער קינדער־אַנשטאַלט אויפֿן נאָמען פֿון א. ליטוואַק...

א. ליטוואַק ליגט אויפֿן בית־עולם פֿון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק, אין זיין מצבה שטייט בשכנות מיט וול. מעדעם, שלום עליכם, און די שפּעטער באַערדיקטע נח פּאָרטנאָי, וול. קאָסאָווסקי און אַנדערע. דאָ איז ער צוריקגע־קומען צו דער אַלטער משפּחה פֿריינד, חברים און מיטקעמפּפֿער. דאָ איז ער אין דער סביבה פֿון די גרויסע ייִדישע שרייבער, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט און פּאָפּולאַריזירט אין די ברייטע מאַסן. דאָ האָט ער זיך פֿאַראייניקט מיט דעם אַרבעטער־פֿאָלק, וועלכער האָט אים אַזוי גוט געקענט און געאַכטעט. דאָ ליגט דאָס ערדישע רעשט פֿון א. ליטוואַק. זיין גייסטיקע ירושה וועט בלייבן אייביק, פֿון זיינע ווערק וועט מען לערנען, ווי אַזוי צו זיין געטריי דער אַר־בעטער־זאַך, ווי אַזוי צו קעמפֿן פֿאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפֿרייונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן.

## קאַפּיטל דרייצן

פֿאַר אונדזערע אויגן איז דורכגעגאַנגען דער גאַנצער לעבנס־וועג פֿון א. ליטוואַק. מיר זעען פֿאַר זיך די פּערזענלעכקייט זיינע, דעם כאַראַקטער זיינעם, זיינע פֿעיִקייטן, זיין לעבנס־ענערגיע און שעפֿערישקייט.

געקומען פֿון די נידעריקסטע סאָציאַלע שיכטן, געשטראָפֿט מיט אַן אוי־סערלעכן מום, אַ זעלבסט־לערנער אָן גימנאַזיעס און הויכשול — איז ער אָבער אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער פֿיגור אין ייִדישן לעבן במשך פֿון עטלעכע צענדליק יאָר. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געלערנט, געאַרבעט איבער זיך, שטענ־דיק געזוכט, קיין מאָל נישט געבלאָנדזשעט. מיט אַ געזונטן חוש פֿאַר רעאַליזם, האָט ער זיך נישט געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון אויפֿגעבלאָזענע פֿאַנטאַזיעס, און אַיין מאָל געשווירן טרייהייט דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דעם „בונד“, איז ער איר געבליבן געטריי און איבערגעגעבן זיין גאַנץ לעבן.

ייִדישער פּראָלעטאַריער איז פֿאַר אים נישט געווען קיין אַבסטראַקציע. ער האָט אים געזען אין דער גאַנצער סיטואַציע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, און דערפֿאַר

האָט ער פאַרבונדן דאָס פּראָבלעם פון דער סאָציאַלער באַפרייונג פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט — מיטן פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער אויסלייזונג און קולטור־רענעסאַנס; דערפאַר איז פאַר אים ייִדיש און ייִדישע קולטור געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון גאַנצן אַרבעטער־קאַמף. אַליין אַ תלמיד־חכם און געוועזענער וויל־לערנער, האָט ער געוואָלט, אַז אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף דער אויסבילדונג פון דער ייִדישער פערזענלעכקייט און ייִדישן כאַראַקטער, זאָל איינגעשלאָסן ווערן אויך אין דער מאָדערנער וועלטלעכער קולטור. פרעמד פון נאַציאָנאַליסטישקייט און שאָוויניזם, איז ער געווען דער ייִדישסטער צווישן בונדיסטן.

געקומען פון די האַרעפּאַשנע מאַסן, האָט ער איינגעהאַלטן די גאַנצע זאַפטיקייט פון זייער ייִדישן לשון, זייער וויץ און הומאָר, זייער פּשטות און אומ־מיטלבאַרקייט. זעלטן ווער האָט אַזוי געקענט דערציילן אַ מעשה, ווי ער. זעלטן ווער האָט פאַרמאָגט אַזאַ נאַטירלעכן ייִדיש, ווי ער. דערפאַר האָט ער אַזוי פיינט געהאַט צו איבערלאָדן ייִדיש מיט העברעיִזמען, אַרכאַיִזמען, אָדער פאַר־קערט מיט נעאָלאָגיזמען און אינטערנאַציאָנאַליזמען. די שפּראַך געהער דעם פאָלק און אים דאַרף זי דינען — דאָס איז געווען זיין לאָזונג.

דינען דעם פאָלק, דעם אַרבעטס־מענטשן — איז געווען אַ גרונט־שטיין אין זיין וועלט־אַנשויונג. פרעמד פון עגאָיִסטישקייט און קליינלעכער זעלבסט־צופרידנקייט, האָט ער נישט געוווסט פון קיין פּערזענלעכן לעבן, באַ־קוועמלעכקייטן. ער איז אין גאַנצן געווען איבערגעגעבן דער אידעע פון וועלט־איבערבויונג און פון דער באַפרייונג פון זיינע מענטשן־ברידער — און זיין גאַנץ פּערזענלעך לעבן האָט ער אַסקעטיש צוגעפּאַסט צו אָט דער אידעע. אים איז אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען אויסצונוצן זיינע טאַלאַנטן צוליב פּער־זענלעכע צוועקן. זיינע השגות זענען געווען פיל העכער: ער האָט אַ גאַנצע וועלט געוואָלט איבערמאַכן.

ער איז געווען אַ מוסטער פון לאָגיק און קלוגשאַפט. אַזוי אין שרייבן, אַזוי אין רעדן. אַזוי אין גרויסע ווערק, אַזוי אין קליינע פּאָלעמיקעס. ער איז געווען מער אַ מדריך און דערציִער, איידער אַ קעמפער. ער האָט אַפּעלירט מער צום שכל, איידער צום טעמפּעראַמענט. מיט אַ געוואַלטיקער רויִקייט און טיפער אַנאַליטישקייט האָט ער באַהאַנדלט דעם ציוניזם, קאָמוניזם, די אַסימילאַציע, די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג.

ער האָט פאַרמאָגט דעם גרויסן טאַלאַנט צו פּאָלעמיזירן, און ווען נייטיק — אויפן סאַרקאַסטישן אופן. אַ מוק האָט ער זיך אָנגערופן, און דאָס האָט גע־שטימט מיט זיין כאַראַקטער פון פּאָלעמיזירן מיט קעגנער. ער האָט טיף אַריינ־געשטאָכן זיין גיפט אינעם שונא. ער האָט אים אויסגעחוזקט און אים אויסגע־

טאָן נאַקעט. און געטאָן האָט ער עס מיט גרויסער באַשיידנקייט, אַזוי ווי אומ־געררן. אין פּערזענלעכע צוזאַמענשטויסן האָט ער קיין מאָל נישט באַנוצט קיין באַליידיקנדיק וואָרט. אָבער געטריי צו זיינע איבערצייגונגען, האָט ער — ווען געדאַרפט — געקענט עפּנטלעך זיך אָפּזאָגן צו געבן יענעם די האַנט.

איינער פון די לאָגישסטע קעפּ אין דער ייִדישער פּובליציסטיק, איז ער אין דער אמתן געווען פרעמד פון טרוקנקייט, איז אַפילו געווען ליריש־סענטי־מענטאַל. איינער פון די בייסיקסטע ייִדישע פּאָליטעטאַניסטן, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַ גוזמא מענטשישקייט. איינער פון די אויסגעהאַלטנסטע אינטער־נאַציאָנאַליסטן און מאַרקסיסטן אין „בונד", איז ער אין דער אמתן געווען אַ נאַציאָנאַלער ייד אין אַלע זיינע טריט. אַ פירער און וואָרטזאָגער אין זיין פּאַר־טיי, איז ער אָבער געווען אויסגעמישט מיט דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע, איז געווען נאַטירלעך עמכדיק. אַ שטרענג־פּאַרטייִשער מענטש, האָט ער דאָך געקענט שרייבן וועגן קעגנער מיט דער גייטיקער אָביעקטיווקייט און אָפנקייט. און זייענדיק אַ פּאָליטיקער פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ער געקענט אַליין הנאה האָבן פון אַ בעלעטריסטיש ווערק צי טעאַטראַלער פאָרשטעלונג, און מאַכן דעם עולם צוהערער ליב און הנאה האָבן פון די זעלבע ווערק.

דאָס זענען נישט געווען קיין קעגנזעצלעכקייטן אין אים. דאָס איז געווען די שפע פון טאַלאַנטירטקייט און פעיִקייט, מיט וועלכע די נאַטור האָט אים באַשאָנקען. ער איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער און נישט קיין קלענערער שרייבער. ער איז געווען אַ פּרעכטיקער דערציילער און אויסגעצייכנטער דיס־פּוטאַנט. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן זכרון, און איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור, אין דער נייער ייִדישער ליטעראַטור, אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. ער איז געווען פּאָליטיקער, אַגיטאַטאָר און פּראָפּאַגאַנדיסט. ער איז געווען רעפערענט און לעקטאָר, און האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן כוח הסברה און פּאָפּולאַריזאַטאָרישע קראַפט. ער האָט געשריבן לייט־אַרטיקלען, פּעליעטאָנען, וויסנשאַפטלעך־פּובליציסטישע אָפּהאַנדלונגען, ליטע־ראַרישע פאָרשונגען, נאַטור־וויסנשאַפטלעכע פּאָפּולאַריזאַציעס און לירישע עסייען. דאָס איז געווען די ברכה פון פילזייטיקייט.

מענטשן, געזעלשאַפט — דאָס איז געווען זיין סטיכיע. ער האָט שטענדיק געזוכט מענטשן, געזוכט דעם מענטשן. ער איז געווען אַ גוטער מבין אויף מענטשן, און איז נישט געווען לייכט אויף צו שענקען יענעם זיין גוט־פריינד־שאַפט. ער איז געווען אַ וווּנדערבאַרער מיטשפּרעכער, און איר האָט געקענט פאַרברענגען מיט אים שעהען אויפן אַנגענעמסטן און נוצלעכסטן אופן. איר האָט שטענדיק געהאַט וואָס צו לערנען פון אים. און ער איז שטענדיק גרייט געווען צו לערנען פון אייך. זיין לעבעדיקע נאַטור, זיין הומאָר, זיין באַשיידנקייט האָט

יעדערן אונטערגעקויפט. און ביי דעם אַלעמען איז ער געווען אַן איינזאַמער מענטש, זיין גאַנץ לעבן אַזוי. עלנט, איינזאַם, איינגעשלאָסן אין זיך.

ער איז צו קלוג געווען נישט צו זען די חסרונות פון די אַרומיקע. דער־פאַר האָט ער זיך גאָר גוט געפילט מיט קינדער. ער האָט זיי מעשהלעך שיינע דערציילט, לידלעך געזונגען. ער האָט זיך לעבן זיי אָפּגערוט.

ער האָט דורכגעמאַכט אַ רייך שטורמיש לעבן — סיי פּערזענלעך, סיי געזעלשאַפטלעך. ער האָט דורכגעמאַכט דעם גלאַנץ־פּעריאָד אין „בונד". רעוואָלוציעס, מלחמות, אויסלאַנד, טורמעס, סיביר, צוויי מאָל אין אַמעריקע. איז ער געווען גליקלעך אין זיין לעבן? אַוודאי האָט ער געהאַט יאָרן פון גרויס גליק און דערהייבונג, יאָרן פון באַוווסטזיין, אַז ער וואַקסט צוזאַמען מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט געהאַט גרויס אָנערקענונג, און דאָס נישט דווקא אין בונדישע קרייזן אַליין. דער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם האָט אים אָנגעפילט מיט אַ סך פרייד, לעבנסלוסטיקייט, גלויבן און מונטערקייט. אָבער אין זיין לעבנסוועג איז אים באַשערט געווען צו זען די געשפּאָלטנקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און די ברידער־קאַמפן אין אירע רייען. ער האָט געזען דעם זיג פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע איין מאָל און אַ צווייט מאָל, די גאַנצע זיכערקייט און חוצפּהדיקייט פונעם אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַל. ער איז געווען אַן עדות און מיטבויער פון דער נייער יידישער וועלטלעכער קולטור — אָבער אים איז אויך באַשערט געווען צו איבערלעבן די יאָרן פון ירידה פון יידיש און יידיש לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד, און דעם פאַמעלעכדיקן באַרג־אַראָפּ פון יידיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט ביטער איבערגעלעבט די שווערע פּראָבלעמען פון יידישער עקאָנאָמישער אומאָרגאַניזירטקייט, און אַ שאַרפער קעגנער פון ציוניזם — האָט ער זיך ערנסט פאַרטראַכט איבער די פּראָבלעמען פון אַגראַריזאַציע און אָרגאַניזירטער קאָלאָניזאַציע. די אַלע פּראָבלעמען פון זיין צייט האָבן אים געמאַטערט, צוגערויבט די רו, אָפט געמאַכט פילן זיך אומגליקלעך און פאַרצווייפלט.

איינער פון די בויער פון „בונד", איז אים באַשערט געווען צו זען די צעפאַלונג פון דער גרויסער פאַרטיי אויף אַ צאָל קלענערע, לאָקאַלע „בונדן", דער „בונד" אין רוסלאַנד איז אין גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן, און אַ סך פון די וואָס זענען יאָרן לאַנג געווען צוזאַמען מיט אים פירער און בויער פון „בונד" — האָבן זייער אַלטע פאָן פאַרראַטן. דער „בונד" אין פּוילן איז געוואַקסן און אַרויסגערופן אַלגעמיינע באַוווּנדערונג, אָבער פאַר א. ליטוואַקן איז אַ לאַנגע צייט נישט געווען קיין אָרט אין אים. געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער אָבער אויך דאָ קיין נחת נישט געשעפּט. דער קליינער פאַרמעסט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעט, די אַרומיקע זעלבסטצופרידנקייט, די פּרינציפּנלאָזיקייט וואָס

איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּרינציפּ, דאָס כסדרדיקע פאַרשווינדן פונעם טיפּ פון יידישע פּראָלעטאַריער אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן — דאָס אַלץ האָט אין אים געשאַפן ביטערקייט און צווייפל, און ער האָט געטרוימט צו־ריק צו פאָרן קיין פוילן.

אַ ליטוואַק איז אפשר נישט געבוירן געוואָרן צו זיין אַ קעמפער, אַ פּאַ־ליטישער טוער, אַ פּאַרטיי־מענטש, ביי אַנדערע אומשטענדן, וואָלט ער אפשר געוואָרן אַ פּראָפעסאָר, אַ בעלעטריסטישער שריפטשטעלער, אַ קריטיקער. אָבער דאָס לאַנד און די צייט, ווען ער איז געבוירן געוואָרן, האָבן אים געשטויסן צו פּאָליטיק, צו פּאַרטיי־אַרבעט. ער האָט אין תוך נישט געקענט פאַרטראָגן קיין קריגערייען, אַמפּערייען. עס האָט אים אויך געפעלט די אַמביציע צו הערשן און קאָמאַנדירן, אים איז פרעמד געווען דאָס געפיל פון מאַכט־גיריקייט. אָבער איין מאָל זיך איינגעשפּאַנט אינעם וואָגן פון דער פּאָליטיק און פּאַרטיי, האָט ער שוין נישט געקענט איבעררייסן דעם קורס, נישט געוואָלט זיך אויסטאָן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי די אינטערעסן פונעם יידישן אַרבעטער, אַזוי ווי ער האָט זיי פאַרשטאַנען.

ער האָט נישט געוווּסט פון קיין אידעען־פאַרגליווערטקייט און קאָנסער־וואַטיזם. ער איז אין „בונד", דאַכט זיך, געווען דער ערשטער אַוועקצושטעלן די פראַגע וועגן דער פאַרברייטערונג פון דער יידישער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע; ער איז געווען פון די ערשטע צו רעווידירן די טעאָריע פון נייטראַליזם אין „בונד". ער האָט נישט געגליטן אויף דער קראַנקהייט פון מורא פאַר רעוואָלוציע, פאַר מאַסן־אַקציעס. ער האָט אָבער אויך געוווּסט די חסרונות פון דער מאַסע, ער איז איר נישט נאָכגעגאַנגען בלינד, און ער האָט נישט גע־האַלטן פון רעוואָלוציע לשם רעוואָלוציע.

זיין גאַנץ לעבן, אין אַלע זיינע האַנדלונגען, איז ער געווען אמת אידעאַ־ליסטיש. זייער פריינדלעך בין אדם לחבירו, איז ער אָבער אין אידעיִש־געזעל־שאַפטלעכע ענינים געווען שטרענג, אַפילו אַ מאָל קנאיש. ער איז געווען אויסגעהאַלטן, האָט עקשנותדיק געקעמפט פאַר זיין אידעע. ער האָט אָבער אויך מיט פולער אויפמערקזאַמקייט און אָביעקטיווקייט אויסגעהערט יענעמס מיינונג, אים געוווּיגן און געמאָסטן. אַ טיפּישער מתנגד לויט זיין גאַנצער פּסי־כיק, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אין זיך אַ סך ראָמאַנטישקייט און זי אַריינגע־טראָגן אַפילו אין זיינע פּאָליטישע רעדעס און אַרטיקלען.

זיין ביישטייער צו דער יידישער פּובליציסטיק און ליטעראַטור איז זייער גרויס. פּונקט ווי אין פּאָליטיק, איז ער אויך דאָ נישט געווען קיין אויסטרע־טער פון נייע וועגן. ער איז אָבער געווען פונדאַמענטאַל, ערנסט, אויפריכטיק. זיין סטיל איז געווען ריין און דורכזיכטיק. ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרק אַנט־

זויקלטן עסטעטישן חוש, און זיין צוגאַנג צו ליטעראַטור איז געווען אַלזייטיק. ער האָט זיך נישט אָנגעצונדן פאַר נייע ריכטונגען און האָט פיינט געהאַט מאָדע־געטשקעס אין דער ליטעראַטור. זיין חוש פאַר דער יידישער שפּראַך האָט אים דיקטירט זאָרג וועגן דער ריינקייט און שיינקייט פון יידיש. זיין שפּראַך איז געווען אָן ביליקע עפעקטן, אָן געקינסטלטער מליצה. דער אינ־האַלט פון זיין שרייבן איז געווען קלאָר, פּאָפּולער, לאָגיש, אויסשעפּנדיק. אין ליטעראַטור און קולטור האָט ער געהיט די ירושה פון דער פאַרגאַנגענהייט און געזאָרגט וועגן ווייטערדיקן המשך און קיום פון פאָלק. פון דער פּאַרטיי, פון זיין שפּראַך־ און קולטור־פאַרמעגן. דאָ האָט ער געזאַמלט געשיכטע, זכרו־נות, פאָלקס־שאַפונג. ער האָט געפילט פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם פאָלקס קולטור־אוצרות, ער האָט זיך געפילט ווי איינער פון זייערע שומרים, בויער און אַרכיטעקטן.

א. ליטוואַק האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך אינערלעכע שיינקייט. יוגנט־לעכע פלעגן זיך צו אים צוקלעפּן. אַליין געלעבט אַסקעטיש און אָרעם, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געוואָלט פאַרראַטן די אָרעמקייט פון זיין מאַמעס שטוב, איז ער אָבער שטענדיק גרייט געווען צו העלפן מאַטעריעל אַ חבר און אַ פריינד אין זיין נויט. ער האָט געמוטיקט די שוואַכע און אומאַנטשיידענע חברים. ער איז געווען צופרידן, ווען זיינער אַ חבר האָט געהאַט דערפאָלג מיט אַן אַרטיקל, אַ רעדע, און ער האָט אַליין יענעם מיטגעהאָלפן צו דערגרייכן דעם דערפאָלג. ער האָט פיינט געהאַט פּאָזע, פאַלשן אָנשטעל. ער איז אַליין געווען אויפריכ־טיק און אוממיטלבאַר, און האָט עס אויך פון אַנדערע דערוואַרט.

אין שטענדיקן גייסטיקן אומרו, אומצופרידנקייט, האָט ער געקענט ליידן שטיל, אין זיך איינגעשלאָסן. וועד ווייסט, וויפל אַזעלכע אינעווייניקסטע ליידן און ביטערקייט ער האָט מיטגענומען מיט זיך אין קבר אַריין!

א. ליטוואַק איז אַ גרויסע פּערזענלעכקייט געווען. גרויס אין זיין לעבן, אין זיין גייסט און כאַראַקטער, אין זיין רעדן און שרייבן, אין זיין שאַפן, אין זיין יידיש־סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

# יקותיאל פּאָרטנױ (נח)

(1941—1872)



זײַן לעבן האָט זיך אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט צונױפגעגאָסן מיט דעם בונד. דער סוד פון חבר נחס לעבן — איז דער סוד פון בונד. די ליניע פון זײַער בײדנס לעבן גיסט זיך פולשטענדיק צונויף. אין ווערטער־בוך פון חבר נח האָט געפעלט אין גאַנצן אײן וואָרט — איך. איר האָט אים קײן מאָל נישט געהערט רעדן וועגן זיך. דאָס איז געווען אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון זײַן אומגעהײערער באַשײדנקײט. אָבער נאָך מער — אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס ער האָט אײגנטלעך קײן פּערזענלעך לעבן נישט געהאַט. ער האָט גראָד דאָס לעבן שטאַרק ליב געהאַט, אָבער זײַן פרײד און טרויער, זײַן ענערגיע און שעפערישקײט, זײַן איניציאַטיוו און אונטערנעמערישקײט — זײַנע אַלע פעיִקײטן זענען תמיד געשטאַנען אונטערן צײכן פון קאָלעקטיוו, פון דער באַוועגונג. זײַן פּערזענלעכער ווילן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן קאָלעקטיוו. ער איז געווען דער פאָטער פון דער פּאַרטײ. ער האָט אין זיך אויף אַ ווונדערלעכן אופן אײַנגעזאַפּט דעם ווילן און די שטימונג פון דער מאַסע, פונעם קאָלעקטיוו, פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס. ער איז געווען גלײַכצײַטיק דער פירער פון בונד און דער אינסטרומענט פון דער אַרבעטער־מאַסע אין בונד. ער האָט זײַן אײגענעם ווילן און שטעלונג געלײַטערט אין פײַער פון קאָלעקטיוון ווילן און קאָלעקטיוויער שטימונג.

און דערפאַר איז אויך אין פּאַרטײ־לעבן געווען אַזוי, אַז ער האָט נישט באַנוצט דאָס וואָרט — איך. ער האָט אַפּעלירט אין נאָמען פון דער אָרגאַ־

ניזאַציע, פון איר געשיכטע, אירע דעקלאַראַציעס און טראַדיציעס. און ווען נייטיק האָט ער געקענט פאַרבייגן זיין איך — לגבי דעם רצון און אינטערעס פון קאָלעקטיוו. ער האָט קיין מאָל נישט געדראָט דער פּאַרטיי אָדער וועלכער אינסטאַנץ — מיט זיך. ער האָט נישט געוואָרפן אויף דער וואָגשאָל זיין פּער־זענלעכע קראַפט, עס איז אים קיין מאָל נישט געגאַנגען אין דעם, אַז ער זאָל אויספירן; ער האָט נישט געוווסט פון אַזעלכע אַמביציעס און עגאָצענטריש־קייטן.

און דאָס אַלץ — נישט ווייל ער איז געווען כאַראַקטערלאָז, אָן אַן איי־גענער ליניע. פונקט פאַרקערט, ער האָט שטענדיק געוווסט וואָס ער וויל, ער איז געווען אויסגעהאַלטן און פיינט געהאַט דעם קאָמפּראָמיס. ער איז געווען אין די הויפּט־לאָזונגען און עיקרים פון בונד — אומבויגזאַם, קאָנסעקווענט און עקשנותדיק. אָבער ער האָט געהאַט געדולד און גלויבן אין זיין גערעכטי־קייט. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער חוש פאַר דעם, וואָס איז גוט און נישט גוט פאַר דער פּאַרטיי. ער האָט אין טאַקטישע פראַגן געקענט פאַרבייגן דעם היינט — צוליב דעם מאָרגן, אין וועלכן ער איז זיכער געווען. ער האָט געקענט פאַר־שווייגן, זיך באַהערשן. ער האָט נישט געוואָלט קאָמאַנדירן און באַפעלן. ער האָט געשטרעבט אויסצולעבן און אַדורכצולעבן דאָס, וואָס איז, לויט זיין מיי־נונג, אַן אומגליק פאַר דער פּאַרטיי היינט, אין דער פולער רויִקייט, אַז מאָרגן וועט זיין אַנדערש, אין הסכם מיט זיינע איבערצייגונגען.

ער איז געווען דאָס, וואָס עס דאַרף זיין — אַ פירער, אַ מנהיג, ער איז אין דעם פּרט געווען — אידעאַל. רויִק, אָן קאַפּריזן, אָן שטימונגען, זעלבסטבאַ־הערשט. נישט איבערפּלעכלעך און אויפגעפּלאַקערט, נאָר טיף אַריינגעדרונגען אין תוך פון דער סיטואַציע, פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קאָלעקטיוו און פאַרן מאָרגן, מיט מוט צו נעמען אויף זיך פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ח׳ נח איז געווען דער סימבאָל פון „בונד“ — אין אַלץ, אין אַלץ.

אָן דיקטאַטאָרישע פּרעטענזיעס, אָן איך־פּאָזעס. אויף אַן אמת, דער „אומ־באַקאַנטער גענעראַל“ פון אַ גרויסער מחנה „אומבאַקאַנטע זעלנער“, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד“. אַזוי באַשיידן, ווי עס איז געווען דער נאָמען גופא פון דער פּאַרטיי. אַזוי אויפריכטיק און אָרנסט־לעך, ווי עס איז געווען די שבועה פון „בונד“.

ער האָט געהאַט אַ גרויסע מיסיע אין זיין לעבן, און ער האָט זי מיט גרויסער קונסט אַדורכגעפירט. ער איז געווען דער היטער פון בונד. אים איז אָנגעטרויט געוואָרן דער גורל און די פאָן פון בונד.

# יוגנט־יאָרן

דער אמתער נאָמען פון ח׳ נח איז געווען יקותיאל פּאָרטני. געבוירן געוואָרן איז ער אין פּאָדברעזע, ווילנער געגנט, דעם 13טן אויגוסט 1872. אינעם דאָזיקן קליינעם שטעטעלע איז ח׳ נחס פּאָטער געווען אַ שרייבער אין דער „מעשטשאַנסקער אופּראַווע". די מוטער האָט געהאַלטן אַ קראָם. דער פּאָטער איז געווען אַ ביסל היינטוועלטיק, געקענט רוסיש, זיך פונאַנדערגעקליבן אין בירגערשאַפט־געזעצן. דעם זון זיינעם האָט ער געלערנט אין חדר, אָבער שפּעטער אָפּגעגעבן אין דער מלוכהשער קרוין־שול. געענדיקט די פאָלקשול, האָט מען יקותיאלן אין 1888 געשיקט אין ווילנער לערער־אינסטיטוט און ער האָט אים טאַקע געענדיקט אין 1892, ד״ה צו צוואַנציק יאָר.

פאַר דעם קינפטיקן רעוואָלוציאָנער און פּאַרטיי־פירער זענען אָט די פיר יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ווילנער לערער־אינסטיטוט, געווען אַן אַנטשיידנדיקער פּעריאָד אין זיין לעבן. דאָ האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט זיין לעבנס־באַנעם, דאָ האָבן זיך איינגעשטעלט זיינע בעסטע יוגנט־פריינטלעכע פאַרבינדונגען, דאָ איז ער אַריין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און סאָציאַליסטן־מחנה. דאָס זענען געווען יאָרן, ווען אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט צווישן איין פּאָגראָם און דעם צווייטן געדריקט די יידישע באַפעלקערונג מיט זיינע „צייטווייליקע תקנות" (פון יאָר 1882). יידן האָט מען געטריבן פון די דערפער; מ׳האָט געיאָגט יידן פון זייערע וווין־ערטער אויסערן תחום; מ׳האָט אויף אַלערליי אופנים פאַרשמעלערט די עקאָנאָמישע טעטיקייטן פון יידן און זייערע וווין־רעכט; און ענדלעך, יולי 1887 האָט מען שטאַרק באַגרענעצט דעם צוטריט פון יידן אין די אוניווערסיטעטן, גימנאַזיעס און אַנדערע מיטלשולן (פון 3 ביז 10 פּראָצענט פון דער צאָל אָנגענומענע קריסטן): דאָס איז געווען די טרויעריק־באַרימטע „פּראָצענט־נאָרמע". טויזנטער יידישע יוגנטלעכע האָבן אומזיסט געקלאַפּט אין די טירן פון די בילדונגס־טעמפּלען... דער נאַטירלעכער פועל־יוצא פון אָט דער לעצטער רעפּרעסיע איז געווען: יידישע יונגעלייט האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן פון די געהיימע קרייזלעך פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען.

אויך דער יונגער יקותיאל שליסט זיך דעמאָלט אָן אין אַ געהיימען רעוואָלוציאָנערן קרייז, וואָס איז געווען טעטיק ביים ווילנער לערער־אינסטיטוט. ער געהערט דאָ צו אַ קאָנספּיראַטיוון קרייז פון צוקונפטיקע לערער — גאָדלעווסקי, פין, גאָזשאַנסקי א״אַ. נחס פּסעוודאָנים איז דאָ געווען „דער העכסטער", פין און גאָדלעווסקי האָבן געהייסן „דער מיטעלער" און דער קליינער".

זיי האָבן געלייענט און דיסקוטירט אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס אייזענשטאַט פּלעגט זיי צושטעלן. באַלד נאָך דעם ווי פּאָרטניי האָט געענדיקט דעם אינ־סטיטוט און איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ לערער אין ווילנער קרוין־שול (אויף פּאָהולאַנקע אָדער נאָווגאָראָדער גאַס), הייבט ער אָן צו נעמען אַ טעטיקן אָנטייל אין דער "פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט". אָבער נאָך פאַרן פאַרענדיקן דעם אינסטיטוט איז נח־יקותיאל געווען פאַרבונדן מיטן ווילנער פּיאָנערן־קרייז, פון וועלכן עס זענען אַרויס די שפּעטערדיקע גרינדער פון בונד. אויף אַריינ־גענומען צו ווערן אין דעם דאָזיקן קרייז און אין זיינע טעטיקייטן איז נאָך נח־יקותיאל דעמאָלט געווען צו רוי און צו יונג. גענוג צו זאָגן, אַז אייזענשטאַט־יודין איז שוין געווען אַרעסטירט אין 1888, אַרקאַדי אין 1889, דזשאַן מילל אין 1892.

ביים פאַרענדיקן דעם אינסטיטוט (1892) איז נחס ערשטע זאָרג געווען, ווע־מען פון די יינגערע אינסטיטוט־תלמידים פאַרבינדן מיט די ווילנער טוער. יוסף לענסקי, אבראם באַנעוווער און אהרן ווײנשטיין (רחמיאל) — זענען גע־ווען אין דער גרופּע, אויף וועלכער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. אין זייערע הענט האָט נח איבערגעגעבן די אָנפירונג מיט דער רייכער אומלעגאַלער ביבליאָטעק און די פאַרבינדונג מיט דער ווילנער באַוועגונג. נחן איז צו פאַר־דאַנקען, וואָס דער דאָזיקער שילער־קרייז האָט זיך פאַרפעסטיקט, זיך גוט פאַרקאָנספּירירט, — פון אינסטיטוט זענען אַרויסגעקומען צענדליקער וויכ־טיקע טוערס פאַרן בונד.

נח האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן זיינע גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע און קאָנספּיראַטאָרישע פעיקייטן און זיין טאַלאַנט ריכטיק צו דערקענען און אָפּ־צושאַצן מענטשן. זיין גאַנצע פערזענלעכקייט בכלל איז שוין געווען אויסגע־קריסטאַליזירט — מיט אַלע אירע שיינע און גוטע מעלות. דזשאַן מילל דער־ציילט וועגן זיינע איינדרוקן פון נחן דעם לערער אין קלאַס־צימער: "ער האָט מיך איין מאָל איינגעלאַדן בייצוווינען זיינע אַ לעקציע אין קלאַס. זיין באַציונג צו די שול־קינדער, די רויקע באַמערקונגען וואָס ער האָט געמאַכט, זיינע אָנ־ווייזונגען און דערקלערונגען, די פריינטלעכע אַטמאָספער וואָס ער האָט באַ־שאַפן אַרום זיך, די ליבע מיט וועלכער ער האָט באַהאַנדלט די קינדער — אַלץ איז געווען אַזוי טיפּיש — נחס, אַז מען קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז אַזוי איז ער געווען מיט 52 יאָר צוריק"... און געווען איז דאָך נח דעמאָלט אַ לערער אַן אָנפאַנגער!

# קאָוונע

אין ווילנע פאַרבלייבט נח אַ קורצע צייט. באַלד פאָרט ער אַריבער אין די אינטערעסן און לויט די פלענער פון דער באַוועגונג — קיין קאָוונע. יעקב פעסקין דערציילט וועגן יענער תקופה ערב בונד: „אין דער דאָזיקער תקופה זענען איינגעשטעלט געוואָרן סיסטעמאַטישע פאַרבינדונגען מיט אַ ריי שטעט פון תחום; אייניקע טוערס פון ווילנע זענען דירעקט דעלעגירט געוואָרן צו פירן די אַרבעט אין די אַנדערע שטעט: גאָזשאַנסקי און ליובע אייזענשטאַט קיין ביאַליסטאָק... פאָרטניי — קיין קאָוונע".

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז נח האָט זיך ספּעציעל געסטאַרעט ביי דער שול־מאַכט אויף צו באַקומען אַ לערן־פּאָסטן אין קאָוונע אין אַ מלוכהשער פאָלקשול פאַר יידישע קינדער. אין קאָוונע איז מיט יאָרן פריער געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קרייז, אָנגעפירט פון צוויי יונגע גימנאַזיסטן, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן אָנגעזען אין בונד — וולאַדימיר קאָסאָווסקי און אברהם מוטניק (גלעב). דער קרייז איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט מיטגלידער פון אויספיר־קאָמיטעט פון נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ. אויך דער קאָוונער קרייז האָט געהאַט אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק און אַ חוץ דעם אַ ביבליאָטעק פון האַלב־לעגאַלע ביכער. ווען נח איז געקומען קיין קאָוונע, זענען שוין דאָ קאָסאָווסקי און מוטניק נישט געווען, אָבער דער קרייז האָט ווייטער עקסיסטירט. נח פאַרבינדט זיך מיט דעם קרייז, ער שטייט גלייכצייטיק אין ענגע פאַרבינדונגען מיט דער ווילנער פּיאָנערן־גרופּע. אין קאָוונע זענען אויך געווען טוערס פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן אַהער אונטער פּאָליציי־אויפזיכט, — צווישן זיי דער באַקאַנטער פּוילישער טוער לודוויק קולטשיצקי (שפּעטער אַריבער אין נאַציאָנאַליסטישע לאַגער); צו אים פלעגט אָפט קומען אויך יוזעף פּילסודסקי. דורך זיי פאַראינטערעסירט זיך נח צום ערשטן מאָל מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ער קומט אויך אין באַרירונג מיט ליטווישע אַרבעטער. אין קאָוונע איז דעמאָלט שוין געווען אַ מין פעדעראַטיווער צווישנפּאַרטייִשער קאָמיטעט פון דער גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פּ.פּ.ס. און ליטווישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. „נחס אַרבעט אין קאָוונע, דערציילט פּ. קורסקי, האָט שטאַרק אויסגעברייטערט דעם ווירקונג־קרייז פון דער ווילנער פּיאָנערן־גרופּע און האָט איבערגעלאָזט אין קאָוונער קאַנט טיפע שפּורן". נחס הויפּט־אַרבעט אין קאָוונע איז אָנגעגאַנגען צווישן די יידישע אַרבעטער. נח

האָט דאָ געפירט איניקע קרייזן;*) זיין פּסעוודאָנים איז געווען יאַקאָוו. נח איז געווען דער וויכטיקסטער טוער אין דאָזיקן צווישנפּאַרטייִשן „פעדעראַטיוון" קאָמיטעט.

מיט 38־39 יאָר שפּעטער האָט וועגן אָט דעם קאָוונער פּעריאָד אין נחס לעבן געשריבן איינער פון זיינע תלמידים, דזשאָזעף גרינבערג (דער וועקער, נ' 12, נאָוועמבער 1932):

„נחן האָב איך צו פאַרדאַנקען פאַר מיינע סאָציאַליסטישע געדאַנקען (עס איז אייגנטלעך אינגאַנצן זיינע), און אַז עס איז זיינע קאָן שוין דאָס קיינער נישט אַרויסרייסן — אַזוי שטאַרק האָט ער דאָס איינגעפלאַנצט.

נח האָט מיט זיך פון אייביק אָן פאָרגעשטעלט אַ גיבור, אַ מענטש וואָס איז דורכויס אומגעשראָקן, און אַלס אַזעלכער האָט ער געווירקט אין יענער צייט אויף מיר (אין קאָוונע) און אויף דער גאַנצער באַוועגונג. אָט האָט מען אים געזען אָנגעטאָן אין זיין „וואָיענעם מונדיר", און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געווען ביי מיר אויפן קוואַרטיר און האָט שוין געלערנט מיט אַ גרופּע קריסטלעכע אַרבעטער און אין נאָך אַ ווײַלע איז ער שוין געווען גאָר אָנשטענדיק אָנגעטאָן און האָט שוין געלערנט מיט אונדז ביי זיך אין הויז.

און ווען איך האָב אים געבעטן און געפּרוווט אַפּעלירן צו אים די לעצטע נאַכט איידער מען האָט אים אַרעסטירט, אַז ער זאָל לויפן... ווייל די געפאַר איז שוין געווען פאַר אים צו גרויס, האָט ער איינפאַך קיין צייט נישט געהאַט, ער האָט צו פיל זאַכן געדאַרפט באַזאָרגן, איז געווען צו פיל פאַרנומען און זיך נישט געקענט און נישט געוואָלט אָפּגעבן מיט זיך אַליין, — ווייל ער האָט נישט געלעבט און לעבט נישט מיט זיך אַליין. ער, נח, לעבט פאַר אַלעמען, און ער איז די שענסטע צירונג וואָס איז דאָ".

דער קאָוונער פּעריאָד האָט לאַנג נישט געדויערט פאַר נחן. האַרבסט 1895 ווערט ער אַרעסטירט, צוזאַמען מיט קולטשיצקין. נח איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַן איינצל־קאַמער פון דער קאָוונער תפיסה. אַכט חדשים האָט זיך געצויגן די אויספאָרשונג אין נחס „דיעלע". ער האָט באַקומען אַ שווערן פּסק־דין: דריי יאָר שטראָף־טורמע אין קרעסטי, פּעטערבורג, און נאָך דעם זעקס יאָר פאַרשיקונג אין מזרח־סיביר.

דער אַרעסט פון חבר נח איז געווען פאַרבונדן מיט זיינע באַגעגענישן מיט

---

*) לעאָן בערנשטיין דערציילט: די אויסערגעוויינטלעך סימפּאַטישע און אינטערעסאַנטע פּאָרל ליזע און אַלטער דער בערשטער האָבן ביידע באַלאַנגט צו נחס קרייזל, און ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן האָבן זיי איינגעהאַלטן אַלע פאַרבינדונגען, וואָס נח האָט איינגעשטעלט. („ערשטע שפּראָצונגען", זייט 79).

קולטשיצקין און מיט די פוילישע מעטאַל־אַרבעטער־קרייזלעך, הגם ווי שוין געזאָגט, אין קאָוונע איז נח געווען אַקטיוו בעיקר אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. קאָוונע איז געווען אַ וויכטיקער ראַיאָן־פּונקט מיט פעסטע פאַר־בינדונגען אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. צו יענער צייט איז שוין אויך געווען טעטיק די אָרגאַניזאַציע פון די בערשטער. נח איז געשטאַנען אין פאַר־בינדונג מיט דער ווילנער פּיאָנערן־גרופּע. ער האָט געטאָן אַ סך אַרבעט פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער אַרעסטירט ווערן איז אים געווען באַשערט, הפּנים, נישט אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין יידישער אַרבעט. און אויף דעם לוקישקער צוזאַמענפאָר, ווו דער בונד איז געגרינדעט געוואָרן, איז נחן נישט באַשערט געווען צו זיין...

נחס אַרעסט איז געווען דער טרויעריקער רעזולטאַט פון דעם, וואָס אַ ליט־ווישער אַרבעטער, אַ מיטגליד פון אַ פּראָפּאַגאַנדע־קרייז, איז צופעליק אַרעס־טירט געוואָרן און ער האָט אַרויסגעגעבן אַלע טוער וואָס ער האָט געקענט. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן אַ סך אַרעסטן אין שטאָט. חברים האָבן געדריקט אַז נח זאָל אַנטלויפן פון קאָוונע. ער האָט זיך נישט געקענט באַשליסן דערויף, דער עיקר צוליב דעם, ווייל ער איז געווען פאַרנומען מיטן בערשטער שטרייק, וואָס איז אָנגעגאַנגען דעמאָלט אין קאָוונער ראַיאָן. פון ווילנע האָט געזאָלט אָנקומען געלט פאַר די שטרייקערס, מען האָט אויך געוואַרט אויף אַגיטאַטאָרס. איז טאַקע נח אַרעסטירט געוואָרן...

מיט יאָרן שפּעטער, ווען נח איז געווען אין אַמעריקע ווי דער שליח פון בונד (1931), האָט דער אויבן דערמאָנטער דזשאָזעף גרינבערג צוגעשיקט נחן אַ בריוו, אין וועלכן ער שרייבט: „...דער שרייבער פון דאָזיקן בריוו איז דער זעלבער „אישיקע דער ווילנער בערשטער", וועלכער האָט זיך ביי אייך געבעטן, דאָס איר זאָלט אַנטלויפן פונקט די נאַכט איידער מען האָט אייך דאַן אַרעס־טירט און דאַן פאַרשיקט... איר זענט ביי מיר שטענדיק געלעגן אין האַרצן און איך האָב זיך קיין מאָל אין מיין לעבן נישט געקענט פאַרגעבן וואָרום איך האָב אויף אייך „יענע נאַכט" נישט געקענט ווירקן דאָס איר זאָלט אַנטלויפן... — — ווען איך האָב דורך דעם „פאָרווערטס" זיך דערוווּסט דאָס איר זענט אַנטלאָפן פון סיביר, בין איך דאַן געווען אַ גליקלעכער מענטש"... (דער בריוו פונעם קראַנקן חבר איז אָפּגעדרוקט אין „וועקער", 11 יולי 1931).

## תפיסה און סיביר

נח איז אין קרעסטי אָפּגעזעסן נאָר צוויי יאָר: צוליב ניקאָלייס קאָראָנאַ־ציע (יאָר 1896) איז ביי אַלע פּאָליטישע אַראָפּגענומען געוואָרן אַ דריטל

שטראָף. דער רעזשים אין קרעסטי איז געווען זייער אַ שווערער, די געפאַנגע־נע האָבן געדאַרפט טאָן שווערע פיזישע אַרבעט אין די וואַרשטאַטן. אָבער נח איז פון די אַרבעטן באַפרייט געוואָרן. אין דער טורמע־קאַמער האָט ער ערנסט שטודירט געזעלשאַפטלעכע, סאָציאַלע און ליטעראַרישע ווערק. אַזאַ סאָרט שטו־דיום הינטער די גראַטעס — לאָזט איבער טיפע שפּורן אויפן גאַנצן לעבן. אָט דער קורס „זעלבסט־בילדונג" — איז שפּעטער שטאַרק צו נוץ געקומען דעם קעמפער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

ווען נח איז געווען אין תּפיסה האָט אים איין מאָל באַזוכט זיין פאָטער — טאַטע און זון האָבן גערעדט צווישן זיך, אָפּגעטיילט מיט קראַטן און געהיט פון אַ זשאַנדאַרם. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער פאָטער צו אים געזאָגט:

— מיין זון, מילא, פאַרפאַלן. אָבער חרטה איז נישט מעשה סוחר...

ווען נח האָט מיט יאָרן שפּעטער דערציילט אין אַן אינטימען קרייז וועגן דעם דאָזיקן פאַקט האָט ער צוגעגעבן מיט שטאָלץ:

— אָט אַזוי האָט ער מיר געזאָגט, דער טאַטע מיינער...

פון דער וווּנדערלעכער גייסטיקער עקשנות פונעם פאָטער שיינט אַרויס די שפּעטערדיקע עקשנות פונעם זון, וועלכער איז אַרויס פון טורמע אַ גע־שטאַרקטער, אַ זיכערער אין זיין סאָציאַליסטישער אידייע און וועלכער האָט זיך שפּעטער געשטעלט צו מסירת־נפשדיקער דינסט פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג.

אַרום יוני־יולי 1898 פאַרענדיקט זיך נחס צוויי תּפיסה־יאָרן אין קרעסטי, אין פּעטערבורג. איצט קומט די פאַרשיקונג קיין סיביר. דער וועג פירט דורך מאָסקווע, סאַמאַרע, איבערן אוראַל און ווייטער מיט דער נייער סיבירער באַן־ליניע. דער קאָנוואָי איז געווען אַ ליבעראַלער. דער וועג איז אַדורך אָן שום אינצידענטן. אין דער פּאַרטיע זענען געווען רוסישע, פּוילישע, יידישע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן. אַרום ניי־יאָר 1899 איז נח אָנגעקומען צו זיין באַשטימונגס־פּונקט אילימסק. דאָס איז געווען אַ פאַרוואָרפענער העק ביים טייך אילים, אַ צופלוס פון דער לענאַ, אָן ערך זיבן, אַכט הונדערט קילאָמעטער פון דער אייזנ־באַן־ליניע אין אירקוטסקער גובערניע.

אין אילימסק איז נח פאַרבליבן בלויז אַ 6־7 חדשים. ער איז געווען אַ צו אַקטיווע נאַטור, פאַרמאָגט אַ צו גרויסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, — האָט ער געקענט מסכים זיין מיטן געדאַנק אָפּצופינצטערן דאָ אַזוי פיל יאָר? פונעם ערשטן מאָמענט אָן בויט ער פּלענער, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער דאָזיקער פאַרשיקונג. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע אונטערנעמונג: פון מערב־סיביר זענען פאַרשיקטע גאַנץ לייכט געלאָפן, — אָבער אילימסק איז געווען אין ווייטן מזרח. גלייך ווי ער איז געקומען אויפן פּלאַץ, הייבט ער אָן

מאַכן אַלע נייטיקע צוגרייטונגען צום אַנטלויפן. סיסטעמאַטיש, רויק, דורכ־געטראַכט אַלע פרטים, צוגעגרייט אַלץ צום לאַנגן געפערלעכן וועג דורך דער סיבירער טאַיגע ביז דער באַן־ליניע, און שפּעטער צו דער נישט ווייניקער גע־פערלעכער רייזע מיט דער באַן אונטער דער סכנה דערקאַנט צו ווערן דורך די צאַרישע שפּיאָנען.

זיין אַנטלויפן איז געווען אַ מייסטערשטיק פונעם קינפּטיקן קאָנספּיראַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר. אין אַ שיינעם פרימאָרגן ווערט נח פאַרשוווּנדן פון זיין קוואַר־טיר, און מען געפינט דאָ זיינעם אַ בריוו צו דער אָרטיקער קאָלאָניע פאַרשיק־טע, אַז מער קען ער נישט איבערטראָגן דעם אומעט און פּיין פון אילימסקער לעבן און ער באַשליסט צו באַגיין זעלבסטמאָרד... די פאַרשיקטע חברים האָבן די ידיעה ווייטער איבערגעגעבן אויף זייער אייגענעם שטייגער. די אָרטיקע פּאָליציי האָט דעם בריוו אויפריכטיק געגלייבט, און מ׳האָט זיך געלאָזט זוכן דעם טויטן קערפּער... נישט געפונען קיינע שפּורן, בלייבט אָבער די פּאָליציי ביים תמימותדיקן גלויבן אינעם זעלבסטמאָרד. זי שיקט אַריבער אַ געהעריקע מעלדונג צום גובערנאַטאָר, פון אים גייען די פּאַפּירן ווייטער צום פּאָליציי־דע־פּאַרטאַמענט אין דער קרוינשטאָט, און אַזוי בלייבט עס: דער פאַרשיקטער פּאַרטניי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד... אויס!...

## באַהאָפטן מיטן בונד

האַרבסט 1899 — פאַרמאַטערט פיזיש, אויסגעשעפּט פון נערוון־אָנשטרענ־גונג — איז שוין נח געווען אין ייִדישן תחום, צווישן אייגענע חברים.

אַרום פיר יאָר זענען אַריבער זינט נח איז אַרעסטירט געוואָרן אין קאָוונע. אָבער אין די עטלעכע יאָר איז געענדערט געוואָרן דער גאַנצער אויסזען פון רוסלאַנד, און נאָך מער איז דער פּרצוף פונעם ייִדישן תחום און פון דער ייִדי־שער אַרבעטער־באַוועגונג געענדערט געוואָרן פאַר די יאָרן. די רעוואָלוציאָ־נערע באַוועגונג צווישן אַרבעטער, פּויערים און סטודענטנשאַפט איז געגאַנגען באַרג־אַרויף. די קומענדיקע רעוואָלוציע פון 1905 האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן פון דער עפנטלעכקייט. אויף דער ייִדישער גאַס איז אויסגעוואַקסן אַ מאַסן־באַוועגונג. אין אָקטאָבער 1897 איז געגרינדעט געוואָרן דער בונד. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלער אָרגאַן, די אַרבעטער־שטימע (דער ערשטער נומער האָט זיך באַוויזן אין אויגוסט 1897). אין 1898 (יולי) האָט דער פּאָלי־ציי־דעפּאַרטאַמענט דורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן צווישן די בונדישע טוער (אַרע־סטירט העכער 70 פּערזאָן), ס׳איז אַרעסטירט געוואָרן דער גאַנצער צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר (קאָסאָוו־

סקי, אַרקאַדי, אַבראַם מוטניק). עס איז אויך פאַרנומען געוואָרן אין באָברויסק די צענטראַלע אומלעגאַלע דרוקעריי מיט דעם נומער 9־10 אַרבייטער־שטימע. נאָך מער, דער שעף פון דער מאָסקווער אָכראַנע, זובאַטאָוו, האָט פאַרטראַכט אונטערצומינירן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון אינעווייניק: ער האָט געפּרעדיקט לעגאַלן עקאָנאָמישן קאַמף — אָן שום צומיש פון פּאָליטיק. אָט אין דער דאָזיקער אַטמאָספער איז אַריינגעפאַלן נח באַלד נאָך זיין קומען פון סיביר. דער ברייטער בונדישער עולם האָט אים, נאַטירלעך, נישט געקענט. אָבער די מיטגלידער פונעם נייעם צ״ק, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון בונד אין סעפּטעמבער 1898 (טאַראַס, זעלדאָוו, צביה) האָבן אים גוט געקענט, און זיי האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז ער זאָל זיך שטעלן צו דער אומלעגאַלער אַרבעט.

פּ. אַנ—מאַן (פּאַוועל ראָזענטאַל) דערציילט וועגן אָט יענעם מאָמענט, ווען נח איז געקומען פון סיביר און זיך אַריינגעוואָרפן אין דער בונדישער אַרבעט. צוזאַמען מיט זיין פרוי אַנע האָט ח׳ ראָזענטאַל דעמאָלט געלעבט אין ביאַליסטאָק און פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר. און וועגן דאָזיקן ביאַליסטאָקער פּעריאָד אין לעבן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד (1900־1902) האָט ח׳ אַנ—מאַן שפּעטער פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע אַרבעט אין ערשטן באַנד פון רויטן פּנקס. דערציילט ער אַזוי:

„די ערשטע טעג פון מאַי (1900 — ח. ש. ק.) איז צו מיר אויף דער דירה געקומען טאַראַס צוזאַמען מיט איינעם אַ מענטשן, וועלכן מיר האָבן ביז דעמאָלט נישט געקענט. יענער איז געווען אַ הויכער, אַ רויקער, אַ לאַנגזאַמער און אַ באַטראַכטער... דער אומבאַקאַנטער הויכער מענטש האָט געהייסן נח און איז געווען דער קאָוונער לערער פאַרטניי, וועלכער איז נאָר וואָס בשלום געקומען צו פאָרן פון באַלאַגאַנסק (סיביר). גוטע פריינד האָבן אים געהאָלפן אַנטלויפן, טאַראַס האָט אים קאָאָפּטירט אין צ. ק.; איצט זענען זיי ביידע געפאָרן קיין וואַרשע און אונטערוועגס זענען זיי אַראָפּגעפאָרן צו אונדז. נח האָט מיר פאָרגעלייגט צו אַרבעטן אין אַרבייטער־שטימע און צווישן אַנדערע זאַכן נעמען אויף זיך די אָפּטיילונג פון פּאָליטישער אַגיטאַציע... מיינע אַרטיקלען פאַר דער אַרבייטער־שטימע פלעג איך שיקן קיין וואַרשע, ווו ס׳איז געווען די בונדישע דרוקעריי און ווו ס׳האָט געוווינט נח. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן פון נומער 19, וועלכער איז אַרויס אין האַרבסט 1900, אומגעפער אין סעפּטעמבער. אין יענער צייט איז נח ווידער געקומען צו פאָרן צו אונדז. ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז מ׳האָט מיך קאָאָפּטירט אין צ. ק., וועלכער באַשטייט אויף אַזאַ אופן פון דריי מאַן. טאַראַס וועט פאַרוואַלטן מיט דער טעכניק

און וועט אַרומפֿאָרן איבער די ערטער, און מיר אין צווייען וועלן ווײַנען אין ביאַליסטאָק.

פֿון דעם מאָמענט אָן איז ביאַליסטאָק געווען אין משך פֿון אַנדערטהאַלבן יאָר די רעזידענץ פֿון צ. ק. און אונדזער דירה ווערט דער צענטער פֿון דער רעזידענץ.

נח האָט זיך געפֿונען אַ צימער אין איינער פֿון די פּאַרוואָרפֿענע גאַסן אין שטאָט. דאָס איז געווען אַ צימער אָן אַ באַלעבאָס, אָן אַ דינסט. אַ קליין מיידעלע, דעם סטרוזשס טאָכטער, פֿלעגט אים געבן אַ סאַמאָוואַר און אויפֿרוי־מען דעם צימער. קיין איין מענטש, אויסער 1־2 וואָס מ׳האָט זיי פֿאַרטרויט, האָבן נישט געוווּסט זיין אַדרעס, איך בין ביי אים פֿאַר די גאַנצע צייט געווען, דאַכט זיך, איין מאָל. דערפֿאַר פֿלעגט ער אַלע טאָג זיין ביי אונדז, אָפֿט אַפֿילו 2־3 מאָל אַ טאָג. אין צווייען פֿלעגן מיר דערליידיקן אַלע פֿראַגן... דאָס איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע צייט... אין דעצעמבער איז אַרויס דער ערש־טער נומער איסקרא. נח און דער אויסלענדישער קאָמיטעט האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס פֿאָרזיכטיקייט צום נייעם אָרגאַן. זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר דער פּאָזיציע, וואָס ער וועט פֿאַרנעמען בנוגע צום בונד, און די ווירקלעכקייט האָט אין אַ גרויסער מאָס באַרעכטיקט זייער מורא״.

שפּעטער אַ ביסל וועלן מיר דערציילן גענויער וועגן דעם פּערטן צו־זאַמענפֿאָר פֿון בונד, אויף וועלכן נח האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל און אויף וועלכן עס האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט די דעבאַטע איבער דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. אָבער אַז מיר האַלטן אין ציטירן פּ. אַנ־מאַנס אַרטיקל, וועלן מיר שוין ברענגען דאָס, וואָס ער דערציילט ווייטער וועגן נחן:

„אין אַ יאָר אַרום נאָכן דריטן צוזאַמענפֿאָר האָבן מיר מיט נחן געפֿונען פֿאַר נויטיק צונויפֿצורופֿן אַ נייעם צוזאַמענפֿאָר... אין ביאַליסטאָק, ווו אונ־טער אונדזער דירעקטער השגחה וועט מען אים אָרגאַניזירן מיט מער דער־פֿאָלג... פֿון צ. ק. (זענען געווען) נח און איך... די דערקלערונגען צו די רעזאָלוציעס וועגן עקאָנאָמישן טעראָר, וועגן די מיטלען קעגן די גוואַלט־מעשים פֿון דער פּאָליציי און וועגן דעמאָנסטראַציעס האָט אָפּגעגעבן נח, די איבעריקע איך...

איך וועל זיך אָפּשטעלן נאָר אויף דער רעזאָלוציע וועגן דער נאַציאָ־נאַלער פֿראַגע... בראש פֿון צענטער (ווײַנשטיין, זאַקאָן א. א. — ה. ש. ק.) איז געשטאַנען נח. די רעזאָלוציע, וואָס מיר האָבן פֿאָרגעלייגט און וואָס איך מיט נחן האָבן זי צוזאַמען אויסגעאַרבעט, איז געווען אַ פּשרה צווישן צענטער און דער „בונדישער״ ריכטונג (ליבער — ה. ש. ק.). די פּשרה איז

באַשטאַנען אָט אין וואָס: די רעזאָלוציע האָט אַנטהאַלטן צוויי טיילן: איינעם אַ פּראָגראַמאַטישן, און דעם צווייטן אַ פּראַקטישן, אַן אַקטועלן...

אויפן צוזאַמענפאָר האָט מען אויך אויסגעקליבן אַ נייעם צ. ק.... אַלע צעטלען האָט מען אָפּגעגעבן נחן. איינער אַליין האָט ער זיי צונויפגעציילט און דערנאָך בסוד מודיע געווען די אויסגעוויילטע... נאָכן צוזאַמענפאָר איז אַלץ געווען ווי פריִער. איך מיט נחן זענען ביידע געווען אין ביאַליסטאָק און האָבן אָנגעפירט מיטן בונד".

נח איז שוין געווען גענוג רייף און פּאָליטיש־אָרגאַניזאַציאָנעל אָריענטירט, זיין כאַראַקטער אויסגעקריסטאַליזירט, און אָט די אַלע מעלות האָט ער אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. זינט מאַי 1900 זעען מיר נחן — מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין דער בונדישער אַרבעט. פון דעמאָלט אָן שטייט ער אָן איבעררייס ביים רודער פון בונד. ער איז קיין איין מאָל פאַר איבער פינף יאָר נישט אַריינגעפאַלן. קיין איינציקע פון די געהיימע דרוקערייען, וואָס ער האָט געהאַלטן אונטער זיין קאָנטראָל, איז דורך דער פּאָליציי נישט אויפגעדעקט געוואָרן. נח איז געווען אַ מוסטער פון מאָראַלישער דיסציפּלין, רעוואָלוציאָנערן מוט און אַנטשלאָסנקייט, אויסגערעכנטקייט, קאָנספּיראַטיווו חוב.

נחס ערשטע עובדא איז געווען פאַרשטאַרקן דעם צענטראַל־אָרגאַן פון בונד. פאַרשטאַרקן אים טעכניש מיט אַ זעלבסטשטענדיקער גוט־אָװעקגעשטעלטער דרוקעריי, און פאַרשטאַרקן אויך פּאָליטיש, ליטעראַריש. די דרוקעריי איז צייטווייליק איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאָדזש, מ'האָט צוגעקויפט שריפט, אויסגעבעסערט די מאַשין, איינגעקויפט פּאַפּיר. מ'האָט געדאַרפט צוגרייטן אַ מאַי־פּראָקלאַמאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט, און העלפן אַ פּאָר גרעסערע אָרגאַניזאַציעס אָפּצודרוקן זייערע אָרטיקע פּראָקלאַמאַציעס. מ'האָט באַשלאָסן צום 1טן מאַי אַרויסצולאָזן אַ נומער אַרבייטער־שטימע (נומ. 17). נישט נאָר האָט נח אַליין אָנגעשריבן די פּראָקלאַמאַציע פון צ. ק. און דעם גאַנצן נומער אַרבייטער־שטימע (אָפּגעדרוקט אויף רויטן פּאַפּיר), נאָר ער אַליין האָט געהאָלפן זעצן און דרוקן דעם נומער, און ער אַליין האָט אויפן בעסטן אופן אָרגאַניזירט די פאַרשפּרייטונג פון די אומלעגאַלע אויסגאַבעס. ער באַזוכט אַליין די גרויסע שטעט, ער ברענגט אַליין די אומלעגאַלע ליטעראַטור.

נח איז אין יענער צייט פּרוכטבאַר אויך ליטעראַריש. שוין דער דריטער צוזאַמענפאָר פון בונד (דעצעמבער 1899) האָט באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן די פּאָליטישע אַגיטאַציע, רופן צו דעמאָנסטראַציעס א"א. אין אַפּריל 1900 איז געווען די דריטע קאָנפערענץ פון בונד (אין וואַרשע) און דאָ איז אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן נחס אַריינקום אין צענטראַל־קאָמיטעט. אין אוי־

גוסט 1900 רופט דער צ. ק. אין זיין אויפרוף — איבעררייסן אַלע באַציונ־גען מיטן מאָסקווער אָכראַנע־שעף זובאַטאָוו. דער מחבר פון אָט דער ערשטער פּראָקלאַמאַציע פון צ. ק. קעגן זובאַטאָוושטשינע איז געווען נח. נח איז אויך געווען דער מחבר פון עטלעכע אַנדערע פּראָקלאַמאַציעס פון צ. ק., וועלכע האָבן אויפגערודערט די יידישע אַרבעטערשאַפט: אין 1900 וועגן פּראָצעס קעגן אַ גרופּע פּוילישע אַרבעטער־טעראָריסטן; אין 1901 — קעגן דער דער־מאָרדונג פון אַרבעטער פּאַקולאַ אין לאָדזש; אין 1902 — וועגן די ווילנער טראַגישע געשעענישן; אין 1903 וועגן קישעניעווער פּאָגראָם — מיט אַ רוף צו זעלבסטשוץ. נח איז פאַקטיש געווען דער רעדאַקטאָר פון דער אַרבייטער־שטימע און האָט אַליין דאָ געשריבן אַ סך, זיך אָפּגערופן אויף די וויכטיקסטע צייט־פראַגן. ביז 1905 — איז כמעט אין יעדן נומער געווען אַרטיקלען פון נחן. „בכלל — זאָגט קורסקי — איז די אַרבייטער־שטימע פון נומער 17* ביז נומער 40 אין גאָר אַ גרויסער מאָס זיין אַרבעט. צוזאַמען מיט פ. ראָזענ־טאַל האָט נח אָנגעשריבן דעם באַריכט פון פערטן צוזאַמענפאָר (ביאַליסטאָק 1901). פון אים זענען געשריבן דאָרט אַלע רעזאָלוציעס און דעקלאַראַציעס און מערערע פּראָקלאַמאַציעס פון צ. ק. ביז 1905". געווען צייטן ווען די גאַנצע לאַסט פון אַרבייטער־שטימע איז געלעגן אויף זיינע פּלייצעס. אין די ערשטע טעג פון 1903 ווערט באַפרייט פון תפיסה רחמיאל (וויינשטיין), און ביזן סוף 1905 ווערט ער אַ מיטאַרבעטער פון דער אַרבייטער־שטימע און איז בכלל דער שטענדיקער פאַרטרעטער פון נחן אין יעדער אַרבעט.

נחס אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, נישט באַשטאַנען בלויז אין דער זאָרג וועגן דער אַרבייטער־שטימע. ער איז אַריין אין דער גאַנצער לויפנדיקער אַר־בעט — סיי אויף די ערטער און סיי אין צענטער. די דאָזיקע אַרבעט האָט געפאָדערט אַ סך טאַקט, אויטאָריטעט, פּערזענלעכן איינפלוס, פאַרשטענדע־ניש פאַר די אָרטיקע נויטן פון די אָרגאַניזאַציעס. ס'האָבן נישט געפעלט קיין ריבונגען מיט די פּאַטריאָטן פון לאָקאַלער אַרבעט, וועלכע האָבן נישט פאַר־שטאַנען אָפּצושאַצן ווי געהעריק די וויכטיקייט פון אַ צענטראַלן אַפּאַראַט פאַר דער פּאַרטיי ווי אַ גאַנצע. געווען אַזעלכע וואָס זענען געווען „איפּערזיכטיק" צו דעם פאַרנעם און צו די „פּרעטענזיעס" פונעם צ. ק., צו זיין „רייכקייט" מיט מענטשן און פינאַנצן. דאָס אַלץ האָט געדאַרפט אויסגלעטן נח. ער האָט רעגולירט און אויסגעבעסערט די באַציונגען צווישן די לאָקאַלע אָרגאַניזאַ־ציעס און צענטער. ער האָט צוגעקליבן מענטשן, ער האָט געשאַפן דעם גע־

*) דער גאַנצער נומער 17 „אַרבייטער שטימע" איז געווען אָנגעשריבן פון נחן.

העריקן באַלאַנס צווישן די טיילן פון דער פּאַרטיי, ער האָט אָנגעצייכנט און אַרויסגעכאַפּט פּאַסיקע מענטשן.

„נחס פּליטה פון סיביר — שרייבט דזשאַן מילל — איז פּשוט געווען אַן אומשאַצבאַרער גליק פּאַרן בונד... מיט אַ ווונדערבאַרער שנעלקייט פּאַסט ער זיך צו צו זיין נייער ראָל, לעבט זיך איין אין בונדישן לעבן און נעמט איבער מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער גרינטלעכקייט די גאַנצע פּאַרצווייגטע אַרבעט פון צענטראַל־קאָמיטעט... אין עטלעכע קורצע וואָכן זענען אַלע פעדים פון דער אָרגאַניזאַציע געווען אין זיינע הענט... די גאַנצע פּירערשאַפט פון בונד איז איבערגעגאַנגען צו נחן. אין יענער צייט איז נח געווען דער צענטראַל־קאָמיטעט און דער צ. ק. איז געווען נח. זיינע אומגעהויערע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן לאָזן זיך פילן אומעטום... די גאַנצע קאָנספּיראַטיווע צענטראַליזירטע אַרבעט, די געהיימע דרוקערייען, דאָס אַריינשמוגלען ליטעראַטור פון אויסלאַנד, די פאַרבינדונגען מיט די אָרטיקע קאָמיטעטן, דער קאָנטאַקט מיט אַנדערע, נישט־בונדישע אָרגאַניזאַציעס — אַלץ איז אָרגאַניזירט דורך אים, דורכגעפירט פון אים. ער געפינט זיך אומעטום, איז פאַרנומען אויף אַלע געביטן, ער אַרבעט פאַר אַ טוץ... די ראָל וואָס ער האָט געשפּילט אין די יאָרן 1900־1905, איז געווען פון אַזאַ באַדייטונג און פון אַזאַ פאַרנעם, אַז עס וואָלט מיר געווען שווער אָנצורופן עמיצן אַ צווייטן, וואָס וואָלט זיך געקענט פאַרגלייכן מיט אים."

אָט אין דעם פּעריאָד לעבט נח אונטער אַ פרעמדן נאָמען (קאַפּלאַן), שפּעטער טראָגט ער דעם נאָמען צדוק מאַרגאָליס און אונטער דעם נאָמען איז ער טאַקע אַרעסטירט געוואָרן פריִער אין ווילנע (פרילינג 1905), שפּעטער אין וואַרשע. דעמאָלט האָט דער קאָנספּיראַטיווער נח געטראָגן אַ רויטע באָרד, — און דעם אַמאָליקן פּאָליטישן פאַרשיקטן וואָס איז „באַגאַנגען זעלבסטמאָרד" אין סיביר איז נישט צו דערקענען.

אַבראַם „דער טאַטע", איינער פון די פּיאָנערן פון בונד און פון די גרינדער פון גאַרבער־בונד, באַשרייבט דעם אויסערלעכן אויסזען פון ח' נח אין אָנפאַנג 1900 אַזוי: „איך האָב געטראָפן אַ יונגן מאַן מיט אַ בלאָנדער באָרד, הויך און שלאַנק, מיט געטאָקטע געזיכט־שטריכן".

וועגן נחס ראָל און באַדייטונג אין זעלבן פּעריאָד שרייבט וויקטאָר שולמאַן: „נח איז די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייט אין דער אָנפירונג פון בונד; ער האַלט אין זיינע הענט אַלע פעדים פון די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס... געהיימע דרוקערייען וועלכע האָבן פאַרשאָטן דאָס גאַנצע לאַנד מיט מיליאָנען עקזעמפּלאַרן אויפרופן און בראָשורן אין יִידיש, רוסיש און פּויליש; גרענעץ־פּונקטן, דורך וואַנען מען פלעגט געהיים טראַנספּאָרטירן פון אויסלאַנד

צאָלרייכע פּעק אומלעגאַלע ליטעראַטור, געווער פאַרן זעלבסטשוץ... נח איז דער פאַרבינדונגס־מאַן צווישן די געהיימע דרוקערייען און דער אויסערלע־כער וועלט, ער אַנטוויקלט ממש אַ לעגענדאַרע ענערגיע, טראָגט זיך אַרום פון איין אומלעגאַלער דרוקעריי אין אַ צווייטער — איבער וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, בערדיטשעוו. אומעטום פילט מען זיין וואַכזאַם אויג; אומעטום, אין די געפערלעכסטע פונקטן, איז ער אויפן אָרט, קאָנטראָלירט, היט אָפּ, גיט אָנווייזונגען, לערנט".

פאַר אַ צווייט שווער און קאָמפּליצירט פּראָבלעם און אויפגאַבע איז יענע יאָרן געשטאַנען נח צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג: העלפן אויפבויען אַן אַלגעמיין־רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, און איינבירגערן אין איר דעם בונד, די פּאַרטיי פון יידי־שן אַרבעטער־קלאַס, ווי אַן אויטאָנאָמען טייל פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי. דער צ. ק. פון בונד האָט גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין אָרגאַניזירן דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי (מינסק, מערץ 1898). דער צוזאַמענפאָר האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן בונד און באַשלאָסן: דער בונד פאַרבלייבט אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי — ווי אַן אויטאָ־נאָמע אָרגאַניזאַציע וואָס איז זעלבסטשטענדיק בלויז אין די פראַגן, וואָס האָ־בן אַ שייכות צום יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס אַלץ מיט גאָרנישט: די רוסלענדער פּאַרטיי איז געווען נאָר אויפן פּאַפּיר. פון דער אַנדערער זייט, איז אין גיכן אַרעסטירט געוואָרן כמעט דער גאַנצער אַפּאַראַט פון בונד: דער צ. ק., די דרוקערייען, די בעסטע מענטשן אויף די ערטער. דאָס פּראָבלעם פון אויפבויען אַן אַלגעמיינע רוסלענד. סאָצ. דעמ. פּאַרטיי און איינשטעלן אין איר די באַציִונגען מיטן בונד איז ווייטער געבליבן אויפן סדר־היום.

דעצעמבער 1900 מאַכט נח זיין ערשטע נסיעה קיין אויסלאַנד. ער פירט שמועסן מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד (קאָסאָווסקי, אַרקאַדי, צמח קאָפּעלזאָן און דזשאַן מילל) וועגן די וויכטיקסטע פּאַרטיי־פּראָבלעמען. ער באַזוכט בערלין, פּאַריז. זיין צווייטע נסיעה קיין אויסלאַנד איז געווען אין יוני 1903 צום 5טן צוזאַמענפאָר פון בונד (ציריך, שווייץ).

די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַרנעמט אַלץ מער אָרט און אויפמערקזאַמקייט אין בונד.

שוין דער דריטער צוזאַמענפאָר פון בונד (דעצעמבער 1899, קאָוונע) שענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. דער רעפערענט דזשאַן מילל פאַרטיידיקט אַזעלכע געדאַנקען: מען דאַרף „אַחוץ בירגערלעכע רעכט אויך פאָדערן גלייכע נאַציאָנאַלע רעכט"; „אויב די יידישע שפּראַך

וועט נישט האָבן די זעלבע רעכט ווי די רוסישע, וועט די פרייהייט פון פאַר־זאַמלונגען פאַר דעם יידישן אַרבעטער זיין נישט מער ווי אַ שיינע פראַזע". אָבער דער גרעסטער טייל דעלעגאַטן האָט געהאַלטן, אַז „מען מוז אויסמיידן אַזעלכע פאָדערונגען, וועלכע קענען אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם פראָלעטאַריאַט פון זיינע קלאַסן־אינטערעסן לטובת זיינע נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן".

אויפן פערטן צוזאַמענפאָר (אַפּריל 1901, ביאַליסטאָק) פאַרנעמט די נאַציאָנאַלע פראַגע דאָס צענטראַלע אָרט. דאָ האָבן שוין אַלע דעלעגאַטן מסכים געווען, אַז דער „בונד" דאַרף „קעמפן נישט נאָר מיט דער קלאַסן־פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אונטערדריקונג, נאָר אויך מיט דער נאַציאָנאַלער". די אַלגעמיינע רעזאָלוציע זאָגט, אַז רוסלאַנד דאַרף אין דער צוקונפט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ „פעדעראַציע פון נאַציאָנאַליטעטן מיט אַ פולער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יעדערער פון זיי... און אַז דער באַגריף נאַציאָנאַליטעט דאַרף אָנגעווענדט ווערן אויך בנוגע דעם יידישן פאָלק". חילוקי דעות זענען געווען אין דער פראַגע, וואָס פאַר אַ ראָל דאַרף דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם שפּילן אין דער פּראָפּאַגאַנדע און אין די פאָדערונגען פון „בונד". מאַרק ליבער האָט געפאָדערט, אַז דער „בונד" „זאָל סיי מינדלעך, סיי אין דער ליטעראַטור פירן אַ פאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַלע אַגי־טאַציע... צוזאַמען מיט דער אַגיטאַציע אויפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן באָדן — זי (די אַגיטאַציע — ח. ש. ק.) אויך ברייט פירן אויף דעם נאַציאָנאַלן". פּ. ראָזענטאַל און אַנדערע האָבן געהאַלטן פאַרקערט, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע איז „ביים איצטיקן מאָמענט פרעמד דער מאַסע, און די שטרעבונג קינסטלעך און פריצייטיק זי אַרויסצורופן וועט אַ חוץ שאָדן גאָרנישט נישט ברענגען". נח, וויינשטיין און אַנדערע האָבן פאַרנומען דעם צענטער אין דער פראַגע. זיי האָבן געטענהט: די אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין ביי יידישע אַרבעטער „געפינט זיך נישט אין קיין שום סתירה מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַוווסטזיין בכלל... אַרבעטנדיק פאַר דער פאַר־שפּרייטונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען און פּראָטעסטירנדיק קעגן די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונגען, ווי אויף איינעם פון די אופנים פון דער אונטערדריקונג אין דער איצטיקער בורזשואַזער געזעלשאַפט, אַרבעטן מיר אין דער זעלבער צייט אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם נאַציאָנאַלן זעלבסט־באַוווסטזיין. און מער אין דער ריכטונג קענען מיר (נישט) און דאַרפן נישט טאָן, אויב מיר ווילן באמת נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין נאַציאָנאַליסטן". די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט טאַקע געהאַלטן „פאַר פריצייטיק ביי די איצטיקע באַדינגונגען אַרויסצושטעלן די פאָדערונג וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די יידן" און גערופן אויסצומיידן „דאָס פונאַנדערבלאָזן פון דעם נאַציאָנאַלן

געפּיל, וואָס קען בלויז פּאַרטונקלען דעם קלאַסנבאַוווסטזיין פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און פירן אים צום שאָוויניזם״.

די דאָזיקע רעזאָלוציע איז געווען אַ קאָמפּראָמיס צווישן די דריי ריכ־טונגען אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע. אַרקאַדי, קאָסאָווסקי און גלעב זענען דעמאָלט געווען אין אויסלאַנד: זיי אַלע זענען שוין געשטאַנען אויפן שטאַנד־פּונקט פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע; אויך נח, ווען ער איז געקו־מען פון סיביר און אַריין אין צ״ק, איז צוגעשטאַנען צו די „נאַציאָנאַל־קול־טורעלע אויטאָנאָמיסטן״. אויב מיר זעען אים אויפן פּערטן צוזאַמענפאָר צווישן די צענטריסטן, און אויב מיר ווילן בכלל פאַרשטיין דעם „צענטער״ און די קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע, מוזן מיר נעמען אין אַכט די גאַנצע אַטמאָספער, אין וועלכער דער „בונד״ האָט דעמאָלט געאַרבעט: „די שווערע פאָלגן פון אַ שפּרונג פון אַ נעגאַטיוון צו אַ פּאָזיטיוון נאַציאָנאַלן פּראָגראַם; די געפאַר פון אַ מעג־לעכן קאָנפליקט מיט דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי; די מורא פאַר אומצופרידנקייט ביי די אַסימילאַטאָריש געשטימטע בונדיסטן — דאָס אַלץ איז ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד געהאָנגען איבער דעם דעמאָלטיקן „בונד״, און דאָס האָט טאַקע אַרויפגעלייגט אַ כאַראַקטעריסטישן שטעמפּל אויף די רעזאָלוציעס פון 4טן צוזאַמענפאָר און זיי האָבן געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ נישט־דערזאָגטקייט״ (דזשאָן מילל, ב. 2, ז' 85). נחס פּראַק־טישקייט, מיושבדיקייט, זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער חוש — אַלץ האָט אים גע־פירט צום צענטער. זיין השפּעה אויפן 4טן צוזאַמענפאָר איז גרויס. עטלעכע רעזאָלוציעס זענען אויסגעאַרבעט פון אים אַליין. אַנדערע פון אים און פינאַיען (ראָזענטאַל) צוזאַמען. די הויפּט־רעזאָלוציע — וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראַגע — איז צוזאַמענגעשטעלט פון אים. מיר וועלן זיך שפּעטער באַגעגענען נישט איין מאָל מיט נחס „צענטריזם״ אין „בונד״.

## נחס גרויסע ראָל

באַלד נאָכן פערטן צוזאַמענפאָר אונטערנעמט נח אין די אינטערעסן פון „בונד״ אַ טור איבער אַ צאָל שטעט: ער באַזוכט ריגע, זשיטאָמיר, בערדי־טשעוו, קיִעוו. ער געפינט אַ סך נייע אינטעליגענטע כוחות פאַרן „בונד״. באַ־זונדערס גרויס דערפאָלג האָט ער אין קיִעוו. קומענדיק צוריק אין ביאַליסטאָק, נעמט ער זיך צוזאַמען מיט די ראָזענטאַלס צו דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. זייער אַ סך אַרבעט, ענערגיע און געלט האָבן זיי אַריינגע־לייגט אין די דאָזיקע צוגרייטונגען. געקומען איז צום צוזאַמענפאָר נאָר אַ

קליינע צאָל דעלעגאַטן און ער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איינפֿאַכער באַראַטונג־קאָנפֿערענץ (מערץ 1902). די קאָנפֿערענץ האָט אויסגעקליבן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע אויף צוזאַמענצורופֿן דעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר: נח, דאַן, יעראַנסקי. אָבער די גאַנצע קאָנפֿערענץ איז באַלד נאָך דעם דורכגעפֿאַלן. אַלע דעלעגאַטן זענען אַרעסטירט געוואָרן בעת זיי האָבן זיך געלאָזט פֿאָרן צוריק פֿון דער קאָנפֿערענץ. אויך דער „בונד" האָט שטאַרק געליטן: ס'זענען אַרעסטירט געוואָרן זעלדאָוו, פֿאַוועל און אַנע ראָזענטאַל. צום גליק האָבן זיך געראַטעוועט אַרקאַדי און נח — די גרויסע קאָנספּיראַטאָרס און פּראַקטישע טוערס פֿון „בונד".

אָבער דער צ"ק פֿון „בונד" האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿונעם געדאַנק צו העלפֿן אויפֿבויען די אַלגעמיינע פּאַרטיי און צו רופֿן נאָך אַ מאָל איר צווייטן צוזאַמענפֿאָר. פֿאַרן דאָזיקן צוועק איז נח געווען דער צוגעפּאַסטסטער. נאָך פֿריִער, אין פֿאַרשיקונג, האָט ער מיט די אַנדערע רעוואָלוציאָנערן געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דער לאַגע פֿון דער אַלרוסישער באַוועגונג און פֿון דער פּאַרטיי. ווען ער איז אַנטלאָפֿן פֿון סיביר, האָט ער מיטגענומען מיט זיך פֿאַרשידענע אַדרעסן פֿון אָרטיקע טוער, און דאָס איז אים, ביי דער נייער אויפֿגאַבע, שטאַרק צו נוץ געקומען. דער צ"ק פֿון „בונד" האָט דעלעגירט דעם חבר נח צו טרעפֿן זיך מיט אַ געוויסער גרופּע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, צו וועלכער עס האָבן געהערט מאַרטאָוו, לענין, פּאָטרעסאָוו א"אַ. אין מאַי־יוני 1900 איז נח אַרויסגעפֿאָרן קיין סמאָלענסק, כדי זיך צו טרעפֿן מיטן פֿאַרשטייער פֿון דער גרופּע. די דאָזיקע באַגעגעניש האָט אָבער קיין רעזולטאַט נישט געגעבן, און נח איז דעמאָלט געפֿאָרן צו אַ צווייטן פֿאָרשטייער פֿון דער גרופּע אין פּאָלטאַווע — דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי מאַרטאָוו. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַלע באַמיִונגען זענען פֿאַרשפּעטיקט: די גרופּע האָט שוין געהאַט פֿאַרטיק אירע פּלענער, און פֿון איר איז אין גיכן אַרויסגעקומען די צייטשריפֿט איסקראַ (ערשטער נומער — דעצעמבער 1900), וועלכע האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל פֿאַרן ווייטערדיקן גאַנג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. און שוין דעמאָלט, אין די שמועסן אין סמאָלענסק און אין פּאָלטאַווע, האָט נח זיך איבערצייגט, אַז צווישן די רוסישע חברים און דעם בונדישן צ"ק שטייט אַ הויכע וואַנט פֿון אומפֿאַרשטענדעניש: נישט זיי האָבן געוווסט וועגן דעם קאָלאָסאַלן פֿונאַנדערוווקס פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, נישט זיי האָבן געהאַט פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן יידישן מאָמענט פֿון דער באַוועגונג: די ווערטער „נאַציאָנאַליזם" און „שאָוויניזם" האָבן זיך שטאַרק געלאָזט הערן אין די דאָזיקע שמועסן... „פֿאַראומערט און פֿאַרביטערט, דערציילט פּ. קורסקי, איז נח צוריקגעקומען פֿון דער נסיעה"... נח

האָט געפילט, אַז אָט די „אומפּאַרשטענדענישן" וועלן פירן צו ווייטערדיקע טרויעריקע פאָלגן. דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין און די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען זענען אין „בונד" געוואָרן אַלץ רייפער און קלאָרער; הייסט עס, די באַשולדיקונגען אין נאַציאָנאַליזם, סעפּאַראַטיזם און שאָוויניזם — וועלן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקן. אָבער דער „בונד" איז געגאַנגען ווייטער מיט זיין אייגענעם וועג.

מאַי 1902 געשעט די עקזעקוציע אין ווילנע און עס קומט דער אַקט פון הירש לעקערט. די אויפרעגונג איז געווען גרויס. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" לאָזט אַרויס אַן אויפרוף, ווו עס ווערט געזאָגט: „ייִדישע אַרבעטער! באַווייזט, אַז איר זייט גרייט צו פאַרטיידיקן אייער מענטשלעכע ווערדע, אַז אויף אָט דעם געוואַלט פון די צאַרישע משרתים, זענט איר גרייט צו ענטפערן מיט געוואַלט... מיר זענען זיכער, אַז פון צווישן די רייען פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט וועט אויפשטיין איינער, וועלכער וועט זיך נוקם זיין פאַר דעם איזדיעקעוווען זיך איבער זיינע ברידער, און אויב עס וועט פאַרגאָסן ווערן מענטשלעך בלוט וועט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלן אויפן קיסר און אויף זיינע ווילדע משרתים". און די „אַרבייטער־שטימע" האָט געשריבן: „מיט געוואַלט דאַרפן מיר ענטפערן אויף אַזוינע טאַטן ווי שמיץ, נאָר מיר דאַרפן זיך מיט דעם נישט באַגנוגענען". די פּראָקלאַמאַציע פון צ"ק איז געווען געשריבן פון ה' נח. אויך דער אַרטיקל אין „אַרבייטער־שטימע" געהערט מסתמא צו דער פעדער פון ה' נח. בכלל די גאַנצע שטעלונג פון צענטראַל־קאָמיטעט וועגן נקמה־טעראָר איז אָנגענומען געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון נחן. דזשאַן מילל זאָגט אַרויס די השערה, אַז אָט די שטעלונג נחס „איז געווען אַ מין רעצידיוו פון זיינע אַמאָליקע סימפּאַטיעס צו דער טעראָריסטישער פּאַרטיי פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל אין לעבן פון נחן, ווען ער איז געקומען אין אַ קאָנפליקט מיט די פירנדיקע חברים פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד" און פון אַ צאָל אָנגעזעענע בונדיסטן בכלל.

אין אויגוסט 1902 קומט פאָר די 5טע קאָנפערענץ פון „בונד" (בערדיטשעוו). זי באַשעפטיקט זיך בעיקר מיט דער פראַגע וועגן אָרגאַניזירטער נקמה — אין שייכות מיט דעם הירש לעקערט־אַקט. די מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר איינשליסן אין דער טאַקטיק פון „בונד" — די אָרגאַניזירטער נקמה. אָבער דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן דער רעזאָלוציע און דער פינפטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" האָט שפּעטער (יוני 1903, ציריך) אַנולירט דעם דאָזיקן באַשלוס.

עס דערנענטערט זיך דאָס דראַמאַטישע קאַפּיטל וואָס הייסט: דער בונד

טרעט אַרויס פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ.. שוין דער פערטער צוזאַמענפאָר פון „בונד“ האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן אַ פעדעראַטיווער בויונג פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. און וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ביידע ענינים האָבן אַרויסגערופן די שאַרפסטע אַטאַקעס פון איסקרא. אין 1903 איז פאָרגעקומען די באַראַטונג פון „בונד“ אין דווינסק. מען האָט זיך דאָ בעיקר פאַרנומען מיט דער פראַגע וועגן אָנטייל אין דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ.. אין יוני 1903 קומט פאָר דער 5טער צוזאַמענפאָר פון „בונד“ (אין ציריך). ס'זענען געקומען 30 דעלעגאַטן — צווישן זיי אויך נח. דער צוזאַמענ־פאָר האָט אויסגעאַרבעט אַ מאַקסימאַלן און מינימאַלן סטאַטוט־פּראָיעקט פאַר די באַציִונגען מיט דער ר. ס. ד. אַ. פּ.. דער תוך איז געווען: דער „בונד“ איז די ס. ד. אָרגאַניזאַציע פון יִדישן פּראָלעטאַריאַט, ער איז זיין איינציקער פאָרשטייער, ער איז נישט באַשרענקט אין זיין טעטיקייט מיט קיין ראַיאָנע ראַמען; ער האָט זיין אייגענעם צ״ק און אויסלענדישן קאָמיטעט. די האָפע־נונגען פון „בונד“ אויף פאַרשטענדיקונג און שלום מצד די דעלעגאַטן פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר זענען געווען גאָר מאָגערע. די דעלעגאַציע פון „בונד“ אויפן „צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי איז באַשטאַנען פון די ח'ח נח, יודין, ליבער, קאָסאָווסקי, מעדעם, אַלעקסאַנדער (אַרקאַדי). דער הויפּט־רעדנער מצד דעם „בונד“ איז געווען מ. ליבער, אָבער אויך די אַנדערע בונדישע דעלעגאַטן האָבן עטלעכע מאָל גערעדט. ווען זייערע באַמיִונגען האָבן נישט געהאָלפן, האָט די דעלע־גאַציע דערקלערט אַז דער „בונד“ טרעט אַרויס פון דער פּאַרטיי.

אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. איז נח געקומען עטלעכע מאָל צום וואָרט: בעת דער דעבאַטע וועגן דער „פּוילישער סאָצ. דעמ.“ און ביי אייניקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. דער עיקר אָבער האָט ער גערעדט בעת דער דעבאַטע וועגן „בונד“. איך וועל דאָ ברענגען דעם ח' נחס רעדעס אַזוי ווי זיי זענען אָפּגעדרוקט אינעם „פולן טעקסט פון די פּראָטאָקאָ־לן“, אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אין זשענעוו. פון נחס ווערטער וועט דעם לייענער קלאָר ווערן דער אַלגעמיינער פאַרלויף פון דער דעבאַטע. אָט איז די איבערזעצונג פון זיין רעדע (ער האָט דאָרטן פיגורירט אונטערן נאָמען — „אַבראַמסאָן“):

„דער חבר פון אָדעס האָט אונדז פאָרגעשטעלט די טעטיקייט פון „בונד“ אויף אַ מאָדנעם און שרעקלעכן אופן. מיר ברענגען אומעטום אַריין מחלוקת, מיר זענען סעפּאַראַטיסטן, נאַציאָנאַליסטן וכדומה. אויף צו באַשטעטיקן זיינע רייד האָט ער אונדז געבראַכט אַלערליי אַנעקדאָטישע מעשיות וועגן דעם, אַז עפּעס געוויסע בונדישע אַגיטאַטאָרס אויף עפּעס אייניקע פאַרזאַמלונגען

האָבן געהאַלטן עפּעס שוידערלעכע רעדעס; דערנאָך האָט ער זיך פאַררופן אויף זיינע פּערזענלעכע שמועסן מיט עפּעס בונדיסטן. אויף וויפל מען האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו אָפּערירן דאָ אויפן צוזאַמענפאָר מיט אַזעלכע פאַקטן — לוינט זיך גאָרנישט אָפּצוענטפערן. כדי אויף אַן אמת כאַראַקטעריזירן דעם בונדס ראָל, דאַרף מען זיך ווענדן צו זיין געשיכטע, צו דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, — וועגן דעם אַלעם האָט דער חבר פון אָדעס נאָר אַ נעפּלהאַפטע פאַרשטעלונג. איך וועל דאָ נישט גיין אַרויס־ברענגען אונדזער געשיכטע, איך וועל נאָר דערמאָנען אַזעלכע אַלגעמיין־באַקאַנטע פאַקטן, ווי דעם בונדס אָנטייל אינעם צוזאַמענרופן דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער ס. ד. אַרבעטער־פּאַרטיי און אין דער לעצטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס איז צושטאַנד געקומען פּאַראַיאָרן און וואָס האָט אונדז געגעבן די אידייע פון אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעט. — מען באַשולדיקט דעם „בונד", אַז ער פּרעדיקט אומצוטרוי צום נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע באַשולדיקונג באַגרינדעט מען אויף דעם, וואָס ער אָרגאַניזירט באַזונדער דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. פון אָט דעם שטאַנדפּונקט האָט דאָ איינער אַ חבר אָנגערופן ווי אַ „טרויעריקן טעות" דעם פאַקט, וואָס דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי האָט געשאָנקען דעם „בונד" אויטאָנאָמיע. אויף אַזעלכע באַשולדיקונגען איז אויך איבעריק צו ענטפערן. — דער ח' מאַרטאָוו האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די גרינדונג גופא פונעם „בונד" איז פאָרגעקומען ביי אומנאָרמאַלע באַדינגונגען. צי האַלט ער, אַז אויך איצט, למשל, לעבן מיר אין נאָרמאַלע באַדינגונגען?

מען האָט דאָ דערוווידערט קעגן דעם פּאַראַגראַף 2 פון אונדזער סטאַטוט — כלומרשט ער שליסט אויס די מעגלעכקייט צו אַרבעטן צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט — פאַר אַן אַנדערן חוץ דעם „בונד". אַזאַ מיינונג איז באַזירט אויף מיספאַרשטענדעניש. ווען מיר פאָדערן, אַז דער „בונד" זאָל אין דער פּאַרטיי זיין דער איינציקער פאַרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט זאָגן מיר נישט מיט דעם, אַז קיין שום אַנדערער זאָל נישט וואַגן צו אַרבעטן צווישן יידישע אַרבעטער. מיר ווייזן נאָר אָן, אַז דער „בונד איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס אַרבעט אויסשליסלעך צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, און דערפאַר דאַרף פאַר אים אָנערקענט ווערן דאָס רעכט צו זיין זיין איינציקער פאַרשטייער. דער ח' מאַרטאָוו, אַנאַליזירנדיק אַלע פּונקטן פון אונדזער סטאַטוט, איז געקומען צום אויספיר, אַז אין אַלע פּונקטן שטעקט דער געדאַנק פון אַן אָפּמאַך, און אַלס אַזעלכן קען מען אים נישט אָננעמען. מיין חבר פון אונדזער דעלעגאַציע האָט שוין אָנגעוויזן און איך מעלד עס איצט ווידער: אונדזער סטאַטוט לייגן מיר פאַר נישט ווי אַן אולטימאַטום, נאָר ווי אַ באַזע

אויף צו באַטראַכטן אים פּונקטנוויז, — דערביַי קענען געוויסע פּונקטן געענ־דערט ווערן דאָ אויפן צוזאַמענפאַר".

ווער עס האָט געקענט דעם ח' נח וועט אים דערקענען אין דער דאָזיקער רעדע מיט אַלע זיינע אייגנשאַפטן. די דאָזיקע רעדע, אַפילו אַזוי ווי זי איז איבערגעגעבן אין פּראָטאָקאָל, פּאַרמאָגט אַ סך קלוגשאַפט, רויִקייט, רעאַליזם, זאָרג פאַרן גורל פון „בונד"; זי פאַרמאָגט אויך אַ סך ווירדע און זעלבסט־ווערט, פּונקט ווי זי איז בייסיק אין איר פּאָלעמישן טייל.

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז ח' נח האָט אויך אָנטייל גענומען אין די אינעוויייניקסטע אַרבעטן פונעם צוזאַמענפאַר. אַזוי, למשל, ווערט אויף ז' 269 פון פּראָטאָקאָל דערציילט וועגן זיין רעזאָלוציע, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן און וואָס האָט באַהאַנדלט די פונקציעס און די רעכט פונעם צענטראַל־קאָ־מיטעט פון דער פּאַרטיי. די דאָזיקע רעזאָלוציע איז אָפּגעשטימט געוואָרן און אָפּגעוואָרפן געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז די גרויסע דעקלאַראַציע פון „בונד", וועלכע דערקלערט פאַרוואָס דער „בונד" פאַרלאָזט דעם צוזאַמענפאַר און טרעט אַרויס פון דער פּאַרטיי, איז אונטערגעשריבן אויך פון ח' נח (אַבראַמסאָן).

נאָכן צוזאַמענפאַר פאַרט נח אַרום איבערן גאַנצן ראַיאָן פון „בונד", פאַר־טיידיקט פאַר די אָרגאַניזאַציעס און סימפּאַטיקער די שטעלונג פון דער דע־לעגאַציע. ער קאָנסאָלידירט דעם „בונד" נאָך שטאַרקער, ער צעמענטירט די אָרגאַניזאַציעס און גרייט זיי צו צו די גרויסע אידיישע און פּאָליטישע קאַמפן וואָס זיי שטייט פאַר.

נח אַרבעט זייער אָנגעשטרענגט. ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן גאַנצן אומלעגאַלן אַפּאַראַט פון דער באַוועגונג. אין זיינע הענט זענען קאָנצענטרירט די פאַרבינדונגען מיט אַלע טוער אויף די ערטער. עס מערט זיך די צאָל אומלעגאַלע דרוקערייען, די באַוועגונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג — און מען דאַרף זי באַזאָרגן מיט טראַנספּאָרטן אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד. די זעלבסטשוץ־אַרבעט פאָדערט גע־ווער און געלט. די צאָל „פּראָפעסיאָנעלע" טוערס וואָס שטייען אין דירעקטן רשות פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער. מען דאַרף די מענטשן קענען און דערקענען, מען דאַרף זיי רעקאָמענדירן אויף די ערטער און ווייטער מיט זיי זיך אינטערעסירן. אַלע פונקציעס פון דער פאַרטיי זענען פאַרבונדן מיט אומגעהויערע הוצאות, אויך די זאָרגן וועגן פינאַנצן ליגט בעיִקר אויף נחן. נחס ראָל אין דער פאַרטיי און זיין אויטאָ־ריטעט וואַקסט אומגעהויער.

ווען ר. אַבראַמאָוויטש איז נאָך געווען אַ יונגער סטודענט, האָט ער זיך מיט נחן דאָס ערשטע מאָל געטראָפן אין ריגע (1901). דערציילט ער: ער האָט דערפילט, אַז „הינטער אים שטייט עפּעס אַ גרויסע קראַפט, וואָס פאַרמאָגט אַזוינע גרויסע מעגלעכקייטן, וועגן וועלכע איך האָב קיין באַגריף נישט. איך האָב אים געשטעלט נאָך פאַרשידענע אַנדערע, פּאָליטישע פראַגעס, אויף וועלכע ער האָט געענטפערט זייער פּאַרזיכטיק, אָפּמעסטנדיק און אָפּוועגנדיק יעדעס וואָרט... דאָס איז געווען דער איינדרוק פון פּראַקטישקייט, פּאַרטיפּ־קייט, סאָלידקייט; פון אַ שטאַרק געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט... זיין אַרבעט האָט נח געטאָן — כאַראַקטעריזירט אים ווייטער ר. אַבראַמאָוויטש — מיט פּאַנאַטישער פעסטקייט, מיט איבערגעגעבנקייט אָן גרענעצן, מיט מסירת־נפש, וואָס מען האָט נישט אָפט געקענט געפינען אַפילו אין די רייען פון „בונד". אָבער פּונקט ווי ער האָט נישט געשאַנעוועט זיך אַליין, האָט ער אויך נישט געשאַנעוועט די אַנדערע, ווען די באַוועגונג האָט עס געפאָדערט. אין פּריוואַטן לעבן און אין פּאַרקער מיט חברים — אַ ווייכער, איידעלער, פריינטלעכער, האָט ער געקענט ווערן האַרט און אומברחמנותדיק, ווען עס איז געגאַנגען אין די אינטערעסן פון דער באַוועגונג. אָן אָפענער און וואַרעמהאַרציקער אין פּערזענלעכן פּאַרקער, האָט ער געקענט ווערן זייער דיפּלאָמאַטיש און אויס־ווייכנדיק, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּאַרטיי־ענין."

פראַנץ קורסקי, וועלכער האָט געקענט נחס אַרבעט אין פאַרשידענע פּאַ־זן, שאַצט אָפּ נחן אין אַזעלכע ווערטער: „נח איז אָן שום ספק געווען דער גרעסטער און דערפאָלגרייכסטער קאָנספּיראַטאָר, וואָס די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין אַמאָליקן רוסלאַנד און פוילן האָט ווען עס איז פאַרמאָגט... ווען נח איז פינף און אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד נישט אַריינגעפאַלן, האָט ער עס געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין געוואַלדיקער מאָראַלישער דיסציפּלין, זיין מוט, זיין אויסגערעכנטקייט. נח האָט אין יענע יאָרן געפאָדערט אין דער אַרבעט פון יעדערן פון אונדז די גרעסטע אָנשטרענגונג פון אונדזערע פיזישע און מאָראַלישע כוחות... קאָנספּיראַטיווע אַרבעט דאָס איז קודם־כל געווען: אַנטשלאָסנקייט, פעיִקייט, מוט... און נח איז פאַר אונדז אין דעם געווען אַ מוסטער און דער בעסטער און גרעסטער אויטאָריטעט אין יעדער ריזיקאַ־לישער אַרבעט".

סוף־כל־סוף האָט זיך דאָס געזונט פון ח' נח איינגעבראָכן... זומער 1904 פאָרט ער קיין אויסלאַנד. ער איז קראַנק און מוז דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. ער האָט פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין קלאַראַן, שווייץ, און בעת זיין קראַנק־הייט האָבן געזאָרגט פאַר אים סטאַניסלאַוו און פעליציע גאָלדבערג. עס איז נישט באַקאַנט אין וואָס איז באַשטאַנען זיין קראַנקהייט. מעגלעך אַז דאָס

איז געווען אַן אָנהייב פון דעם ביטערן פּראָצעס, וועלכער האָט מיט יאָרן שפּעטער געבראַכט צום טויט פון ח׳ נח אין ניו־יאָרק... ח׳ נח האָט נישט איבערגעלאָזט קיין מעמואַרן, די בונדישע טוערס און שרייבערס זענען שטענ־דיק געווען צופיל פאַרטאָן אין דער באַוועגונג און נישט אויפגענומען ביי נחן די ביאָגראַפישע פאַקטן פון זיין לעבן און טעטיקייט, — און עס איז דעריבער אוממעגלעך צו דערגאַנצן די פאַקטן, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ איצט. מיר ווייסן נישט די פּרטים פון זיין קראַנקהייט. מיר ווייסן אויך נישט וועגן זיין ערשטער פרוי, שערעשעווסקי, פון קאָוונע.

עס איז נאָר באַקאַנט, אַז ווען נח איז געזעסן אין קרעסטי, איז די קור־סיסטקע שערעשעווסקי געווען די, מיט וועמען נח האָט אָפיציעל קאָרעספּאָנ־דירט. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ פריַערדיקע באַקאַנטשאַפט, מעגלעך אויך אַז דאָס איז געווען אַ פאַרשטעלטע „כלה״, כדי צו האָבן „פון דער פריי־הייט״ אַ לעבעדיקע פאַרבינדונג מיטן געפאַנגענעם אין קרעסטי. און ווען ס׳האָט געהאַלטן ביים אַוועקשיקן נחן מיטן עטאַפּ קיין סיביר, איז די זעלבע שערעשעווסקי געווען די, וואָס האָט זיך באַמיט צו קריגן פּראָטעקציע אין די הויכע פענצטער און אויספועלן, אַז אַנשטאָט צו גיין אין סיביר מיטן גע־וויינטלעכן עטאַפּ, וואָס האָט געדאַרפט געדויערן אַרום 6 חדשים, זאָל נח באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן ביזן באַשטימונגס־פּונקט אויף אייגענע הוצאות אין באַגלייטונג פון אַ זשאַנדאַר. געווען אויך אַ צווייטער פּלאַן אַרום וועלכן די קורסיסטקע שערעשעווסקי האָט שטאַרק געאַרבעט: פועלן ביים פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, מען זאָל נחן פאַר דער פאַרשיקונג באַפרייען אויף אַ פּאָר וואָכן, כדי ער זאָל זיך קענען געזעגענען מיט זיינע עלטערן. די כוונה פוןביידע פּלענער איז געווען — נח זאָל פאַרשווינדן, מאַכן אַ „ויברח״... אָבער פון ביידע פּלענער איז גאָרנישט געוואָרן. נח האָט געמוזט גיין מיטן עטאַפּ. און ווען ער איז געווען אין דער „פּערעסילנער״ תפיסה, האָט די זעלבע שערעשעווסקי באַזאָרגט נחן צוויי פּאַספּאָרטן — איינעם אַ פאַרטיקן, מיט אַן אַריינגעשריבענעם טעקסט, דעם צווייטן — אַ פּוסטן אָבער מיט די געהע־ריקע שטעמפּלען. חוץ דעם האָט שערעשעווסקי איבערגעגעבן נחן 350 רובל *) דאָס אַלץ האָט שפּעטער נחן פאַרלייכטערט דאָס אַנטלויפן.

אָבער די אַלטע ליבע האָט, ווייזט אויס, שפּעטער ווען נח איז געקומען צוריק פון סיביר — נישט אָנגעהאַלטן, און גאָר אין גיכן האָבן זיי זיך אָפיציעל צעשיידט. געשען איז דאָס בעת חבר נחס ערשטן באַזוך אין אויסלאַנד אין 1900.

*) דאָס דאָזיקע געלט האָט צוגעשטעלט סאָפיע סאָלאָווייטשיק, אַ רייכע פרוי, אַ געטרייע סימפּאַטיקערין פון „בונד״.

נאָכן דערליידיקן אַ סך וויכטיקע פּאַרטיי־ענינים, האָט חבר נח אויך געמאַכט אַ רייזע קיין פּאַריז מיטן באַשלוס איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו רעגולירן די באַציִונגען צו זיין ערשטער פרוי שערעשעווסקי, וועלכע האָט אין יענער צייט געוווינט אין פּאַריז. און דעמאָלט האָבן זיי זיך טאַקע צעשיידט אויף אייביק. איצט אין 1904 אין קלאַראַן האָט ער זיך געטראָפן מיט חברטע פעליציע, וועל־כע איז שפּעטער געוואָרן זיין צווייטע פרוי, מיט וועלכער ער האָט געלעבט ביזן סוף פון זיין לעבן (אין סעפּטעמבער 1939 ווען חבר נח האָט פאַרלאָזט פּוילן, איז זי פאַרבליבן אין וואַרשע, און איבערגעלעבט די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה). פעליציע איז פריִער געווען די פרוי פון סטאַניסלאַוו גאָלדבערג, אַ פּויליש־אַסימילירטער יידישער אינטעליגענט, וואָס איז גאַר פרי צוגעשטאַנען צום „בונד". ער האָט אָפּגעשמאַכט פינף יאָר אין סיביר און איז קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט. סוף זומער 1905 איז ער גע־שטאָרבן, ער איז באַגראָבן אין קלאַראַן...

## אין דער רעוואָלוציע פון 1905

פרילינג 1905 ווערט נח אַרעסטירט אונטערן נאָמען צדוק מאַרגאָליס, און ערשט די אָקטאָבער־אַמנעסטיע פון 1905 האָט געעפנט פאַר נחן די טירן פון דער תפיסה. אָט די 6־7 חדשים תפיסה האָבן געמוזט פאַרשאַפן דעם חבר נח באַזונדערע עגמת־נפש. ס'איז געווען דער הויכפּונקט פון דער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד. דער „בונד" האָט דערגרייכט אין יענער צייט זיין גרעסטע אָנערקענונג צווישן די יידישע מאַסן, זיינע פענער האָבן גע־פלאַטערט איבערן גאַנצן תחום. מיליאָנען פּראָקלאַמאַציעס און פלוגבלעטלעך האָבן אין נאָמען פון „בונד" גערופן צו דער לעצטער שלאַכט מיטן צאַריזם. טויזנטער בונדישע פאַרזאַמלונגען, האַלב־לעגאַלע אָדער עפנטלעכע, זענען אָנ־געגאַנגען איבערן לאַנד. מוט און קאַמפּסלוסט האָבן אַרומגעכאַפּט די ברייטע מאַסן יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. דער „בונד" איז געווען אַרומ־גערינגלט מיט ליבע און דרך־ארץ. און ענדלעך איז געקומען די גרויסע פאַר־מעסטונג... דער ערשטער אָנגריף איבער דער גאַנצער ליניע — מיט די שאַרפ־סטע געווערן פון דער רעוואָלוציע... דאָס גאַנצע לאַנד ווערט אַרומגעכאַפּט מיטן פלאַקער פון אויפשטאַנד... יידישע אַרבעטער און דער „בונד" — זענען אויף די וויכטיקסטע פּאָזיציעס... אָבער דער גענעראַל און דער סטראַטעגיקער פון יידישן אַרבעטער־בונד זיצט געפּענטעט אין דער איינצל־קאַמער פון ווילנער תפיסה...

און פּונקט דעמאָלט גרייט זיך אַ נייער צוזאַמענפאָר פון „בונד" — דער

זעקסטער. ס׳איז געווען נאָך בוליגינס געזעץ וועגן דער באַראַטונגס־דומע, אָבער די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע זענען מיט יעדן טאָג געשטיגן אַלץ העכער. דער זעקסטער צוזאַמענפאָר איז באַשטימט געוואָרן אויף אָקטאָבער 1905, אין ציריך. האָט זיך באַקומען, אַז פונקט צום מאָמענט פון סאַמע הויכ־פונקט פון דער רעוואָלוציע און פון אַלגעמיינעם שטרייק וואָס האָט אַרומגע־כאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, איז די גאַנצע פירערשאַפט פון „בונד" געווען אין ציריך, אָפּגעשניטן פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, — אַפילו אָן דער מעגלעכקייט זיך טעלעגראַפיש צו פאַרשטענדיקן מיט וועמען... נאָר פון אַכצן שטעט האָבן באַוויזן צו קומען דעלעגאַטן. מען האָט זיך געפילט ווי אויף אַ פאַרוואָרפענעם אינדזל. דאָך האָט דער צוזאַמענפאָר געהאַט אַ גרויסע באַדיי־טונג פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט פון „בונד". אַט דער זעקסטער צוזאַמענ־פאָר האָט ענדגילטיק פאָרמולירט די פאָדערונג פון קולטור־נאַציאָנאַלער אויי־טאָנאָמיע, און זי איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון בונדישן פראָגראַם.

נח איז אויף דעם צוזאַמענפאָר נישט געווען. ער האָט אויך נישט איבער־געלעבט די טראַגישע טעג פון די שוידערלעכע אָקטאָבער־פּאָגראָמען. ער איז באַפרייט געוואָרן ערשט נאָך דעם אַלעמען אַ דאַנק דער אָקטאָבער־אַמנעסטיע פון 1905 און באַלד נאָך דער באַפרייונג האָט ער זיך ווידער געשטעלט צו דער אַרבעט. זיין גייסט און מוט איז נישט געבראָכן. ער גייט ווידער אַריין אין זיין ראָל: דער זעקסטער צוזאַמענפאָר האָט אים אויסגעקליבן אין נייעם צענטראַל־קאָמיטעט.

אין גיכן איז נח ווידער אַ מאָל געווען אַרעסטירט, דאָס מאָל אין וואַרשע און טאַקע אונטערן זעלבן נאָמען צדוק מאַרגאָליס. וויקטאָר שולמאַן גיט אָן, אַז ער איז אַרעסטירט געוואָרן „אָנהייב 1906"; פּ. קורסקי — אַז „סוף דעצעמ־בער 1905". ער איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חברים. דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס איז נח, ער האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז אַ מיטגליד פון צ"ק. דערצו איז געווען קריגס־צו־שטאַנד אין וואַרשע, און דער דאָזיקער אַרעסט האָט זיך זייער שלעכט געקענט ענדיקן פאַר נחן. עטלעכע חדשים איז ער אָפּגעזעסן אין פּאַוויאַק, און באַפרייט געוואָרן. און ווידער שטעלט זיך חבר נח צו דער אַרבעט. ער באַזוכט די גרע־סערע שטעט פון בונדישן ראַיאָן, ער שטעלט איין נייע פאַרבינדונגען. נח רוט נישט. נח איז אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין דער בונדישער אַרבעט.

דעם 15—26 אויגוסט 1906 קומט פאָר דער 7טער צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין לעמבערג. הונדערט דעלעגאַטן באַטייליקן זיך אין צוזאַמענפאָר, פון זיי 68 מיט שטימרעכט; אַ סך איינגעלאַדענע געסט. נח איז אויף דעם צוזאַמענפאָר זייער אַקטיוו. נח איז אויסגעקליבן אין פרעזידיום פון צוזאַמענפאָר און ער האָט

מיט גרויס טאַקט און פּאַרזיכט געפירט די זיצונגען. מען דאַרף געדענקען אַז דעמאָלט איז אין דער פּאַרטיי אַנגעגאַנגען אַ שאַרפע דיסקוסיע צווישן די פשרהניקעס און קעגנער פון איינגיין אויף הנחות אין די אינטרעס־באַדינגונגען צו דער רוסלענדער ס״ד אַרבעטער־פּאַרטיי. די מערהייט פון דער קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר הנחות: אויפגעבן די פאָדערונג, אַז דער „בונד״ איז דער איינציקער פאָרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. לויט דעם שטאָקהאָלמער פּאַראייניקונגס־פּראָיעקט איז דער „בונד״ אָנערקענט אַלס די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. ער קריגט זעלבסטשטענ־דיקייט אין די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן. דעם בונדס נאַציאָנאַלע פּראָ־גראַם איז נישט אָנגענומען אָבער אויך נישט אָפּגעוואָרפן. האָט זיך אין „בונד אויסקריסטאַליזירט אַ צאָלרייכע מינדערהייט (האַרטע), בראש מיט גראָסערן און ליטוואַקן, וועלכע האָט געהאַלטן די פשרה־באַדינגונגען פאַר אַ געפערלעכע קאַפּיטולאַציע. צו מאַכן אַ סוף צו די ביטערע, אויפרעגנדיקע דיסקוסיעס — האָט דער צ״ק צונויפגערופן דעם לעמבערגער צוזאַמענפאָר. צוזאַמען מיט מעדעמען, קאָסאָווסקין, אַרקאַדין האָט נח געהערט צו דער גרופּע יאָ־זאָגערס (ווייכע). און קיין בעסערן פאָרזיצער פאַר די זיצונגען פון צוזאַמענפאָר ווי ח׳ נח האָט מען נישט געקענט האָבן. ער האָט געוווסט ווי אַזוי צו באַרויקן די צע־היצטע געמיטער. זיין אויטאָריטעט איז געווען גרויס, און דאָס האָט מיטגע־האָלפן צום אָננעמען דעם פשרהדיקן פאַראייניקונגס־פּראָיעקט. די ווייכע האָבן געקראָגן 48 קעגן 20.

די יאָרן 1906־1907 זענען יאָרן פון אָנוווקס פון פּאָליטישער רעאַקציע. די רעגירונג קומט צו זיך אַלץ מער נאָך די מפּלות פון 1905. די רעוואָלוציע קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ, עס טריומפירט סטאָליפינס קאָנטער־רעוואָלוציע. בלו־טיקע רעפּרעסיעס, וואָס זענען געקומען נאָך די שרעקלעכע פּאָגראָמען — רופן אַרויס אַ געוואַלטיקע צערודערונג אין יידישן תחום. אָרגאַניזאַציעס צעפאַלן זיך, די לעגאַלע פּרעסע פון „בונד״ ווערט דערשטיקט. עס שטעלט זיך איין אויך אַ געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע. די ציוניסטישע גרופּירונגען הייבן אויף דעם קאָפּ... אָט דאָס איז די אַטמאָספער, ביי וועלכער עס קומט זיך צונויף (מאַי־יוני 1907) דער צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער ס.ד.א.פּ. — פון וועלכער דער „בונד״ איז שוין ווידער געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל. דער „בונד״ האָט געהאַט אַ גרויסע דעלעגאַציע אויפן צוזאַמענפאָר — צווישן איר אויך נח. אָבער אויף דעם צוזאַמענפאָר, וואָס האָט זיך געצויגן פון 13טן מאַי 1907 ביזן ערשטן יוני און אָפּגעהאַלטן 35 זיצונגען, איז נח קיין איין מאָל נישט געקומען צום וואָרט. דאָס איז געווען דער סימן פון נחס גרויסער באַשיידנקייט, פון זיין האַלטן זיך אין שאָטן און לאָזן אַנדערע זיין די ראש־המדברים...

ח. ש. קאַזדאַן

# אין יאָרן פון רעאַקציע

דער לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר איז נישט אומשטאַנד געווען צו פאַרקירעווען צוריק דעם גאַנג פון די פּאָליטישע געשעענישן אין אויפגעשטורעמטן רוסלאַנד. די רוסלענדישע ס״ד אַרבעטער־פּאַרטיי איז פּאַקטיש געווען געשפּאָלטן, אוןביידע טיילן אירע האָבן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביטערטן קאַמף. די רעאַק־ציע איז ווייטער געוואַקסן. די עמיגראַציע פון ייִדישן תחום קיין אַמעריקע איז געגאַנגען אין די צענדליקער טויזנטער — צווישן זיי נישט ווייניק בונדישע אַרבעטער און טוערס. די אַנטוישונג אין דער אינטעליגענץ איז געווען גרויס. „ס׳האָבן נאָך עקסיסטירט — דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש — אָרטיקע אָרגאַני־זאַציעס און קאָמיטעטן (פון „בונד״) אין זומער 1908. אָבער וואָס פאַר אַ טרוי־עריק בילד דאָס איז געווען אין פאַרגלייך צו די פריִערדיקע יאָרן! די ענערגיע פון די אָרטיקע טוערס אין אַלע אָנפירנדיקע אינסטיטוציעס איז געווען אַזוי פיל אָפּגעשוואַכט און די פאַרמינערונג פון טוערס אין אַלע אָנפירנדיקע אינסטי־טוציעס אַזוי גרויס, אַז ס׳איז פּשוט נישט געבליבן ווער ס׳זאָל אָנפירן מיט דער לאָקאַלער אַרבעט אין די איינצלנע שטעט... מ׳האָט צעטיילט דעם „בונד״ אויף ראַ־יאָנען, און אין יעדן ראַיאָן איז אויעקגעזעצט געוואָרן אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט... שפּעטער האָט מען ווידער געביטן די אָרגאַניזאַציע פון דער אַר־בעט און באַשלאָסן אַזוי צו טאָן: די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס האָבן די מעגלעכקייט צו ווערן לעגאַל און אויסצוזען ווי פּשוטע לעגאַלע ביר־גער, זאָלן עס טאָן, און זיי זאָלן זיך באַזעצן אין ווילנע. די צווייטע העלפט פון צענטראַל־קאָמיטעט, סיי די וואָס זענען לעגאַל, סיי די וואָס מוזן ווייטער בלייבן אומלעגאַל, זאָלן זיך באַזעצן אין וואַרשע״. צווישן די צ״ק ־מיטגלידער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע, זענען געווען יודין, אסתר און נח. אַלגעמיינע זיצונגען פון צ״ק זענען פאָרגעקומען פון צייט צו צייט, אַ מאָל אין ווילנע, אַ מאָל אין מינסק און אַ מאָל אין וואַרשע.

אין מערץ 1908 קומט פאָר אַ באַראַטונג אין גראָדנע, אין וועלכער עס באַ־טייליקן זיך אַבראַמאָוויטש, ליבער, יודין, מעדעם, רחמיאל, וויקטאָר שולמאַן, טערמאַן א״אַנד. עס איז אויך אָנוועזנד דער חבר נח. די באַראַטונג פירט אַ דיס־קוסיע וועגן דעם ווי אַזוי אויפצולעבן די בונדישע אַרבעט, ווי אַזוי אויסצונוצן די לעגאַלע מעגלעכקייט און די נייע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע. דער צ״ק מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען אָנצוהאַלטן די פּרעסע פון „בונד״. אין 1908 גייט אַרויס אַ נומער פון דער אומלעגאַלער „שטימע פון בונד״ (שפּעטער אַרויס נאָך 3 נומערן אין די יאָרן 1908־1911). אין 1909 דערשיינט אויך אויף רוסיש „אָטקליקי בונדאַ״ (במשך 1909־1911 אַרויס 5 נומערן).

ווי געזאָגט, נח באַזעצט זיך אין וואַרשע. ווי עס גיט איבער דער חבר דוד מייער, איז נח אין 1908 געווען אַ לערער אין דער שול פון ז. קאַלעצקאַ. שפּע־טער ווערט ער אַן אָנגעשטעלטער אין אַ גרויסער וואַרשעווער פירמע פון ניי־מאַשינען. פאַרשטייט זיך, נח איז פאַר דער אַרטיקער באַוועגונג פאַרקאָנספּי־רירט, אָבער ער האָט די אויפזיכט איבער דער טעטיקייט פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, און ח' דוד מייער איז דער, וואָס האַלט אַן דעם קאָנטאַקט צווישן אים און דער אָרטיקער באַוועגונג. אין 1910 גיט אַרויס דער וואַרשעווער קאָ־מיטעט פון „בונד" אַן אומלעגאַלן „וואַרשעווער פלוגבלאַט" (געדרוקט אין לאָדזש). נח איז אין דער אונטערנעמונג אַקטיוו און ער האָט אין דעם נומער זיינעם אַן אַרטיקל. אין 1911 גייט אַרויס אין וואַרשע אַ זאַמלבוך „פאָלקסשטי־מע" און אין ווילנע „די נייע שטימע". סעפּטעמבער 1912 גיט אַרויס דער צ"ק דעם אומלעגאַלן „אינפאָרמאַציאָנס־בלאַט". נח האָט צו דעם אַלעם אַ שייכות, ער פאָרט פון צייט צו צייט אין שליחותן פון „בונד", ער באַטייליקט זיך אין די זיצונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט.

אין אָקטאָבער 1910 קומט פאָר אין לעמבערג די אַכטע קאָנפערענץ פון „בונד". נח באַטייליקט זיך אין דער קאָנפערענץ ווי אַ פאָרשטייער פון צ"ק. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי אין ווילנע זענען ערב פּסח אַרעסטירט געוואָרן ליבער, אַבראַמאָוויטש און נאָך בערך 20 טוערס פון „בונד". נישט געקוקט אויף דעם איז די קאָנפערענץ געווען זייער אַ וויכטיקע און פרוכטבאַרע. מען האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן די אופנים פון דער פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט: זאָל מען לייגן מער וואָג אויף די לעגאַלע אָפענע פאָרמען, אָדער אויף די אומלעגאַלע, אונטערערדישע, פונעם זעלבן כאַראַקטער ווי אַמאָל. די קאָנפערענץ האָט געגעבן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס די דירעקטיוו אויסצונוצן אַלע לעגאַלע מעגלעכקייטן סיי אויפן פּראָפעסיאָנעלן, סיי אויפן קולטור־געביט. הגם אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט סך־הכל צוועלף פאָרשטייער פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און פיר מיטגלידער פון צ"ק (חוץ דעם צוויי פון רעדאַקציע פון בונדישן אָרגאַן, 3 פון אויסלענדישן קאָמיטעט, 1 שליח פון צ"ק, און 3 מיט באַראַטונגס־רעכט), האָט זי דאָך געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. די באַוועגונג האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך פון די צאַרישע רעפּרעסיעס, בונדישע קאָלעקטיוון האָבן צוריק אויפ־געלעבט. אויפן סדר־היום פון דער קאָנפערענץ זענען צווישן אַנדערע געווען די פראַגן: שבת־ און זונטיק־רו; קהילה; וועגן אויסנוצן די לעגאַלע מעגלעכ־קייטן, אָבער גלייכצייטיק פאַרפעסטיקן דעם אומלעגאַלן פּאַרטיי־אַפּאַראַט, וועל־כער דאַרף האָבן די שטרענגסטע אויפזיכט איבער אַלע פאָרמען פון דער פּאַר־טיי־טעטיקייט.

זומער 1911 קומט פאַר אין זשענעוו אַ געמיינזאַמע באַראַטונג פון צ״ק מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד״. אויף דער באַראַטונג איז געווען אויך נח.

ס׳מערקט זיך ווידער אָן אויפלעבונג אין דער באַוועגונג. ס׳רוקן זיך אַרויס נייע יונגע קרעפטן. דער צ״ק פון וועלכן נח איז שוין נישט געווען קיין מיטגליד, באַשליסט צו אָרגאַניזירן אין ווין, אויף אָנהייב אויגוסט 1914 — דעם אַכטן צוזאַמענפאָר פון „בונד״. אגב איז אויפן 1טן אויגוסט געווען באַשטימט אויך אין ווין דער קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל — האָט דער פּלאַן וועגן בונדישן צוזאַמענפאָר אויסגעזען גאָר גוט. די פּלענער זענען געווען גוט, אָבער... דעם 1טן אויגוסט 1914 איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה.

נח האָט זיך יענעם יאָר געהיילט פון רעוומאַטיזם אין דעם באַרימטן קור־אָרט פּעשטשאַני (דעמאָלטיקן אונגאַרן) — איז דער פּלאַן זיינער געווען: פון דאָרטן קומען צום בונדישן צוזאַמענפאָר. דעם 31סטן יולי איז ער געקומען קיין ווין, צו ר. אַבראַמאָוויטש, און דאָ האָט ער זיך געוואָלט טרעפן מיט זיין פאַמיליע — פעליציע און איר טאָכטער אירענע, וואָס זענען געפאָרן פון וואַרשע. דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש: „נח איז געווען גוט אויפגעלייגט, האָט זיך גוט דערהאַלט און איז ממש פאַרשטיינערט געוואָרן, ווען ער האָט פון מיר דער־הערט וועגן דער געשאַפענער לאַגע. פאָרן קיין רוסלאַנד איז געווען שפּעט. האָב איך אים אַרויסגעפּראָוועט אויפן „וועסט־באַנהאָף״, צום צוג קיין שווייצאַריע. וואָס זאָל מען אָבער טאָן מיט זיין פאַמיליע? וווּ כאַפּט מען זי? ווי אַזוי קאָן מען איר וואָרענען? דאָס פּראָבלעם איז געלייזט געוואָרן גאָר פּשוט: דעם 1טן אויגוסט אין דער פרי האָט זיך צו מיר אין הויז אַריינגעלאָזט פעליציע מיט איר טאָכטער. נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, האָבן מיר זיי אַוועקגעשיקט קיין שווייצאַריע, דעריאָגן נחן״.

נח איז געקומען קיין זשענעוו און איז אין גיכן אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד פון פאָרט דאַדעאַגאַטביים מיטללענדישן ים, מיט איינער פון די לעצטע שיפן, וואָס זענען נאָך דורכגעלאָזט געוואָרן דורך די דאַרדאַנעלן, ביז אָדעס, פון דאָרטן קיין וואַרשע. (פּ. קורסקי).

## אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

ס׳איז געקומען די מלחמה מיט אירע גרויסע קאַטאַסטראָפעס פאַר דער מענטשהייט און פאַרן יידישן פאָלק... ס׳איז געקומען אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון דער וועלט — אַ תקופה פון רעוואָלוציעס און קאָנטער־רעוואָלו־

ציעס. פוילן איז אָפּגעריסן געוואָרן פון רוסלאַנד און איז געווען אונטער דײַטשער אָקופּאַציע. די טעריטאָריע פון „בונד" איז געווען געשפּאָלטן. דער „בונד" אין פוילן ווערט אַ זעלבסטשטענדיקע אײנהייט, און מיטן אַנטשטיין פון אַן אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה איז דעם „בונד" אין פוילן באַשערט צו שפּילן אַ גרויסע ראָל אין לעבן פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט שוין באַלד ביים אויסברוך פון דער מלחמה זיך צוגעגרייט צו דעם, וואָס איז שפּעטער געשען. רעכענענדיק זיך מיט דער מעגלעכקייט פון אַ דייטשער אָקופּאַציע פון גאַנץ פוילן, האָט דער צ"ק אין נאָוועמבער 1914 אויסגעטיילט אַ באַזונדערע צענטראַלע קערפּערשאַפט — אַ קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן, וועלכער האָט אויף דעם שטח געדאַרפט זיין דער פּאַקטישער אָנפירער מיט דער גאַנצער אַרבעט. (צום קאָמיטעט האָבן געהערט: נח, וויקטאָר שולמאַן, זדזשיסלאַוו מושקאַט און לאַזאַר עפּשטיין). אין די נייע מלחמה־אומשטענדן וואַקסט ווידער אויס נח אין זיין גאַנצער גרויסקייט. ער פילט די היסטאָרישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ליגט איצט אויף אים. צום ווייפלטן מאָל דערפילט ער זיך אין דער ראָל פון דעם היטער פון „בונד", פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. נח לייגט אַוועק אַ סך כוחות כדי צו שאַפן די צענטראַלע ראַדע (ראַט) פון די דריי פּאַרטייען: פּ.פּ.ס. לעוויצאַ, ס.ד.ק.פּ.ל. און „בונד". די ראַדע לאָזט אַרויס אויפרופן אין פויליש, רוסיש און ייִדיש — נאָך איידער די דייטשן זענען אַריין אין וואַרשע. די ראַדע און באַזונדערס דער קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס פּראָטעסטירן קעגן דער שפּיאָנאַזש־העצע, פּאָגראָמען און גירושים אויף ייִדן, וואָס זייער איניציאַטיוו קומט פון דעם שטאָב פון רוסישן הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. די ראַדע רופט צום קאַמף קעגן די געשאַפענע געזעלשאַפט־לעכע בירגער־קאָמיטעטן. די ראַדע באַטייליקט זיך אין צוגרייטן די בירגער־מיליץ אויף איבערצונעמען די פונקציעס פון דער פּאָליציי באַלד נאָך דעם אַוועקגיין פון די רוסישע מאַכט־אָרגאַנען. די בונדישע פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער שפּיאָנאַזש־העצע און פּאָגראָמען ווערט אַדורכגעפירט אין צענדליקער פאַבריקן און אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. דער בונדישער קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט אויך אין פּויליש און ייִדיש אַ דעקלאַראַציע וועגן די פויליש־ייִדישע באַציִונגען.

אין דער צווייטער העלפט פון 1915 איז שוין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן געווען אָקופּירט פון די דייטשן. די דייטשן פירן איין צוואַנג־אַרבעט. דאָס רופט אַרויס פּראָטעסטן און שטרייקן. דער „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן" האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אויפרוף קעגן דער צוואַנג־אַרבעט (מחבר וו. מעדעם). די פּאָליטישע פּראָבלעמען ווערן אַלץ קאָמפּליצירטער. די

אַקופּאַנטן פירן אַ טייל־און הערש־פּאָליטיק. די אויפגאַבן און די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון די פירער פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, בראש מיט נחן ווערט אַלץ ערנסטער.

די נייע סיטואַציע שאַפט אָבער אויך נייע מעגלעכקייטן פון אַרבעט. דער „בונד" שאַפט אַ נעץ פון לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, קולטור־אַנ־שטאַלטן, ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. דעם 4טן פעברואַר 1916 הייבט אָן דערשיינען דער וועכנטלעכער אָרגאַן „לעבנס־פראַגן". די באַוועגונג באַקומט אַ נייע קראַפט — דעם באַפרייטן פון דער צאַרישער טורמע וולאַדימיר מעדעם. אָבער עס וועט מסתמא נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז דער צענטער אַרום וועלכן די גאַנצע בונדישע אַרבעט איז אַנגעגאַנגען — איז גע־ווען נח. איצט האָט ער געטראָגן דעם נייעם פסעוודאָנים יוזעף, און דער נאָמען איז אים געבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן. יוזעף איז דער פאָרזיצער פונעם „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן". (אַ חוץ דעם פאָרזיצער האָבן צום דאָזיקן קאָמיטעט איצט געהערט וולאַדימיר מעדעם, וויקטאָר שול־מאַן, דוד מייער און זדזשיסלאַוו מושקאַט. ער האָט אַמטירט ביזן סוף 1917, ווען די לובלינער קאָנפערענץ פון „בונד" האָט געוויילט אַ נייע צענטראַלע אָנפירונג). יוזעף־נח איז אויך דער פאָרזיצער פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַ־ציע, ער איז אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע פון „לעבנס־פראַגן", ער האַלט אָן דעם קאָנטאַקט מיט דער פוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. צוליב די האַלב־אומלעגאַלע באַדינגונגען ווערן אַ סך אַרטיקלען אין „לעבנס־פראַגן" נישט אונ־טערגעשריבן, אָבער מיר ווייסן, אַז אַ ריי אַרטיקלען און נאָטיצן געהערן דאָ צו דער פעדער פון נחן. שוין אינעם ערשטן נומער הייבט ער אָן דרוקן אַ סעריע אַרטיקלען אונטערן נאָמען „אונדזערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן — זייער אָר־גאַניזאַציע און טאַקטיק". דאָס איז איצט געווען איינע פון די וויכטיקסטע פּאָזי־ציעס פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג — און זי האָט אַרויסגערוקט אָן אַ שיעור נייע פּראָבלעמען און אויפגאַבן. די דערמאָנטע אַרטיקלען, וועלכע גייען אין פינף נומערן און זענען אונטערגעשריבן יו. זעף, שטעלן אַוועק מיט דער גאַנצער קלאָרקייט אָט די אַלע פראַגן. „מיר שטייען נאָך — שרייבט ער דאָ — קען מען זאָגן, אין אָרגאַניזירן אונדזער פּראָפ' באַוועגונג ביים אָנפאַנג, אָבער שוין ביים אָנפאַנג דאַרף מען האָבן אַ ריכטיקן בליק, כדי נישט צו באַגיין אַזעלכע פעלערן, וועלכע וואָלטן אונדז געקענט שאַדן ברענגען אין דער ווייַ־טערדיקער אַרבעט. וואָס ס'איז מעגלעך שוין צו קאָנצענטרירן אין גרעסערע קערפּערשאַפטן, דאַרף שוין געטאָן ווערן. דעם ערשטן טריט האָבן מיר גע־מאַכט, אָרגאַניזירנדיק אונדזערע פאַראיינען אויפן באָדן פון פּראָדוקציאָנס־צווייגן. אַלע אונדזערע בראַנזשע־פאַראיינען פון שטאָט זענען צוזאַמענגעבונדן

אין איין אַלגעמיין־שטאַטישער צענטראַלער אָרגאַניזציע — אין דער צענטראַל־ביוראָ פון אַלע פּראָפּ׳ פאַראיינען, מיט זיין אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ אַלס אויספירנדער אָרגאַן״. מען דאַרף געדענקען, אַז די פאַראיינען זענען געווען די איינציקע עפנטלעכע פאָרעם פאַר דער באַוועגונג, און דעריבער איז פאַרשטענדלעך פאַר וואָס יוזעף גיט זיי אָפּ אַזוי פיל צייט און אויפמערקזאַמקייט. ער וויל איינפלאַנצן אין דער פּראָפּ׳ באַוועגונג דעם קלאַסן־שטאַנדפּונקט און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט. ער איז באַזאָרגט צוליב דער „אָרגאַניזאַציאָנעלער אָפּגעזונדערטקייט״ און די שוועריקייטן פון די פּויליש־יידישע באַציִונגען, וואָס ווירקן אויך אין געביט פון דער פּראָפּ׳ באַוועגונג. ער רעדט וועגן צוזאַמענהאַנג פון דער לעצטער מיט דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, דערביי שטרייכט ער אונטער, אַז די פּראָפּ׳־באַוועגונג דאַרף נישט „זיך פאַרוואַנדלען אין אירע (פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע) אַן אָפּטיילונג, אָדער זאָגאַר אין גאַנצן איר פּלאַץ פאַרנעמען״.

אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל פון אָט דער אַרבעט שטעלט ח׳ נח אַוועק אין דער גאַנצער קלאָרקייט און אויסגעהאַלטנקייט — די שפּראַך־פראַגע אין דער פּראַקטיק פון די פאַראיינען. „יעדער יידישער אַרבעטער — שרייבט ער — דאַרף האָבן די מעגלעכקייט זיך צו ווענדן צו אַלע איינריכטונגען און אָנגעשטעלטע פון פאַראיין אויף דער שפּראַך, וועלכע ער פאַרשטייט... די אַלע אויפגאַבן קען דער פאַראיין דערפילן נאָר ביי דעם תנאַי, ווען די יידישע שפּראַך איז אין פאַראיין גלייכבאַרעכטיקט און ווען פאַר דער קולטורעלער אַרבעט זאָל אָרגאַניזירט ווערן אַ ספּעציעלע נאַציאָנאַל־קולטורעלע סעקציע, וועלכע דאַרף פירן איר אַרבעט אונטער דער קאָנטראָל און השגחה פון דער אַלגעמיינער פאַרוואַלטונג״. ער אַנאַליזירט דאָ אויך בפּרטיות דעם פּראָיעקט, וואָס די פּוילישע חברים האָבן צוזאַמענגעשטעלט, ווי אַזוי עס דאַרף אויסגעבויט ווערן דער צענטראַל־ראַט פון אַלע פּראָפּ׳־פאַראיינען. ער שטעלט אים אַנטקעגן דעם סטאַטוטן־פּראָיעקט וואָס דער יידישער צד האָט אויסגעאַרבעט, און ווידער אַמאָל באַטאָנט ער דאָ גאָר באַזונדערס די שפּראַך־פראַגע אין די ראַמען פון פאַראיין און פון צענטראַל־ראַט. „וואָס פאַר אַ באַדייטונג — זאָגט ער — פאַר די יידישע אַרבעטער קען אָבער האָבן אַזאַ איינִיקייט, ביי וועלכער זיי וועט אויסקומען צו שפּילן די ראָל פון שטומע פּורים־שפּילער, איז איבעריק צו רעדן״. נישט געקוקט אויף די גרויסע אונטערשיידן צווישן ביידע פּראָיעקטן, האָפט דאָך חבר נח־יוזעף, אַז „עס איז פאַראַן אַ באָדן פאַר אַ געמיינזאַמער פאַרשטענדיקונג״.

אָט אַזוי איז נח־יוזעף געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געווען שטאַרק און קאָנסעקווענט — אין אַלע פראַגן

פון אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַקטיק און פּאַרטיי־סטראַטעגיע. ער האָט פאַרקער־פּערט די ירושה און די דערפאַרונגען פון דער בונדישער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיי געוואָלט אויפלעבן אין נייע באַדינגונגען פון דער אָקופּאַציע אין ערב־אומאָפּהענגיקן פוילן.

אין 1916 זענען געווען וואַלן צום וואַרשעווער שטאָטראַט, — דאָס איז געווען אַ מתנה פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין איר צביעותדיקער שפּיל אין „דעמאָקראַטישקייט״. די שאַנסן פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר אַדורכ־צופירן זיינע ראַטמענער אין שטאָטראַט זענען ביי די ערזאַץ־וואַלן געווען זייער קליינע. האָט זיך געשאַפן אַ סאָציאַליסטישער איינהייטס־פראָנט צווישן „בונד״ און לינקע פּ.פּ.ס.. דער סאָציאַליסטישער בלאָק האָט באַדאַרפט אַרויסשטעלן אַן איינהייטס־ליסטע. די יידישע אַרבעטער־שטימען האָבן געזאָלט ביי די וואַלן שפּילן אַ גאָר גרויסע ראָל. אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע דיסקוסיע וועגן דעם ענין. די ליידנשאַפטן זענען געווען צעפלאַקערט, די שפּאַנונג — דראַמאַטיש. וו. מעדעם האָט קריטיקירט די וואַל־פּלאַטפאָרעם. צווישן אַנדערען האָט מען נישט געקענט אַריינשטעלן אין דער געמיינזאַמער וואַל־פּלאַטפאָרעם די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע (די פאָדערונג פון רעכט פון דער יידישער שפּראַך און שולן מיט יידישער אונ־טעררי‍כט־שפּראַך פאַר יידישע קינדער איז יאָ געווען).

אין אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „צי האָבן מיר באַגאַנגען אַ פעלער״, פאַר־עפנטלעכט אין „לעבנס־פראַגן״ נומ׳ 36 און 38, פּאָלעמיזירט י. זעף מיט וולאַ־דימיר מעדעם איבער דער פראַגע וועגן סאָציאַליסטישן וואַל־בלאָק. מעדעם האָט געהאַלטן: „... מיר זענען דאָ שטענדיק די, וואָס גיבן נאָך. די געוווינהייט נאָכצוגעבן איז אַן אמתע קללה, וואָס ליגט אויף אונדז שוין אַ גוטן טוץ מיט יאָרן, און די זעלבע קללה האָט דאָס אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף דער פּלאַטפאָרעם פון סאָציאַליסטישן בלאָק אין דער צייט פון די וואַלן צום וואַרשע־ווער שטאָטראַט״. אויף דעם ענטפערט יוזעף סאַרקאַסטיש: „שוין דער פאַקט אַליין, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן נישט מיט איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע זענען זיך טועה, נאָר מיט אַ מאַסן־דערשיינונג, וואָס עקסיסטירט שוין אַזוי לאַנג — אַן ערך 20 יאָר — דאַרף אונדז אַ ביסל באַרויִקן. ס׳איז זיך עפּעס שווער פאָר־צושטעלן, אַז אין פאַרלויף פון אַזאַ לאַנגער צייט זינט אונדזער באַוועגונג, די אַרבעטער־באַוועגונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט עקסיסטירט, וואַקסט און ווערט אַלץ רייפער און רייפער, — האָט זיך נאָך קיינער נישט געכאַפּט וואָס פאַר אַ קללה עס ליגט אויף איר״. „שטענדיק ווען עס קומט צו אונטערהאַנדלונגען וועגן עפּעס אַ פאַראייניקונג, האַנדלען מיר ווי פאַרשאָלטענע. און קיינער האָט דאָס נישט באַמערקט. ערשט דאָ אין חודש אלול תרע״ג האָט מען די גרויסע

אַנטדעקונג געמאַכט. די מעשה איז עפּעס נישט גלאַט... אַט די שטרעבונג זיך צוזאַמענצובינדן מיט פּראָלעטאַריער פון אַנדערע נאַציאָנען, אַט די ברידער־געפילן מיט וועלכע דער יידישער באַוווסטזיניקער אַרבעטער איז דורכגענו־מען, דאַכט זיך, קען אין די אויגן פון יעדן סאָציאַליסט־אינטערנאַציאָנאַליסט בשום אופן נישט פאַררעכנט ווערן אַלס חסרון, אַלס אַ קללה". מיר וועלן דאָ נישט איבערגעבן די אַנדערע פּרטים פון די צוויי פאַרטיידיקונגס־אַרטיקלען פון חבר יוזעף. מיר ווילן נאָר אונטערשטרייכן: די אויבן געבראַכטע אַרגומענ־טאַציע פון ח' יוזעף איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. דאָ קומט צום אויס־דרוק זיין אויסערגעוויינטלעכער צוטרוי און גלויבן אינעם שכל־הישר פון דער מאַסן־באַוועגונג, ווי אויך דער ווילן צו דערציִען דעם יידישן אַרבעטער אין גייסט פון אמתן אינטערנאַציאָנאַליזם.

יוזעף האָט אַריינגעלייגט אַ סך כוחות אַז דער בלאָק זאָל געשאַפן ווערן. ער האָט גענומען זייער ערנסט און הויך אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון אַזאַ קאָנסאָלידאַציע פון די יידישע און פּוילישע אַרבעטער־כוחות אין יענעם מאָ־מענט. די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם בלאָק זענען צוגעגאַנגען זייער שווער. „יוזעף — דערציילט וויקטאָר שולמאַן — איז געווען מיט אַלע פיברען פון זיין שיינער נשמה פאַר אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט פון „בונד" מיט די פּוילישע אַר־בעטער־פּאַרטייען און ער האָט שטאַרק געליטן ביי די שווערע געבורט־ווייען פון בלאָק. איך דערמאָן זיך אַ כאַראַקטעריסטישן פאַקט: גראָד אין לעצטן מאָ־מענט האָט עס געהאַלטן, אַז דער בלאָק זאָל נישט צושטאַנדקומען. ס'איז צו־בויפגערופן געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכע זיצונג פון וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָ־לעקטיוו; יוזעף איז געווען פאַרזיצער. ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך האָב אים אַ פּאָר טעג נישט געהאַט געזען, און מיר האָט שרעקלעך פאַרוואונדערט, ווי זיין פּנים האָט פאַר די לעצטע פאַר גורל־טעג פון 'בלאָק' זיך געוואַלדיק פאַרענדערט און אויסגעדריקט אַזוי פיל פּיין".

בכלל איז נחס ראָל אין יענעם פּעריאָד געווען אויסערגעוויינלעך. חיים וואַסער, וועלכער האָט יאָרן־לאַנג געטאָן פּאָליטישע אַרבעט זייט ביי זייט מיטן ח' נח, שאַצט אַזוי אָפּ די ראָל און באַדייטונג פון נחן אין יענער צייט: „אויב דער 'בונד' אין פּוילן האָט דאַן די גאַנצע צייט פאַרנומען אַ דעצידירטע און אַקטיווע פּיינטלעכע שטעלונג צו דער אָקופּאַציע־מאַכט און אַן אויסגעשפּראָ־כענע אינטערנאַציאָנאַליסטישע שטעלונג צו דער מלחמה בכלל, איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס געווען צו פאַרדאַנקען נחן... דער סאָציאַליסטישער בלאָק פון 'בונד' און דער לעוויצע פּ.פּ.ס. צו די שטאָטראַט־וואַלן אין וואַרשע, אין יאָר 1916, איז געווען נחס אויפטו. אין דער אַטמאָספער פון אַנטיסעמיטיזם און צע־יאַכמערטן נאַציאָנאַליזם, ווען דער דייטשער אָקופּאַנט האָט געזוכט אויסצושפּילן

די ייִדיש־פּוילישע קעגנזאַצן פאַר זײַנע אײגענע פּינצטערע צילן, האָט די אינטערנאַציאָנאַליסטישע וואַל־קאַמפּאַניע פון סאָציאַליסטישן בלאָק אַרײַנגע־בלאָזן אַ שטראָם פון פרישער רײנער לופט אין דעם גאַנצן פאַרסמטן אַרום. אָן נחס גרויסן אָנזען בײַ די טוערס פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג און זײַן אומבאַשטרײַטבאַרן אויטאָריטעט אין 'בונד', וואָלט באַ דער דעמאָלטיקער לאַגע, און בײַ די קאָמפּליצירטע צווישן־פּאַרטײיִשע באַציִונגען קוים געקענט צושטאַנדקומען דער סאָציאַליסטישער בלאָק״.

זאָל בײַ דער געלעגנהייט אויך פאַרצייכנט ווערן: יוזעף האָט דעמאָלט גע־שריבן אַ צאָל אומלעגאַלע אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס.

דאָס זעלבע זעען מיר מיט אַ צײַט שפּעטער, ווען עס שטייט אויפן סדר־היום די פּראַגע גמינע־וואַלן. אין דער ערשטער צײַט פון דער דײַטשער אָקו־פּאַציע איז דער גאַנצער וואַרשעווער קאָמיטעט מיט נחן בראש געווען קעגן באַטייליקן זיך אין די קהילה־וואַלן. פאַרן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט נח געביטן זײַן שטעלונג. דעמאָלט האָט ער נישט געהאַט קיין ספקות, אַז דער „בונד" דאַרף זיך באַטייליקן אין די וואַלן צו דער ייִדישער קהילה (גמינע). אין „לעבנס־פראַגן" נומער 19 פון 10טן מאַי 1918 אין אַן אַרטיקל „וואַל־נאָ־טיצן — אַפּאַטיע און פּאַסיוויטעט", אונטערגעשריבן י. ז־ף, אַרגומענטירט ער דאָס פּראָבלעם אין אַזעלכע ווערטער:

„מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אַ פּיל וויכטיקער שטערעניש, מיט אַ גע־וויסער פּאַסיוויטעט און פּילייכט אַ געוויסן פּאַסיוון ווידערשטאַנד מצד אַ טייל נאָענטע פּאַרטיי־חברים... מיר פאַרשטייען די באַציִונג פון אַ טייל חברים אונ־דזערע צו דער ייִדישער קהילה... מיט מיטלאַלטער שמעקט דאָס דאָזאָר־שטיבל! אַן אָפּגעלעבטע, צום אונטערגאַנג־פאַראורטיילטע אײַנריכטונג... רופן אַהין — הייסט רופן צו פאַרגאַנגענהייט, צו רעליגיעזן פאַנאַטיזם... אַ שטיק אמת ליגט אין די דאָזיקע רייד. אמת איז, אַז פון דער גמינע, ווי זי איז ביז איצט געווען, טראָגט זיך דער ריח פון דער פאַרפוילטער פאַרגאַנגענהייט... לעכערלעך איז צו דענקען, אַז די גמינע איז אַ מין צעך אָדער אַ קאַטוילישע פּאַראַפיע. דאָס קען נאָר זאָגן אַ פּאָליטישער עם־הארץ און אַנאַלפאַבעט, וואָס האָט קיין שום אַנונג נישט וואָס אַזוינס איז די גמינע, וואָס פאַר אַ ראָל זי האָט געשפּילט אין דער ייִדישער געשיכטע און וואָס פאַר אַן אָרט זי פאַרנעמט אין ייִדישן לעבן. נישט ריכטיק זענען אָבער די אויספירונגען, וואָס אייניקע חברים מאַכן פון דעם פאַקט, וואָס די גמינע איז ביז איצט געווען, און פאַלש איז די ליניע פון פּאָליטישן האַנדלען, וועלכע זיי ווילן אײַנשטעלן בנוגע דער גמינע אין דער צוקונפט... שטעלן מיר זיך אויף זייער שטאַנדפּונקט, לאָזן מיר איבער די גמי־נע אין דער ממשלה פון דעם ייִדישן קלעריקאַליזם און דעם בורזשואַזן נאַציאָ־

נאַליזם. — ... אויסער רעליגיעזע פונקציעס, דערפילט זי (די קהילה — ח.ש.ק.) אַנדערע, וועלטלעכע. פאַרשידענע סאָציאַלע אינטערעסן, מאַטעריעלע און קולטורעלע שטויסן זיך צוזאַמען אין די ראַמען פון דער גמינע, אינטערעסן וואָס רירן אָן די ברייטסטע פאָלקסמאַסן און דעם פּראָלעטאַריאַט בפרט. די יידישע אַרבעטער־דעמאָקראַטיע וואָלט נישט דערפילט איר חוב, ווען זי וואָלט זיך האַלטן פון דער ווייטן און לאָזן דאָרט אַנדערע, נישט באַרופענע, אַרויסטרעטן אין דער ראָל פון פאַרטיידיקער פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס. דאָס וואָלט הייסן — פאַלש פאַרשטיין וואָס הייסט פירן דעם קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט... עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן פון אונדזער זייט, ווען מיר וואָלטן זיך אָפּגערוקט און איבערגעלאָזט די פאַרשוועכער פון אונדזערע הייליקטימער, די פאַרשידענע סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן, די אַזוי־גערופענע „פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע סאָציאַליסטן" פון איין זייט, און דעם שרייענדיקן פאָלקסנאַציאָנאַליזם פון דער צווייטער, — אַ פרייען פלאַץ צו פירן אומגעשטערט זייער שעדלעכע אַרבעט. עס איז גענוג נאָר אַזוי אַוועקצושטעלן די פראַגע וועגן די וואַלן צו דער גמינע, אום אַלע ספקות זאָלן פאַרשווינדן, און די וואַקלדיקע חברים זאָלן זיך ענערגיש נעמען דערפילן זייער סאָציאַליסטישן חוב".

אין זעלבן נומער 19, 10 מאַי 1918, געפינען מיר אַ צווייטן אַרטיקל אונטערגעשריבן י—ף: „וואַל־פּלאַטפאָרמען". דאָ קומט אַן אַנאַליז און פּאָלעמיק מיט דער וואַל־פּלאַטפאָרעם פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, פון צענטראַלן ציוניסטן וואַל־קאָמיטעט און אויך פון די פּועלי־ציון. און מיט אַ וואָך שפּעטער, אין נומ' 20, 17 מאַי 1918, קומט ווידער אַן אַרטיקל „וואַל־טאַקטיק" אונטערגעשריבן י. ז־ף. דער אונטערקאָפּ פונעם אַרטיקל איז: „דער פאָלקיסטישער דעמאָקראַטיזם ביזן סוף". דאָס איז אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט נאָמבערגן, סטופּניצקין, פּרילוצקין. דער אַרטיקל ענדיקט זיך אַזוי:

„צי וועט צושטאַנד קומען די פאַרשטענדיקונג צווישן די פאָלקיסטן און ציוניסטן, צי וועט מען זיך צעטיילן מיט די מאַנדאַטן (צו דער קהילה — ח.ש.ק.) — דאָס ליגט דאָך אין הינטערגרונט פון פּלאַנירטן בלאָק — איז פאַר אונדז נישט וויכטיק. פאַר אונדז איז גענוג צו קאָנסטאַטירן, אַז אַזוינס וואָס מען האָט אין זינען צו טאָן, איז מען גרייט צו טאָן. דער עצם פון דעם פאָלקישן דעמאָקראַטיזם ר"ל האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן ווי ער שטייט און גייט. ר' הלל הצדיק (צייטלין) קען רויק שלאָפן, זיין שיטה האָט גובר געווען: 'מער יידישיסטיש אָדער ווייניקער יידישיסטיש, מער דעמאָקראַטיש אָדער ווייניקער דעמאָקראַטיש — אַלע גלייך דאַרפן האָבן אַן אָרט אין דער פאָלקס־פּאַרטיי' („דאָס פאָלק" נומער 4). אַז אַ באמת אויפריכטיקער דעמאָקראַט וועט פאַר זיך קיין אָרט אין דער דאָזיקער פּאַרטיי נישט געפינען, צווייפלען מיר אויף אַ מינוט נישט".

צום סוף לאָמיר נאָך ברענגען אויסצוגן פון אַן אַנדערן אַרטיקל פון ח׳ יוזעף, וועלכער איז געווידמעט דער פראַגע וועגן אַ ייִדישן לאַנד־צוזאַמענפאָר. ח׳ ב. מיכאַלעוויטש און אַנדערע זענען געווען פאַר דעם, אַז דער „בונד״ זאָל זיך באַטייליקן אינעם געפּלאַנטן צוזאַמענפאָר און העלפן אויסקריסטאַליזירן אַ „נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ״ אינעם ניי־אויפשטייענדיקן פּוילן. אין אַן אַרטיקל אין „לעבנס־פראַגן״ נומ׳ 45, פון 8טן נאָבעמבער 1918, אונטערן טיטל „צו דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ״ און אונטערגעשריבן י. זעף, אַנטוויקלט ח׳ נח דעם ווייטערדיקן געדאַנקען־גאַנג:

„די פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ, ריכטיקער וועגן ייִדישן צוזאַמענפאָר, פיגורירט אין טאָג־אָרדענונג פון אונדזער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אַלס אַ טייל פון דעם פּונקט ׳קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט פון ייִדן אין פּוילן׳... — נאַציאָנאַלע, ווי דאָס וואָרט אַליין באַווייזט, הייסט דאָך דאָס, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע נאַציע, וואָס איז געמיינזאַם פאַר אַלע קלאַסן פון פאָלק, און וואָס אַלע קלאַסן, דער פּראָלעטאַריאַט בתוכם — זענען פאַראינטערעסירט. ...פון דעם איז געדרונגען: שטעלט מען אַרויס געוויסע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און מען מיינט מיט זיי ערנסט, מוז מען פאַרשטיין, אַז אום צו שאַפן עטוואָס פּאָזיטיווס אין דעם געביט, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט זיינע אָנשטרענגונגען צוזאַמענבינדן מיט די שטרעבונגען, אין דער הינזיכט, פון אַנדערע, בירגערלעכע, נאַציאָנאַל־געשטימטע שיכטן פון ייִדישן פאָלק. דאָס צוזאַמענאַרבעטן מיט בירגערלעכע עלעמענטן איז גאָרנישט אַזאַ טריפה זאַך, ווייל מען קען נישט דאָס גאַנצע בירגערטום באַטראַכטן אַלס אַן איינהייטלעכע, רעאַקציאָנערע מאַסע...

— — — צי איז אָבער דער צוועק איינער און דער זעלבער ביי אַלע שיכטן פון ייִדישן פאָלק? צי איז פאַר אונדז נישט קלאָר, וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַלע פאָדערונגען וואָלטן אַרויסגעשטעלט אויף אַזאַ צוזאַמענפאָר, למשל, די ציוניסטן, אָדער וועגמייסטערס חסידים אד״גל? ׳נאָר אַזאַ קערפּערשאַפט — שרייבט ח׳ מיכאַלעוויטש — וועט זיין בכוח אַרויסצוזאָגן איר פעסט וואָרט וועגן די רעכט וועלכע דאָס ייִדישע פאָלק אין פּוילן פאָדערט פאַר זיך, וועלכע וועט זיין גע[illegible] אויטאָריטעט אַאַז״וו״. נישט קיין פעסט וואָרט, נישט קיין גענוג אויטאָריטעט וואָרט, און די גאַנצע דעמאָנסטראַציע איז נישט ווערט די טרחה, וואָס מען וועט אויף איר אַרויפלייגן... — — — יעדע פּראָבע צו מאַכן פון אונדזער פּראָלעטאַריש־נאַציאָנאַל פּראָגראַם אַ געמיינזאַם פּראָגראַם אויך פאַר דעם ייִדישן קליינבירגערטום, וועט נישט פאַרשטאַרקן דעם קאַמפּסלוסט פון די מאַסן פאַר אונדזערע פאָדערונגען אויפן נאַציאָנאַלן געביט. דאָס וועט נאָר אַריינטראָגן אַ צעמישונג אין די מוחות פון די מאַסן און אָפּשוואַכן זייער ענערגיע, — זעלבסטשטענדיק האָט דער קלאַסן־באַוווסטער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט, אונטער דער

פאָן פון ׳בונד׳, געפירט דעם קאַמף פאַר זיינע נאַציאָנאַלע רעכט. לאַנג זע־נען מיר געשטאַנען אַליין אין קאַמף פאַר אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט. דאָס לעבן האָט געבראַכט אין אונדזערע רייען די ברייטסטע שיכטן פון ייִדישן פּראָ־לעטאַריאַט, אונדזערע לאָזונגען זענען געוואָרן זייערע לאָזונגען... מיינט ווער ערנסט, ליגט ווען מען באמת אויפן האַרצן די אינטערעסן פון די ברייטע אַר־בעטער־מאַסן, דער וועט זיך שטעלן אויף זייער זייט און וועט מיטהעלפן זייער זיג, ווייל זייער זיג איז דער זיג פונעם גאַנצן פאָלק״.

פאַר די פאָר יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט די ייִדישע אַרבע־טער־באַוועגונג אין וואַרשע דורכגעמאַכט אַ שטיק וועג. אָקאָרשט איז פאָרגע־קומען די ערשטע אַלגעמיין־שטאָטישע קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, ווו עס איז געגרינדעט געוואָרן די „אינפאָרמאַציע־ביוראָ״, וועגן וועל־כער מיר האָבן אויבן דערציילט. דאָס איז געווען דעם 7טן אויגוסט 1915. 70 פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון ייִדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקט און איר פאָרזיצער איז געווען וויקטאָר שול־מאַן. אויך נח האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ, אָבער דער עולם אַר־בעטער־טוערס האָט אים נישט געקענט. ווען נח האָט זיך באַוויזן אין צימער... האָט ער צו זיך צוגעצויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. ער איז אַריינ־געקומען שטיל, באַשיידן זיך דורכגעשאַרט ביי די ווענט און פאַרנומען אַ זיי־טיקן שטול. שטילערהייט האָט מען זיך גענומען איבערפרעגן ווער עס איז דער „הויכער קריסט מיט די דיקע וואָנצעס״. אייניקע האָבן זיך דערשראָקן, אַז דאָס איז עמעץ פון דער נייער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. ערשט וויקטאָר שולמאַן און נאָך עטלעכע געציילטע בונדישע טוער, וואָס פלעגן פריִער קאָנספּיראַטיוו זיך באַגעגענען מיט נחן, האָבן אַלעמען אויסגעטייטשט, אַז דער ׳הויכער קריסט מיט די דיקע וואָנצעס׳ איז נישט עמעץ אַנדערש ווי דער לאַנג־יאָריקער מיט־גליד פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט און פאָרזיצער פון ׳בונד׳ — דער לע־גענדאַרער נח״ (פּ. שוואַרץ — דער לעבנסוועג פון וויקטאָר שולמאַן, אונדזער צייט, 11־12, 1961).

אַ צוויי יאָר איז אַריבער און נח איז שוין געווען דער פּאָפּולערער און דער אויטאָריטעטער יוזעף. און ווען ס׳קומט דער טרויעריקער מאָמענט פון דער דייטשער נקמה, איז נח געווען איינער פון די, אויף וועמען די לאַפּע פונעם אָקופּאַנט האָט זיך ברוטאַל אַראָפּגעלאָזט. אין דער נאַכט פון פּסח, דעם 8טן אַפּריל 1917, האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ מאַסן־אַרעסט פון די סאָציאַ־ליסטישע טוערס. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן די פירערס פון די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, עס זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן די אָנגעזעענסטע פּי־גורן פון „בונד״ בראש מיט נחן (אינזשעניער א. העלער, מ. וואַסער, ג. זי־

בערט, סאָניע טשעמעלינסקי, עמנואל נאָוואָגרודסקי, י. ליפשיץ־באָסאַק, דוד מייער, ב. שאַפּראַן און וו. שולמאַן). אַלע אַרעסטירטע האָט מען אַוועקגעפירט אין דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אויך יוזעף האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אַכט חדשים אין די לאַגערן סקאַלמיעזשיץ, לאָובאַן און האַוועלבערג. די באַדינגונגען זענען דאָ געווען שוידערלעכע. ערשט אין נאָוועמבער 1917, ווען ס'זענען דערשינען די דייטשע מאַניפעסטן וועגן שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע פּוילישע מלוכה, האָבן די אָקופּאַנטן געוואָלט מאַכן אַ שמייכלענדיק פּנים לגבי דער אַרבעטער־באַוועגונג, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו ביסלעך באַפרייען די אַרעסטירטע. אויך יוזעף איז באַפרייט געוואָרן — און זיך באַלד צוריק געשטעלט צו זיין פּאַרטיי־אַרבעט.

אויף יענעם 8טן אַפּריל איז געווען געפּלאַנט — אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, אָבער צוליב די אַרעסטן האָט זי נישט געקענט צושטאַנד קומען. איצט, ווען די אָנגעזעענע חברים האָבן זיך אַרויסבאַקומען אויף דער פריי, האָט מען ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז דאָך שוין געווען קלאָר: אין רוסלאַנד האָט געזיגט די רעוואָלוציע, פּוילן וועט ווערן זעלבסטשטענדיק און אויך די בונדישע באַוועגונג אין פּוילן דאַרף ווערן אומאָפּהענגיק פון „בונד" אין רוסלאַנד. „לאָמיר נעמען דעם אַלטן בונדישן ווייַן און אַריינגיסן אין אַ נייער כּלי" — דאָס איז געווען די פאָרמולירונג פון נחן. אויף דער געפּלאַנטער קאָנפערענץ האָט עס די דאָזיקע 'נייע כּלי' געדאַרפט געשאַפן ווערן.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען סוף דעצעמבער 1917 אין לובלין. נח איז געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ. מ'האָט אויסגעהערט אַ באַריכט פונעם „קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן", פון דער רעדאַקציע „לעבנס־פראַגן", מ'האָט באַהאַנדלט די וויכטיקסטע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען, די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע א"אַ. די באַדייטונג פון דער קאָנפערענץ פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט פון „בונד" — איז זייער גרויס. נישט לאַנג איז אויסגעקומען צו וואַרטן — און דער דייטשער אָקופּאַנט איז אַוועק. דער שטח פון דער בונדישער טעטיקייט איז געוואָרן שטאַרק אויסגעברייטערט.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

1920־1919 זענען ווידער שווערע אומרויִקע יאָרן פאַרן „בונד" אין פּוילן. דעם 6טן דעצעמבער 1918 ווערן די „לעבנס־פראַגן" פאַרוואַנדלט אין אַ טעגלעכער צייטונג, אָבער שוין דעם 19טן יאַנואַר 1919 ווערט די בונדישע צייטונג

געשלאָסן אויף אַ ברוטאַלן אופן — דאָס מאָל שוין דורך דער 'אייגענער' מאַכט פון אומאָפּהענגיקן פּוילן. נאָך אַ קורצער הפסקה הייבט ווידער אָן אַרויסצוגיין די בונדישע טאָגצייטונג. פאַרן „בונד" און פאַר זיין פּרעסע הייבט זיך אָן אַ פּעריאָד פון האַלב־לעגאַלער עקסיסטענץ. צוליב דעם בונדס שטעלונג פון קעגנערשאַפט צום פּויליש־באָלשעוויסטישן קריג, ווערט די פּאַרטיי אויף אַ צייט אין גאַנצן פאַרבאָטן. עס קומט דער סאָוועטישער אַריינמאַרש אין די פּויליש לישע געביטן — און ווידער ווערן הונדערטער בונדיסטן פאַרשלעפּט אין פּוי־לישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאָמביע ביי קראָקע, און אַ סך פון זיי פאַר־פילן די טורמעס. נח איז כסדר ביי דער פּאַרטיי־אַרבעט, ער איז דער פּאָרזי־צער פון דער פּאַרטיי. „זיין רייכע פּראַקטיק פון אומלעגאַלער אַרבעט, זיין שטאַרקער ווילן און אויסגעהאַלטנקייט העלפן מיט נישט נאָר איינצוהאַלטן די עקסיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויך זיי אויסצובררייטערן און פאַרפעס־טיקן" — אַזוי שאַצט אָפּ נחס ראָל אין יענעם פּעריאָד וויקטאָר שולמאַן, וועל־כער איז געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער פּאַרטיי און אַן עדות פון נחס האַנדלונגען און טעטיקייטן.

מיטן סוף פון דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה און מיט דער נאָרמאַלי־זירונג פון פּאָליטישן לעבן אין נייעם אומאָפּהענגיקן פּוילן — הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה פון „בונד", אַ תקופה פון כסדרדיקן באַרג־אַרויף, פון אַלץ נייע דערגרייכונגען סיי אָרגאַניזאַציאָנעלע, סיי פּאָליטישע, סיי אין אַלגעמיין־מלוכה־שן לעבן און סיי אין יידישן.

דערציילן דאָס לעבן פון נחן אָט אין דעם פּעריאָד, ביזן סאַמע אויסברוך פונעם היטלער־קריג, הייסט דערציילן די געשיכטע פונעם „בונד" אין פּוילן. נח שטייט ווייטער אויף די פּאָדערשטע פּאָזיציעס פון „בונד", ער איז פּאָרזי־צער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, ער פאַרברענגט גאַנצע טעג אינעם לאָקאַל פון דער פּאַרטיי, ער איז דער ממונה איבער דער ווירטשאַפט פון דער פּאַרטיי און פון דעם צענטראַל־אָרגאַן „פאָלקס־צייטונג", ער פירט אַלע אינערלעכע זיצונגען פון צ"ק און ער איז אויך דער פּאָרזיצער פונעם וואַר־שעווער קאָמיטעט פון „בונד" און פירט אָן מיט אַלע זיינע קאָנפערענצן, זיצונ־גען, אונטערנעמונגען. ער איז באַהאַוונט אין יעדן ווינקעלע פון דער פאַר־צווייגטער אַרבעט און ער קען פּערזענלעך יעדן טוער. ער ווערט אויסגעקליבן אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, און ער איז דאָ אַקטיוו אין אייניקע קאָמיסיעס. ער איז אויך אַקטיוו אין דער קולטור־ליגע און אין דער פאַרוואַלטונג פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. און ווען די פּאַרטיי איז אין גרויסער נויט, פאָרט ער (צוויי מאָל — אין 1925 און 1930) אַלס איר שליח אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פאַרברענגט דאָ עטלעכע חדשים און שאַפט גרעסערע געלט־מיטלען פאַר דער

פּאַרטיי. קומט פאַר אַ פּאַרטיי־ראַט, וואָס איז די העכסטע אינסטאַנץ צווישן איין צוזאַמענפאַר און צווייטן, איז נח דער פּאַרזיצער; דאָס זעלבע — אויף אַלע צוזאַמענפאָרן פון „בונד". נח איז דער וואָס טעמפּט אָפּ אַלע שאַרפקייטן און עקסטרעמקייטן, ווי אַ געניטער קאַפּיטאַן פירט ער אַדורך די שיף פון דער פּאַרטיי צווישן ריפן און פעלדזן.

דאָס זענען יאָרן פון שאַרפן אידעיִשן געראַנגל אין „בונד". צוויי הויפּט־ריכטונגען שטרייטן צווישן זיך. גרויסע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען קענען נישט אויסמיידן די מגפה פון שפּאַלטונגען אין יענע יאָרן. אויף די בונדישע צוזאַמענפאָרן גייען אָן שטורמישע דיסקוסיעס וועגן די נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען, וועגן די עקסיסטירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלן. נח איז נישט נאָר פאָרמעלער פּאָרזיצער אויף די צוזאַמענפאָרן. ער פילט די גרויסע פּאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף אים. און זיין גרויסע פּאַרטייִשע דערפאַרונג, זיין קענען די פּסיכיק פונעם גרויסן עולם טוערס, זיין אוממיטלבאַרער אויפריכטיקער צוגאַנג צו די שטרייטנדיקע צדדים אין „בונד", זיין שכל־הישרדיקער באַנעמען פון די פּראָבלעמען, — אַלץ ווענדט ער אָן אין איין ריכטונג: צו ראַטעווען די גאַנצקייט פון „בונד", באַזייטיקן אַלע שטרויכלונגען און סכנות, איינהאַלטן די איינהייט פון טאַט — ביי פולער דעמאָקראַטישער פרייהייט פון מיינונגען אין דער פּאַרטיי.

עס וואָלט געוויס געווען איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז עס איז אויסשליסלעך דער פּאַרדינסט פון נחן, וואָס אין „בונד" איז נישט געשען קיין שפּאַלטונג. אָבער קיין ספק, אַז נח האָט דערביי געשפּילט די הויפּט־ראָל. ער איז דאָך גע־ווען דער, וואָס האָט סימבאָליזירט אין די אויגן פון אַלעמען — דעם „בונד" דעם גלאָררייכן פּעריאָד פון „בונד" פון די צאַרישע צייטן, דעם „בונד" מיט אַלע זיינע אייגנשאַפטן און מעלות, און אָט די אויטאָריטעט האָט געווירקט אויף אַלעמען אָן אויסנאַם. נישט נאָר אויף פאָרמעלע זיצונגען, נאָר אויך גאַנץ פּריוואַט און אין אינטימע שמועסן האָט ער זיך באַמיט צו באַווירקן, צוי־מען, איינהאַלטן, איבעררעדן, און אַ מאָל אויסשייגעצן ווען עס איז געווען נייטיק...

שוין אויף דער דערמאָנטער „לובלינער קאָנפערענץ" (25־26 דעצ׳ 1917) האָט מען נחס אויטאָריטעט געקענט אָנזען. שוין דאָרט האָבן זיך אָנגעצייכנט לינקע שטימונגען אין „בונד". נח איז דאָ געווען דער איינציקער פון דעם אַמאָליקן צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" (מעדעם איז דעמאָלט געווען אין בער־לין, מיכאַלעוויטש אין ווילנע). „זיין פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע דער־פאַרונג איז געווען אומגעהייער — דערציילט חיים וואַסער — גאָרנישט צו פאַרגלייכן מיט די איבעריקע אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ. און כאָטש

ער איז געווען איינגעהאַלטן און קאַרג אין זיינע אַרויסטרעטונגען, האָבן דאָך די דעלעגאַטן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו זיינע אויספירונגען. אָבער ח׳ יוזעף האָט אויך געהאַט אַן אָפן אויער פאַר די רייד פון אַנדערע, אויך דאַן ווען די מיינונגען זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. ער האָט נישט געפּרווו אַפילו אויסנוצן זיין אויטאָריטעט, כדי אָנצוואַרפן אַנדערע זיין אייגענע מיינונג, נאָר זיך באַמיט אַרויסצובריינגען אין די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ דאָס אַלגעמיינע, געמיינזאַמע, דאָס ׳בונדישע׳. אין די שפּעטער־דיקע יאָרן, ווען אין „בונד״ האָבן זיך געשאַפן פראַקציעס, האָט נח אויף דער וואַרשעווער דריטער לאַנד־קאָנפערענץ (פרילינג 1919) געהערט צו דער צענ־טריסטישער ריכטונג אין דער פּאַרטיי. צוזאַמען מיט ה. ערליך און וו. אַלטער איז ער געווען דער מיטשאַפער פון דער ריכטונג. אָפּשאַצנדיק די ראָל און באַ־דייטונג פון ח׳ נח אין אָט דעם פּעריאָד פון פאַרשאַרפטע אינעווייניקסטע באַ־ציונגען אין דער פּאַרטיי, קומט ח׳ וואַסער — וועלכער איז אַליין געשטאַנען בראָש פונעם לינקל פליגל אין דער פּאַרטיי — צום אויספיר: „ח׳ יוזעף האָט געהערט צו די געציילטע אָנפירנדיקע חברים, אין וועמענס הענט ס׳איז דע־מאָלט געלעגן דער גורל פון דער פּאַרטיי. ער האָט אויסגענוצט זיין גאַנצן איינ־פלוס, זיין גענייטקייט און געשיקטקייט, כדי אָפּצווענדן די שפּאַלטונג־סכנה. און יוזעף האָט בלי ספק אַ באַדייטנדיקן חלק אין דעם, וואָס ס׳זענען נישט גע־לונגען די באַמיִונגען פון אויסן (דאָס מיינט פון קאָמאינטערן, פון מאָסקווער יעווסעקציע — ח.ש.ק.) צו שפּאַלטן די פּאַרטיי״.

אין אַן אַרטיקל געשריבן צען יאָר נאָך נחס טויט — גיט ח׳ וואַסער, וועל־כער האָט אין משך פון איבער צוויי צענדליק יאָר מיטגעאַרבעט מיטן ח׳ נח אין פּוילן, אַזאַ אָפּשאַצונג פון נחס אידעיִשער און אָרגאַניזאַציאָנעלער ראָל אינעם דאָזיקן פּעריאָד:

„בעת די גרויסע אידעיִשע קאַמפן אין ׳בונד׳ אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט נח געהערט צו די געציילטע אָנפירנדיקע חברים, אין וועמענס הענט עס איז דעמאָלט געלעגן דער גורל פון דער פּאַרטיי. ער האָט אויסגענוצט זיין גאַנ־צע השפּעה, כדי אָפּצווענדן די שפּאַלטונג־סכנה, וואָס האָט געדראָט דער פּאַר־טיי. ער האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן חלק אין דעם, וואָס נישט געקוקט אויף די טיפע חילוקי־דעות וועלכע האָבן אין יענער צייט צעריסן אַ רייע מעכטיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, איז דער ׳בונד׳ אין פּוילן געבליבן אייניק און גע־שלאָסן״.

אַ צווייטער לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון ח׳ נח, דער סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״ אין פּוילן, ע. נאָוואָגרודסקי, כאַראַקטעריזירט

נחס אידעיִשע ווירקונג אין דער פּאַרטיי, אין די יאָרן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, אין אַזעלכע ווערטער:

„נישט זיין פאַרגאַנגענהייט, נאָר זיין קעגנוואַרט האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל: דער אופן ווי אַזוי נח האָט זיך באַצויגן צו דער קלענסטער ווי צו דער גרעסטער פּאַרטיי־אַרבעט — האָט געהייליקט יעדעס פּאַרטיי־קעמערל, דער־הויבן יעדע פּאַרטיי־פונקציע...

... היינט ווייסן מיר אַלע וויפל מיר האָבן דעמאָלט געהאַט צו פאַרדאַנקען נחן, פאַר געפינען און באַטרעטן דעם ריכטיקן וועג. נח האָט פאַרמאָגט די זעל־טענע אייגנשאַפט צו זיין צווישן יידן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסט, און צווישן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן צו פאַרבלייבן דער ייד. נחן פלעגט אין די דאָזיקע קריטישע יאָרן נישט אָנקומען שווער די דעציזיע. ער האָט פאַרמאָגט אַ פיינע, סובטעלע, נאַטירלעכע אינטויציע פון דעם „בונד"־פירער".

און אַזוי איז ביזן סוף פון נחס לעבן זיין אויטאָריטעט נישט געווען גע־מינערט: ער דריקט נישט אויפן עולם טוערס, אָבער ער איז וואַגיק. נח איז אַלעמען טייער, ער איז באַליבט, דער דרך־ארץ און יראת־הכבוד צו אים איז גרויס. די לעגענדע נח — איז נישט אָפּגעשוואַכט, הגם די צייטן זענען איצט לעגאַלע, די טעטיקייטן גייען אָן פאַר אַלעמנס אויגן, און די טעגלעכע צייטונג פון „בונד" טראָגט אַרויס אַלע חילוקי־דעות צווישן די פּאַרטיי־פּראַקציעס אין דער עפנטלעכקייט, און יעדערער פון די פירערס און הויפּט־טוערס פון „בונד" דערשיינט דאָ אין זיין גאַנצער אָפנקייט. ביי דעם אַלעם איז נח נישט דער אַריס־טאָקראַט, ער איז איינער פון אַרום, ער קען זיך מיט אַלעמען, און יעדערער קומט צו אים זיך שואל עצה זיין און זוכט ביי אים געדרעכטיקייט נישט בלויז אין פּאַרטייִשע ענינים און סיכסוכים, נאָר אויך אין ריין־פּערזענלעכע, צווישן חבר און חבר. ממש פאָטערלעך היט נח סיי די פּאַרטיי, סיי איר פּער־אָדישן אָרגאַן, סיי די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע.

## נח — דער מענטש

דער פּעריאָד 1920—1939 איז געווען דער הויכפּונקט אין נחס לעבן.

דער דיכטער מלך ראַוויטש גיט אַזאַ פּאָרטרעט פון נחן אין יענע יאָרן:

„אַ הויכער און מאַגערלעכער. אַן אָפן, גרויס, לענגלעך פּנים און אַלץ אַ פּנים אויפפּאַלנדיק. די גרויסע אויגן, טונקעלע און מיט שטאַרצנדיקע, כמעט הענגענדיקע ברעמען. דער אָפענער שטערן, די טונקעלע האָר פאַרקעמט אַרויף. די פּויער־יש־פּראָסטלעכע ברייטלעכע נאָז. די אַ ביסל אַריי־סשטאַרצנדיקע קינ־

באַקן, די אַ ביסל גרעסערע, זייער גלייכמעסיקע אויערן, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פירער־נאַטורן. און — זייט איך האָב אים געקענט אין די „לעגאַלע" יאָרן פון זיין לעבן — די גרויסע, געדיכטע, איבערן גאַנצן מויל אַריבערהענגענדיקע וואָנצעס. נאָך זיין זעכציקסטן לעבנסיאָר — היפּשלעך גרויע. ער רעדט זייער זעלטן און זייער ווייניק. ער צײלט די ווערטער גאַנץ באַוווּסטזיניק. עפנטלעך רעדט ער כמעט קיין מאָל נישט. אָבער אַז ער רעדט יאָ אַ מאָל, ווערט אַ טויטע שטילקייט, אַפילו ווען פיל־טויזנטער מענטשן זענען דאָ אין זאַל. מען פאַרהאַלט דעם אָטעם ממש — אַן אות נישט צו פאַרלירן..."

אָט אַזוי האָט אויסגעזען נח — פיזיש און גייסטיק. אַ ריז. מאַיעסטעטיש. גרויסער אויטאָריטעט. און גלייכצייטיק — אַזוי שטיל, באַשיידן, אויפריכטיק און איינפאַך.

דעם 13טן אויגוסט 1932 איז נח אַלט געוואָרן 60 יאָר. עס איז אויך געווען 40 יאָר, זינט ער איז טעטיק אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז אַ געלעגנהייט פאַר אַ גרויסער פייערונג, פאַר אַן אמתן יום־טוב אין „בונד". האָט דאָך נח מיט זיין גאַנצן לעבן און מיט זיין גאַנצער טעטיקייט פאַרדינט — די דאָזיקע דאַטע זאָל געערט ווערן אויף אַ שיינעם, ווירדיקן אופן. האָט ער דאָך פאַרדינט, אַז די גרויסע אָרגאַניזירטע מאַסע ייִדישע אַרבעטער זאָל עפנטלעך אָפּדאַנקען דעם, וואָס איז 40 יאָר נאָכאַנאַנד געווען איר לערער, פירער, אָרגאַניזאַטאָר, אינסטרוקטאָר, רעפערענטאַנט און — בעסטער חבר.

נח האָט אָבער וועגן דעם אַלעם געהאַט אַן אַנדער מיינונג...

אָט וואָס די רעדאַקציע פון דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג" פון 19טן אויגוסט 1932 שרייבט וועגן דעם:

„מיר האָבן געוואָלט באַצייכענען דעם דאָזיקן טאָפּלטן יובל מיט אַ ברייטער פאַרטיי־פייערונג. אָבער ח' נח האָט באַין אופן נישט געוואָלט געבן זיין הסכם דערצו. מיר האָבן געוואָלט ווידמען זיין יובל אַ געהעריק אָרט אין אונדזער צייטונג, אָבער אויך דאָס האָט אונדז ח' נח פאַרבאָטן. ער האָט אונדז נישט דערלויבט צומאָל אָפּצודרוקן זיין ביאָגראַפיע, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אַ פּרעכטיקע קייט פון צענדליקער יאָרן קרבנותפולער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, אַ ביאָגראַפיע ווו ס'איז כמעט קיין פּערזענלעכעס נישט פאַראַן, ווו אַ דאַטע איז — אַ דאַטע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר צווייפלען נישט: די דאָזיקע ביאָגראַפיע מוז און וועט געשריבן ווערן. זי מוז געגעבן ווערן אונדזערע יונגע, זיי זאָלן פון איר לערנען און שעפּן

באַגייסטערונג. זי זאָל פאַר זיי ווי אַ וועגווייזער לייכטן אין די שטורמישע צייטן, וועלכע מיר גייען אַנטקעגן. אָבער — ה׳ נח וויל נישט קיין יובילײ־פייערונג...

— ס׳איז נישט קיין צייט היינט פאַר פערזענלעכע יובל־פייערונגען, — האָט אונדז מיט זיין געוויינלעכער ערנסטקייט און באַצווינגענדיקער שטרענג־קייט דערקלערט ה׳ נח, און דערמיט איז דער ענין געווען דערליידיקט. מיר זענען זייט יאָרן צוגעוווינט אויסצופירן די פאַרטייִשע באַפעלן פון ה׳ נח״.

האָט דער „בונד״ דעריבער דורכגעפירט די יובילײ־פייערונג פון נחן אויף אַן אַנדער אופן — אָט וואָס די „פאָלקס־צייטונג״ שרייבט וועגן דעם אין דער זעלבער נאָטיץ:

„ביי אַ גרופּע נאָענטע חברים איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו באַערן דעם היינטיקן יובל פון ה׳ נח דורך אַ ספּעציעלער נח־זאַמלונג לטובת דעם פּרעסע־פאָנד. מיר האָבן נישט געקענט אָוועקשטעלן די פראַגע נישט אין פּלענום, נישט אין עקזעקוטיוו און נישט אין פּרעזידיום פון צענטראַל־קאָמי־טעט ווייל אין אַלע דריי אינסטאַנצן איז ה׳ נח דער פאָרזיצער. אָבער דער געדאַנק איז מיט דער גרעסטער צופרידנקייט אויפגענומען געוואָרן פון אַלע אַן אויסנאַם מיטגלידער פון צ״ק, מיט וועלכע ס׳איז געווען מעגלעך וועגן דעם צו רעדן. די „נח־זאַמלונג״ איז דעריבער פאַקטיש דער אויסדרוק פון אַן איינשטימיקן ווילן פון גאַנצן צ״ק״.

דעם 19טן אויגוסט איז די „נח־זאַמלונג״ דערקלערט און געעפנט גע־וואָרן אין דער „פאָלקס־צייטונג״. די דאָזיקע זאַמלונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער פאָלקס־אַקציע. נישט געקוקט אויף דער נויט, הונגער, אַר־בעטלאָזיקייט וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אויף דער ייִדישער גאַס, און די אַקציע איז געפירט געוואָרן אין אָרעמע פּוילישע זלאָטעס און גראָשנס, — האָט זי דאָך געגעבן אַ גרויסע סומע אין סך־הכל. עס איז דאָ אויף אַ פייער־לעכן און רירנדיקן אופן געקומען צום אויסדרוק וואָס פאַר געטרייקייט, ליבע און איבערגעגעבנקייט די ייִדישע אַרבעטערשאַפט האָט פאַרמאָגט צום ה׳ נח.

דאָס אַלץ זאָגט עדות, וויפל באַשיידנקייט און זעלבסטבאַהערשונג, וויפל געזעלשאַפטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און וואָסער געפיל פאַר אַחריותדי־קער דערציִונג דער ה׳ יוזעף־נח האָט געהאַט אין זיך. ער איז באמת געווען גרויס אין אַלצדינג — אין גרויסע מעשים ווי אין קליינע שריט. דאָס פּער־זענלעכע פאַרשווינדט לגבי דעם עפנטלעך־פאַרטייִשן, לגבי דעם כלל. ער האָט געקענט זיך אָוועקשטעלן אין שאָטן, — אַלץ פאַר דער באַוועגונג, פאַר דער פאַרטיי, — נאָר זי דאַרף זיך אַרויסזען און פאַרנעמען דעם אויבנאָן...

רירנדיק איז געווען די באַציִונג פון דער בונדישער יוגנט („צוקונפט", „מאָרגנשטערן", „סקיף") צום ח' נח. זומער 1931 פאָרט ער צוריק פון אַמע־ריקע און קומט אָן קיין ווין, ווו עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען דער אינטער־נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס און די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער ספּאָרט־אָלימפּיאַדע. די הונדערטע בונדישע יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך באַ־באַטייליקט אין דער אָלימפּיאַדע, האָבן באַגעגנט אויפן וואָגזאַל דעם ח' נח־יוזעף — מיט רויטע פענער און מיט געזאַנג פון דער שבועה". דאָס איז ווירקלעך געווען אַ מאָמענט פון גרויס פרייד און גליק — פאַרן אויסגעפּרווו־טן קעמפער.

נחס 60־יאָריקער יובילײ האָט געפונען אַ וואַרעמען און חברשן אָפּקלאַנג אויך אין אַמעריקע. ניו־יאָרקער בונדיסטן און סימפּאַטיקער פון „בונד" האָבן אים צוגעשיקט אַ באַגריסונג, געשריבן אויף פאַרמעט אין יידישן סטיל, און אונ־טערגעשריבן דורך צענדליקער פאַרערער. מיר לייענען דאָ:

„...טויזנטער מייל אַוועק פון אייך און דאָך זענען מיר בלוט פון בלוט און ביין פון ביין, פון יענער גרויסער און אידעאַליסטישער באַוועגונג פון וועל־כער איר זענט דער אָנערקענטער און געשעצטער פירער. אייער יובילײ איז אונדזער אַלעמענס יום־טוב. איר האָט פאַר די 40 יאָר פון אייער אַרבעט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג געוויזן אויך אַ בײשפּיל פון אידעאַליזם, אי־בערגעגעבנקייט און מסירת נפש. — צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע טיילן פון דער וועלט, וועלן די יידישע אַרבעטער קיין מאָל נישט פאַרגעסן וואָס האָט געמיינט פאַר זיי דער „בונד" פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן — און איר דער פירער, אונדזער נח"...

***

די פּערזענלעכקייט נח שעפּט זיך נישט אויס מיט זיין פּאַרטייִשער ראָל, מיט זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, מיט זיין סאָציאַליסטישער אַרבעט. ער איז אין לעבן געווען — אַ גוטער, האַרציקער מענטש און חבר. און ער האָט געהאַט אינטערעס פאַר ליטעראַטור און קונסט, ער האָט געקענט אָפּדעקלאַמירן — אין אַ אינטימער סביבה! — גאַנצע קאַפּיטלעך פון „יעווגעני אָניעגין" און אַנדערע דיכטונגען.

אפילו אין די יאָרן, ווען ער האָט געטראָגן אויף זיך די זאָרג פון אַרויס־געבן די אומלעגאַלע „אַרבייטער־שטימע", האָט ער געהאַט דעם פיינעם גע־פיל, אַז מ'דאַרף דאָ דרוקן פון צייט צו צייט אַ ליד, אַ דערציילונג. אברהם רייזען האָט מיט אַ סך חן און אָנערקענונג דערציילט, ווי אַזוי נח האָט ביי

אים עטלעכע מאָל באַשטעלט און גענומען לידער פאַר דער „אַרבייטער־שטי־מע". „די וואַנט" און „צו די דעמאָנסטראַנטן" און נאָך אַנדערע לידער זיינע זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן דורכן ח' נח. ווען א. רייזען האָט זיך מיט אים דאָס ערשטע מאָל אין וואַרשע געטראָפן, דערציילט ער, האָט ער „גלייך דער־שפּירט די גרויסקייט און וויכטיקייט פון נחס טעטיקייט פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, שוין אָפּגערעדט פון דער אימפּאָזאַנטקייט פון זיין פּערזאָן, זיין וווּנדערלעכן שיינעם ווּקס, זיין שטימע און שטרענגן, מילדן און חברישן בליק... אַ סודותדיקייט האָט זיך געטראָגן און געשטראַלט איבער אים"... אין 1901, דערציילט א. רייזען, איז נח אין ביאַליסטאָק ספּעציעל געקומען אים אויפזוכן און איינלאַדן צו זיך — „ער איז געקומען פאָדערן אַ ליד" פאַר דער „אַרבייטער־שטימע". אין דעם יובילײ־נומער „אַרבייטער־שטימע" (25סטער נומער) זענען געווען אָפּגעדרוקט צוויי לידער א. רייזענס. „דורך נחס רעדאַק־ציע — דערציילט דער דיכטער — אין דער העכסטער קאָנספּיראַציע, וואָס גרענעצט זיך אפשר מיט העכערע סודות, זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך אַ צאָל מיינע לידער, וואָס זענען שפּעטער אַריין אין די געזאַמלטע לידער, שוין ווי לעגאַלע... די דאָזיקע לידער, דורכגעגאַנגען דורך נחס רעדאַקציע — הגם ער האָט זיי נישט פאַריכט — זענען ביי מיר, ווי תפילות... אַזוי האָב איך געהאַט די זכיה".

נח האָט פאַרמאָגט אַ רייכן עסטעטישן געשמאַק. ער האָט אים אָנגעווענדט נישט נאָר לגבי ליטעראַטור, נאָר אויך לגבי מענטשן, אפילו צו ווייטערע. אויב ער האָט געהאַט צו יענעם סימפּאַטיע, האָט ער עס אַרויסגעוויזן אָפן, אויפריכטיק, מיט פריידיקן געפיל, און מיט אַ סך פּשטות.

ער האָט געהאַט אויפריכטיקן אינטערעס און פאַרשטענדעניש פאַר יע־נעמסליידן און פריידן, פאַר יענעמס פּערזענלעכע דערגרייכונגען און דורכ־פאַלן. ער האָט געקענט ליב האָבן און צובינדן זיך צו אַ מענטשן, ווערן באַ־פריינדעט, אינטים. צו די וואָס ער האָט ליב געהאַט — האָט ער אַראָפּגעקוקט מיט ווייכע סאַמעטענע אויגן, מיט אַ זיסן צופרידענעם שמייכל אויף זיין פּנים. און איינצעלנע חברים זענען טאַקע אָפּט געקומען צו אים נאָך אַן עצה, נאָך הילף אין שווערער נויט, געקומען מיט אַ דין־תורה, מיט צווייפלען און ספקות...

אָט איז אַ חבר, אַ בונדישער טוער, וואָס אים האָט די פּאַרטיי צוגעטיילט די אַרבעט צווישן די אומקולטורעלסטע, אומאַנטוויקלטע אַרבעטער. זיי פאַר־מאָגן אָבער אַ געזונטן „של יד". זיי שטעלן פאָר דעם קערן פון דער פּאַרטיי־ישער מיליץ. דער חבר אַרבעט שוין דאָ יאָרן לאַנג. ער קומט צו נחן: — איך קען נישט מער... איך ווער אַריינגעצויגן אין זייער אומקולטורעלער

סביבה... באַפרייט מיך פון דער אַרבעט... איך וויל עפּעס העכערס, שענערס, אינטעליגענטערס...

נח באַרויִקט, אַפּעלירט צום שכל, ברענגט פּאַרטייִישע, אָבער אויך רייך־מענטשלעכע, אידעאַליסטישע, חברישע מאָטיוון. און דער חבר באַרויִקט זיך, טוט ווייטער זיין אַרבעט, שטייט ווייטער אויפן שווערן פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן.

אָט איז אַ צווייטער חבר. נחן דוכט זיך, אַז זיין פירונג איז נישט ווי געהעריק. ער האָט מורא אַז יענער זאָל נישט פאַלן אַ קרבן פון זיינע שוואַכ־קייטן. נח אָבסערווירט, פרעגט זיך נאָך ביי אַנדערע. און ער איז גליקלעך צו קאָנסטאַטירן: יאָ, דער חבר איז אַ באַגייטער, אַ גערייניקטער... אָפּגעהי־טער... נח אָטעמט אָפּ לייכטער! ער איז ממש גליקלעך...

ב. שעפּנער, וועלכער איז יאָרן לאַנג געזעסן מיט נחן אין לאָקאַל פון דער פּאַרטיי, דערציילט וועגן אים און זיין באַציִונג צו חברים:

„באַפעלן? — יאָ, נח איז געווען ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן דער באַ־פעלער אין „בונד”, הגם ער אַליין האָט קיינמאָל אַזעלכע אויסדרוקן ווי „איך הייס” אָדער „איך זאָג” נישט באַנוצט. ער פלעגט געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן זאָגן:

— כ׳מיין, אַז איר וואָלט געדאַרפט...

דאָס איז גענוג געווען, אַז יעדער איינער זאָל מסכים זיין אויף זיך צו נעמען די שווערסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אויפגאַבן, וואָס נח האָט אים איבערגעגעבן.

וואָרעם אויב נח „מיינט” אַזוי, איז נישטאָ מער וואָס צו רעדן. און ער האָט טאַקע מער וועגן דעם נישט גערעדט. ער האָט שוין גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש און אַלץ מיטן זעלבן רויִקן, געלאַסענעם טאָן. אַרויס פון זיין צימער איז מען נאָך אַזאַ שמועס באַלאָדן מיט אַ שווערער שליחות, און דאָך האָט מען זיך געפילט גרינגער, ווי מען איז אַהין אַריין. מען האָט געוווּסט, אַז וויפל ער זאָל פאַרלאַנגען, פאַרלאַנגט ער נאָך אַלץ פון יעדן פון אונדז ווייניקער, וויפל ער גיט אַליין”...

אָט איז אַן עפּיזאָד, וואָס גיט אונדז אַן ענטפער און אַן אויפקלערונג, פאַרוואָס די בונדישע מחנה האָט געהאַט אַזעלכע וואַרעמע געפילן צום ח׳ נח. עס איז גאָר פּשוט — דאָס האָט אים די בונדישע מאַסע געצאָלט פאַר זיין פיינער און האַרציקער באַציִונג וואָס ער האָט געהאַט צו יעדן בונדישן יחיד, פאַרן פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל צו יעדן איינעמס ליידן און נויטן, — מאַטערייעלע צי מאָראַלע. י. פּאַט דערציילט:

„עס איז געווען אַ שעה פאַר דעם, ווי נח איז צום ערשטן מאָל געפאָרן

פון וואַרשע קיין ניו־יאָרק. ס'איז נישט אַזוי איינפאַך אַ רייזע פון אייראָפּע קיין אַמעריקע, און אַ רייזע צום ערשטן מאָל, אַ רייזע מיט אַ וויכטיקער שליחות פון „בונד" צו די ייִדישע אַרבעטער פון אַמעריקע. אַ הויכע מיסיע.

און — די טיר קלינגט אין מיין דירה אין וואַרשע אויף לעשנאָ גאַס, וואָס מיט יאָרן שפּעטער האָט היטלערס אַ באָמבע זי פאַרניכטעט, און נח קומט אַריין.

איך בין פאַרווונדערט: וואָס איז? וואָס האָט איך געבראַכט צו מיר אַ שעה פאַר אייער רייזע?

ס'איז טאַקע זייער אומפאַרשטענדלעך. עפּעס איז עס. עפּעס וויכטיקעס געוויס.

עס איז אַ געשיכטע וועגן אַ מענטשן, אַ וואַרשעווער חבר, אַ טראַנספּאָרט־אַרבעטער, אַ גאַסן־טרעגער, האָט אַ קראַנקע פרוי, וואָס מוז אָפּגעשיקט ווערן אויף היילונג קיין ציעכאָצינעק. ער איז אָרעם. ער האָט נישט קיין מיטלען אויף צו ראַטעווען זיין פרוי. האָט ער זיך געווענדעט צו דער קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער הילף ביי דער קהילה. נח און איך זענען געווען מיטגלידער פון דער דערמאָנטער קאָמיסיע. נח האָט צוגעזאָגט דעם חבר צו טון, וואָס מעגלעך, אויסצופועלן, אַז די קראַנקע פרוי זאָל אַרויסגעשיקט ווערן אויף אַ פּאָר וואָכן היילונג קיין ציעכאָצינעק.

ער האָט אָבער נישט באַוויזן דאָס צו טאָן. איצט פאָרט ער אַוועק. ער קען נישט אָפּפאָרן, כל־זמן דער ענין איז נישט דערליידיקט. ער האָט פאַרשפּראָכן דעם חבר. מען קען נישט לאָזן די קראַנקע חברטע אויף גאָטס באַראָט.

— דעריבער — זאָגט ער צו מיר — וועט איר אַזוי גוט זיין און פאַר דעם זאָרגן. איר מוזט עס זען דורכזעצן...

און דערביי האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ קליין צעטעלע, געשריבן מיט זיין פערלדיקן כתב, אַלע, אַלע איינצלהייטן פון דעם ענין.

— נעמט דאָס צו זיך. איר וועט מיר שרייבן קיין אַמעריקע, ווי די זאַך איז דערליידיקט געוואָרן.

איצט קען ער שוין פאָרן רויִקער קיין אַמעריקע. די קראַנקע אַרבעטער־פרוי וועט פאָרן קיין ציעכאָצינעק אויף היילונג. ער איז אַראָפּ פון די פיר שטאָק טרעפּ פון מיין דירה. איך האָב אים נאָכגעקוקט מיט פאַרהערלעכונג. דאָס קליינע קוויטעלע האָב איך לאַנג אָפּגעהיט.

דער אידעאַל איז היילִיק, די באַוועגונג איז גרויס, אָבער דער מענטש איז אויך וויכטיק, דער איינצלנער מענטש".

מ. ווײַנרײַך גיט איבער אַ קלײנינקן פאַקט, וועלכער איז אָבער אַזוי באַלערנד און רעדט אַזוי פיל וועגן דעם וואָס פאַר אַ געפיל ייִדישע אַרבעטער

האָבן געטראָגן אין זייער האַרצן צום ח׳ נח. „אין יווֹאָ אין ווילנע — דערציילט מ. וויינרייך — האָבן מיר געהאַט אַ דאָקומענט, וואָס איז מסתּמא צו יוזעפן אַליין קיין מאָל נישט דערגאַנגען. דאָס איז געווען אַ בריוו פון אַ ייִדישן אַר־בעטער, וואָס איז געלעגן אויפן טויטנבעט אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל. ער האָט זיך געזעגנט מיט די חברים און געשריבן, אַז ער האָט נאָר איין פאַרלאַנג נאָך: די חברים נח און הענריק (ערליך) זאָלן אויף אַ ווײַלע צוקומען צו אים אין שפּיטאָל, אײדער ער גייט אַוועק פון דער וועלט״.

פּ. שוואַרץ האָט דערציילט די רירנדיקע עפּאָפּייע מיט נחס זייגערל. דאָס זייגערל האָט אים געשאָנקען דער ניו־יאָרקער בונדישער קלוב — אַ מתּנה צו זיין אָפּפאָר צוריק קיין פּוילן, יוני 1931. ווען ח׳ נח האָט פאַרלאָזט וואַר־שע דעם 6טן סעפּטעמבער 1939, האָט ער דאָס זייגערל איבערגעלאָזט ביי דער ח׳טע סאָניע נאָוואָגרודסקי, מיט גרויס ליבשאַפט און ציטערדיקייט האָבן סאָניע און די אַנדערע חברים פון וואַרשעווער געטאָ — געהיט דאָס זייגערל, עס זאָל נישט אַריינפאַלן אין דייטשע הענט. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען, פון האַנט צו האַנט, פון איין וווינונג און באַהעלטעניש צו אַ צווייטער, האָט די באַקאַנטע העלדין פון געטאָ ח׳טע וולאַדקע אַרויסגעשמוגלט דאָס זייגערל פון געטאָ, און איצט האָט עס געוואַנדערט צוזאַמען מיט די ייִדישע מאַראַנען איבער פאַרשידענע קריסטלעכע וווינונגען... בערנאַרד גאָלדשטיין איז געווען די גאַנצע צייט דער פאַרבינדלער מיטן טייערן זייגערל. אָבער ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער אַלגעמיין־פּוילישער אויפשטאַנד קעגן די דייטשן, דעם 1טן אויגוסט 1944, האָט בערנאַרד פאַרלוירן די פאַרבינדונג מיטן זייגערל... עס איז צוליבן אויפשטאַנד אוממעגלעך געווען צוצוקומען צו דער וווינונג, ווו דאָס זייגערל איז געלעגן באַהאַלטן אין אַ קעסטעלע... ערשט אין אַפּריל 1945 איז בערנאַרד געקומען צו דער וווינונג, וועלכע איז איצט געלעגן אין חורבות... מען האָט זיך געשטעלט גראָבן, און צום גליק האָט מען דאָס קעסטעלע מיטן זייגערל געפונען... די שמחה פון די לעבנגעבליבענע בונדיסטן איז געווען אין לשער, כאָטש זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז נח לעבט נישט מער... דורך אַן אַמע־ריקאַנער מיליטער־מאַן (אוריאל וויינרייך), ווערט סוף־כּל־סוף דאָס זייגערל צוריק געבראַכט קיין ניו־יאָרק.

אָט די געשיכטע שפּיגלט אָפּ די גאַנצע ליבשאַפט און פאַרערונג, וואָס די בונדיסטן האָבן געהאַט צום ח׳ נח. עס איז אַ ליבשאַפט — ווי צו אַן איי־גענעם פאָטער, צו אַ לערער און מדריך, צו אַ חבר אין קאַמף... אַ ליבשאַפט מיט איידלסטן, מיט הייליקן ציטער און אויפריכטיקסטע געפילן...

ווי אַ געוועזענער לערער, איז נח געווען גאָר אויפמערקזאַם און נאַנט — צום קינד. דערפאַר האָט ער אַזוי געצערטלט די קינדער־באַוועגונג סקיף,

דערפֿאַר איז אים נאָנט געווען די ייִדיש־וועלטלעכע שול פֿון דער צישאָ, און דערפֿאַר האָט ער זיך אַזוי צוגעבונדן צו דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. ער איז געוואָרן פֿאָרזיצער פֿון דער סאַנאַטאָריע־פֿאַרוואַלטונג, און אַריינגעדרונגען אין אַלע אירע פּראָבלעמען און פּראָיעקטן, געטראָגן אויף זיך דעם עול פֿון זאָרג פֿאַר דער סאַנאַטאָריע מיט געדולד און ליבשאַפֿט. ער האָט געהאַט פֿאַרשטענדעניש פֿאַר די רייך־דערציִערישע, פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען און שטרעמונגען פֿון דער סאַנאַטאָריע. און ער איז געוואָרן אַן אמתער, אויפֿריכטיקער פֿריינט פֿון דער דאָזיקער קינדער־רעפּובליק און איר באַפֿעלקערונג...

דער אָנפֿירער פֿון דער סאַנאַטאָריע, ש. גילינסקי, דערציילט וועגן דעם:

„ח׳ יוזעף איז געווען פֿאַר די קינדער, פֿאַרן פּערסאָנאַל דער לעבעדיקער מוסטער פֿון דעם, וואָס מיר אַלע האָבן געשטרעבט.

די לעגענדע מעדעם פֿון איין זייט און דער לעבעדיקער יוזעף פֿון דער צווייטער זייט האָבן אין אַ גרויסער מאָס אונדז פֿאַרלייכטערט צו פֿאַרווירקלעכן די שווערע פּעדאַגאָגישע אויפֿגאַבן, וועלכע מיר האָבן זיך געשטעלט.

ח׳ יוזעף האָט זיך אַזוי גוט געפֿילט צווישן די קינדער. דאָרט צווישן די קינדער פֿלעגט מען אויף זיין פּנים אָפֿטער זען דעם ליבן שמייכל. שטיל און באַשיידן פֿלעגט ער אַזוי אָפֿט אַרומשפּאַצירן איבער די זייטיקע אַלייען אָדער זיצן פֿאַרטראַכט אויף אַ באַנק הינטער אַ זייטיקן בוים. ער האָט שטענדיק מורא געהאַט טאָמער שטערט ער מיט זיין אָנוועזנהייט די קינדער צו האַלטן זיך פֿריי און צו שפּילן זיך. דערפֿאַר אָבער אין עס־זאַל אָדער אין פֿאַרווײַלונגס־זאַל פֿלעגט ער קיינמאָל נישט זיצן אָפּגעזונדערט פֿון די קינדער. די קינדער פֿלעגן זיין שטאָלץ מיט דעם, וואָס ח׳ יוזעף, וועגן וועמען זיי האָבן אַזוי פֿיל זיך אָנגעהערט פֿון טאַטע־מאַמע, פֿון ברידער און שוועסטער, פֿאַרברענגט מיט זיי צוזאַמען ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, ווי אַן עלטערער חבר אָדער ווי אַ גוטער טאַטע. אין אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגט די שטימונג שטענדיק זיין אַ געהויבענע, אַ יום־טובדיקע״.

נישט געווען כמעט קיין יום־טוב, קיין פֿאָרשטעלונג אין סאַנאַטאָריע, אויף וועלכער יוזעף זאָל נישט זיין.

און פֿלעגט אַמאָל אַ יום־טוב אָדער אַ פֿאָרשטעלונג נישט געלינגען, פֿלעגט יוזעף קיינמאָל זיך נישט כעסן, קיינמאָל קיינעם נישט מאַכן קיין פֿאָרוואורפֿן. ער פֿלעגט ביי אַ געלעגנהייט געמיינזאַם מיטן פּערסאָנאַל זוכן מיטלען ווי אַזוי אין דער צוקונפֿט אויסצומיידן די באַגאַנגענע פֿעלערן.

יוזעף פֿלעגט אַריינטראָגן יום־טובדיקייט אויך אין דער וואָכעדיקער אַרבעט. ער איז געווען אויסגעבונדן מיט אַלע טאָג־טעגלעכע נויטן, מיט אַלע קליינע און גרויסע זאָרגן.

די גרעסטע זאָרג זיינע איז געווען וואָס מער צו פאַרגרעסערן און אויס־צוברייטערן דעם אַנשטאַלט, כדי קענען אַריינגעמען וואָס מער קינדער. יעדער אַקער צוגעקויפטן באָדן, יעדע נייע איינריכטונג איז פאַר אים געווען אַ גרוי־סע פרייד״.

***

„שטילערהייט האָט ער געחלומט וועגן אַן אַנשטאַלט, וואָס זאָל קענען געבן פרייד און גליק — נישט הונדערטער, נאָר טויזנטער קינדער״.

פונקט אַזוי איז געווען די באַציִונג פון ח׳ נח צו דער סאָציאַליסטישער קינדער באַוועגונג אין „בונד״, צום „סקיף״. ער האָט אין אָט די סקיפיסטן געזען דער המשך פון דער באַוועגונג, די פאַרזעצונג פון דער בונדישער „גאָל־דענער קייט״.

...„איר, סקיפיסטן, פאַרנעמט דעם ערשטן שטאַפּל אין אונדזער יוגנט־באַוועגונג. איר זענט געגליכן צו דעם קוואַל, וואָס גיט דעם אָנהייב פון אַ גרויסן מעכטיקן שטראָם. פון אייך נעמט דעם אָנהויב אונדזער יוגנט־באַווע־גונג. איר שטעלט צו נייע מחנות צו אונדזער ׳צוקונפט׳. און גלייכצייטיק פאַרנעמט איר אַ זעלבסטשטענדיק אָרט אין דער יוגנט־באַוועגונג, דערפילט איר אַ ספּעציעלע אויפגאַבע. מיר זען אייך אומעטום, ווו עס קאָכט אַ קאַמף, ווו עס ברענט אַ פייער. די הילף־אַרבעט, וועלכע איר לייטעט פאַר אונדזער באַוועגונג, פאַר אונדזער פאַרטיי איז נישט אָפּצושאַצן. אַחוץ דעם דירעקטן נוצן, וואָס איר גיט אונדז, טראָגט איר אַריין אין אונדזער באַוועגונג אַזוי פיל חן, אַזוי פיל שיינקייט. איר זענט יונג, און דאָס איז שיין!״

מיט אָט די ווערטער האָט זיך פונקט פינף יאָר פאַר זיין טויט געווענדט דער שוין דאַן קראַנקער חבר נח צו דעם ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון „סקיף״, דעם סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין וואַרשע.

נח איז געווען דער ערן־פאָרזיצער פון „סקיף״. אָבער ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם דאָזיקן ערן־טיטל. ער האָט זיך שטענדיק אינטערעסירט מיט אַלע אַרבעטן פון דער אָרגאַניזאַציע, ער פלעגט קומען אויף באַראַטונגען, אויף וועלכע מ׳האָט באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון דער סאָציאַליסטישער דערציִונגס־אַרבעט צווישן די יידישע פאָלקס־קינדער. און קומענדיק דאָרטן, פלעגט ער רופן די טויער זיך אַדורכדרינגען מיט דער ערנסטקייט און מיט דער גוואַלטיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ליגט אויפן יידישן סאָציאַליזם אין דער קריטישער צייט.

ח. ש. קאַזדאַן

# דער לעצטער ליידנס-וועג

די קראַנקהייט איז געשטאַנען הינטער נחס פּלייצעס. זי האָט זיך אויף אים אָנגערוקט די לעצטע פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון היטלער־קריג. דאָס איז געווען זייער אַ זעלטענע קראַנקהייט — „קאָליבאַצילאָז", באַצילן אין די קישקעס. אַן אויסמאַטערנדיקע קראַנקהייט, וועלכע האָט געגעבן פון צייט צו צייט שווערע פיבער־אָנפאַלן. די אַטאַקעס האָבן בהדרגה אָפּגעשוואַכט נחס אויסערגעוויינלעכע ווידערשטאַנד־קראַפט. מען האָט נחן אין וואַרשע אָפּערירט, ער איז לאַנגע וואָכן געלעגן אין שפּיטאָל, געלעגן ביי זיך אין שטוב. די מעדיצין איז געווען הילפלאָז. אין די פּעריאָדן צווישן די שווערע פיבער־אַטאַקעס איז ער ווידער געווען ביי דער אַרבעט. ער האָט זיך מיט אַלע כוחות, וואָס זיין אָרגאַניזם האָט פאַרמאָגט, געווערט קעגן דער קראַנקהייט.

איז געקומען דער פּעריאָד ערב־היטלער־קריג. צו די פיזישע ליידן זענען צוגעקומען גרויסע גייסטיקע ליידן. אין פּוילן האָט געבושעוועט פאַשיזם. איבער דער פּאַרטיי און איר צענטראַל־אָרגאַן די פאָלקס־צייטונג איז געהאַנגען די דאַמאָקלעס־שווערד פון דער רעגירונגס־שנאה און נקמה. עס האָט געדראָט — צו פאַרלירן דעם לעצטן שפּור לעגאַליטעט פאַר דער באַוועגונג און איר פּרעסע. אָנגעזעענע בונדישע טוערס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן אינעם טרויעריק־באַרימט־געוואָרענעם לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. נח האָט זיך געשטאַרקט, געוואָלט העלפן טראָגן דעם שווערן יאָך, העלפן ביישטיין די נגישות און סכנות. און גראָד זענען עס געווען יאָרן פון גרויסע פּאָליטישע וואַל־נצחונות פאַרן „בונד". די יידישע מאַסן האָבן געפילט, אַז דער איינציקער, וואָס קען זיך איינשטעלן פאַר זייערע רעכט אויף לעבן און קולטור — איז דער „בונד". נח האָט דעריבער נאָך פיינלעכער געפילט די ליידן, וואָס די קראַנקהייט פאַרשאַפט אים.

די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. דער היטלער־שונא דערנענטערט זיך שנעל צו די טויערן פון וואַרשע. די הויפּט־שטאָט ווערט עוואַקויִרט. מען גלויבט נאָך, אַז אין לובלין, אָדער אין בריסק וועט זיך איינגעבן צו שאַפן אַ נייעם צענטער פון דער פּוילישער מלוכה־מאַכט און פון איר אַרמיי, וועלכע וועט זיך אַנטקעגנשטעלן היטלערס אָנגריף. הונדערטער טויזנטער מענטשן ציִען אַהין — ווער צופוס, ווער מיט פערד און וועגעלעך, ווער מיט ראָווערן. ס'איז אַ טראַגישער מאָמענט. אויך ח' נח באַשליסט זיך לאָזן אין שווערן גלות־וועג. וועט ער אויסהאַלטן? וועט ער איבערטראָגן די גרוילקייטן פון לויפן אונטער באָמבאַרדירונגען פון דייטשע עראָפּלאַנען? וועט מען ווירקלעך דערגרייכן דעם געטרוימטן פונקט?

עס גיט זיך איין צו שאַפן פאָרן ח׳ נח מיט נאָך אַ פּאָר שוואַכע חברים אַן אויטאָמאָביל, און מיט גרויסע סכנות דערגרייכט נח קיין בריסק. אויפן וועג האָט ער איבערגעלעבט טראַגישע שעהן אין ברענענדיקן שעדלעץ. ער פאַרהאַלט זיך אין מעזריטש, וווּ ער קריגט אַ שטאַרקן היץ־אָנפאַל און מוז זיך לייגן אין בעט. אין בריסק ווידער — שעהן פון שווערע דייטשע באָמ־באַרדירונגען. ענדלעך קומט נח קיין פּינסק און פון דאָרטן קיין ווילנע און קאָוונע... פריִער באַדראָט פון די דייטשן, שפּעטער פון דער רוסישער נ.ק.וו.ד. גרויס זענען געווען די סכנות. גרויס איז געווען דער ווייטיק צוצוזען די אַרעסטן פון די אייגענע חברים אַרום. אין ווילנע איז ח׳ נח פאַרשטעקט, קאָנספּיראַטיוו. דערצו קראַנק, צעבראָכן. אין קאָוונע האָט ח׳ נח געהאַט זיין ברודער, אַ באַקאַנטן דאָקטער. ער פאָרט אַריבער אַהין און געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון ברודער. די קראַנקהייט לאָזט אים נישט אָפּ. ער פאַרלירט וואָג, זעט אויס זייער אָפּגעצערט. ס׳קומט ספּעציעל צו פאָרן צו אים אַ שוועסטער. זי לאָזט איבער איר אייגענע פאַמיליע און פאַרבלייבט מיט איר עלטערן ברודער, צו וועלכן זי ווייזט אַרויס אַ זעלטענע ליבע און פאַר־לאָזט אים נישט אין זיין נויט.

„נח איז געלעגן צוגעשמידט צום קראַנקן־בעט, — דערציילט י. האַרט וועגן אָט דעם פּעריאָד ווילנע־קאָווגע. — פון צוויי זייטן האָט אויף אים געלויערט די געפאַר. ער האָט געפילט, אַז די קרענק פאַרצערט זיינע זאַפטן און קרעפטן. ער האָט אויך נישט געהאַט דעם מינדסטן צווייפל, אַז עס דראָט אים די האַנט פון דער גע. פּע. או., וואָס קען אים יעדע נאַכט ווידער ברענ־גען צו דער שוועל פון דער קאָוונער טורמע, וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל באַטראָטן מיט קרוב אַ האַלבן יאָרהונדערט פריִער. הגם שוין אַ טויט־מידער, האָט דאָך אין אים אויפגעלעבט צוריק דער אַלט־יונגער גייסט פון נחן דעם קאָנספּיראַטאָר, וועלכער פאַרפירט אַ בייזוויליקע מאַכט. ער האָט געוווּסט, אַז לאַנג איז אים שוין נישט באַשערט צו לעבן, אָבער וואָס מ׳קען דאַרף מען אַרויסרייסן, כדי ווייטער זיך ווידמען דעם באַפרייונגס־קאַמף“.

און נח צוזאַמען מיט אַנדערע חברים — האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער סאָוועטישער פאַסטקע, האָט גובר געווען זיין קראַנקהייט, און זיך דער־קליבן ביז יאַפּאַן — מיט אַ טראַנזיט דורך גאַנץ רוסלאַנד, מיט דער סיבירער באַן. אַן אַלטער גוט־באַקאַנטער וועג... ס׳איז אַ נס, וואָס נח מאַכט אַדורך בשלום דעם וועג — נישט געקוקט אויף די טויזנטער אויגן פון דער גע. פּע. או., נישט געקוקט אויף די כסדרדיקע אָנגריפן פון זיין קראַנקהייט. אָבער נח מאַכט דורך דעם וועג! צוזאַמען מיט אַ צאָל אַנדערע חברים דערגרייכט ער יאַפּאַן און שפּעטער די פאַראייניקטע שטאַטן.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן די געפילן פון נחן. פאַרלוירן אויפן וועג הענריק ערליכן און וויקטאָר אַלטערן. פאַרלוירן אין די פאַרשידענע תפי־סות נאָך צענדליקער אָנגעזעענע חברים; פאַרלוירן — דאָס יידישע לעבן אין פוילן, פאַרלוירן וואַרשע, דעם „בונד". אַ פאַלק ראַנגלט זיך אין וואַרשע־ווער געטאָ, ווערט טאָג־טעגלעך געפייניקט; אַן אונטערערדישע באַוועגונג גראָבט זיך דאָרט איין אַלץ טיפער אין עקשנותדיקן ווידערשטאַנד קעגן דעם שרע־קלעכסטן און אומברחמנותדיקן שונא...

ענדלעך, ניו־יאָרק. נח ציילט די געראַטעוועטע. יעדע פאָר וואָכן קומען צו נייע חברים און פריינט. איינציקוויז, איינציקוויז.

און — ווידער צו דער אַרבעט, צו די פליכטן פון אַ בונדישן פירער. צו די זאָרגן פון דעם „בונד" אין פוילן, פאַר די חברים, ראַטעווען, ראַטעווען — דאָס איז דאָס פּראָבלעם, דאָס איז די לאָזונג.

דעם 28סטן פעברואַר 1941 — נעמט אויף די יידישע אַרבעטער־באַ־וועגונג פון ניו־יאָרק נחן. 600 פאָרשטייער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס זענען געקומען צום קבלת־פנים פאַרן ח' נח. רעדעס, גרוזאַנג פון דער שבועה. טעלעגראַמעס פון גאַנצן לאַנד. אַ געלט־זאַמלונג פאַר דער אונטערערדישער אַרבעט פון „בונד" אין פוילן. נח איז טיף גערירט פון דער אויפנאַמע און ער זאָגט אין זיין וואָרט:

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, קען ער בשום אופן נישט אָננעמען אויף זיך אַליין. זיין נאָמען איז דאָ בלויז געווען אַ שילדל פאַר אונדזער גאַנ־צער באַוועגונג. מיט אַ צאָרנדיקן פּראָטעסט קעגן די, וואָס רופן זיך „אַר־בעטער־רעגירונג", האָט ער דערמאָנט די נעמען פון די חברים, וואָס די גע. פּע. או. האָט געפאַנגען און זאָגט אפילו נישט אויס, ווו זיי געפינען זיך. ער רעכנט אויס די טייערע נעמען פון הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, אַנע ראָזענטאַל, שאול גאָלדמאַן, הערשל הימעלפאַרב, יאַנקל זשעלעזניקאָוו — נע־מען וואָס מאָנען און פאָדערן און פאַרפליכטן, ווי אין די צאַרישע צייטן די נעמען פון די, וואָס דער צאַריזם האָט געהאַלטן אין דער שליסלבורגער פעס־טונג. נח שילדערט דעם סאָלידאַרישן קאַמף פון די פוילישע און יידישע אַרבעטער קעגן דעם בעסטיאַלישן היטלער־פאַשיזם, און ער פאַרענדיקט מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט נישט לאַנג דויערן און די אייראָפּעישע אַרבעטער וועלן צעשמעטערן די גאַנצע ממשלה פון נאַציזם און פאַשיזם.

נח איז צוריק — אויף זיין אַמט. באַלד שטעלט ער זיך בראש פון דער געשאַפענער אַמעריקאַנער רעפּרעזענטאַנץ פון בונד אין פוילן. אין פעברואַר 1941 דערשיינט שוין דער ערשטער נומער פון דעם בונדישן חודש־זשור־נאַל אונדזער צייט, און דער לייט־אַרטיקל איז געשריבן פון ח' נח. אויף אונדזער

וועג — הייסט דער אַרטיקל. דאָ שטייט נישט פאַר אונדז אַן איינגעבראָכענער, פאַרלוירענער פירער, אומבאַהאָלפן לגבי די גרויסע פּראָבלעמען פון דער גרויזאַמער תקופה. נח איז פול מיט מוט, קעמפערישקייט, גלויבן. ער קוקט מיט אָפענע אויגן אויף דערווירקלעכקייט. ער גלויבט אין דער צוקונפט.

„די מלחמה — שרייבט ער — האָט נישט נאָר חרוב געמאַכט שטעט און דערפער, גאַנצע מלוכות, אומגעבראַכט הונדערטער טויזנטער מענטשלעכע לעבנס, זי האָט אויך גורם געווען גרויסע גייסטיקע פאַרוויסטונגען. ווער ס׳האָט זיך גענומען וואַקלען, ווער ס׳האָט פאַרלוירן דעם גלויבן און ווער ס׳האָט גענומען פריידיקן נייע טעאָריעס. אַלע פּאַרטייען האָבן באַנקראָטירט און גאַנץ באַזונדערס די סאָציאַליסטישע מיט זייערע פּראָגראַמען — שרייט איינער מיט באַנומענע קולות — און זייער אָרט דאַרף פאַרנעמען”... ווער פאַרנעמען, וואָס פאַרנעמען? — דאָ הערט איר נישט קיין קלאָרע דיבורים. אַ צווייטער זאָגט אפילו לויב־געזאַנגען פאַרן סאָציאַליזם, אָבער... איצט דאַרף מען דעם סאָציאַליזם לאָזן צורו. איצט איז אונדזער איין און איינציקע אויפ־גאַבע — באַזיגן דעם היטלעריזם און פאַרזיכערן די דעמאָקראַטיע. אַלץ דאַרף קאָנצענטרירט ווערן אויף דעם פּונקט”.

„עס וואָלט געמאַכט אַ טעות דער, וועלכער וואָלט געטראַכט, אַז מיר האַלטן, מען דאַרף אפילו אין דער מינדסטער מאָס אָפּשוואַכן דעם קאַמף קעגן פאַשיזם אָדער פאַר דער דעמאָקראַטיע. מיר מיינען נאָר, אַז קאָאָפּערירנדיק מיט אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון לאַנד אין דעם דאָזיקן קאַמף, טאָרן די אַרבעטער־פּאַרטייען נישט אויפגעבן זייער זעלבסטשטענדיקייט, נישט אַרויס־לאָזן פון אויג זייערע פאָדערונגען, אָדער זיך אָפּזאָגן פון זייערע שלום באַ־דינגונגען. טאַקע צוזאַמען שלאָגן, אָבער מיטן אייגענעם וועג מאַרשירן”.

„די אָפּשוואַכונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דאָס אָוועקגיין פון סאָציאַליזם קומט נישט פאַר צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו שאַפן, ווי די קירך, ווי עס מיינען איניקע סאָציאַליסטן, טראַדיציאָנעלע פאָר־מען. דאָ ווירקן אַנדערע, טיפערע סיבות, אויף וועלכע מיר קענען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן”.

„מיר לעבן איבער שווערע צייטן, צייטן פון וועלט־קאַטאַסטראָפעס. מיר ייִדן זענען אויסגעשטעלט אויף אַזעלכע נסיונות, וועלכע האָבן אפשר נישט זייער גלייכן אין אונדזער געשיכטע. עס איז זיך נישט צו וווּנדערן, אַז דער גייסטיקער באָדן הויבט זיך אָן נישט ביי איינעם צו וואַקלען, און עס אַנטשטייט אַ ווירוואַר אין די מוחות”.

„נייך, דאָס זאָגן מיר נישט און דאָס מיינען מיר נישט. מיר פאַרשטאָפּן נישט די אויערן און פאַרמאַכן נישט די אויגן אויף דער ניי געשאַפענער

סיטואַציע. מיר מוזן זיך צו איר צופּאַסן און אַנטשפּרעכנדיק ענדערן אונדזער טאַקטיק, אונדזערע קאַמף־מעטאָדן. מיר האָבן זיך קיין מאָל נישט געהאַלטן ביי פּאַרגליווערטע פאָרמולעס, און אוודאי טאָרן מיר נישט בלייבן פאַרשטיינערט איצט. מיר וואַרפן אָבער קאַטעגאָריש אָפּ די אין מאָדע אַריינגעגאַנגענע דע־קלאַמאַציעס, אַז אונדזער גאַנצער גייסטיקער באַגאַזש דאַרף פון גרונט אויס געענדערט ווערן, אַז עס זענען נישטאָ מער קיין אייביקע אמתן. די דאָזיקע באַהויפּטונגען קומט איצט אויס אויסצוהערן פון גאַנץ אויפריכטיקע סאָציאַ־ליסטן, וועלכע פילן זיך פאַרלאָרן אונטערן דרוק פון די גרויזאַמע געשעענישן און זעען נישט קיין אויסוועג, קיין פּערספּעקטיוו״. — — —

דאָס איז געשריבן אין יאַנואַר 1941. נח שטייט דאָ פאַר אונדז אין זיין גאַנצער גרויסקייט. ער האָט אַ געזונטן חוש און אַ לעבעדיקן אויער פאַר אַלץ וואָס אַרום. ער רעאַגירט שאַרף און קלאָר אויף דער סיטואַציע. ער שטייט ווי אַ פעלז — אין מיטן פון שטורעמדיקן ים. נישט נאָר ער וואַקלט זיך נישט אין זיינע הויפּט־פּרינציפּן פון סאָציאַליזם און פון ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, ער איז פעסט און אומדערשיטערט אויך אין דער טאַקטיק, וואָס איז געבונדן מיט דער צייט. ער ווייס נישט פון קיין „פאַרגליווערטע פאָרמו־לעס״, אָבער ער וויל אויך נישט הערן פון „דעקלאַמאַציעס״, וואָס זענען אַרויסגערופן דורך פאַרלוירנקייט, פאַרביטערטקייט, הילפלאָזיקייט.

„איז וואָס־זשע, בלייבט אַלץ ביים אַלטן? מלחמה, פאַשיזם, חורבנות, פאַרוויסטונגען, געטאָס — ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט?״

אין אַ פאָר חדשים אַרום האָט נח אָנגעשריבן אַ רעדע פאַר אַ לאָנדאָנער ראַדיאָ — אויף איבערצוגעבן קיין פּוילן. די דאָזיקע רעדע איז טראַנסמי־טירט געוואָרן קיין פּוילן שוין נאָך דעם, ווי קיין לאָנדאָן איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן ח׳ נחס טויט — אָבער די דאָזיקע רעדע אָטעמט מיט גלויבן אינעם זיג איבערן היטלעריזם.

„איך רעד איצט צו אייך, ייִדישע אַרבעטער, ייִדישע פאָלקסמאַסן פון פּוילן, אונטער אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען, אינמיטן פון דעם בלוטיקן וועלט־שטורעם, אין וועלכן עס ווערט דעצידירט דער גורל פון דער מענטש־הייט. איך רעד צו אייך אין נאָמען פון טויזנטער חברים און פריינט, וועלכע די מלחמה האָט אָפּגעשיידט פון אייך, וועלכע זענען איצטער נע־ונד אויף דער וועלט, אָבער וועלכע זענען מיט אַלע פעדים פון זייער נשמה מיט אייך פאַרבונדן, וועלכע בענקען נאָך אייך, באַוווּנדערן אייך און זענען שטאָלץ, וואָס איר האָט אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פון נאַצישן טעראָר נישט אַרויס־געלאָזט פון די הענט אונדזער אַלטע הייליקע בונדישע פאָן... איך ברענג אייך אויך דעם גרוס און די באַוווּנדערונג פון מיליאָנען ייִדישע און נישט־

יידישע אַרבעטער פון דער וועלט, וועלכע ווייסן פון אייער לעבן, וועלכע ווייסן אָבער אויך פון אייער מוט און פון אייער מסירת־נפשדיקן קאַמף... חברים און ברידער! דער טאָג פון אונדזער אַלעמענס באַפרייונג, דער טאָג פון מפּלה פאַר נאַציזם און פאַשיזם, וועט אומפאַרמיידלעך קומען... פון דעם בלוטיקן קנויל וועט אויפגיין אַ וועלט פון פרייהייט און גלייכהייט, אַ וועלט אין וועלכער עס וועלן פאַרווירקלעכט ווערן די אידעאַלן, וואָס איר הייליקט היינט מיט אייער קאַמף... איך ענדיק מיינע ווערטער מיטן ווונטש, מיר זאָלן זיך וואָס גיכער ווידערזען אינעם נייעם, באמת פרייען פוילן. פרייהייט! חבר־שאַפט!"

אַזוי איז דערשינען פאַר דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־וועלט — דער אַלטער אויסגעפּרוווטער פירער פון „בונד", דער לעגענדאַרער נח.

אָבער שוין אין געציילטע וואָכן אַרום נאָכן אָנשרייבן אָט די רעדע איז נח געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן ניו־יאָרקער בית־עולם פון אַרבעטער־רינג. די קראַנקהייט, וואָס האָט זיך געצויגן זעקס און אַ האַלב יאָר, האָט ענדלעך אונטערגעגראָבן דעם פיזיש שטאַרקן און גייסטיקן ריז — נח. דער דאָקטער, וואָס האָט אים געהאַלטן די גאַנצע צייט אין ניו־יאָרק אונטער זיין אָבסערוואַציע, דער חבר און פריינט רפאל גינזבורג, האָט נישט איין מאָל באַוווּנדערט די רויִקייט און זעלבסטבאַהערשטקייט פון ח' נח. „דאָ אין ניו־יאָרק — האָט דער דאָקטער דערציילט — אין דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער געהאַט אַ ביסל טעג, ווען זיין קראַנקהייט האָט אים געלאָזט צורו. פאַרשטייט זיך, אַז אויך איבער אַזעלכע טעג איז געהאָנגען די שטענ־דיקע דראָונג פון אַ נייעם אָנפאַל. נח איז אָבער נישט געזעסן און געוואַרט אויף אים. נח איז נישט געווען דעפּרימירט און האָט זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין גורל, נח איז געווען אַקטיוו. איך האָב נישט איין מאָל אָבסערווירט אים, בעת ער האָט געדאַרפט זיך שאַנעווען, נישט אַרויסגיין פון שטוב און יעדנ־פאַלס זיין פאָרזיכטיק. ער אָבער פלעגט זיך אויפהויבן, אַוועקפאָרן — און טאַקע מיטן סאָבוויי — און פאַרברענגען אַ שיינע ביסל שעהן דאַון־טאַון, ווייל דאָס איז געווען וויכטיק און נויטיק פאַר דער פאַרטיי. אָדער ער פלעגט אויך פאָרן אין אַן אָנגעלעגנהייט פון אַן איינצלנעם חבר, ווען זיין פּערזענלעכע אינטערווענץ איז געווען נויטיק. — — — עס פלעגט זיך מאַכן, אַז איך האָב אָנגעטראָפן ביי אים אַ פולע שטוב מיט מענטשן — פאַרשטייט זיך, מיט אייגענע חברים. נישט אַלע מאָל איז נח בכוח געווען זיך צוצוהערן, צו ענט־פערן. ער האָט אָבער שטענדיק אויסגעהאַלטן ביז צום סוף. אין קעגנטייל, ער פלעגט זייער נישט צופרידן זיין, אויב מען פלעגט אויפמערקזאַם מאַכן די חברים, אַז ער איז פאַרט קראַנק..."

„נח איז געווען אַ מענטש פון אַ גאַנץ אויסערגעוויינלעכער וויטאַליטעט און פון אַ זייער שטאַרקן לעבנסווילן. די לעבנס־קראַפט האָט זיך געמערקט סיי אויפן קערפּערלעכן, סיי אויפן גייסטיקן געביט. ער איז געווען האַרט צו זיך, ער האָט אפשר אויך געקענט אַמאָל האַרט זיין צו אַן אַנדערן, אָבער באַמיען אַ פריינד, אַ חבר, אַ נאָענטן מענטשן, איז אים געווען שווערער פון אַלץ. דאָס איז געשטאַנען אין קעגנזאַץ צו זיין גאַנצן לעבנס־סטיל און צו זיין גאַנצער פּערזענלעכקייט".

נחס לעצטע ווערטער פאַרן טויט זענען געווען: „געדענקט אין וואַרשע, געדענקט אין אונדזער אונטערערדישער באַוועגונג".

נח איז געשטאָרבן שבת, דעם 27סטן סעפּטעמבער 1941, דריי בייטאָג.

ביים אָרון איז כסדר געהאַלטן געוואָרן אַן ערן־וואַך, הונדערטער האָבן געשטראָמט צו געזעגענען זיך מיטן ח' נח. די פאָרווערטס־געביידע איז געווען דעקאָרירט מיט רויטע און שוואַרצע פענער. אינעווייניק אין זאַל זענען געווען די רויטע פענער פון „בונד" און פון די אַמעריקאַנער יידישע אָרגאַניזאַציעס. דער אָרון איז געווען באַדעקט מיט אַ סך קרענץ. דינסטיק דעם 30סטן, 11 אין דער פרי האָט זיך אָנגעהויבן די לוויה. יוסף וויינבערג האָט געעפנט די טרויער־צערעמאָניע. ביים אָרון האָבן גערעדט פרידריך אַדלער, שלמה מענדעלסאָן, וול. מאַלינאָווסקי, ר. אַבראַמאָוויטש, ד. דובינסקי, י. באַסקין, אַדאָלף העלד, אַב. קאַהאַן, א. מילער, י. לעווין־שאַצקעס, א. יוגאָוו, פּ. שוואַרץ, דוד מייער. אויפן בית־עולם האָבן גערעדט: ע. נאָוואָגרודסקי, י. הערשקאָוויטש, י. קענער, א. ל. זעלמאַנאָוויטש, י. קיסמאַן, ד. שייער פון שיקאַגאָ און ב. טאַבאַטשינסקי.

***

מיט אַ יאָר פריער, אין אָקטאָבער 1940, איז אין וואַרשעווער געטאָ געפייערט געוואָרן דער יאָרטאָג פון דער גרינדונג פון „בונד". ס'איז דעמאָלט אָנגעקומען אַ פאַרשטעלטער באַריכט וועגן דער דאָזיקער פייערונג. עטלעכע שורות זענען דאָרט געווען געווידמעט און געווענדט צו נחן — „צו אונדזער טייערן זיידן". „מיר ווענדן צו דיר אונדזערע בליקן — האָט זיך דאָרטן גערעדט — סיי אין די שעהן פון אונדזער פּיין, סיי אין די שעהן פון פרייד". איצט מיט אַ יאָר שפּעטער, איז דער נאַצי־רינג איבערן וואַרשעווער געטאָ געווען נאָך גרוילעכער אָראָפּגעלאָזט, ער האָט געשטיקט אַלץ, אָן רחמנות פאַרניכטעט אַלץ. אָבער דער בונדישער אונטערערד האָט נאָך געהאַט זיינע אומלעגאַלע אויסגאַבעס, און דאָ איז געווען פאַרעפנטלעכט אויף אַ שטילן און פיינפולן אופן די ידיעה וועגן טויט פון ח' נח. דער אָרגאַן פון יוגנט־בונד

צוקונפט — די יוגנט־שטימע האָט אַ נעקראָלאָג אָפּגעדרוקט אינעם נומער 12 פון 9טן אָקטאָבער 1941, דער ביולעטין אין נומער 21 פון 10טן אָקטאָבער 1941. אינעם טעאָרעטישן אָרגאַן פון אומלעגאַלן „בונד" צייט־פראַגן, נומער 2 פון נאָוועמבער 1941 זענען דאָ פּאָלגנדיקע שורות:

## חבר נח

צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּוילן איז אָנגעקומען די שרעק־לעכע לאַקאָנישע ידיעה: געשטאָרבן נח.

דער דערמאָנטער נומער יוגנט־שטימע האָט 4 נעקראָלאָגן־אַרטיקלען: נח, קאַסאָווסקי, הערמאַן ליבערמאַן, נאָרבערט באַרליצקי. מיר האָבן דאָ אַן אַר־טיקל „צו אַ חבר אין תפיסה".

„לאָמיר איינהאַלטן — לייענען מיר דאָ — דעם אָטעם, טייערער, און צוזאַמען זיך שטאַרקן, כדי נישט צו בלייבן שוין אַזוי אויף שטענדיק צע־בראָכענע און ליגנדיקע אויף די קני.

„די שענסטע און בעסטע דעמבעס ווערן אונטערגעהאַקט און פאַלן אונ־טער דער מערדערישער האַנט פון וועלט־שטורעם! נח, וולאַדימיר, באַרליצקי, ליבערמאַן — בלויז פאַר אַזאַ קורצער צייט און אַזאַ שניט...

„לאָמיר זיך נישט אונטערגעבן, חבר, דעם טרויער און לאָמיר נישט לאָזן צעברעכן אונדזער געמיט דורך ברענענדיקן צער...

„שווייג־זשע, שווייג, האַרץ, זיי שטיל! דיין צייט איז נאָך נישט געקומען, ס'איז די צייט פון רחמנותלאָזן קאַמף פאַר דעם זיג פונעם קעניגרייך פון האַרץ.

„בלייב שטיין, טרער, און האַלט איין דיין שטראָם, פאַרשטיקט געוויין פון אונדזערע הערצער! חבר! אינעווייניק, פאַרבאָרגן, פאַרבאַהאַלטן, טראָג דיין צער און דיינעליידן! דעם שונא צו־להכעיס זיי שטאַרק. לאָז דיך נישט ברעכן!"

דעם 19טן אָקטאָבער, 1941, אין גאַנצן 3 וואָכן נאָכן טויט פון ח' נח, איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן וולאַדימיר קאַסאָווסקי. די אונטערערדישע יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן האָט געטרויערט איבערן טויט פוןביידע בונדישע פירער. זי האָט צוגעשיקט קיין ניו־יאָרק דעם וויטערדיקן טרויער־בריוו:

טיף דערשיטערט זענען מיר פון דער ידיעה וועגן טויט פון די ח"ח נח און וולאַדימיר. מיט בענקשאַפט האָבן מיר געוואַרט אויף דער מינוט, ווען מיר וועלן ווידער האָבן צווישן אונדז די אַלטע באַליבטע פירער. די האָפענונג איז ליידער צונישט געמאַכט געוואָרן דורך דעם אכזריותדיקן טויט.

כאָטש זיי זענען אַזוי ווייט געווען פון אונדז, האָבן מיר אָבער געפילט ווי זיי וואָלטן ווייטער מיט אונדז אָנגעפירט. אין די פינצטערע טעג איז גע־ווען אַ ליכטיקער טרוים, אַז זיי וועלן נאָך צו אונדז צוריקקומען און ווייטער זיך שטעלן בראש פון אונדז. זיי האָבן אונדז אָבער פאַריתומט.

אויף אונדזערע געהיימע צוזאַמענקונפטן טרויערן מיר אויף די גרויסע אבדות. מיר האָפן, אַז ס'איז נאָענט דער טאָג פון באַפרייונג, ווען מיר וועלן אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט פייערן דעם אָנדענק פון די אומפאַרגעסלעכע נח און וולאַדימיר.

מיר שיקן איבער פון דער אונטערערדישער יוגנט־באַוועגונג די אויס־דריקן פון טיפסטן צער און ווייטיק. קיינמאָל וועלן מיר זיי נישט פאַרגעסן. אין די שווערע טעג וועלן זייערע נעמען זיין אַ קוואַל פון דערמוטיקונג פאַר דער קעמפנדיקער יוגנט.

די אָנפירונג פון דער אונטערערדישער ייִדישער סאָציאַ־
ליסטישער יוגנט־באַוועגונג אין פוילן.

**
*

אָט די שורות — דאָס איז געווען דער שענסטער קראַנץ אויפן קבר פון ח' נח. צענדליקער יאָרן איז ער געווען אינטים געבונדן מיט דער יוגנט־באַוועגונג. ווען אין די ערשטע־מאַי־פייערונגען האָבן איבער זיין גראָען קאָפ געפלאַטערט די שטורעם־פענער פון דער בונדישער יוגנט; ווען דער דעפי־לירנדיקער אין מאַי־צוג 'צוקונפט־שטורעם' האָט אים באַגריסט אין גרויס יראת־הכבוד — איז דאָס געווען פאַרן ח' נח דאָס העכסטע גליק וואָס אַ פּאַרטיי־פירער האָט געקענט איבערלעבן. אויך ער פון זיין זייט האָט נישט איין מאָל באַגריסט די דאָזיקע יוגנט. אינעם מאַי־נומער פון יוגנט־וועקער 1927, למשל, איז אָפּגעדרוקט נחס וואָרט צו דער יוגנט:

„שיינע ווערטער פאַרמאָגן אַ ווונדערבאַרע צויבער־קראַפט. זיי באַגייס־טערן, וועקן און רופן די פיינסטע, די ריינסטע געפילן. און פאַלן זיי אויף אַ צוגעגרייטן באָדן, טרייבן זיי צו די הייליקסטע טאַטן. זאָל דער רוף פון אייערע פירער שטענדיק געפינען ביי אייך דעם פלאַמיקסטן אָפּקלאַנג און נישט זיין קיין קול קורא במדבר".

נח, דער מאַן פון טאַט — האָט געוווסט דעם ווערט און די צויבער־קראַפט פון שיינע ווערטער. און ער האָט דורך זיין הייסן, אויפריכטיקן וואָרט, געזוכט צו באַגייסטערן די יוגנט צו — טאַט.

איצט, אין סעפטעמבער־אָקטאָבער 1941, האָט די בונדישע יוגנט כסדר

געהויבן אירע בליקן צו איר „טייערן זיידן". אין יענעם מאָמענט האָט די דאָזיקע יוגנט נאָך נישט געוווּסט, אַז איר וועט באַשערט זיין אויסצוטראָגן אויף זיך דעם העראָישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ קעגן דער היט־לעריסטישער חיה. זי האָט נאָך אַליין נישט פאַרויסגעזען צו וועלכע גרויסע נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע מעשים זי איז פעיק, אָבער זי האָט געפילט: דער גייסט פון ח' נח לעבט אין איר, און זי האָט געגלויבט: מיט דעם גייסט קען מען די גרעסטע הויכן דערגרייכן...

דער גורל האָט פאַרהיט ח' נח פון דער טראַגישער איבערלעבונג צו זיין אַן עדות פון דעם אומקום פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון ייִדישן פאָלק, פון דעם אומקום פון דער בונדישער באַוועגונג, פון דער יוגנט וואָס האָט אין געטאָ רעוואָלטירט קעגן היטלער־שונא. נישטאָ מער קיין ייִדן אין פוילן, נישטאָ קיין „בונד" אין פוילן. דאָס לאַנד איז פאַרקנעכטעט צום בלוט־געפאַרבטן קרעמל. נחס מצבה שטייט שטיל און באַשיידן אויפן בית־עולם פון אַרבע־טער־רינג, אַרומגערינגלט מיט זיינע אַלטע חברים אין קאַמף — וו. קאָסאָווסקי, וו. מעדעם, א. ליטוואַק, ב. וולאַדעק, דזשאַן מילל, פראַנק קורסקי, וויקטאָר שולמאַן, חיים וואַסער און ש. מענדעלסאָן.

צוויי קאַמפּס־חברים האָבן דאָ געפעלט: הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. זייערע קערפּערס זענען געבליבן אויף דער סאָוועטישער ערד...

ווען נח איז געשטאָרבן, האָבן זיי נאָך געלעבט — אין מאָסקווע, אָקאָרשט באַפרייטע פון סאָוועטישע תּפיסות. זייער פרייהייט האָט לאַנג נישט גע־דויערט — גאָר גיך איז געקומען דער טראַגישער סוף. אָבער אין יענעם מאָמענט זענען נאָך די געפאַנגענע בונדישע ערבותניקעס געווען ביכולת אַרויסצושיקן פון מאָסקע קיין ניו־יאָרק אַ טרויער־דעפּעשע און זי האָט זיך געלייענט אַזוי:

„אין טיפן טרויער צוליבן טויט פון גרויסן סאָציאַליסטישן קעמפער און טייערן פערזענלעכן פריינט. דער אָנדענק פון זיין אומבאַזיגבאַרן גייסט וועט נאָך מער צעמענטירן אונדזער אייניקייט און ווילן צום זיג. די האַרציקע אויסדרוקן פון פריינטשאַפט און סימפּאַטיע פאַר נחס אַלמנה".

דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע בלום אויפן פרישן קבר פון נחן. ווער קען איבערדערציילן און אָפּמעסטן דעם טראַגישן און בלוטיק־שמערצ־לעכן אינהאַלט פון אָט די ווערטער... ווי שרעקלעך פאַטאַל זעט אויס אָט דאָס געזעגענען זיך מיט נחן — פון וויטן מאָסקווע, אין שאָטן פון די עקזעקוציע־פּלוטאָנען פון דער גע. פּע. או., — מצד זיינע צוויי בעסטע און נאָענטסטע מיטקעמפער און מיטפירער פון דער בונדישער באַוועגונג אין פוילן...

זיין גרויסע אָפּהאַנדלונג וועגן ח׳ נח פּאַרענדיקט פּראָנץ קורסקי מיט די וויטערדיקע ווערטער:

„בחס אַנדענק נויטיקט זיך נישט אין קיין שום לויב־געזאַנגען. דאָס בעסטע, וואָס קען וועגן אים געזאָגט ווערן, איז דער פּשוטער אמת, איז די געשיכטע פון זיין לעבן אָן שום קאָמענטאַרן.

נח איז אָן שום ספק געווען איינער פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד און פּוילן פאַר די לעצטע 50 יאָר, צוערשט אויף דער טעריטאָריע פון גאַנצן צאַרישן רוסלאַנד, די לעצטע 25 יאָר — אין פּוילן.

צוויי דורות טוער פון „בונד״ האָבן זיך דערצויגן אונטערן דירעקטן איינפלוס פון נחן.

נח האָט געהערט צו אַ פירער־טיפּ, וואָס מען באַגעגנט זייער זעלטן אין פּאָליטישן לעבן. דער אָנערקענטער דערפאָלגרייכער פּאָליטישער פירער פאַר־פּעסטיקט זיך געוויינלעך מיט די יאָרן אין דער פאַרשטעלונג, אַז נאָר ער קען אָנפירן מיט דער אַרבעט אויפן בעסטן אופן, און ער קוקט אַ מאָל מיט חשד אויף די, וואָס דאַרפן אים שפּעטער פאַרבייטן. דערפון קומען אין אַ גרויסע צאָל פּאָליטישע פּאַרטייען רייבונגען און קאָנפליקטן צווישן אַלטע און יונגע. נח האָט זיך אָבער שטענדיק באַמיט צו טיילן די פירערשאַפט מיט אַנדערע, אַרויסצורוקן אַנדערע אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, געבן אַנדערע די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע פעיִקייטן. דערפון די גרויסע ליבע צו אים פון יונג און אַלט.

אין אים איז האַרמאָניש געווען פאַראייניקט אַ טיפער אינטעלעקט מיט אַ קרישטאָל־ריינעם און פעסטן כאַראַקטער. איינער פון די מוטיקסטע מענטשן אין דער סכנותפולער אַרבעט אונטערן צאַרישן רעזשים, האָט ער ביי קאַר־דינאַל־געענדערטע אומשטענדן אין די לעצטע 25 יאָר פון אָן אָפענער און לעגאַלער פּאַרטיי־אַרבעט אַרויסגעוויזן אַלע גוטע אייגנשאַפטן, וואָס זענען נויטיק, כדי אין אומרויִקע צייטן אָפּצוהיטן די גאַנצקייט און אינערלעכע געשלאָסנקייט פון דער פּאַרטיי: אַ וויטן בליק, אַ געזונטן חוש פאַר רעאַלע מעגלעכקייטן, אַ זעלטענעם טאַקט־געפיל און קודם־כל אַ טיפן, אומדערשי־טערלעכן גלויבן אין דער זאַך, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן זיין לעבן״.

# ביניש מיכאַלעוויטש - יוסף איזביצקי

(1928 — 1876)



אויב אויף דער מצבה פון וולאַדימיר מע־דעם האָבן ייִדישע אַרבעטער אים אָנגערופן — „די לעגענדע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג", דאַן דאַרף ביניש מיכאַלעוויטש פאַראייביקט ווערן אונטערן נאָמען — „דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד פון דער ייִדישער אַר־בעטער־באַוועגונג". דאָס לעבן פון ביניש מיכאַלעוויטש איז געווען אַ הערלעך רעוואָ־לוציאָנעריש געזאַנג, וואָס האָט געקלונגען הויך און מוטיק אין משך פון זיינע 34 יאָר באַוווסטזיניקער אַרבעט און קאַמף. פונעם ער־שטן טאָג, ווען ער האָט זיך באַקענט מיטן סאָ־ציאַליזם און אַרבעטער־באַוועגונג, האָט ער שוין נישט געוווסט קיין רו. מיט אומדערמידלעכער קראַפט און פלאַמיקן גלויבן האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם גרויסן קאַמף פאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער האָט געשמאַכט אונטער דער ממשלה פון צאַריזם אין אַמאָליקן רוסלאַנד.

ביניש מיכאַלעוויטש האָט נישט געוווסט, וואָס ס'איז אַזוינס מידקייט און רוען. קיין שום אַרבעט און קיין שום שליחות פון דער פאַרטיי איז פאַר אים נישט געווען צו שווער. קיין שום פאַרפאָלגונגען פון דער מאַכט האָבן זיין אימפעט נישט אָפּגעשטעלט. געשליידערט פון איין שווערער תפיסה אין דער צווייטער, געוואָגלט אויף די וועגן פון די קאַלטע פּאָליאַר־מקומות, גע־פייניקט דורך מערדערלעכע שפּיאָנען און זשאַנדאַרן, — האָט ער דאָך נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין מענטש און אין זיין גערעכטיקן קאַמף פאַר אַ בייער וועלט. און זייענדיק אין תפיסה, ליגנדיק פאַרשטעקט אין אַ פינצטערן

דאַרף טויזנטער קילאָמעטער ווייט פון אַ מענטשלעכן ישוב, האָט בייניש מיכאַ־לעוויטש ווייטער געשפּינט זיין טרוים און אידעאַל, געבויט פּלענער ווי אַזוי אַרויסצורייסן זיך פון דער געפענגעניש און קלעם, און געחלומט וועגן דער מינוט, ווען ער וועט זיך קענען באַווייזן פאַר די פירער פון דער באַוועגונג און זאָגן: איך בין ווייטער צו אייער באַפעל, איך בין ווייטער גרייט צו נעמען אויף זיך אַרבעט און פליכטן.

קראַנק און פיזיש צעבראָכן, מיט צעשעדיקטע לונגען, וועלכע זענען אין די נאַסע תפיסות און קאַרצערס אָנגערירט געוואָרן, האָט ער דאָך אויף קיין איין מינוט נישט פאַרלוירן זיין מוט און פעסטן ווילן, און מיט אַלע קרעפטן זיך געקלאַמערט אין לעבן, זיך געצויגן צו דער זון, זיך געריסן אין די רייען פון די קעמפער. צו 18 יאָר איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט, און פון יענעם טאָג האָט ער שוין מער נישט גערוט, און זיין גאַנצן געזונט און לעבן אָוועקגעגעבן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָט איז ער אַ רעדנער אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין וואַלד, אָדער אין אַ פּוסטער דירה אין דער פינצטער און אין געהיימעניש; אָט שרייבט ער אַ פּלאַמיקע פּראָקלאַמאַציע צו די יידישע אַרבעטער־מאַסן און טראָגט זי אַליין אָוועק אין דער געהיימער דרוקערייַ; אָט דינגט ער אויף זיין נאָמען אַ וווינונג און אָרדנט איין דאָ אַ געהיימע קאָנ־פערענץ פון „בונד"; אָט שמוגלט ער די גרענעץ און פאָרט אומלעגאַל קיין אויסלאַנד, כדי דאָרט זיך צו באַטייליקן אַלס בונדישער דעלעגאַט אין אַ גרוי־סן צוזאַמענפאָר פון דער גאַנצער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַר־בעטער־פּאַרטיי; אָט איז ער אַ רעדאַקטאָר פון די אומלעגאַלע אָרגאַנען פון די יידישע בערשטער און פון די יידישע גאַרבער; אָט איז ער ווייטער פאַר־פאָלגט פון שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן און ער דאַרף יעדעס מאָל בייטן זיין נאָמען און לעבן אויף אַ פרעמדן פּאַס, ענדערן זיין וווינאָרט און אפילו זיין אויסזען; און אָט איז ער ווייטער אין טורמע, אין געפענגעניש, אין די הענט פון זיינע פיינד און פאַרפאָלגער...

אָט אַזוי גייט אַדורך דאָס שטורמישע, צום באַדויערן און ווייטיק, צו קורצע לעבן פון בייניש מיכאַלעוויטש. אַ לעבן, פון וועלכן ער האָט צען יאָר מקריב געווען — אויף תפיסות און פאַרשיקונג. אָבער אַ לעבן פול מיט שיינ־קייט און מסירת־נפש. אַ לעבן — אַ הערלעך האַרמאָניש געזאַנג, דאָס געזאַנג פון קאַמף, דאָס געזאַנג פון רעוואָלוציע, דאָס געזאַנג פון דערוואַכטן יידישן אַרבעטער־קלאַס. אַ לעבן — אַ הייליקע שבועה דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

* * *

אינעם ערשטן קאַפּיטל פון זיין בוך „זכרונות פון אַ ייִדישן סאָציאַליסט" ווערט דערציילט, ווי אַזוי דאָס יונגע ייִנגל יוסף האָט באַאָבאַכטעט די פּיאָנערן פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין בריסק, אין זיין געבורטן־שטאָט. „צער־בעלי־חיימניקעס" האָט מען זיי דאָרט שפּאָטיש גערופן. אָבער גראָד דער נאָמען האָט דעם יונגן יוסף גערייצט, געצויגן. אַלץ איז געווען פאַרשלייערט מיט טיפער געהיימעניש, קאָנספּיראַציע. מען האָט זיך געדאַרפט היטן פאַר פּאָליציי, שפּיאָנען, מוסרים, זשאַנדאַרן. און צופעליק אַנטדעקט דער יונגער יוסף אַ געהיים קעסטעלע ביי זיין עלטערער שוועסטער — און דאָרט אַן אוצר פון אומלעגאַלער ליטעראַטור.

בייניש קען זיך נישט אָפּרייסן פון די דאָזיקע קליינע ביכעלעך, געדרוקט אויף דינעם פּאַפּיר אין געהיימע דרוקערייען, ביכעלעך וואָס דערציילן וועגן דער שווערער נויט פון אַרבעטסמאַן, וועגן די וואָס נוצן אים אויס אומברחמנותדיק; ביכעלעך וואָס שילדערן, וואָס פאַר אַ סדר עס דאַרף זיין אויף דער וועלט, און וואָס שטעלן אַנטקעגן דעם הערשנדן רעזשים פון רוסישן צאַריזם — אַ וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט, די וועלט פון סאָציאַליזם. מיט זיין ריינעם גערעכטיקייטס־געפיל, מיטן אינסטינקט פון ליבע צום מענטש, מיט זיין אומגעדולדיקער יוגנטלעכער נשמה — דערפילט ער דעם גרויסן אמת, וואָס איז באַהאַלטן אָט אין די קליינע ביכעלעך. און דער יונגער יוסף באַשליסט: איך בין מיט די אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע! איך בין מיט די אָרעמע און פאַרפאָלגטע! זיי זענען מיינע ברידער און צו זיי געהער פון היינט אָן מיין לעבן!

אָט אַזוי איז בייניש געוואָרן אַ סאָציאַליסט.

דאָס איז געווען אין יאָר 1894, ווען ער איז אַלט געווען 18 יאָר. בייניש מיכאַלעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין בריסק אין דעצעמבער 1876 און זיין אמתער נאָמען איז געווען יוסף איזביצקי. ער שטאַמט פון אַן אַרבעטער־שטוב — זיין פאָטער איז געווען אַ שלאָסער־מעכאַניקער און געאַרבעט אויף דער בריסקער אייזנבאַן. אַלס ייִד איז ער אָבער אין גיכן באַזייטיקט געוואָרן פון זיין פּאָסטן, און דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די ערשטע געשעענישן אין לעבן פונעם יונגן יוסף. און ווייל ער האָט אַרום זיך געזען נויט, און ווייל זיין פאָטער איז אַליין געווען אַ קרבן פון אומגערעכטיקייט לגבי ייִדן, אַ קרבן פון פּאָליציייִשן ווילקיר אין דער צאַרישער מלוכה, — איז זיין האַרץ געווען אָפן פאַר דער פאַרשטענדעניש פון דעם, וואָס הייסט נויט און אומרעכט אין לעבן, וואָס באַדייט אָרעמקייט און פאַרפאָלגונג; האָט זיך אין זיין נשמה דערוועקט דאָס געפיל פון פּראָטעסט און דער שטרעבן צום קאַמף.

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אין 1894 — אין די יאָרן ערב דער גרינ־

דונג פון „בונד". אָבער עס איז שוין געווען אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, עס זענען געווען אָרגאַניזאַציעס און טוערס. אַרום איז געווען — יידישער געטאָ: אָרעמקייט, דערשלאָגנקייט, קולטורלאָזיקייט, פינצטערניש. עס האָט גע־הערשט דער פּאָליציימאַן מיטן קאַזאַק — אין נאָמען פון צאַר; אויף דער יידישער גאַס — האָבן געבאַלעבאַטעוועט די יידישע קאָכלעפל און פּני, די שיינע יידן, די רבנים און מגידים, און דאָ אין דער מיט זענען געשטאַנען יידישע אינטעליגענטן און באַוווסטזיניקע אַרבעטער, וועלכע האָבן געטרוימט צו צעשמעטערן די ווענט פון פינצטערן געטאָ, צערייסן די קייטן פון שקלאַ־פעריי וואָס דער צאַרישער רעזשים האָט אָנגעטון אויף אַלע בירגער פון לאַנד, באַפרייען פון קנעכטשאַפט די יידישע פאָלקס־מאַסע וואָס איז געווען פאַרשפּאַרט און פאַרחושכט אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון יידישן תהום. האָבן די יידישע אַרבעטער אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן, זיי האָבן גע־בויט „קאַסעס" און פאַראיינען, אין גיכן האָבן זיי אָנגעהויבן שטרייקן קעגן די באַלעבאַטים, און שפּעטער אָרגאַניזירן פּראָטעסטן קעגן דעם רעזשים פון נאַהייקע און קנעכטשאַפט, קעגן דער זעלבסט־הערשאַפט פון צאַר און זיינע משרתים. אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער עקאָ־נאָמישער קאַמף, און וואָס ווייטער — אויך דער פּאָליטישער קאַמף, אין פאָרם פון דעמאָנסטראַציעס, קאַמפּס־אַרויסטרעטונגען, אויפשטאַנדן. אין רוסלאַנד איז געוואַקסן די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, עס איז אויך געוואַקסן די יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג. דער יונגער יוסף איז געוואָרן אַ זעלנער און אָנהענגער פון אָט דער באַוועגונג, און גאָר אין גיכן איז ער געוואָרן איינער פון אירע פירער און אָנפירער. דער יונגער יוסף איזביצקי איז מיט דער צייט באַקאַנט געוואָרן אַלס חבר מיכאַיל, חבר בייניש, און נאָך שפּעטער אַלס ב ײ נ י ש מ י כ אַ ל ע װ י ט ש.

ווי געזאָגט האָט אויפן יונגן יוסף געהאַט אַ גרויסע ווירקונג די טראַגע־דיע, וועלכע זיין אייגענער פאָטער האָט איבערגעלעבט. ס'טייטש, זיין פאָטער איז געווען אַ גוטער קוואַליפיצירטער אַרבעטער, אַ געהילף־מאַשיניסט, ער איז געווען באַליבט ביי דער באַן־דירעקציע, — און דאָך... ער איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן אַרויסגעשלידערט געוואָרן פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ, און ער און זיין גאַנצע פאַמיליע זענען פאַראורטיילט געוואָרן אויף נויט און הונגער. ווער איז עס שולדיק געווען אין דעם דאָזיקן גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגעגאָסן אויף זייער היים, אויף זייער פאַמיליע?

דער יונגער יוסף האָט זיך אין גיכן דערוווסט: דאָס איז געקומען די צייט פון דעם גרויזאַמען קייסער אַלעקסאַנדער III, וועלכער האָט געוואָלט אין יידיש בלוט דערטרינקען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון רוסישן פאָלק;

ער האָט עס איינגעשטעלט אַ רעזשים פון פּערמאַנענטע פּאָגראָמען אין די ייִדישע שטעט, אַ רעזשים פון אַנטיסעמיטיזם און אומברחמנותדיקע פּאַרפאָל־גונגען לגבי די ייִדישע פאָלקס־מאַסן, אויף וועלכע עס האָבן זיך גענומען שיטן נייע געזעצן און באַגרענעצונגען, גזרות און רציחות אָן אַ שיעור. מ׳האָט אַרויסגעשיקט הונדערטער ייִדישע פאַמיליעס פון שטעט און דערפער, מ׳האָט באַזייטיקט פון מלוכהשע אַמטן... אַ שווידערלעכע צייט איז אָנגעקומען פאַר די אָרעמע ייִדישע אַרבעטס־מענטשן! און איינער פון די דאָזיקע קרבנות איז געווען אויך מרדכי איזביצקי, דער פאָטער פון אונדזער יוסף און קינפּטיקן בייניש מיכאַלעוויטש.

דער יונגער יוסף האָט זיך געמוזט פאַרטראַכטן — ווו איז דער קוואַל פון שלעכטס אין ייִדישן לעבן, אין גאַנצן אַרום. זיין בליק האָט זיך אַלץ מער אויסגעברייטערט, זיין פאַרשטאַנד איז געוואָרן אַלץ קלאָרער — און ער קומט צום גלויבן און איבערצייגונג: דער קוואַל פון אַנטיסעמיטיזם איז דער צאַרי־שער רעזשים, די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, דער גאַנצער סיסטעם פון אומ־פרייהייט און אומרעכט, וואָס הערשט אין לאַנד. און לויטן ביישפּיל פון זיין עלטערער שוועסטער ליזע בערמאַן (געפינט זיך איצט אין אַמעריקע), וואָס האָט שוין געהערט צום ערשטן סאָציאַליסטישן קרייז אין בריסק, ווערט אויך ער אַ סאָציאַליסט. און ווי נאָר ער איז צוגעשטאַנען צו אָט דעם לאַגער, האָט אים שוין זיין טעמפּעראַמענט און רעוואָלוציאָנערער מוט געטריבן ווייטער צו אַקטיווער אַרבעט, צו רעוואָלוציאָנערע מעשים און אויפטוען. אַן ערנסטער און פּינקער פון דער נאַטור, האָט ער אַלץ מער זיך פאַרטיפט אין דער אידעע פון סאָציאַליזם. געאַרבעט איבער זיך און געשטודירט די געהעריקע ליטעראַטור, געלערנט און געפאָרשט, און אַ דאַנק דעם האָט ער זיך גאָר גיך אַרויסגע־רוקט אין די ערשטע רייען, און זיין איינפלוס אין דער באַוועגונג איז געוואַק־סן אַלץ מער.

1897 — דאָס איז דאָס יאָר, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „בונד״. און שוין אין דעם יאָר איז בייניש מיכאַלעוויטש אַן אַקטיווער טוער און פירט אויס פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. אין יענעם יאָר איז ער שוין זייער פּאָפּולער אין בריסק, די גאַנצע שטאָט רעדט פון זיין טעטיקייט. בייניש פאָרט צו דזשאַן מיללן קיין וואַרשע — באַקומט ביי אים ליטעראַטור וואָס איז נויטיק פאַר דער באַוועגונג. צו דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון דער שטאָט בריסק געהערן שוין אַ פאָר הונדערט מאַן. די בריסקער אָרגאַניזאַציע האָט שוין אויף אַזוי פיל אָנזען, אַז אין האַרבסט 1897 קומט אַראָפּ קיין בריסק אַלעקסאַנדער, אַרקאַדי קרעמער, און ער ברענגט דער בריסקער גרופּע דעם גרוס וועגן די צוגרייטונגען צום צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע סאָציאַל־

דעמאָקראַטן. ווען דער „בונד" ווערט געגרינדעט, איז די בריסקער אָרגאַני־זאַציע שוין אָנגעשלאָסן אין „בונד", זי ווערט אַ טייל פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג.

בייניש טרעט אַריין אין אַ נייער תקופה פון זיין לעבן. פון היינט אָן איז זיין לעבן צונויפגעגאָסן מיט דער געשיכטע פון „בונד".

באַקענען מיר זיך מיט די הויפּט־געשעענישן און דאַטעס אין ביינישעס ווייטערדיקן לעבן, — איבערצייגן מיר זיך, אַז זיין לעבן איז געווען באמת אַן אָפּבילד און פאַרקערפּערונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיין גייסט — אַזוי ווי דער גייסט פון דער גאַנצער באַוועגונג. זיין אַרבעט — אַ הייליקער פלאַקער, אַ ליכטיקער פייער־זייל אין דער מדבר פון יידישן לעבן. זיין ברויזנדע נאַטור, זיין רעוואָלוציאָנערישקייט און אומדערשראָקנקייט, זיין פעסטקייט און אומגעבראָכנקייט — דאָס איז געווען דער סימבאָל פון דעם יונגן אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יידישע לעבן און וואָס האָט זיך געריסן צו אַ נייער וועלט פון פרייהייט און גלייכהייט.

און אַזוי איז בייניש פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן. אויסגעבונדן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן, האָט זיין נשמה געפלאַקערט מיט אַ גרויסער ליבע צום אַרבעטער, איז ער פאַרבליבן דער טריבון און שליח־צבור פון דער יידי־שער אַרבעטערשאַפט, האָט ער וועגן איר נישט אויפגעהערט טראַכטן און קעמפן, האָט ער זי אַלץ ווייטער געפירט צו נייע שלאַכטן און צו נייע דער־גרייכונגען.

***

די אַרעסטן־כוואַליע אין בריסק צווינגט ביינישן צו פאַרלאָזן די שטאָט. ער קומט קיין וואַרשע. דאָ טרעפט ער זיך פנים אל פנים מיט אַ גרויסער יידישער אַרבעטערשאַפט און מיט אַ ברייט אַנטוויקלטער און פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער. הגם ער פאַרברענגט אין וואַרשע נאָר אַ קורצע צייט, ווערט ער אָבער שטאַרק צוגעבונדן צו דער שטאָט און צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט. דאָ טרעפט ער זיך מיט דזשאָן מילל און אַנדערע טוערס פון „בונד". בייניש טרעט אַריין אין דער משפחה פון בונדישע פירערס און קעמפערס, דערנענטערט זיך מיט זיי פערזענלעך, ער ווערט אַ „פראָפע־סיאָנעלער" רעוואָלוציאָנער, ער ווערט איינער פון די וואָס שמידן די מעכטי־קע אָרגאַניזאַציע פון „בונד".

פון וואַרשע קומט בייניש קיין ביאַליסטאָק, די שטאָט פון יידישע וועבער. עס איז נאָך געווען פריש אין זכרון דער גרויסער שטרייק פון 62 טויזנט וועבער פון 1895. אין דער פראָפעסיאָנעלער און פאָליטישער באַוועגונג זענען

דאָ געווען אַריינגעצויגן גרויסע צאָלן יידישע אַרבעטער. אין גיכן נאָך ביי־נישעס קומען קיין ביאַליסטאָק, קומט דאָ ווידער פאָר אַ שטרייק פון 10 טויזנט וועבער, אין וועלכן די בונדישע אָרגאַניזאַציע נעמט אַ טיכטיקן און ענערגישן אָנטייל. עס איז נויטיק אַרויסצולאָזן אַן אויפרוף צו די ביאַליסטאָקער אַרבע־טער. ביינישׁ פאָרט קיין ווילנע, און הגם עס איז געווען 2־3 טעג נאָך די מאַסן־אַרעסטן, וואָס זובאַטאָוו האָט דורכגעפירט אין „בונד" (יולי 1898), גיט זיך ביינישן דאָך איין אָפּצודרוקן אין ווילנע אַזאַ אויפרוף צו די ביאַליסטאָ־קער וועבער, מיט דער אונטערשריפט: „געדרוקט אין דער דרוקעריי פון „בונד". דאָס איז געווען אַ געשעעניש נישט נאָר פון אָרטיקן כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז צו להכעיס זובאַטאָוון און זיין אַגענטן־מאַשין, לעבט דער יונגער „בונד" ווייטער.

חול־המועד סוכות 1898 קומט צושטאַנד דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון „בונד". ביינישׁ רעפּרעזענטירט אויפן צוזאַמענפאָר די ביאַליסטאָקער בונדי־שע באַוועגונג.* אַ נייער צענטראַל־קאָמיטעט ווערט אויסגעקליבן. די „אַרבע־טער־שטימע" ווערט באַנייט. ביינישׁ שרייבט אַרטיקלען פאַר דער „אַרבעטער־שטימע". „ס'איז ווידער אַוועק אַ לעבעדיקע שטורמישע אַרבעט".

ביינישׁ קערט זיך אום קיין ביאַליסטאָק. ער פירט אָן מיט אַרבעטער־קרייזן, ער טרעט אַרויס אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען. צווישן אַנדערע זאַכן — באַשליסט דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט אַרויסצולאָזן אַן אייגענע צייטונג: „דער ביאַליסטאָקער אַרבעטער". ביינישׁ איז די נשמה פון דער נייער אונטער־נעמונג. ביי אים אין שטוב זאַמלט מען דעם שריפט פאַר דער אומלעגאַלער דרוקעריי. ביינישׁ אַליין שרייבט אַלע אַרטיקלען און נאָטיצן פאַרן ערשטן נו־מער. אָבער די גאַנצע אונטערנעמונג פאַלט אַדורך; ביינישׁ ראַטעוועט זיך קוים אַרויס פון דער געפערלעכער סיטואַציע. נאָך אַ קורצן איבעררייס קומט ער ווידער קיין וואַרשע, און דאָ פאַרבלייבט ער שוין אַ לענגערע צייט.

ביינישׁ געפינט זיך אין צענטער פון דער וואַרשעווער באַוועגונג. ער פירט דיסקוסיעס מיט די ציוניסטן. ער טרעפט זיך מיט געוויסע קרייזן פון דער אינטעליגענץ. אַ באַזונדערן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט י. ל. פּרץ.

„פּרץ, — דערציילט ביינישׁ מיכאַלעוויטש, — האָט ווירקלעך צו יענער צייט איבערגעלעבט... זיין שטורעם־ און דראַנג־פּעריאָד. ער איז געווען גע־

*) דער ערשטער טאָג פון צוזאַמענפאָר איז אַריבער אין לעאָן בערנשטיינס צימער. די דעלעגאַטן זענען נישט אַרויס פון שטוב, דאָ געגעסן „ברויט מיט הערינג, קעז מיט וורשט". ביינישׁ מיכאַלעוויטש האָט אומעטיקלעך געטרוימט: „אַך, ווען ס'איז דאָ אַ גלעזל טיי"...

שטימט זייער קריגעריש און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ סך, זייער אַ סך פּלענער. ׳איך קען נישט בלייבן פּאַסיוו,׳ האָט ער מיר דעמאָלט אין אַ געש־פּרעך געזאָגט, ׳מען מוז אויך ביי אונדז עפּענען אַ פּענצטער אין אייראָפּע׳, און אונטער „אייראָפּע״, האָט ער מיט זיין גרויסן גייסט תופס געווען נאָר די אַרבעטערישע, סאָציאַליסטישע אידעאַלן פון אונדזער צייט״.

אין וואַרשע ווערט דעמאָלט (1899) באַשלאָסן צו באַנייען י. ל. פּרצעס „יום־טוב בלעטלעך״ אין דער פאָרם פון אַ לעגאַלן זשורנאַל. די אַרבעטער־באַוועגונג איז זיך שוין שטאַרק צעוואַקסן, עס האָט זיך געפילט אַ באַזונדערע בויטווענדיקייט צו האָבן אַ לעגאַלע טריבונע, פון וואַנען מען זאָל קענען פּאָ־פּולאַריזירן די אידעען פון סאָציאַליזם און פון דער נייער יידישער קולטור. בייניש איז באַטייליקט אינעם דאָזיקן פּראָיעקט. ער ווערט מיט נאָך איין פאָרשטייער פון „בונד״, א. וויינשטיין, דעלעגירט אין דער רעדאַקציאָנעלער קאָלעגיע וואָס דאַרף אַרבעטן מיט י. ל. פּרץ. צום באַדויערן ווערט דער גאַנצער פּלאַן צעשטערט צוליב דעם אַרעסט פון י. ל. פּרץ. די האָפענונג אויף אַ לע־גאַלע אויסגאַבע מוז מען אויפגעבן. מען הייבט אָן אַרויסגעבן דעם אומלעגאַלן „וואַרשעווער אַרבעטער״. אין יולי 1899 גייט אַרויס דער ערשטער נומער. בייניש איז דער איניציאַטאָר און דער הויפּט־מיטאַרבעטער פונעם דאָזיקן אָרגאַן, וועלכער עקזיסטירט עטלעכע יאָר ביז דער רעוואָלוציע פון 1905.

אין וואַרשע לעבט בייניש אויף אַ פרעמדן פּאַס. ביי דער אַקטיווקייט און אימפּעטפולע טעטיקייט פון ביינישן איז קיין וווּנדער נישט, אַז די פּאָליציי שאַפט אַרום אים אַ נעץ פון שפּיאָנאַזש. עמיצער גיט אים אַרויס. ער פאַלט אַדורך. עס ענדיקט זיך מיט זיין אַרעסט און מיט זיצן אין דעם באַרימטן 10טן פּאַוויליאָן און שפּעטער אין „פּאַוויאַק״. אָבער אויך אין תפיסה פאַרלירט נישט בייניש דעם מוט און לעבנס־לוסט. ער איז אויך אין די פיר ווענט פון תפיסה אַקטיוו, רעוואָלוציאָנער, קעמפעריש. זיין פיזישער געזונט־צושטאַנד ווערט דאָ איינגעבראָכן, אָבער נישט זיין גייסט און כאַראַקטער. נאָך 16 חדשים גייט בייניש אַרויס אויף דער פריי; ער פאָרט קיין פּאָלטאַווע, וווּ ער דאַרף זיך געפינען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. פּאָלטאַווע איז דעמאָלט געווען באַרימט ווי דער „אוניווערזיטעט פאַר רעוואָלוציאָנערן״. דאָ זענען געווען צענדליקער פאַרשיקטע, אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פון אַלע רוסישע סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען. עס איז געווען אַן אינטערעסאַנטע צייט פאַרן ח׳ ביי־ניש. אָבער — אים האָט געצויגן צום „בונד״. ער פאַרלאָזט אומלעגאַל פּאָל־טאַווע און קומט אין רשות פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״, וועלכער געפינט זיך דעמאָלט אין ביאַליסטאָק. ווידער ביי דער אַרבעט. ווידער זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און זעל אין די בונדישע טעטיקייטן. צווישן אַנדע־

רע — איז בייניש טעטיק אין דער גאַרבער־באַוועגונג. סוף זומער 1900 ווערט געשאַפן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע אויף צו גרינדן דעם פעדעראַטיוון פּראָפ. גאַרבער־פאַרבאַנד. בייניש איז אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע. און ווען אין אָקטאָבער 1901 איז דער דאָזיקער פאַרבאַנד געשאַפן געוואָרן, איז בייניש אין אים אַקטיוו. ער האָט איבערגעזעצט אויף יידיש דעם מאַניפעסט פון פאַרבאַנד, וועלכער איז שפּעטער דערשינען אויף יידיש, רוסיש און פּויליש. עס ווערט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם אָרגאַן פון פאַרבאַנד „דער קעמפער", און בייניש איז זיין הויפּט־רעדאַקטאָר. גלייכצייטיק באַטייליקט ער זיך אינעם בערשטער־אָרגאַן „דער וועקער".

דאָס זענען געווען יאָרן פון באַרג־אַרויף פון דער אַלגעמיינער און אויך פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס זענען געווען די יאָרן ערב דער רעוואָלוציע פון 1905. דער „בונד" ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער. דער „בונד" צענטראַליזירט אַלץ מער די באַוועגונג פון די באַזונדערע שטעט און שטעטלעך. ער דרוקט און שטעלט צו אומלעגאַלע ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך. ער לערנט ווי אַזוי צו אַגיטירן און אָרגאַניזירן די ברייטערע מאַסן יידישע אַרבעטער. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" פירט אַ גרויסע פּאָליטישע אויפקלערונג צווישן די מאַסן, רעוואָלוציאָניזירט זיי און מאַכט זיי גרייט צו אָפענע פּראָטעסטן און פּאָליטישע קאַמפן מיטן צאַריזם. בייניש מיכאַלעוויטש איז צווישן די ערשטע און אַקטיוווסטע.

סוף 1902 באַזעצט זיך בייניש אין מינסק. ער באַטייליקט זיך אינעם קאַמף קעגן דער „אומאָפּהענגיקער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי" (זובאַטאָוו־צעס). איז טאַקע קיין וווּנדער נישט וואָס גאָר שנעל פּאַלט בייניש דאָ אַדורך. — און ער „באַזעצט" זיך אין גיכן אין תפיסה און נאָך 18 חדשים זיצן פאַר־שפּאַרט אין די תפיסות, ווערט ער פאַרמשפּט פאַרשיקט צו ווערן אויף 5 יאָר. נאָך לאַנגע וואָכן גיין צופוס און פאָרן מיט דער באַן, אויסגעוואַלגערט זיך אין אַלערליי רוסישע תפיסות, ברענגט מען אים ענדלעך אין אַ וויסטן פאַרוואָרפענעם פּונקט (מעזען), ערגעץ הינטער די הרי חושך, לעבן ווייסן ים פאַרוואָרפן, ווייט פון אַ מענטשלעכן ישוב. בייניש ווייסט, אַז אין רוסלאַנד שטייגט די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע אַלץ העכער, עס איז ערב־רעוואָלוציע פון 1905. ווי קען ער איינזיצן דאָ אינעם העק? עס געדויערט נישט לאַנג און בייניש, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע רעוואָלוציאָנערן, פאַרלאָזט מעזען און „לויפט" קיין רוסלאַנד, צום „בונד"... דאָס איז געווען אָנהייב 1905. די ריזי־קאַלישע „אונטערנעמונג" געלינגט אים, צום גליק. און אָט איז ער שוין אין ווילנע אין רשות פון צ"ק, וועלכער איז אים באַלד מכבד מיט אַ פאַראַנט־וואָרטלעכע מיסיע: מען הייסט אים פאָרן קיין דווינסק, דינגען אַ רייכע דירה

ווי ביניש מיט זיין פרוי זאָלן זיך באַזעצן, און דאָ אין דער אויסגעפּוצטער גוט מעבלירטער דירה קומט פאָר די געהיימע (די זעקסטע, פעברואַר 1905) קאָנפערענץ פון „בונד". די קאָנפערענץ האָט געהאַט צו באַשליסן אַ סך וויכ־טיקע פראַגן, וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען אויפן פּאָליטישן סדר היום. ביניש איז איינער פון דער קליינער צאָל באַטייליקטע.

ביניש איז ווידער אַ מאָל אין סאַמע קאָך פון דער בונדישער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג. ביניש באַזעצט זיך אין גיכן אין בערדיטשעוו, ער באַדינט דעם צ״ק, ער באַטייליקט זיך אויך אין דער אָרטיקער אַרבעט. ער טרעט אַרויס אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען — זיין „שטאַרקע מעטאַלענע שטים האָט געשניטן ווי אַ שווערד" — דערציילט ר. אַבראַמאָוויטש. אין אָקטאָבער 1905 באַטייליקט זיך ביניש אין זעקסטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" (ציריך). אין רוסלאַנד האָט דעמאָלט געפלאַקערט דער אויפשטאַנד פון דער רעוואָלוציע, וועלכן די צאַרישע רעגירונג האָט פינאַליזירט מיט יידישע פּאָגראָמען און שרעקלעכע בלוט־פאַרגיסונגען...

אין מערץ 1906 באַטייליקט זיך ביניש אין דער 7טער קאָנפערענץ פון „בונד" אין שוויץ. ער און סלאַוועק (בר. גראָסער) — זענען דאָ די דעלעגאַטן פון וואַרשע, ווו ביניש אַרבעט איצט. עס איז די צייט ווען אין „בונד" ווערט דיסקוטירט די פראַגע וועגן צוריק פאַראייניקן זיך מיט דער רוסל. ס. ד. פּאַרטיי. סלאַוועק איז אַ הייסער קעגנער פון דער פאַראייניקונג, ביניש פירט אין וואַרשע אַ הייסן קאַמף קעגן די „האַרטע". ביניש געהער צו די ווייכע. דער לעמבערגער 7טער צוזאַמענפאָר פון „בונד", אין אויגוסט 1906, האָט ענדגילטיק באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דער ר. ס. ד. פּ., אָבער אין יענער צייט איז שוין ביניש געזעסן אין „פּאַרט אַלעקסייעוו" אין וואַרשע. שפּעטער ווערט ער פאַרשיקט אין אָלאָנעצקער גובערניע, העט־ווייט אויף צפון־רוסלאַנד. ווי ווייט ביניש איז געווען שוין דעמאָלט באַליבט און פּאָפּולער צווישן די וואַר־שעווער אַרבעטער באַווייזט דער וויטערדיקער רירנדיקער עפּיזאָד: ביניש איז געזעסן אין דער פּראַגער (אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע) עטאַפּן־טורמע.

„עמיצער — דערציילט ב. מיכאַלעוויטש אין דריטן באַנד פון זיינע „זכרו־נות" — האָט אונדז אַהין אַריינגעשיקט אַ טאָפּ לאָקשן און אַ גרויסע געפלאָכ־טענע חלה. איך שנייד זי אויף — אינעווייניק ליגט אַ געשריבן צעטל פון די פּראַגער חברים, וועלכע געזעגענען זיך מיט מיר און מוטיקן אין וואַרעמע, האַרציקע ווערטער אין וועג אַריין. דאָס איז געווען געשריבן אין אַ נאַיווער פּרימיטיווער פאָרעם. אָבער אויף מיר האָט עס דעמאָלט געווירקט שטאַרקער, ווי די מליצהדיקע „אַדרעסן", רירנדער ווי די שענסטע רעדעס, און אַזוי איז עס

פאַרבליבן נאָך אַזוי פיל יאָרן, אַלס ליכטיקער וואַרעמער שטראַל אין מיין זכרון״...

ווייטער אין איינזאַמקייט, אָפּגעריסן פון דער וועלט, אין געצוווּנגענער אומעטיקייט... ניין, בייניש קען דאָ נישט פאַרבלייבן מער. ער „לויפט״ ווידער אַ מאָל (זומער 1906 — שוין צום דריטן מאָל „לויפט״ ער) — עס געלינגט אים, און אַט איז ער שוין אין ווילנע. דאָס לאַנד, דער „בונד״ — זענען אינמיטן דער גרויסער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער מלוכהשער „דומע״. בייניש ווערט דעלעגירט אין דער „דרום־ביורא״ פון „בונד״, אין קיעוו. זייער אַ סך אַרבעט לייגט אַוועק בייניש אין זשיטאָמיר, ווו דער „בונד״ שטעלט אַרויס זיין אייגענעם קאַנדידאַט. בייניש רעדט אין די בתי־מדרשים, אָרגאַניזירט די הויז־אַגיטאַציע... ער שרייבט פּראָקלאַמאַציעס און פלוג־בלעטלעך. גלייכצייטיק באַטייליקט ער זיך אין דער בונדישער לעגאַלער פּרעסע.

אין קיעוו ווערט בייניש ווייטער אַרעסטירט, און ער ווערט איבערגעשיקט „צוריק קיין פּאָלטאַווע״, פון וועלכער ער איז אין 1901 „געלאָפן״ ווייטער אונטער אויפזיכט פון פּאָליציי. עס גיט זיך אים אָבער איין אין גיכן זיך צו באַפרייען און ער פּאָרט צוריק קיין קיעוו. דאָ ווערט בייניש אויסגעקליבן פאַר אַ דעלעגאַט צום אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי — א. ג. לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר. געקומען פון צוזאַמענפאָר, וואַרפט זיך בייניש ווידער אַריין אין דער וואַל־קאַמפּאַניע פון „בונד״ אין וואָלינער גובערניע. פּאָרנדיק קיין מינסק, אויף אַ פּלענום פון צ״ק שטעלט ער זיך אָפּ אין קרעמענטשוג, ווערט דאָ ווידער אַרעסטירט און זיצט אָפּ אַ קורצע צייט.

אין לאַנד שטעלט זיך איין אַ פינצטערע רעאַקציע. די „דומע״ איז צעטריבן. טעראָר הערשט אומעטום. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז צעשמעטערט, אויך דער „בונד״ ליידט שטאַרק. אַ סך אינטעליגענץ און אַרבעטער פאַרלאָזן די רייען פון „בונד״. עס איז אַ ירידה־צושטאַנד. די גרויסע אַרעסטן פאַרענדיקן די בהלה־שטימונגען. אַנדערע פּרווון זיך צופּאַסן צו די לעגאַלע באַדינגונגען. אין דער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי און אין „בונד״ קומט פאָר אַ קאַמף צווישן די אָנהענגער פון דער אַלטער פאָרם פון אומלעגאַלער אַרבעט מיט די אַזוי גערופענע „ליקווידאַטאָרן״. אין „בונד״ האָבן צו די לעצטע געהערט ליבער, אַבראַמאָוויטש, ראָזנטאַל א״אַ. צו די קעגנער פון „ליקווידאַציע״ האָבן געהערט יודין, קאַיגען יונה, מיכאַלעוויטש א״אַ. בייניש פאַרבלייבט געטריי אויף זיינע פּאַרטייאישע פּאָזיציעס. נאָר אַ קורצע צייט, צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד לעבט ער אין שווייץ.

אין אויגוסט 1912 קומט פאָר די 9טע קאָנפערענץ פון „בונד״ אין ווין. בייניש און ה. ערליך — ווערן קאָאָפּטירט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״.

עס הייבט אָן דערשיינען אין פּעטערבורג אַ בונדיש וואָכנבלאַט „די צייט“. מיכאַלעוויטש באַזעצט זיך אין פּעטערבורג. ער, צוזאַמען מיט ערליכן, זענען אין דער רעדאַקציע פונעם נייעם בונדישן אָרגאַן. די צייטונג האַלט זיך ביזן סאַמע ערב דער מלחמה פון 1914.

דאָ אין פּעטערבורג האָט זיך פאַר אים געשטעלט צום ערשטן מאָל די שול־פראַגע ווי אַ ענין פון פּראַקטישן ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין די לעצטע טעג פון דעצעמבער 1913 איז אין פּעטערבורג זיך צוזאַמענגעקומען דער יובל־צוזאַמענפאָר פון דער חברה מפיצי השכלה (50 יאָר זינט זי איז געגרינדעט געוואָרן). אויף דעם צוזאַמענפאָר האָבן אָנטיילגענומען די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן פון דער שול־באַוועגונג, אָבער אויך פון דער ליטעראַטור און קולטור. עס זענען אויך געווען אויף דער „באַראַטונג“ די וואָרטזאָגער פון דער ייִדישיסטישער באַוועגונג, און צום ערשטן מאָל האָט דאָ פיגורירט אַ בונדישע פראַקציע. ח׳ מיכאַלעוויטש האָט גענומען אָנטייל אין דער „באַראַטונג“, און ער האָט אין דער בונדישער וואָכנשריפט „די צייט“ (פּעטערבורג) געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון דער „באַראַטונג“ אין צוויי אַרטיקלען: „צום 50 יאָריקן יובילעום פון דער חברה מפיצי השכלה“ (24סטער דעצעמבער 1913) און „די באַראַטונג פון דער חברה מפיצי השכלה“ (2טן יאַנואַר 1914). ביידע אַרטיקלען זענען אונטערגעשריבן: ב. מיכאַלעוויטש.*

ח׳ מיכאַלעוויטש האָט באַגריסט די בונדישע פאָרשטייער אויף די באַראַטונג:

...„אַווירקלעכן פּנים חדשות האָבן אויף דער באַראַטונג מיט זיך פאָרגעשטעלט די אַרבעטער־דעלעגאַטן: צום ערשטן מאָל אויף די באַראַטונגען פון דער חברה זענען אַרויסגעטראָטן אויך עכטע אמתע אַרבעטער, וועלכע האָבן גערעדט נישט „אין נאָמען“ פון פאָלק, נישט אַלס בעלי טובה׳ס און קולטור־טרעגער, נאָר אַלס קינדער פון פאָלק, אַלס אַרבעטער האָבן זיי דערקלערט אָפן און הויך אין וואָס זיי אַליין און זייערע חברים נויטיקן זיך. זיי צוזאַמען מיט נאָך איניקע פאַכלייט לערער האָבן געבילדעט אַ פּראָלעטאַרישע גרופּע וועלכע שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון אונדזער צייטונג „צייט“ — צוזאַמען 8 מאַן מיט באַשטימונגס־רעכט און 4 מיט באַראַטונגס־רעכט. זיי האָבן אַלס גאַנצע אויך אַריינגעטראָטן אין דער גרופּע פון די דעמאָקראַטישע דעלעגאַטן“...

---

*) בכלל גענומען זענען די אַרטיקלען אין „צייט“ געווען אָן אונטערשריפטן; אין די אָנגערופענע נומערן און אין די שפּעטערדיקע (פעברואַר און מאַי) געפינען מיר אַזעלכע אַרטיקלען פון ח׳ ב. מיכאַלעוויטש: „אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניגן“, „זעלבסט־אַנטוויקלונג“, „דער פרויען־טאָג“, „אַ שלעכטער חשבון“ (וועגן מלוכה־בודזשעט).

אין זיין אָפּשאַצונג פון דער ראָל און די אויפגאַבן פון דער חמפ״ה, באַגרינדעט דער ח׳ מיכאַלעוויטש די שטעלונג פון דער בונדישער פּראַקציע, אירע טעאָרעטישע יסודות און אירע פּראַקטישע פאָדערונגען (זע מיין בוך „פון חדר און שקאָלעס ביז צישאָ״, דאָס קאַפּיטל וועגן חמפ״ה).

ח׳ מיכאַלעוויטש שרייבט:

„...מיט איר יובילעאום־באַראַטונג האַלט אָפּ די געזעלשאַפט חמפ״ה איר געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן עקזאַמען: בלייבן ביים אַלטן, פּשרהדיקן זיצן צווישן צוויי שטולן קען זי נישט און באַדאַרף נישט. מיט אירע איצטיקע באַשלוסן באַדאַרף זי אַנטשיידן זאָגן, מיט וועמען איז זי: צי מיט די ראָמאַנטישע עלעמענטן וועלכע שטעלן פאַר דער געזעלשאַפט אַנטי־דעמאָקראַטישע, אַנטי־קולטורעלע צילן, צי מיט די דעמאָקראַטישע עלעמענטן וועלכע שטרעבן צו ריינער וועלטלעכער פאָלקס־בילדונג, אמתע פּאָזיטיווע קולטור־טעטיקייט״.

„...ביסלעכוויז דרינגען אַריין אין דער געזעלשאַפט די פּרינציפּן פון אַן עכטער בילדונגס־חברה. וואָס מער זי דעמאָקראַטיזירט זיך, וואָס מער אין איר טרעטן אַריין די מאַסן, אַלץ מער פאַרלירט זי אירע נעפּלהאַפטע נאַציאָנאַליסטישע און רעליגיעזע טענדענצן און נעמט אָן אַ מער וועלטלעכן כאַראַקטער. די אַרבעטער־דעמאָקראַטיע באַדאַרף אין דער דאָזיקער ריכטונג אַרבעטן דאָרט ווייטער ביז בעסערע צייטן און זי באַדאַרף און זי וועט זיך דערשלאָגן דאָס מינימום־פּראָגראַם וואָס איז אויסגעדריקט אין איר דעקלאַראַציע אויף דער לעצטער באַראַטונג — דעם מינימום וועלכער איז אפשר פאַר די בורזשואַזע עסקנים שוין דאָס גרעסטע וואָס זיי קענען נאָכגעבן, אָבער אַן וועלכן ס׳איז אויסגעשלאָסן יעדער געמיינזאַמע בשותפותדיקע אַרבעט״.

ח׳ מיכאַלעוויטש האָט אַנאַליזירט די געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון דער שול אין דער מוטערשפּראַך פון יידישן לאַנד: פון איין זייט, דאַרף אַזאַ שול זיין דער פּראָדוקט פון דער גאַנצער נאַציע, אָבער פון דער אַנדערער זייט ווייזט זיך אַרויס, אַז אירע איינציקע געטרייע און קאָנסעקווענטע בויער און אָנהענגער זענען די יידישע אַרבעטער און סאָציאַליסטן. באַטראַכטנדיק „דעם מישמאַש פון עלעמענטן וועלכע גרופּירן זיך אין דער חברה״ (מפיצי השכלה) — דעם סאָציאַלן און אידעאָלאָגישן מישמאַש אין אָט דער אַלטער חברה וואָס האָט אָנגעהויבן איר לעבן מיט שאַרפע רוסיפיקאַטאָרישע טענדענצן און האָט זיך ערשט נאָך 50 יאָר דערנענטערט צום געדאַנק פון אַ שול אין דער יידישער שפּראַך, — איז ח׳ מיכאַלעוויטש געקומען צום אויספיר:

„...ווי שווער עס איז פאַר דער דעמאָקראַטיע, באַזונדערס פאַר דער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע, די געמיינזאַמע אַרבעט מיט אַזעלכע עלעמענטן... די באַראַטונג האָט נאָך אַן איבעריקן מאָל באַוויזן די ריכטיקייט פון דעם געדאַנק,

אַז נאָר אַן אייגענע פּראָלעטאַרישע בילדונגס־חברה וואָלט געקענט אַמבעסטן פּאַרטיידיקן די קולטורעלע באַדערפעניש פון די אַרבעטער. אָבער זי האָט אויך באַוויזן, אַז אפילו אין דער איצטיקער געזעלשאַפט איז די אַרבעט פון דער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע נישט פאַרלוירן געגאַנגען. צוזאַמען מיט דער אַר־בעטער־דעמאָקראַטיע זענען געגאַנגען די אַלע פאַכלייט און לערער, וועלכע אַרבעטן ווירקלעך צווישן די פאָלקס־מאַסן; קעגן איר זענען נאָר אַרויסגעטראָ־טן די פּעטערבורגער „קאָמיטעטשיקעס״ און אַליין־געקומענע נישט דעלע־גירטע קאָמיטעט־לייט פון דער פּראָווינץ״.

ווי איך דערצייל עס ווייטער באריכות, איז ווען ח׳ ב. מיכאַלעוויטש איז מיט 8 יאָר שפּעטער אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דער מעכטיקער יידיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, — האָט ער ווייטער אַנטוויקלט דעם זעלביקן שטאַנדפּונקט און ער האָט געבויט די פּראַקטיק און טאַקטיק פון דער שול־אָרגאַניזאַציע אויף די זעלבע יסודות וואָס זענען אויס־געדריקט אין זיינע אַרטיקלען אין דער פּעטערבורגער בונדישער „צייט״.

***

בייניש איז געווען אַ רעדנער , אַ פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָר און פּראָ־פּאַגאַנדיסט. אָבער גלייכצייטיק האָט אים געצויגן צו פּובליציסטיק, ער האָט געאַרבעט איבער די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן און קאַמף, און יעדעס מאָל האָט ער געפונען צייט אויף אָפּצורופן זיך אין שריפט אויך אויף די אַקטועלע פּראָבלעמען. אַלס אילוסטראַציע וועל איך דאָ אָנרופן נאָר צוויי גרויסע אַר־בעטן זיינע פון יענע יאָרן: אין נאָוועמבער 1907 דערשיינט אין ווילנע דאָס בונדישע וואָכנבלאַט „דער מאָרגנשטערן״ — בייניש פּאַרעפנטלעכט דאָ אַ סע־ריע אַרטיקלען וועגן דער יידישער קהילה — די ערשטע אַרטיקלען וועגן דעם ענין אין דער בונדישער ליטעראַטור. — אין דעצעמבער 1910 דרוקט בייניש אַן אַרטיקל אין דער ניו־יאָרקער „צוקונפט״ אונטערן נאָמען „נייטראַ־ליזם אָדער קיום האומה״ — צוויי פּראַגן וואָס האָבן דעמאָלט געעגבערט די מוחות פון די בונדישע טוערס און אָנהענגערס.

1908־1910 זענען אין „בונד״ געווען יאָרן פון רעוויזיע פונעם אַזוי גע־רופענעם „נייטראַליזם״ אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע. א. ליטוואַק איז געווען איינער פון די ערשטע אין דער דאָזיקער רעוויזיע־אַרבעט. אַקעגן, בייניש מיכאַלעוויטש האָט געהערט צו יענער ריכטונג, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביים אָרטאָדאָקסאַל־בונדישן איינשטעל אַז דער „בונד״ דאַרף זיך פאַרהאַלטן נייט־ראַל צום פּראָבלעם אַסימילאַציע אין יידישן לעבן, ווי אויך צו די פּראַגע

**קיום האומה — און דעם פּראָגנאָז מכוח די וועגן מיט וועלכע די געשיכטע וועט פירן דאָס ייִדישע פאָלק.**

**אין זיין אַרטיקל „נייטראַליזם אָדער קיום האומה״ (אין דער ניו־יאָרקער „צוקונפט״, דעצעמבער 1910) פּאָלעמיזירט ב. מיכאַלעוויטש זייער שאַרף מיט א. ליטוואַקן און זיינע רעוויזיאָניסטישע אַרטיקלען:**

דאָ נישט לאַנג, שרייבט ער, איז איינער פון די פּאָפּולערע בונדיסטישע פּובליציסטן, א. ליטוואַק, אַרויסגעטראָטן אין „פריינד״ מיט אַ „רעוויזיאָניסטישן״ אַרטיקל מכוח דער אַלטער בונדיסטישער פאָרמולע „נייטראַליזם אין נאַציאָנאַלער הינזיכט״; ער באַמיט זיך צו דערווייזן, אַז אויך די בונדיסטן זענען כשרע נאַציאָנאַליסטן, אַז די אַלטע פאָרמולע פון „נייטראַליזם״ האָט באמת קיין זינען נישט, אַז אַלע ייִדישע אַרבעטער קענען מיר נישט בלייבן „נייטראַל״ צום גורל פון דער ייִדישער צוקונפט, און ער „פאַרטיפט״ דערביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע האַלטונג צו דער פראַגע מיט דער נאַציאָנאַליסטישער פראַזע פון קיום האומה״.

**דער ח׳ וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָט מיט יאָרן שפּעטער, אין זיין אַרבעט „וו. מעדעם און די נאַציאָנאַלע פראַגע״ (1928), גאָר אַנדערש אָפּגעשאַצט דעם נייטראַליזם בנוגע אַסימילאַציע און קיום האומה. ער שרייבט:**

„אייגנטלעך האָט דער נייטראַליזם קיין דירעקטע שייכות מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ווי זי איז פאַרענטפערט געוואָרן פונעם „בונד״, נישט געהאַט... טעאָרעטיש איז דער נייטראַליזם געווען אַ פאַלשע שיטה: אַ פּאַרטיי פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז דאָך אַ טייל פון דער ייִדישער נאַציע, האָט געדאַרפט האָבן אַ קלאָרע מיינונג וועגן דעם, צי פאַר דער באַפרייונג פון דעם דאָזיקן פּראָלעטאַריאַט איז געווונטשן אָדער נישט, נוצלעך אָדער שעדלעך, אַז די ייִדן זאָלן פאַרבלייבן אָדער פאַרשווינדן אַלס אַ נאַציע... אַ מאַסן־פּאַרטיי ווי דער „בונד״, האָט נישט געקענט בלייבן נייטראַל אין דער פראַגע וועגן דער צוקונפט פון דער ייִדישער נאַציע... ווייל אַלץ וואָס עס מאַכט דורך די ייִדישע נאַציע אויף איר היסטאָרישן וועג, מוז זיך אַזוי אָדער אַזוי אָפּרופן אויך אויפן גורל פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס... נאָך ערגער איז געווען, וואָס דער נייטראַליזם איז געשטאַנען אין אַ שרייענדיקער סתירה צו דער גאַנצער פּראַקטיק פון „בונד״: דער „בונד״ האָט געהאָלפן צו אַנטוויקלען די ייִדישע שפּראַך, די ייִדישע ליטעראַטור... זיין גאַנצע

אַרבעט איז געווען אַזאַ, אַז די האָט געהאַלפן איינהאַלטן און אַנטוויקלען די יידישע נאַציע ווי אַ קולטור־געמיינשאַפט, ד״ה אין דער צייט, ווען דער „בונד״ האָט געטענהט אַז ער איז נייטראַל אין דער פראַגע וועגן דעם, צו וואָס דער „אָביעקטיווער גאַנג פון דער אַנטוויקלונג״ קען דערפירן די יידן אַלס אַ נאַציע, האָט ער זיך ענערגיש אַריינגעמישט אין דעם „אָביעקטיוון גאַנג״ און מיט זיין פראַקטיק געטריבן די דאָזיקע אַנטוויקלונג אין אַ גאַנץ באַשטימטער ריכטונג, געאַרבעט זייער אַקטיוו קעגן אַסימילאַציע״.

אָבער דאָס וואָס האָט אויסגעזען אין 1928 אַזוי קלאָר און לאָגיש, האָט גאָר אַנדערש אויסגעזען אין 1910. און ח׳ ב. מיכאַלעוויטש האָט טאַקע באַלאַנגט צו דער נייטראַליסטישער ריכטונג. דאָס איז געווען נישט נאָר אַ טעאָרעטישע פראַגע פאַר די טוער פון „בונד״, נאָר אויך אַ פראַקטיש־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנעל־פּאַרטייִשע, און אפילו דער זעלבער וול. קאָסאָווסקי איז סוף־כל־סוף מודה, אַז „פּאָליטיש... איז דער נייטראַליזם געווען אַ נויטווענדיקע זאַך״. מע דאַרף געדענקען, אַז דער לאָזונג „אַלוועלטלעכע יידישע נאַציע״ און „קיום האומה״, איז דעמאָלט בעיקר געקומען פון די פּריש־אַנטשטאַנענע לעגאַלע יידישע זשורנאַלן, בראש פון וועלכע עס זענען געשטאַנען פאָרשטייער פון דער יידישער בירגערלעכער און ציוניסטישער אינטעליגענץ, טיילווייז אויך אַנטוישטע געוועזענע סאָציאַליסטן, ווי מעדעם האָט דאָ דערפילט די סכנה פון „היסטאָרישן ספּיריטואַליזם״ און היפּערטראָפירטן נאַציאָנאַליזם. און ווערנדיק זיך קעגן אָט דעם אָנגריף און נאַציאָנאַליזם אויף דער יידישער גאַס, אין אַ צייט פון באַרג־אַראָפּ פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט ז. מעדעם אויסגערופן: „צי קאָן מען ביי אַזעלכע באַדינגונגען ריידן וועגן דעם אַלוועלטלעכן יידנטום ווי וועגן אַ דינאַמיש־רעאַלער זאַך... דאָס אַלוועלטלעכע יידנטום — דאָס איז אַן אַבסטראַקציע און דערצו אַ פאַרעלטערטע״.

אויך ב. מיכאַלעוויטש האָט אַזוי אָפּגעשאַצט די סיטואַציע. ער האָט געהאַלטן, אַז שטיצנדיק דעם פּראַקטישן קאַמף פון די יידישע מאַסן פאַר אַן אייגענער שול און קולטור, פאַר דער אָנערקענונג פון דער יידישער שפּראַך כלפּי חוץ און כלפּי־פּנים, מוז אָבער דער „בונד״ זיך „אָפּהיטן פון אַ נישט גיסן וואַסער אויף דער מיל פון יידישן נאַציאָנאַליזם״.

מיט חוזק רעדט ב. מיכאַלעוויטש וועגן די יידישיסטן און נאַציאָנאַליסטן פון אונדזער צייט, וועלכע „ווילן אויפהאַלטן די יידישע אומה״, „ווילן אויפלעבן אונדזער פאָלק״ — און ער באַצייכנט די דאָזיקע אויסדרוקן ווי „פראַזן

געגומען פון דעם אַלגעמיינעם לעקסיקאָן פון דעם מעטאַפיזישן, אינטערנאַ־ציאָנאַלן נאַציאָנאַליזם״...

ח׳ מיכאַלעוויטש ווייסט זייער גוט אַז „ווי נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג, וועלכע, באַלויכטן דורך דעם ענדציל, שטעלט אַרויס און קעמפט פאַר אַ גאַנצער ריי רעפאָרמען צוגענגלעך פאַר דעם איצ־טיקן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, — האָט זיך אויך די נאַציאָנאַלע פראַגע, באַ־זונדערס ביים פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע פעלקער, אַרויסגעשטעלט מיט איר גאַנצער האַרטקייט און האָט דרינגענד געפאָדערט פאַר זיך אַ תשובה״.

ער גיט דאַן איבער די שטעלונג פון „בונד״ צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע און פאַרענדיקט: „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטעלט זיך דעריבער נישט קיין פּאָזיטיווע אויפגאַבן בנוגע צום קיום פון דער נאַציע, איר אומבאַדינגט קינסטלעך אויפהאַלטן, „פאַרפעסטיקן״ די ייִדישקייט, אָדער פאַרקערט — מיטווירקן איר צעמישונג מיט אַנדערע. אין דער הינזיכט איז די סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע „נייטראַל״, דאָס לאָזט זי איבער דעם פרייען גאַנג פון געזעלשאַפט־לעכער אַנטוויקלונג; אָבער דערצו איז נייטיק, אַז די נאַטירלעך־געזעלשאַפט־לעכע אַנטוויקלונג זאָל זיין אין גאַנצן פריי פון יעדער זייטיקער מניעה, פון יעדער צוואַנג־מאַכט. — אָבער מיט דעם אַליין וואָס מיר ווילן שאַפן פרייע מעגלעכקייטן פאַר דער ייִדישער קולטור, האַלטן מיר דאָך שוין אונטער די נאַציע, קעמפן מיר פאַר איר קיום, — ווו זשע איז דער נייטראַליזם? — כאַפּט אונדז געגן. ליטוואַק ביי אַ סתירה״.

„ניין, דאָ איז נאָר אין פלוג אַ סתירה״ — ענטפערט ח׳ מיכאַלעוויטש, און ער פאַרגלייכט עס מיט דער שטעלונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צום ענין רעפאָרמען ביי דער היינטיקער אָרדענונג. אַרויסשטעלנדיק די פאָדערונג פון קולטור־אויטאָנאָמיע, מיינט ער, „זענען מיר אויסן דעם היפוך פון די נאַציאָ־נאַליסטן — אין גאַנצן נייטראַליזירן דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט, צערייסן די גרויסע סאָלידאַריטעט פון דער נאַציע צוליב די אַלגעמיינע רדיפות אאַז״וו. און ח׳ מיכאַלעוויטש פרעגט: „קען דאָ זיין אַ רייד פון ׳קיום האומה׳ אין נאַציאָנאַ־ליסטישן פירוש״?

„יאָ, זאָגט ער ווייטער, אונדזער איז גאַנץ עגאַל, צי די ׳ייִדישקייט׳ וועט פאַרבלייבן אָדער וועט אַ מאָל אונטערגיין, צי די ייִדישע קולטור האָט אַ צו־קונפט צי ניין״. אָבער באַלד דערפילט מיכאַלעוויטש, אַז דאָ איז עפּעס פאַראַן אַ שאַרפע אינערלעכע סתירה, און ער פּאָלעמיזירט ווייטער מיטן ח׳ ליטוואַק:

„סטייטש, בייזערט זיך חבר ליטוואַק, צי קען בלייבן דער ייִדישער אַר־בעטער גלייכגילטיק צו די פראַגן פון זיין שפּראַך, פון זיין קולטור און צו־קונפט? אָבער פון דעם געזאָגטן איז דייטלעך, אַ, ׳נייטראַל׳ זענען מיר נאָר

צו דער נאַציאָנאַליסטישער פיקציע, צו זייערע ווערטער, וועלכע האָבן נישט קיין רעאַלן אינהאַלט, אָבער נישט צו די לעבעדיקע קולטור־באַדערפעניש\ן פון די ייִדישע פאָלקס־ און אַרבעטער־מאַסן", און ה' מיכאַלעוויטש פאַררופט זיך אויף דעם, ווי די ייִדישע ס"ד האָבן גאָר פרי אָנגענומען די ייִדישע שפּראַך פאַר זייער אַגיטאַציע, און מיט צען יאָר צוריק האָט שוין דער וואַר־שעווער קאָמיטעט פון „בונד" אויסער זיין ייִדיש־ליטעראַרישער טעטיקייט אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אויך אָן אָנטייל גענומען אין אַרויסגעבן לעגאַלע ביכלעך פון פאַרשידענעם אינהאַלט אויף דער ייִדישער שפּראַך.

„מיר ווילן נישט אויפהאַלטן קינסטלעך די 'ייִדישקייט', דאָס הייסט נישט, אַז מיר זענען גלייכגילטיק צו דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די ייִדישע מאַסן, וועמענס קולטור־באַגריפן מאָדערניזירן זיך און נעמען אָן אַ נייע פּראָ־גרעסיווע פאָרעם. בכלל קומט אונדז אויס קאָמיש דער געשריי און טומל וועגן 'ראַטעווען די אונטערגייענדיקע ייִדישקייט' מיט געקינצלטע בלעכערנע מיט־לען" אאַז"וו.

„די ייִדישע באַוווסטזיניקע אַרבעטער נייטיקן זיך נישט אין אַזעלכע צביעותדיקע תרופות, אויב זייערע קינדער זאָלן 'ייִדן' בלייבן; זיי וועלן שטענ־דיק קענען מיט אַ געהעריקער סאָציאַליסטישער דערציִונג זיי אָפּהאַלטן פון דער לעכערלעכער אָפּן־אַסימילאַציע". (ז' 738).

„פון דעם אַלעם איז צו זען, פאַרענדיקט ה' מיכאַלעוויטש, אַז די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פאַרוואָרפן דעם מעטאַפיזישן אַרט דענקען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און איר אָוועקגעשטעלט אויף אַ רעאַלן גרונט, און מיר געפינען איצט קיין שום נייטיקייט נישט ווידער אַרויסנעמען פון נאַציאָנאַ־ליסטישן סידור זייערע מעטאַפיזישע, אינהאַלטלאָזע לאָזונגען און מיט זיי 'פאַרטיפן' די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קלאָרע האַלטונג אין דער דאָזיקער פראַגע".

**
*

1914. וועלט־קריג, וועלכער פאַרציט זיך אויף גאַנצע פיר יאָר. עס פליסן טייכן בלוט. אַ חורבן גיסט זיך אויס אויף די ייִדישע מאַסן. די צאַרישע מאַכט איז זיך נוקם אין דער ייִדישער באַפעלקערונג פאַר די מפּלות, וועלכע זי ליידט אויף די שלאַכט־פעלדער מצד דער דייטשער אַרמיי. ייִדישע שטעט און שטעט־לעך ווערן רויִנירט פון באָמבעס און אַעראָפּלאַנען, פון שווערער אַרטילעריע. טויזנטער ייִדישע משפחות ווערן אַרויסגעטריבן פון זייערע ערטער, און מען שלעפּט זיי אַוועק ווייט אין טיף רוסלאַנד. עס פאַלן טויזנטער אומשולדיקע ייִדישע קרבנות, אונטער דער באַשולדיקונג פון שפּיאָנאַזש און מלוכה־פאַ־

ראַט. הונגער און טויט צעשפּרייט זיך צווישן דער ייִדישער אָרעמקייט. אַרויס־געיאָגטע פון זייערע וווינערטער, פאַרלירן עלטערן זייערע קינדער, קינדער פאַרלירן זייערע טאַטעס און מאַמעס. און אויף די פראָנטן שטייען ייִדישע זעלנער אונטער דער ביקס — סיי אין דער רוסישער אַרמיי, סיי אין דער עסטרייכישער און דייטשער, און שיסן און פאַרטיליקן איינע די אַנדערע...

און אָט איז שוין וואַרשע אָקופּירט דורך די דייטשן. די רוסישע אַרמיי לויפט אויף צוריק. און נאָך אַ ביסל — איז שוין אויך ווילנע אונטערן קנאַפּל פון דייטשן אָקופּאַנט. און אַזוי לאָדזש און קאַליש, און אַזוי שעדלעץ, לובלין און אַזוי ווייטער. נייע לעבנס־באַדינגונגען אונטער דער הערשאַפט פון דייטשן אָקופּאַנט, וועלכער באַהאַנדלט דאָס לאַנד ווי אַ רויבער. נויט און הונגער נעמט אַרום די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג, אַרבעטלאָזיקייט, אַרום — צענ־דליקער, הונדערטער יתומים, היימלאָזע, פאַרוואָרלאָזטע, הויל און נאַקעט, אונטער אַ רעזשים פון קריגסצושטאַנד.

ח׳ בייניש רוט נישט אויך בעת דער מלחמה. ער פאָרט אַרום איבער די גרעסערע שטעט און האַלט אונטער די פאַרבינדונגען מיט די אָרגאַניזאַ־ציעס; ער פאַרברענגט אַ צייט אין וואַרשע און איז דאָ דער פאָרשטייער פון „בונד" אין דער אַנטשטאַנענער צווישנפּאַרטייִשער „ראַדע". קורץ פאַרן פאַר־נעמען ווילנע דורך די דייטשן, באַזעצט ער זיך דאָרטן, לויטן באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט, כדי אָנצופירן מיט דער אַרבעט אונטער דער אָקופּאַציע. און דאָ אַנטוויקלט בייניש ווייטער אַ גרויסע טעטיקייט. ער וואַרפט זיך אַריין אין דער וויכטיקער הילפס־אַרבעט פאַר די אָרעמסטע און אומגליקלעכסטע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. ער אָרגאַניזירט קיכן און טיי־האַלעס פאַר די אַרבעטלאָזע. ער ווייסט — מען דאַרף שאַפן ברויט פאַר די הונגעריקע, אַ שול און דערציִונג־הויז פאַר די קליינע קינדער. מען דאַרף אויך טראָגן קולטור אין די ייִדישע מאַסן, כדי זיי זאָלן נישט פאַריאושט ווערן, פאַרחיהשט ווערן. און בייניש מיכאַלעוויטש איז פול אומעטום. ער נעמט אָנטייל אין אַלע אָרטיקע הילפס־אינסטיטוציעס, ער העלפט שאַפן דעם „אַרבעטער קולטור־פאַראיין", ער גיט אַרויס אייניקע זאַמל־העפטן, ער איז טעטיק אין „אוניווער־סיטעט פאַר אַלעמען" און אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין ווילנע איז טעטיק אַ בירגער־קאָמיטעט און שפּעטער אַ ייִדישער צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער פירט אָן מיט דער אַלגעמיינער הילפס־אַקציע אין שטאָט, — בייניש מיכאַלעוויטש איז אין דער דאָזיקער צענטראַלע פון אַלע ווילנער צדקה־אינ־סטיטוציעס דער פאַרטרעטער און פאַרטיידיקער פון די ייִדישע אַרבעטער. אי־נעם „הילפס־קאָמיטעט", וועלכער איז דעמאָלט די פאַקטישע קהילה, געפינט זיך אויך דער ח׳ בייניש. אויף אַלע בילדער, וואָס זענען פאַרבליבן פון די ייִדי־

שע ווילנער אינסטיטוציעס פון יענער צייט — זעען מיר אומעטום די יונגע ענער־גישע פיגור פון י. איזביצקי (ב. מיכאַלעוויטש). און זעלבסטפאַרשטענדלעך געפי־נען מיר אים אין אַלע רייך־פּראָלעטאַרישע און בונדישע אינסטיטוציעס. ער איז דער טעטיקסטער מיטגליד פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד“. ער איז אין דעם פּרעזידיום פון דער קולטור־סעקציע ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ער איז אין דער פאַרוואַלטונג פון ידישן אַרבעטער־קונסט־פאַראיין. און לויט די מעגלעכקייטן האַלט ביי'ניש אויך אונטער די פאַרבינדונגען מיטן בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע.

שוין אין 1915 (און ביז 1917) שאַפט זיך אין שטאָט אַ ידישער „צענ־טראַל־קאָמיטעט“, אין וועלכן עס זענען פאַרטראָטן (דורך וואַלן) אַלע שיכטן פון דער ידישער באַפעלקערונג. עס ווערט אויך איינגעלאַדן אַ פאָרשטייער פון די ידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — יוסף ציפּקין.

ביים ידישן צענטראַל־קאָמיטעט איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פאַר דער זעלבסט־באַשטייערונג. צווישן אירע פינף מיטגלידער געפינען מיר אויך דעם ח' מיכאַלעוויטש (יוסף איזביצקי).

תיכף ווי די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט, האָט אָנגעהויבן זיין טעטיק אַן אַלגעמיינער בירגער־קאָמיטעט, מיט פאָרשטייער פון אַלע אָרטיקע נאַציאָנאַ־ליטעטן. ידן האָבן באַקומען פיר פאָרשטייער — צווישן זיי איז דאָ יוסף איזביצקי, אַלס פאָרשטייער פון די ידישע אַרבעטער.

אַזוי זעען מיר אַז ח' מיכאַלעוויטש איז אין ווילנע אויסגעמישט אין דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער עפנטלעכקייט. צו אים ציִען זיך אַלע פעדעם פון דער סאָציאַליסטיש־פּאָליטישער טעטיקייט, ער איז אויך אַקטיוו אין דער הילפס־אַרבעט פאַר דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, ער העלפט אָרגאַניזירן דאָס אָרטיקע מוניציפּאַלע לעבן, ער איז שטאַרק אַריינגעטאָן אין דער ברייטער קולטור־אַרבעט.

ווילנע האָט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט־קריג גע־פירט אַ גרויסע ידישיסטישע קולטור־באַוועגונג. שולן, אָוונט־קורסן פאָלקס־אוניווערסיטעטן — זענען געוואַקסן; געוועזן אַ רייכע דערציִונגס־ און אויפ־קלערונגס־אַרבעט. דער ידישער לערער־פאַראיין, דער ליטעראַטן־פאַראיין, שפּעטער „קולטור־ליגע“ — דאָס זענען געווען צענטערן פון גרויסער קאָכע־דיקער קולטור־אַרבעט. און ביי'ניש מיכאַלעוויטש איז דאָ געווען אין צענטער פון דער גאַנצער אַרבעט. צוזאַמען מיט פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און הילף־טעטיקייט, פאַר וועלכע ער האָט אָפּגעגעבן זיין הויפּט־צייט און ענערגיע, האָט ער אויך זיך אַריינגעוואָרפן אין שול־ און קולטור־אַרבעט. אין דעם „ידישן אַרבעטער־קונסט־פאַראיין“, וועלכער איז געווען די לעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון

די בונדישע אַרבעטער אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט מיכאַלעוויטש אויסגעטראָגן אויף זיך די גאַנצע אַרבעט. אין דער יידישער סעקציע פון דעם „אוניווערסיטעט פאַר אַלעמען" (דערעפנט דעם 19טן יאַנואַר 1916) האָט ער געלייענט אַ סעריע לעקציעס איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. און אויף וויפל די דאָזיקע לעקציעס זענען געווען פּאָפּולער, קען מען זען פון אַזאַ באַריכט, למשל: פאַר די חדשים יאַנואַר־פעברואַר 1916 זענען דאָ געווען 30 לעקציעס, אָבער די גרעסטע צאָל צוהערער האָבן צוגעצויגן די פינף לעקציעס איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע (2481 צוהערער). און אָט אַזוי זעען מיר דעם נאָמען יוסף איזביצקי אויף אַלע וויכטיקע אונטערנעמונגען און צוזאַמענקומען: דעם 3טן יוני 1916 האָט דער „יידישער אַרבעטער־קונסט־פאַראיין" איינגעאָרדנט אַן אָוונט, און מיכאַלעוויטש האָט דאָ אַ פּאָרטראַג וועגן שלום עליכמען. אין דעם זעלבן יאָר 1916 זענען אַרויס אין ווילנע די „ליטעראַרישע העפטן" — האָבן מיר דאָ אין ערשטן העפט — י. איז־קי: תפיסה־בילדער; אין צווייטן העפט — י. א־קי: שמעון שמואל פרוג. ער האָט דאָ אויך פּובליציסטישע אַר־טיקלען, און ווי עס שרייבט מ. שאַליט אין זיין „ביבליאָגראַפישער איבער־זיכט" (ווילנער זאַמלבוך ב׳ 11, ווילנע 1918) — „כאַראַקטעריסטיש פאַרן מאָ־מענט זענען דער עיקר די אַרטיקלען פון י. איזביצקין". — אין 1916 איז אין ווילנע אויך געווען טעטיק אַ „פאַראיין פון יידישע סטודענטן און אַביטור־יענטן", און אַ גאַנצע ריי ציקלען רעפעראַטן זענען דאָ געהאַלטן געוואָרן. צווישן די רעפעראַטן פאַרנעמט אַ חשובן אָרט יוסף איזביצקי. ענדלעך, ווען עס ווערט אין ווילנע געגרינדעט דער פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן, ווערט מי־כאַלעוויטש אויסגעוויילט פאַרן ערשטן פאָרזיצער פון פאַראיין.

אין ווילנע האָט אויך אין יענער צייט פונקציאָנירט אַ מין קלוב אויף פּאָהוליאַנקע, וועלכן מען האָט גערופן דער „יידישער לאָקאַל". דאָס איז גע־ווען אַ ווינקל פאַר געקליבענער אינטעליגענץ. דאָרט איז געבוירן געוואָרן די „ווילנער טרופּע", וועלכע האָט זיך שפּעטער אַזוי קונה שם געווען אויף דער וועלט; דאָרט זענען אויך אַרומגערעדט געוואָרן אַלערליי יידישע פּראָ־בלעמען. און מיכאַלעוויטש איז דאָ געווען איינער פון די הויפּט־פיגורן. כאָטש ער איז געווען אַ נייער מענטש אין ווילנע, האָט ער גאָר גיך דאָ באַקומען אַ גרויסן איינפלוס.

אין מערץ 1917 קומט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. איר אָפּקלאַנג דער־גרייכט אויך אויף דער זייט גרענעץ, אין די שטעט פון דער אָקופּאַציע און אויך אין ווילנע. דער „בונד", וועלכער איז די גאַנצע צייט טעטיק אין ווילנע, לאָזט איצט נאָך העכער הערן זיין שטים. בייניש מיכאַלעוויטש איז אין ווילנע טעטיק, ווי שוין דערמאָנט, אויף אַלע געביטן — אַלע ווייסן: דאָס איז דער

פאַרשטייער פון „בונד". די דייטשע אָקופּאַנטן קענען שוין מער נישט דולדן די טעטיקייט פון אָט דעם יוסף איזביצקי, זיי באַשליסן אים צו אַרעסטירן און אָפּשיקן אין געפאַנגען־לאַגער.

באַזונדער גרויס ווערט דער צאָרן פון דער דייטשער קריגס־מאַכט, ווען אויף איר פאַראָרדענונג וועגן צוואַנגס־אַרבעט פאַר דער גאַנצער ווילנער באַ־פעלקערונג, באַווייזט זיך אַ שאַרפער מוטיקער אויפרוף אויף יידיש, וועלכער ענטפערט דער מאַכט: מיר וועלן נישט גיין! מיר וועלן זיך נישט לאָזן שלעפּן אויף צוואַנגס־אַרבעט!

די גאַנצע שטאָט האָט געוווּסט, אַז דער מחבר פון אָט דער פלאַמיקער פּראָקלאַמאַציע איז — יוסף איזביצקי. זיין נאָמען איז געווען אויף אַלעמענס ליפּן. די דייטשע מאַכט זוכט אים. עס דראָט אים מיליטער־געריכט. אָבער אין מיליטערישן שטאַב זענען געווען דייטשע און ליטווישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און ווען דאָרט דרוקט זיך אַ פּאַפּיר וועגן אַרעסטירן יוסף איזביצקין, קומט מען צו לויפן אין בונדישן פּאַרטיי־קלוב וואָרענען, און ח' ביניש פּרוּווט זיך נעלם ווערן. אויפן וועג פון פּאַרטיי־קלוב טרעפט מען אים אָבער, און מען אַרעסטירט אים. גאַנץ ווילנע איז אויף רעדלעך. ווען חבר ביניש ווערט פאַר־הערט דורך דער אויספאָרשונגס־מאַכט, איז די גאַס אַרום דעם לאָקאַל בוכ־שטעבלעך שוואַרץ פון מענטשן. ח' ביניש האַלט זיך מוטיק און ענטפערט: דער „בונד" וועט נישט לאָזן נעמען אויף צוואַנגס־אַרבעט... די יידישע געזעל־שאַפטלעכע טוער הייבן זיך אָן משתדל צו זיין וועגן ח' מיכאַלעוויטש. ד"ר צ. שאַבאַד זאָגט עדות, אַז דער אַרעסטירטער איז קראַנק. עס גיט זיך איין אַרויסצוכאַפּן ביינישן פון פייער, און מען באַהאַלט אים אויס אין אַ הויז פון אַן אָרטיקער בירגערלעכער פאַמיליע.

די דייטשן האָבן אָבער באַלד חרטה געקריגן און זיי האָבן תיכף אָנגע־הויבן זוכן דעם ח' מיכאַלעוויטש. מען האָט ענערגיש געשפּיאָנעוועט. דריי וואָכן צייט איז ח' מיכאַלעוויטש געווען פאַרבאַהאַלטן אין דער בירגערלעכער שטוב. דערוויל פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם אַרעסט פונעם באַרימטן בונ־דיסטישן טוער און פירער די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן פון דייטשן פּאַרלאַמענט אין בערלין, זיי אינטערווענירן ביי דער מאַכט און עס ענדיקט זיך מיט דעם, וואָס ח' מיכאַלעוויטש באַקומט, צוליב זיין קראַנקהייט, אַ דער־לויבעניש זיך צו באַזעצן אין אָטוואָצק בתנאי, ער זאָל דאָרט זיך נישט פאַר־נעמען מער מיט פּאָליטיק און זאָל דאָרט פאַרבלייבן ביזן סוף פון דער דיי־טשער אָקופּאַציע. מען גיט אים 48 שעה אויף צו דערליידיקן זיינע פּערזענ־לעכע ענינים, און אין באַגלייטונג פון אַ געהיים־אַגענט ווערט ער אָפּגעפירט קיין אָטוואָצק.

אין גיכן קומט אָבער דער נאָוועמבער פון 1918, וועלכער מאַכט אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די דייטשן איבערן פוילישן לאַנד. פוילן שטייט אויף תחית־המתים, פוילן ווערט אַן אומאָפּהענגיקע זעלבשטענדיקע רעפּובליק. עס קומט די לובלינער רעגירונג, וועלכע פּראָקלאַמירט די רעכט פון פוילן.

פאַר בייניש מיכאַלעוויטשן הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה פון לעבן און אַרבעט. איצט האָט ער פאַר זיך אַ פריי פעלד פון טעטיקייט, — ער קען אויפטרעטן פאַר טויזנט־קעפּיקע פאַרזאַמלונגען און ברענגען פאַר זיי זיין פלאַמיק וואָרט. בייניש איז ווידער אין וואַרשע. אָבער שוין אין אַן אַנדער וואַרשע, אין דער הויפּטשטאָט פון דער יונגער רעפּובליק, ווו עס קאָנצענטרירן זיך אַלע אינטערעסן פון דער מלוכה, ווו עס איז דער צענטער פון דער גאַנצער פּוילישער און יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיט נייעם מוט און אימפּעט וואַרפט זיך אַריין בייניש אין דער אַרבעט, ער שרייבט טאָג־טעגלעך אין דער „פאָלקס־צייטונג“, ער רעדט אויף מיטינגען, ער באַטייליקט זיך אין אַלע אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון דער פאַרטיי.

דער נאָמען בייניש מיכאַלעוויטש ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ פּאָפּולערער ביי צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. בייניש הייבט אויך אָן צו באַזוכן די גרעסערע און אַ מאָל אַפילו קלענערע שטעט פון דער פּראָווינץ. ער פירט אין וואָרט און שריפט שאַרפע פּאָלעמיקעס און דיסקוסיעס מיט פּאָליטישע קעגנער. ער באַגייסטערט און רופט די יידישע אַרבעטער צו ווייטערדיקע קאַמפן, און ער ווערט אַלץ מער באַליבט ביי די מאַסן, מיט וועלכע ער קומט אין באַרירונג. ער טיילט זיך אויס פון אַנדערע טוערס מיט זיין פּשוטקייט און פאָלקסטימלעכקייט, ער איז שטענדיק מונטער און לעבנס־לוסטיק; ער איז חבריש און צוטריטלעך פאַר יעדן פאַרטיי־מיטגליד, — און עס ציט זיך אַ גרויסע זון פון ליבע צו ביינישן — פון הערצער פון צענדליקער און צענדליקער טויזנטער.

אָבער נישט נאָר אייגענע האָבן ליב געהאַט און געאַכטעט ביינישן מיכאַלעוויטשן. אויך קעגנער האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט אַכטונג און דרך־ארץ — זיי האָבן געוווסט: דאָס איז אַ מאַן פון קרישטאָלענער ריינקייט, דאָס איז דער סימבאָל און פאַרטרעטער פון דער אַרבעטער־מאַסע. זיי האָבן געשעצט זיין אינטעליגענץ, זיין פאַרשטענדעניש פאַר אַלע פראַגן פון יידישן לעבן, זיין באַהאַוונטקייט אין דער יידישער קולטור און ליטעראַטור, זיין אויפריכטיקייט און אָרנטלעכקייט, זיין אייפאַכקייט און אוממיטלבאַרקייט. בייניש איז אַ לענגערע צייט געווען מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער וואַרשעווער קהילה, און אויך דאָ האָט ער זיך אָנטפּלעקט מיט אַלע זיינע שיינע אייגנשאַפטן, מיט טיפער מענטשלעכקייט און אויפמערקזאַמקייט צום ליידנ־

דיקן, צום אָרעמען און דערשלאָגענעם. צענדליקער מענטשן האָט ער טובות געטאָן, געראַטעוועט פון געפאַרן און שווערער לאַגע. דאָ אין דער קהילה, האָט בייניש געשטורעמט די פעסטונג פון דער יידישער רעאַקציע, האָט מוטיק באַקעמפט דאָס בירגערטום און דעם קלער (רבנים און כלי־קודש), דאָ האָט ער געקעמפט פאַר די אינסטיטוציעס פון דער נייער יידישער קולטור. דאָ האָט ער פיל קעגנער געהאַט, אָבער נישט קיין פיינט. דאָ האָט אים זיין אידעלער כאַראַקטער געשאַפן גוטע פריינד און פאַרערער.

בלויז צען יאָר איז בייניש מיכאַלעוויטשן באַשערט געווען צו אַרבעטן ביי די נייע באַדינגונגען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. אָבער פאַר אָט די צען יאָר האָט זיך ביינישעס טאַלאַנט פונאַנדערגעוויקלט אין זיין גאַנצער פּראַכט. ער אַרבעט אָן אויפהער, אָן אָפּרו. ער דרוקט אָפּ עטלעכע ביכער: „סאָציאָלאָגישע עטיודן און פּאָליטישע סקיצן", דריי בענדער „זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט"; ער דרוקט גרעסערע אַרבעטן אינעם „אַרבעטער־לוח", אין דעם זשורנאַל „אונדזער צייט", אין „רויטן פּנקס", „צוקונפט" א"אַ און אין דער „פאָלקס־צייטונג" גופא שרייבט ער אונטער זיין אייגענעם נאָמען און אונטער פּסעוודאָנימען (אַן אַלטער באַקאַנטער, אַ גראָער, דער זעלבער) אויף פאַרשידנאַרטיקע טעמעס; ער רופט זיך אָפּ אויף פראַגן פון טאָג־טעגלעכער פּאָליטיק, ער שרייבט וועגן יידישן לעבן, וועגן יידישע קולטור־ און ליטעראַטור־פּראָבלעמען, ער שרייבט אַלגעמיינע אָפּהאַנדלונגען איבער פראַגן פון סאָציאַליזם, ער שרייבט וועגן יידישן טעאַטער, יידישער שול און נאָך און נאָך. זיין פּרוכטבאַרקייט איז זייער גרויס. זיין רירעוודיקייט, אימפּולסיוויקייט — נאָך גרעסער. אויך אין געדרוקטן וואָרט פלאַקערט זיין רעוואָלוציאָנערער אָטעם.

***

אין יוני 1921 איז געגרינדעט געוואָרן די „צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע" אין פּוילן (ציש"אָ). אַ פּאָר יאָר האָבן זיך געצויגן בעראַטונגען און קאָנפערענצן, וועלכע האָבן ענדגילטיק געבראַכט צום ערשטן שול־צוזאַמענפאָר. בייניש מיכאַלעוויטש איז אינעם גאַנצן בראשית־פּעריאָד פון דער יידישוועלטלעכער שול־באַוועגונג אַקטיוו. ביי דער „פאָרבאַראַטונג" אין אַפּריל 1921, וועלכע האָט ענדגילטיק אַנטשידן די פראַגע, געפינען מיר בייניש אינעם פּרעזידיום. בייניש פאַרטיידיקט דאָ דעם שטאַנדפּונקט פון „בונד" אין דער שול־פראַגע. ער איז דערפאַר, אַז דער פּראָיעקטירטער שול־צוזאַמענפאָר זאָל אָנשליסן נישט נאָר די סאָציאַליסטישע שולן און טוער, נאָר אויך די יידישדעמאָקראַטישע; „מיר מוזן אָננעמען אַ פּרינציפּ — האָט בייניש געטענהט — אַז אַלע שולן, וואָס זענען יידיש־וועלטלעך, באַטייליקן זיך אינעם צוזאַמענפאָר

און בילדן דעם צענטראַלן אָרגאַן". און ווען די באַראַטונג האָט אויסגעטיילט אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וועלכער זאָל פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן פון אַ שול־צוזאַמענפאָר און שול־אָרגאַניזאַציע, — ווערט, פאַרשטייט זיך, בײַניש מי־כאַלעוויטש אינעם דאָזיקן קאָמיטעט אויסגעקליבן, — און גלייך פון אָנהייב שטעלט זיך איין דער קוק אויף אים ווי אויף דעם קינפטיקן פאָרזיצער פון דער נייער גרויסער אָרגאַניזאַציע פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פוילן.

ווילנע איז געווען מיכאַלעוויטשעס „אוניווערסיטעט" צו דער קינפטי־קער ראָלע אין יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פוילן. זיין צוגאַנג צו דער נייער שול און איר אָרגאַניזאַציע איז פון אָנהייב געווען פון ברייטן פאַרנעם — סיי קולטור־נאַציאָנאַל און סיי סאָציאַליסטיש־פּאַרטייאיש. די דאָזיקע פּרינציפּיע־לע באַציִונג האָט זיך גליקלעך באַהאָפטן אין אים מיט פּערזענלעכע אייגנ־שאַפטן פון עניוות, גוטמוטיקייט, פאַרשטענדעניש פאַרן מענטשן און פאַרן חבר, קלוגשאַפט און אָפּטימיזם, — און מיט די אַלע אייגנשאַפטן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַרן אידעאַלסטן מוסטער פון אַ פאָרזיצער פון אַזאַ יונגער און אַנגרייפערישער באַוועגונג.

פונעם אָנהייב אָן, אין זיין ערשטער רעדע אויפן שול־צוזאַמענפאָר, און שפּעטער ביי אַנדערע געלעגנהייטן און אין אַרטיקלען, האָט מיכאַלעוויטש אַק־צענטירט אַזאַ מאָמענט: „עס איז אומנאַרמאַל, אַז אונדזער שול זאָל זיך אויס־האַלטן אויפן חשבון פון אונדזערע אַמעריקאַנער פריינד, — מיר אַלע זענען פאַראינטערעסירט, אַז אונדזערע קולטור־אינסטיטוציעס זאָלן דורך אונדז אַליין אויסגעהאַלטן ווערן; מיר פילן אויף זיך די גרויסע התחייבותן פאַר דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון אונדזערע אַנשטאַלטן". און מיכאַלע־וויטש איז נישט מיד געוואָרן צו דערמאָנען די יידישע אַרבעטער און זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַז זיי מוזן טראָגן אויף זיך די לאַסטן פון די שולן נישט נאָר אידעיִש, נאָר אויך מאַטעריעל, פּאַקטיש. עפּעס האָט מען אַרויס־געפילט אין מיכאַלעוויטשן אַ פּערזענלעכן, מענטשלעכן ווידער־געפיל פון צו לעבן אויף יענעמס חשבון. די אויפריכטיקייט פון זיין נאַטור האָט געפאָדערט אויך אויפן געזעלשאַפטלעכן און פּראַלעטאַרישן געביט — אויסגעהאַלטנקייט אין די מעשׂים: אויב דער ברודער־אַרבעטער מיינט עס ערנסט מיט דער ניי־ער און סאָציאַליסטישער שול, דאַן מוז ער עס נעמען אויף זיך ממש. און אויב מיט יאָרן שפּעטער האָט די יידיש־וועלטלעכע שול דערגרייכט טאַקע, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן בייגעטראָגן שטענדיקע אָבליגאַטאָרישע שטיי־ערן פאַר דער שול, אַז אייניקע שולן אין וואַרשע, ווילנע א"אַ זענען געווען אונ־טער דער דירעקטער אַפּיטראָפּסוס פון געגעבענע פאַראיינען, — האָט מען פאַר דעם צו פאַרדאַנקען דער אויסגעהאַלטענער שטעלונג פון מיכאַלעוויטשן.

מיט זיין גרויסן חוש פאַר דער מאַסע און מאַסן־אַרבעט האָט ער דער־פילט גלייך ביי די ערשטע שריט, וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע פּערספּעקטיוון עס עפענען זיך פאַר דער ציש״אָ און פאַר דער שול־באַוועגונג, און ער האָט עס אין זיין פייערלעכער שלוס־רעדע ביים צוזאַמענפאָר געבראַכט צום קלאָרן אויסדרוק. אַליין דערצויגן אינעם מאַרקסיסטישן אַרט דענקען און שטענדיק געדענקענדיק וועגן דער צוקונפט און ענד־ציל, האָט ער ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם גרויסן באַטייט פון ערשטן צוזאַמענפאָר פאַר דער ווייטערדיקער צוקונפט פון יידישן קולטור־לעבן. דער צוזאַמענפאָר איז אין זיינע אויגן נישט געווען קיין צופעליקער אינצידענט, קיין אָפּגעריסענע געשעעניש, ער האָט דאָ דער־זען נישט נאָר אַ סך־הכל פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה, נאָר ער האָט נביאיש געזען די תקופה, וואָס עפנט זיך פאַר דער יידישער שול־באַוועגונג, און מיט זיין גאַנצן פּאַטאָס האָט ער אויסגערופן: „אונדזער צוזאַמענפאָר, דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די פּראָלעטאַרישע שולן, וועט אַ שיינעם פּלאַץ פאַרנעמען אין אונדזער קולטור־געשיכטע. אָבער נישט בלויז פאַרן מאָרגן, פאַר דער שפּעטערדיקער צייט, נאָר שוין פאַרן היינט, פאַר דער קעגנוואַרט האָבן מיר גראַנדיעזע אויפגעטאָן. גרויסע פּאָזיטיווע זאַכן האָבן מיר אין פאַרלויף פון דער וואָך אויפגעטאָן״.

מיכאַלעוויטש אַליין — פּאַרטיי־פירער און פירער פון דער צוזאַמענפאָר־פּראַקציע, — האָט דערזען פאַר זיינע אויגן די גראַנדיעזקייט פון דער נייער שול־באַוועגונג, איר היסטאָרישע שליחות. און אָט דאָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם פאָן־טרעגער און פירער פון דער נייער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געזען די פּערספּעקטיוו פון דער באַוועגונג, אירע גרויסע אויסזיכטן און קינפטיקע ראָלע. די גרויסע מעלה פון מיכאַלעוויטשן איז דערביי געווען, וואָס זייענדיק באַהויכט פון אַ העל־זעעוודיקער פאַנטאַזיע און זייענדיק דער פייערדיקער פּאַטעטישער טריבון פון דער שול און ציש״אָ־באַוועגונג, איז ער דאָך פאַרבליבן רויִקער רעאַליסט, האָט ער געהאַט דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פּראַקטישער ווירקלעכקייט און פּאָזיטיווער שאַפונג.

אָט דער חוש פון רעאַליזם האָט מיכאַלעוויטשן דיקטירט, ביי וואָס פאַר אַ טאַקטיק די ציש״אָ און די יידישע אַרבעטער דאַרפן זיך האַלטן. „די מלוכה מוז געשטעלט ווערן פאַר געשעענע פּאַקטן, — האָט ער געשריבן שפּעטער אין אַן אַרטיקל, — די נייע שולן מוזן ווערן אויסגעבויט און אונטערגעהאַלטן אין יעדער שטאָט און אין יעדער שטעטל, און דעמאָלט וועט אונדז דער קאַמף פאַר זייער קיום פיל גרינגער זיין... די יידישע אַרבעטערשאַפט אויפן אָרט מוז אָנערקענען איר גרויסע התחייבות, וואָס זי האָט צו אירע שולן און מוז צאָלן דעם חוב, אויב זי וויל קיין באַנקראָט נישט בלייבן. די אַרבעטער־אָרגאַ־

ביזאַציעס, די פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע און קולטורעלע, מוזן אַריינגע־מען אין זייערע בודזשעטן אויך די הוצאות אויף די שולן. זיי מוזן דעקן זייערע בודזשעטן, מוזן זיכערן זייער עקזיסטענץ. דאָס איז אַ לעבנס־פראַגע פאַר די יידישע אַרבעטער, דאָס איז זייער אַ ברענענדיקע באַדערפעניש, און אויב נאָר די דאָזיקע באַדערפעניש וועט ווירקלעך ווערן אָנערקענט פון די ברייטע מאַסן, אויב אַלע יידישע אַרבעטער וועלן פאַרשטיין, אַז די יידישע שול איז פאַר זיי נויטיק, ווי אַלע איבעריקע צווייגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, — דעמאָלט וועט דער קיום פון אונדזערע שולן זיין געזיכערט".

אין אָט די רייד איז געווען אָנגעצייכנט אַ רעאַלע פּאָליטיק פאַר דער ציש"אָ, דאָ איז געווען אַ טרוקענער אַנאַליז און אויסרעכענונג, דאָ איז די שול געשטעלט געוואָרן נישט ווי אַן אַבסטראַקטע פּראָבלעם פון „לעתיד לבוא", נישט ווי אַ קעגנשטאַנד פון פּאָליטיש־פּאַרטייאישער אַגיטאַציע, נאָר ווי אַ פּאָזיטיווע, שעפערישע אויפגאַבע אין דער פּראָלעטאַרישער טאָג־טעגלעכקייט, דאָ איז נישט געווען קיין סתם אַגיטאַציע פאַרן פּראָלעטאַריאַט, נאָר עס איז דעם יידישן אַרבעטער געזאָגט געוואָרן קלאָר און אָפן — וואָס ער האָט צו טאָן פאַר דער שול, צוליב דער שול, און דאָס האָט אָנגעצייכנט די ווייטערדיקע ליניע פון דער ציש"אָ־טעטיקייט. מיכאַלעוויטש האָט זיך באמת דערמיט גע־שטעלט מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע אַרומיקע. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן באמת מער ווי ראוי פאַר דעם ערן־אַמט, אויף וועלכן ער איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן.

דער דאָזיקער רעאַליזם, פון איין זייט, און די צוקונפט־פּערספּעקטיוו, פון דער אַנדערער זייט, האָבן אים געגעבן כוח און רוִקייט אַריבערצוטראָגן די מפּלות און קלעפּ, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויפן נייעם שול־וועזן און ווייטער אַליין שטיין ביי דער אַרבעט און אַנדערע מונטערן דערצו. „חברים און פריינד! — האָט ער גערעדט צום צווייטן שול־צוזאַמענפאָר (1925) — פאַר די 4 יאָרן, אַז מיר מאַכן אַ ס"ה פון אונדזער אַרבעט, זעען מיר, אַז קוואַנטיטאַטיוו האָבן מיר גאָרנישט דערגרייכט, מיר האָבן נאָך פאַרלוירן: פיל שולן זענען געשלאָסן געוואָרן, פיל לאָקאַלן צוגענומען אד"ג. אָבער אַז מיר וועלן גרונטלעך אַוועקשטעלן די פראַגע, אונדזער געווינס באַטראַכטן פון אַ ברייטן פונקט, קע־נען מיר מיט פרייד קאָנסטאַטירן, אַז מיר זענען אויסגעוואַקסן אין אַ מעכטיקן געזעלשאַפטלעכן כוח; אונדזער שול האָט געפונען אַ הילכיקן רעזאָנאַנס אין לאַנד און אין אויסלאַנד. מיט אונדז זענען איצט נישט בלויז די קולטור־טוער, נאָר מיט אונדז גייט מיט די סימפּאַטיע און הילף פון די ברייטע יידישע מאַסן"...

פאַרן צוזאַמענפאָר איז געשטאַנען אַ טריבון פון אַ גרויסן פאַרמעסט, אַ מאַן מיט אַ ברייטן קוק, מיט אַ טיפן אַריינדרינג אין דער צוקונפט, מיט אַ וווּנדער־באַרן חוש פאַר דאָס היסטאָריש־נויטווענדיקע. מיט אויפריכטיקן פּאַטאָס האָט

ער געשליידערט אין פּנים דער פּוילישער רעאַקציע, וועלכע האָט פאַרגעשלאָגן דער ציש״אָ דעם קאָמפּראָמיס פון צוויי־שפּראַכיקייט, און ער האָט אויסגערופן: „די איינציקע פּשרה, אויף וועלכער מיר קענען איינגיין, איז — אַ ייִדישע וועלטלעכע שול מיט דער ייִדישער שפּראַך! מיר מוזן דערקלערן פאַר פּוילן און גאַנץ אייראָפּע: אונדזער צונג וועלן מיר נישט פאַרקויפן! מיר זענען טריי אונדזער שפּראַך, מיר וועלן זי נישט פאַרהאַנדלען. מיט דער גאַנצער שאַרפ־קייט וועט דער צוזאַמענפאַר פּראָטעסטירן קעגן יעדער מין שאַכער־מאַכעריי, וועלכע עס פירן די בירגערלעך־ייִדישע פּאָליטיקער הינטער די קוליסן פון די מיניסטעריומס... מען קען אונדזער צונג אַרויסרייסן, אונדז אינגאַנצן אומ־ברענגען, אָבער קוים לעבן מיר, — ווילן מיר זיין ווי פרייע שטאָלצע מענטשן און בירגער״.

אַ קעמפערישע און רעוואָלוציאָנערע נאַטור, איז מיכאַלעוויטש געווען פול מיט גלויבן אין ייִדישן פאָלקס־מענטש, און ווען מען האָט פון דער טריבונע געפרעגט: ווו זענען די ייִדישע דעמאָקראַטן, וועלכע העלפן בויען די ייִדישע וועלטלעכע שול, — האָט מיכאַלעוויטש אַזוי פאָרמולירט זיין שטעלונג: „ס׳איז אַ טראַגעדיע פאַר אונדז, וואָס מיר אַליין בויען די שולן, וועלכע ס׳האָבן געדאַרפט בויען דווקא די דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וועלכע שרייען, אַז מיר ווילן זיי נישט צולאָזן צו דער אַרבעט, די געשיכטע האָט אונדז איבערגעגעבן צו בויען די ייִדישע שול. קיין אַנדערע זענען נישטאָ... אין דער איצטיקער לאַגע מוז פעסטגעשטעלט ווערן, אַז אין דער ייִדישער גאַס — אַ זיכערע אונטערשטיצונג פאַר אונדזער שול גיט נאָר דער אַרבעטער״. פאַר מיכאַלעוויטשן, דעם אמתן דעמאָקראַט און פאָלקס־מענטש, איז עס געווען אַ טראַגעדיע, וואָס די ייִדישע וועלטלעכע שול מוז געבויט ווערן נאָר דורכן ייִדישן אַרבעטער, וואָס אויף דער ייִדישער גאַס פעלט אַ דעמאָקראַטישער שיכט, וועלכער זאָל איבערנעמען אויף זיך אָט די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע פונקציע. מיכאַלעוויטשן איז געווען פרעמד יעדער מין דעמאַגאָגיע; זיין קוק איז געווען דורכדרינגענדיק און אויפריכטיק. די שול איז געווען פאַר אים אַ בלוטיק פּראָבלעם, אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ייִדישער טראַגעדיע.

אַליין אַן אמתער פאָלקס־מענטש, דורכגעדרונגען מיט דער אַלטער און נייער ייִדישער קולטור, אַ מענטש פון העכערע גייסטיקע אינטערעסן און שטרע־בונגען, צונויפגעבונדן אינטים מיט דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור און קונסט, — איז פאַר אים די שול געווען אַ קולטור־פּראָבלעם, אַ שטיק ייִדיש לעבן. אַזוי ווי די שול האָט נישט געקענט עקזיסטירן אָן די אַרבעטער, אַזוי האָט ער זיך נישט געקענט פאָרשטעלן די אַרבעטער אָן דער שול, אָן אַ קול־טור־אָרגאַניזאַציע. די שול האָט געדאַרפט ווערן דער רוקנביין פון אַ גרויסער

קולטור־באַוועגונג, און די קולטור — דער רוקנביין פון אַקטיוון מאַסן־לעבן, מאַסן־שאַפונג.

נאָר אָט דער ברייטער קוק און פאַרנעם האָט געקענט שפּייזן די נייע שול־באַוועגונג. מיכאַלעוויטש איז געווען דער אידעאָלאָג פון דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג. ער איז געווען דער מונטערער און שיצער, דער מוסטער פון גלויבן און פעסטקייט. און אַ גרויסע ליבע צום ייִדישן קינד האָט פון אים אַרויסגעשיינט, אַ וואַרעמע פאָטערלעכע ליבע צום פּראָלעטאַרישן קינד — ביי וועמען מען וויל די לעבעדיקע צונג אַרויסרייסן פון מויל... און ווי אַ ליכטיקער סימבאָל, וואָס פאַרדינט פאַראייביקט צו ווערן דורכן פּענזל פון אַ גרויסן מייסטער, וועט בלייבן דאָס בילד, ווען איבערן זאַל פון צוזאַמענפאָר האָט דורכמאַרשירט אַ צוג פון די קינדער מיט פּלאַקאַטן, פול מיט גרוסן און מיט שול־פאָדערונגען, און דער גרויסער בייניש מיכאַלעוויטש האָט מיט אויפ־ריכטיקן ספּאָנטאַנישן ענטוזיאַזם זיך אַ וואָרף געטאָן צום צוג, אַ כאַפּ געטאָן אַ פּלאַקאַט מיט לאָזונגען, און זיך געלאָזט דער לעצטער נאָכמאַרשירן אין צוג, — איינער פון די פאָלקס־קינדער, איינער וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די פרייד פון די קינדער אין די ווענט פון דער נייער שול, איינער וואָס פאַר־קערפּערט מיט זיך דעם פייערדיקן פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס דאָס ייִדישע קינד ווערט באַרויבט פון זיינע עלעמענטאַרע רעכט... דאָ איז בייניש מיכאַלע־וויטש געווען דער פאָרגייער און פירשפּרעכער פון אַ גאַנצן דור, פון אַ גאַנצן פאָלק.

זייער שווער איז געווען די ראָל פון פאָרזיצער אין ציש״אָ פון יענער צייט. זייער קאָמפּליצירט און פאַראַנטוואָרטלעך זענען געווען זיינע אויפגאַבן. פיר פראַקציעס זענען געזעסן אין ציש״אָ אין יענער צייט, דער „בונד״ אַליין האָט נישט געהאַט קיין מערהייט, אָבער ער איז געווען — די ערשטע און די גרעס־טע פראַקציע. די פּאַרטיי־באַציִונגען זענען געווען ליידנשאַפטלעך פאַרשאַרפט. — פון דרויסן איז געשטאַנען נאָך איין פראַקציע — די ייִדישע קאָמוניסטן, — פון וועלכע דער שול־וועזן האָט איבערגעטראָגן געברענטע צרות. דער פאָרזי־צער האָט געדאַרפט אויסגלייכן, פאַרגלעטן, אָפּהיטן די גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. אָבער גלייכצייטיק זענען אים געווען טייער די אינטערעסן פון דער אייגענער פּאַרטיי, און ער האָט געדאַרפט שיצן איר כבוד. און מען קען זיך פאָרשטעלן, אַז אויך אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז נישט אַלץ געווען גלאַטיק און פּשוטלעך בנוגע די פראַגן פון ציש״אָ, און מיכאַלעוויטשן איז אויסגעקומען גאַנץ אָפט אויך אין די אייגענע חברישע רייען צו שפּילן די ראָל פון אַ פאַרמיטלער, פון אַ שלום־מאַכער.

די ציש״אָ איז אָפט געשטאַנען פאַר שווערע מלוכהש־פּאָליטישע פראַגן,

פּרינציפּיעלע און טאַקטישע. עס האָט זיך געפאָדערט אַן אויטאָריטעט, וועלכער זאָל פירן די אָרגאַניזאַציע מיטן ווירדיקן וועג, און גלייכצייטיק פאַרהיטן פון טאָטן, וואָס זאָלן פירן, חלילה, צו דער פאַרניכטונג פון דער אָרגאַניזאַציע. מען האָט אָפּט געמוזט ממש באַלאַנסירן ווי אויף אַ שטריק אַנגעצויגן איבער אַ מיטן תהום. מיכאַלעוויטש האָט געשפּילט אין די אַלע מאָמענטן אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל.

און נישט נאָר אַ פירער און אַן אָנווייזער האָט ער געקענט זיין, נאָר ווען ס'איז נויטיק געווען — איז ער אויך געווען אַ גוטער אויספירער, אַ זעלנער, אַ דינער און באַדינער. און ווען די אינטערעסן פון ציש"אָ האָבן געפאָדערט, ער זאָל זיך לאָזן למרחקים, צו די אַמעריקאַנער פריינד, און ביי זיי פועלן זיי זאָלן שאַפן אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַרן שול־וועזן אין פוילן, האָט ער עס אָן קווענקלען און אָן פּאַזע, אין פולער באַשיידנקייט — געטאָן. איז ער אַוועק קיין אַמעריקע (סוף 1923) אַלס דער ערשטער שליח פון ציש"אָ, דורכגערייזט דאָס לאַנד, דורכגעפירט אַ גרויסן קאַמפּיין און באַזאָרגט אויף עטלעכע יאָר די עקזיסטענץ פון דער שול. און ווען די קאָמוניסטן האָבן באַגלייט זיין אַקציע מיט אַ שווידערלעכער העצע־קאַמפּאַניע, האָט ער עס מבטל געמאַכט מיט זיין ליכטיקן שמייכל, און ווייטער געטראָגן מיט שטאָלץ די פאָן פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול.

אַ האַלב יאָר צייט האָט בייניש פאַרבראַכט אין אַמעריקע. ער האָט באַזוכט צענדליקער שטעט, אויפגעטראָטן אויף הונדערטער פאַרזאַמלונגען. בייניש האָט דאָ געטראָפן הונדערטער אַלטע פריינד און פאַרערער, און ער האָט זיך דאָ געשאַפן הונדערטער נייע חברים וועלכע האָבן באַוווּנדערט די רייכקייט און שיינקייט פון זיין פערזענלעכקייט. צום שלוס פון זיין אַקציע שאַפט ח׳ מיכאַ־לעוויטש אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע „געזעלשאַפט צו העלפן די קינדער־אינסטיטוציעס אין אויסלאַנד". בראש פון דער אָרגאַניזאַציע שטייען ב. וולאַ־דעק, י. ווייַנבערג און י. באַסקין. די ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג באַשטייערן זיך מיט אַ שטענדיקן אָפּצאָל, אַ לאַנגע צייט באַקומט די ציש"אָ פון אָט דער אָרגאַניזאַציע 3 טויזנט דאָלאַר אַ חודש, — אַ סומע וועלכע שפּילט זייער אַ גרויסע ראָל אין בודזשעט פון ייִדיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין פוילן. בייני־שעס אַקציע איז געווען אַ געוואַלטיק־גרויסער דערפאָלג — מאַטעריעל און מאָ־ראַליש. ווי אין אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, איז אויך אין דער אַקציע זיינער געווען אַ סך דערהויבנקייט, יום־טובדיקייט.

בייניש פאַרבלייבט דער פאָרזיצער פון ציש"אָ ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער איז אַריין אין דער געשיכטע פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין פוילן ווי אירער אַ לעבעדיקער סימבאָל.

אָבער ביינישעס נאָמען איז אויך טיף אַריינגעדרונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור און פּובליציסטיק. ער האָט פאַרמאָגט אַ פון גאָט־געבענטשטע פּע־דער. ער האָט צום ייִדישן אַרבעטער־לייענער גערעדט וועגן יעדער וויכטיקער דערשיינונג אין געביט פון ייִדישן טעאַטער, פון ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט פּאָפּולאַריזירט און איבערפּרעטירט די גרויסע אידעען פון די שאַפער פון דער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט אויפגעקלערט און פּאַרטייטשט די אידעען פון סאָציאַליזם און מאַרקסיזם און אַרויסגעפירט דעם ייִדישן אַרבעטער אויף די ברייטע שליאַכן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. אין אַ לייכטן פאָלקסטימלעכן לשון און סטיל האָט ער אויפגעקלערט די שווערסטע פּראָבלעמען. ער האָט שאַרף פּאָלעמיזירט מיט קעגנער און שונאים, זיי אויס־געלאַכט מיט בייסיקער סאַטירע. אַזוי האָט ער אַריינגעגעבן טיפן ענטוזיאַזם און הייסן אָטעם — אין אַלץ וואָס ער האָט געגלויבט, געפּריידיקט. זיין ליטע־ראַרישע ירושה האָט נישט פאַרלוירן ביז היינט איר פרישקייט, אינטערעסאַנט־קייט און אויפריכטיקייט. און אַזוי וועט ער פאַרבלייבן — יאָרנלאַנג.

ביניש איז געווען אַ מוסטער פון אַ זשורנאַליסט. ער האָט די בונדישע צייטשריפט אויפגעהויבן אויף אַ העכערער מדרגה, זיי צוגעגעבן אַ סך שווונג און פאַרמעסט, אַ סך ווירדע און אויסגעהאַלטנקייט. מיט דעם האָט ער געדינט דער ייִדישער פּרעסע און זשורנאַליסטיק בכלל.

ביניש איז אויך פּערזענלעך געווען אינטים געבונדן מיט אַ סך ייִדישע שרייבער, ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, — און ער האָט זיך אין די דאָזיקע קרייזן דערוואָרבן אַ באַציִונג פון דרך־ארץ, פון ליבע און אַכטונג.

דאָס איז געווען די שפּרודלדיקייט פון ביינישעס טעמפּעראַמענט. אינטים געבונדן מיט דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער ייִדישער ליטעראַ־טור און נייער וועלטלעכער קולטור, מיט דער שול־באַוועגונג, מיט דער פּרעסע, — און אומעטום אַריינגעטראָגן פלאַמיקייט, גרויסקייט, געוואַגטקייט.

***

אין 1926 איז ביניש מיכאַלעוויטש געוואָרן 50 יאָר אַלט. פאַרשטייט זיך, אַז ביי זיין גאַנצער אידעיִשער און מאָראַלישער איינשטעלונג — איז אים אַפּי־לו אויפן געדאַנק נישט געקומען אַז די דאָזיקע דאַטע זאָל געפייערט ווערן אין „בונד". דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט אָבער געהאַט וועגן דעם אַן אַנדער מיינונג, און אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן אין דער ייִדישער געגנט איז קעגן דעם ווילן פון ח' מיכאַלעוויטש, געפייערט געוואָרן זיין 50־יאָריקער געבוירנטאָג. עס זענען אַנוועזנד געווען די פאָרשטייער פון דער גאַנ־צער בונדישער באַוועגונג. עס זענען אָבער אויך געקומען צום באַנקעט פאָר־

שטייער פון אַלגעמיין־ייִדישע אינסטיטוציעס, בראש מיט ה. ד. נאָמבערגן, וועלכער האָט טאַקע געהאַלטן אַ מערקווירדיקע און באַגייסטערטע באַגריסונג צום יובילאַר.

אין אַרכיוו פון „בונד" געפינט זיך אַ זאַמלונג פון עטלעכע הונדערט באַגריסונג־בריוו און טעלעגראַמעס, וואָס זענען געקומען צום יובילעום פון ח׳ מיכאַלעוויטש. אַ פלאַם פון אויפריכטיקער ליבשאַפט און באַגייסטערטער אַכטונג — ברענט אין אָט די באַגריסונגען. פון אַלע עקן וועלט האָבן געפלאָסן אַזעלכע אויסדרוקן פון פרייד און שטאָלץ מיטן באַליבטן לערער, פירער און חבר.

איך נעם אַרויס פון אָט דעם באַרג באַגריסונגען בלויז עטלעכע, זיי זענען רירנד מיט זייער פשטותדיקן און פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער און אינהאַלט. (געשריבן מיט קינדישער שריפט אויף אַ פשוט בלעטל פּאַפּיר). די באַגריסונג פון די שילער — איז איינע פון צענדליקער ענלעכע באַגריסונגען; פון די אַרבעטער ברענג איך פאַר צוויי באַגריסונגען: פון אַ „גרופּע שוסטער", דאָס איז געווען די בונדישע גרופּע אינעם דעמאָלט קאָמוניסטיש־באַהערשטן פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער (סטאַווקי 41); די צווייטע — פון דער „בונדישער גרופּע פון הויז־ווירטשאַפט", דאָס איז געמיינט פון די ייִדישע „דינסטמיידלעך", וועלכע דער „בונד" האָט אָרגאַניזירט. צום סוף ברענג איך דעם באמת איידעלן און רירנדן בריוו פונעם שריפטשטעלער ז. סעגאַלאָוויטש.

חבר ביינישן! ניטאָ ווערטער וועלן און קאָנען אויסדריקן אונדזער שמחה צו דיין־אונדזער יום־טוב, נאָר ט אָ ט ן, און צו ט אָ ט ן זענען מיר גרייט אויף דיין און דעם בונדס רוף. לעב לאַנג, טייערער לערער און חבר!

די שילער פון דער אָוונט־שול ביים ייד. קולט־אַמט
(יוגנט־אַפּטיילונג — קאַרמעליציע 29)

***

דעם אומדערמידלעכן קעמפער פאַר דער באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס בכלל און ייִדישן בפרט — חבר יוסף איזביצקי (ביניש מיכאַלעוויטש) — מיין באַגריסונג צו זיין 50־יאָריקן יובל און וווּנטש — ווייטערדיקע פּרוכטבאַרע אַרבעט און דערגרייכונג צום ענדציל פון קעמפנדן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט — צום סאָציאַליזם.

פריינד און מיטאַרבעטער פון די שווערסטע יאָרן
(1915—1918) פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע
ח י י ם   ו ו א ל ט

***

מיר באַגריסן דעם חבר ביניש א י ן צ ו יי ע ן, ווייל מיר האָבן געהאַט דעם כבוד צו זיין מיטן חבר ביניש אין איין גרופּע אין דעם 19טן און 20סטן יאָר, און מיר ווינטשן דעם חבר ביניש לאַנג־דויערנדע צוזאַמענלעבן און ווייטער שמידן די גאָלדענע קייט מיט דער בונדישער אַרבעטער־באַוועגונג

**אַ גרופּע שוסטער.**

***

מיר באַגריסן אייך, חבר מיכאַלעוויטש, צו אייער 50־יאָריקן יו־בילעום און מיר ווינטשן אייך אַז מיר זאָלן אַלע צוזאַמען נאָך קעמפן דרייסט אַזוי ווי איר חבר מיכאַלעוויטש ביז איצט — ביז צום ענדגיל־טיקן זיג.

**די בונדישע גרופּע פון הויזווירטשאַפט אין וואַרשע**

***

טייערער מיכאַלעוויטש! איך שיק אייך דאָ רויטע בלומען צו אייער יום־טוב. איך דעמאַנסטריר נישט מיט דעם רויטן קאָליר, כ׳האָב צו שטאַרק ליב אויך די איבעריקע פאַרבן. אָבער אייער יובל האָט מיך דערמאָנט דעם ריינעם באַגינען פון אייער נוצלעכער און אידעישער אַר־בעט. עס האָט זיך דערמאָנט יענער הייליקער פּעריאָד, ווען אין מיין היימשטאָט ביאַליסטאָק, אויף די כאַנאַיקעס און פּיאַסקעס זענען אין לאַנגע נעכט געזעסן די בלייכע יידישע מיידלעך פון יאַנאָווסקיס טאַבאַק־פאַבריק און געהאָפטן די רויטע פאָן אונטער וועלכער איר שטייט שוין מוטיק דרייסיק יאָר. איך ווייס, איך פאַרשטיי און איך פיל, וואָס דאָס הייסט דרייסיק יאָר... דרייסיק יאָר פאַרטיידיקן דעם אויסגעלייטערטן אמת, רופן, וועקן, קעמפן און באַגייסטערן. איך באַגריס אייך און איך ווינטש אייך — אייער האַרץ זאָל נאָך לאַנג קלאַפּן פאַר אייערע... פאַר מענטשלעכע ציִלן.

מיט טיפן־טיפן דרך־ארץ, אייער

**ז. סעגאַלאָוויטש.**

14טער יאַנואַר 1927.

***

**די יובל־פייערונגען פון ב. מיכאַלעוויטש האָבן באַקומען נאָך איין מערק־ווירדיקן אויסדרוק. לויט דער איניציאַטיוו פון לייבעטשקע בערמאַן, וואָס איז געווען דער פאַרשטייער פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד“ ביי דער**

דרוקער־גרופּע, איז דעם חבר בייניש צוגעטראָגן געוואָרן אַ מתנה וואָס האָט פּאַרקערפּערט אין זיך די שענסטע געפילן פון אויפריכטיקער ליבשאַפט וואָס די יידישע אַרבעטערשאַפט האָט געטראָגן אין איר האַרצן צום חבר בייניש. יאָרנלאַנג האָט ער געוווינט אויפן באַרימטן זעקסטן שטאָק פונעם הויז פּאַוויע 4. יאָרנלאַנג האָט ער 1־2 מאָל אַ טאָג זיך געשלעפּט מיט די שווערע טרעפּ אַרויף צו זיך אין אָרעם שטיבל (פּאַרשטייט זיך, קיין ווינדע איז אין הויז נישט געווען). אָט אַזוי האָט געלעבט אַ גרויסע פּערזענלעכקייט און פירער און לערער פון צענדליקער טויזנט יידישע אַרבעטער. איצט איז געקומען פאַר אים די אומדערוואַרטעטע אויסלייזונג. אין זעלבן הויז אויף אַ צווייטן שטאָק האָבן יידישע אַרבעטער געקויפט אַ פיינע אנגענעמע וווינונג, זי אויסגעפּוצט מיט בילדער און טעפּיכער, אויפגעקלאַפּט אויף דער טיר אַ שילד: „בייניש מיכאַלעוויטש", און אַהער אים געבראַכט — פריידיקע, גליקלעכע ברידער־חברים. חברטע דינה, מיכאַלעוויטשעס פרוי, איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געוווּסט דעם סוד און זיך באַטייליקט אין דער איינריכטונג פון דער דירה.

בייניש מיכאַלעוויטש איז געווען גליקלעך. ער איז ממש אויפגעריכט געוואָרן — ביי זיין פיזישן צושטאַנד. ער האָט געשיינט פון צופרידנקייט און נחת.

צום אומגליק איז דעם חבר בייניש מיכאַלעוויטש נישט באַשערט געווען צו פרייען זיך לאַנג מיט דער נייער באַקוועמער דירה. די נאָענטסטע פאַר יאָר זענען אַדורכגעפלויגן ווי אַ חלום, ווי אַ פאַנטאַסטיש מעשהלע — און עס האָט זיך דערנענטערט דער טראַגישער סוף...

אין 1928 האָט זיך ביי בייניש אַנטדעקט אַ שווערע קראַנקהייט, און וואָס ווייטער איז די דאָקטוירים אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז דאָס איז די געפערלעכע, אומהיילעוודיקע קראַנקהייט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ראַק" (קאַנסער). בייניש איז אַלץ מער איינגעדאַרט געוואָרן, אַ געלקייט האָט באַדעקט זיין פנים — און צום סוף האָט ער זיך געמוזט אַריינלייגן אין בעט. לאַנג האָט זיך געצויגן די דאָזיקע קראַנקהייט, און שווערע יסורים האָט ער געליטן. טויזנטער האָבן זיך אינטערעסירט מיט זיין צושטאַנד, און זענען געווען גליקלעך צו הערן וועגן אים אַ וואָרט. צענדליקער זענען געשטאַנען ביים טויער פון פּאַוויע 4 — אפשר וועלן זיי זיך דערוויסן אַ שטיקל גוטן גרוס וועגן קראַנקן בייניש מיכאַלעוויטש.

באַזונדער באַליבט איז בייניש געווען ביי דער יוגנט, פאַר וועלכער ער פלעגט זייער אָפט אויפטרעטן מיט רעדעס און רעפעראַטן, בייניש האָט געוווּסט וועלכע געפילן די יוגנט האָט צו אים, און ער האָט יעדעס מאָל פון קראַנקן־בעט געשיקט גרוסן צו איר. און ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די יוגנט האָט אין

**וואַרשע אַ גרויסן לאַנד־צוזאַמענפלי, איילט ער פון טויטנבעט איר צו שיקן אַ באַגריסונג און זיין לעצטע צוואה, וועלכע לייענט זיך אַזוי:**

„יונגע חברים און פריינד!

מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט און אָנגעשטרענגטן אינטערעס שפּיר איך נאָך פון מיין געצווונגענער איינזאַמקייט אייער אימפּאַזאַנטן צוזאַמענפלי אין אונדזער הויפּטשטאָט. איך בין טיף באַגייסטערט פון דעם גרויסן דערפאָלג פון אייער אונטערנעמונג.

ווייל דאָס זענען דאָך היינט זיך צוזאַמענגעפלויגן אונדזערע שווערבן־דיקע חלומות פון 31 יאָר צוריק. דאָס מאַרשירט היינט אַזוי שטאָלץ אונ־דזער אייגענע צוקונפט, דאָס גייט אונדז אַנטקעגן אַזוי ריטמיש אונדזער מאָרגנשטערן.

הייבט זשע זיך העכער, איר שטורעם־אָנזאָגער פון דער צוקונפט! פליט שטאַרקער, שטאָלצער, ביז איר וועט דערגרייכן דאָס לאַנד פון אַ גלייכער און פרייער מענטשהייט, ביז איר וועט קומען צו דער מלוכה פון סאָציאַליזם".

**אַזוי האָט גערעדט דער געטרייער און אויסגעפּרוּווטער פירער, וועלכער האָט געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון זיין פאַרלאָזן די מחנה פון קעמפער, דער טאָג פון זיין לעצטן אָטעם... אַזוי האָט געשריבן ביניש מיכאַ־לעוויטש צו דער יוגנט אין חודש אָקטאָבער 1928.**

**און צו דער יידיש־וועלטלעכער שול, צו די חברים פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע האָט ער פון דעם זעלבן טויטנבעט אין יענע טעג געשריבן אַזוי:**

„געבוירן אין נויט, דערצויגן אין פיין, אַרומגערינגלט מיט טריי־שאַפט און ליבע, האָט אונדזער שול, דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס מיר האָבן לעצטנס געשאַפן אין פוילן, אויסגעהאַלטן די שווערסטע רדי־פות, וואָס מען האָט געמאַכט אויף איר, און זי וועט אויף ווייטער געווים נישט אומקומען".

„אַ פרייע, וועלטלעכע מאָדערנע שול אין דער לעבעדיקער שפּראַך פון די יידישע מאַסן — דאָס איז די קולטור־באַדערפעניש פון די דערוואַכטע מאַסן, דאָס איז אונדזער ציל, דאָס איז אונדזער אידעאַל"...

וועלן די יידישע מאַסן בלייבן טריי זייער שול־קאַמף, וועלן די על־טערן אַרויסווייזן זייער איבערגעגעבנקייט און צוגעבונדנקייט צו אונ־דזער שול, וועלן מיר ווייטער מיט דער זעלבער מסירת־נפש, ווי ביז

אַהער, שטײן אױף דער װאַך און טאָן אונדזער אַרבעט, װעט דער ייִדי־
שער לערער שטײן װײַטער, װי ביז אַהער, בײַ זײַן גרױסן און שװערן
און הײליקן פּאָסטן, — װעט אונדזער שול אַרױסגײן מיט נצחון״.

„שנגער אַרום אונדזער שול, פעסטער און טרײַער טאָן אונדזער אַר־
בעט, און אונדזער שול װעט געקרױנט װערן מיט נצחון״.

„זאָל לעבן אונדזער שול!״

אַזױ האָט געשריבן בײניש מיכאַלעװיטש אין אַ בריװ צו דער שול־אָרגאַ־
ניזאַציע געצײלטע טעג פאַר זײַן טויט. דאָס איז, קען מען זאָגן, זײַן צװאה גע־
װען. אין די דאָזיקע צװײ בריװ האָט זיך אין זײַן גאַנצער שײנקײט אַנטפּלעקט
דער גרױסער גײַסט פון אונדזער טײַערן חבר, װעלכער האָט אַפילו אין די
ביטערסטע טעג פון זײַן קראַנקהײט אין זינען געהאַט נישט זיך, נישט זײַן
אױסגעמאַטערטן גוף און זײַנע יסורים, נישט זײַן פּריװאַט לעבן און פּערזענ־
לעכע אינטערעסן, נאָר די גרױסע באַװעגונג — און פריִער פאַר אַלץ די יוגנט,
די קינדער, אָט דעם נײַעם דור, װאָס װאַקסט אונטער און דאַרף פאַרװירקלעכן
די „שװעבנדיקע חלומות״ פונעם אַרבעטס־מענטש.

**
*

דעם 30סטן אָקטאָבער 1928 איז ח׳ בײניש מיכאַלעװיטש דורכן גרױזאַמען
טויט אַװעקגעריסן געװאָרן פון אונדז אױף אײביק. דער ייִדישער אַרבעטער־
קלאַס האָט אײַנגעהילט אין טרױער זײַנע רױטע פענער און באַגלײט אױפן אָרט
פון אײביקער רו דעם קערפּער פון זײַן לערער און פירער. צענדליקער טױזנ־
טער האָבן זיך אין דעם טרױער־צוג באַטײליקט. הונדערטער דעלעגאַציעס זע־
נען צו דער לװיה געקומען פון גאַנצן לאַנד.

דער ברענענדיקער פאַקל פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און רעװאָלו־
ציאָנערן ענטוזיאַזם האָט זיך אױסגעלאָשן. דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס האָט
פאַרלױרן אײנעם פון זײַנע שענסטע פּערזענלעכקײטן, זײַן געטרײַסטן דינער
און פירער, זײַן פאַקל־צינדער און װעקער. די מעכטיקע ייִדן־שטים פונעם מונ־
טערער און װעקער איז שטיל געװאָרן. די קלאַנגען פון גרױסן רעװאָלוציאָ־
נערן ליד זענען פאַרשטומט געװאָרן.

אױך די ייִדישע ליטעראַטור האָט געטרױערט — זי האָט אָנגעװױרן אײ־
נעם פון אירע פעיִקסטע פּובליציסטן און פּאָפּולאַריזאַטאָרס, אײנעם װאָס האָט
מיט זײַן פעדער געקענט אַזױ פיל אומרו שאַפן אין די מוחות און הערצער
פונעם ייִדישן לײענער. עס איז אַװעק אײנער, װאָס האָט געהאַט די אינטימ־
סטע באַציִונג צום ייִדישן לעבן, צו דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. עס

איז אַרויסגעפאַלן די פּען פון די הענט פון דעם, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרשטענדעניש און פעיִקייט צו פאַרבינדן ליטעראַטור מיט לעבן און קאַמף, צו שטויסן די ליטעראַטור צו די הויכקייטן פון די גרעסטע אידעאַלן און גלייכצייטיק זי מאַכן אַזוי נאָענט און ליב פאַר די ברייטסטע מאַסן.

עס האָט אויך געטרויערט די יידיש־וועלטלעכע שול. זי האָט געדענקט יענעם טאָג, ווען פאַר די דעלעגאַטן פונעם צווייטן שול־צוזאַמענפאָר (1925) האָבן אַלע קינדער פון די וואַרשעווער ציש״אָ־שולן דורכגעפירט דורך דער בינע פון גרויסן קאַמינסקי־טעאַטער: אין מאָמענט פון גרעסטן עקסטאַז פון גאַנצן זאַל האָט חבר בייניש מיכאַלעוויטש זיך אָנגעשלאָסן צום סאַמע סוף פון קינדער־צוג און ווי אַ קינד, מיט זיינע לייכטנדיקע בלויע אויגן און אין אומ־מיטלבאַרער פריידיקער גליקשאַפט אויך געמאַרשירט און געהויבן הויך דעם טראַנספּאַרענט „זאָל לעבן די יידיש־וועלטלעכע שול!״. דאָס איז געווען פאַר אַלעמען דער סימבאָל פון דער אייניקייט צווישן דער אַרבעטער־באַוועגונג און שול, קינד און דערוואַקסענע האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין גרויסער טאַט, די צענדליקער יאָרן קאַמף פאַר אַ שול אין דער מוטער־שפּראַך און פאַר פרייער וועלטלעכער דערציִונג — האָבן אויסגעשטרעקט די הענט צום קינד, צום טרעגער פון דער צוקונפט. דאָס איז געווען בייניש מיכאַלעוויטש. איצט איז די יידיש־וועלטלעכע שול פאַריתומט געוואָרן...

באַלד נאָכן טויט פון ח׳ מיכאַלעוויטש, האָט די „צישאָ״ אַרויסגעגעבן אַ ליפלעט פון 8 זייטן — „פאַר אַלע קינדער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן״ — אַ קורצע ביאָגראַפיע און אָפּשאַצונג פון ב. מיכאַלעוויטשעס ראָל און באַטייט אין יידישן לעבן.

צום 10טן יאָרצייט פון ח׳ מיכאַלעוויטש האָט די „צישאָ״ („כמורנער־פאַנד ביי דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן״) אַרויסגעגעבן אַ בוך פון 258 זייטן אונטערן נאָמען „ליטעראַטור און קאַמף״ — אַ „זאַמלונג פון אַרטיקלען פאַר שול און יוגנט״ — געקליבענע עסייען און אָפּהאַנדלונגען פון ב. מיכאַלעוויטשעס אַ גרעסערער ביאָגראַפיע, געשריבן דורכן שרייבער פון די שורות.

די „צישאָ״ האָט אויסגעבויט שולן און קינדער־היימען אויפן נאָמען פון ב. מיכאַלעוויטש — אין וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק א״אַ. עס איז געווען דער דענקמאָל פון „צישאָ״ פאַר ב. מיכאַלעוויטש.

פונעם גאַנצן, צו אונדזער אומגליק גאָר גרויסן, פּאַנטעאָן פון אונדזערע בעסטע און שענסטע — האָט באַזונדערס געלויכטן דאָס געשטאַלט פון בייניש מיכאַלעוויטש. אָט אין דעם יידישלעכן נאָמען „בייניש״ האָט די יידישע אַרבעטער־מאַסע אַריינגעלייגט איר גאָרע ליבשאַפט און אינטימקייט. ווייל קיינער איז נישט געווען אַזוי אויסגעמישט מיט דער מאַסע, קיינער האָט אַזוי פּשוט

און נאַטירלעך נישט געלעבט אין דער מאַסע, געטראָגן אַלע אירע טרוימען און האָפֿענונגען אַזוי ווי בייניש מיכאַלעוויטש. די ייִדישע אַרבעטער האָט אין אים געזען נישט נאָר דעם לערער און טריבון, נאָר דאָס האַרץ, די נשמה פֿון דער באַוועגונג.

ביינישעס סאָציאַליזם און בונדיזם זענען געווען נאַטירלעך און אוממיטל־באַר, אָן שום סימן פֿון אַרויפֿגעצויגנקייט און טעאָרעטישער אויסגעקליגלט־קייט. זיין באַציִונג צו דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט איז געווען אויפֿריכטיק און נשמהדיק. זיין בונדיזם האָט געהאַט אין זיך אַ סך דערהויבנקייט, פֿייערלעכקייט און שבת־יומטובדיקייט. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אין דער פּאַרטיי, צי ער איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע און געפֿייערט זיין וואָרט צום פֿיל־קעפּיקן עולם, צי ער האָט געשריבן זיין אַרטיקל אין דער „פֿאָלקס־צייטונג", צי ער האָט געפֿירט אַ שמועס מיט איינצלנע, — אַלץ איז געווען ווייט פֿון וואָכעדיקייט און קליין־פּאָליטיק, אַלץ איז געווען באַהויכט מיט אידעאַליזם און מיט העכע־רער גייסטיקייט. דאָס איז געווען ביינישעס סטיל און כאַראַקטער. מיט דעם איז ער געווען אַ מוסטער פֿאַר דערוואַקסענע און יוגנטלעכע, פֿאַר אינטעליגענץ און פּראָלעטאַריער. מיט זיין גאַנצן וועזן איז ער געווען צונויפֿגעגאָסן מיטן ייִדישן אַרבעטער און פֿאָלקסמענטשן, ער האָט זיך אַליין געפֿילט און באַטראַכט, און אַזוי האָט אים אויך די מאַסע באַטראַכט און באַהאַנדלט, ווי אַ מיטגליד פֿון אַ גרויסער היימישער משפּחה.

פֿאַר וואָס האָט אים די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט אַזוי ליב געהאַט און גע־אַכטעט? צי דערפֿאַר ווייל ער איז געווען אַ פֿלאַמיקער רעדנער, אַ טעמפּעראַ־מענט־הייסער טריבון און קינסטלער פֿון וואָרט? צי דערפֿאַר ווייל ער איז גע־ווען אַ לייכטער און פּאָפּולערער שרייבער מיט אַ פֿאָלקסטימלעכן ייִדיש? צי ווייל ער האָט יאָרנלאַנג געשמאַכטעט אין די צאַרישע תּפֿיסות און איז גרייט גע־ווען בוכשטעבלעך אָפּצוגעבן זיין געזונט און זיין לעבן אין קאַמף פֿאַר דער באַ־פֿרייונג פֿון ייִדישן אַרבעטער? יאָ, געוויס האָט דאָס אַלץ אַרויסגערופֿן ביי דער מאַסע יראת הכבוד און וואַרעמע געפֿילן. אָבער מער פֿאַר אַלץ איז דאָס געווען ביי איר נישט קיין אָפּשאַצונג פֿון ביינישעס קוואַליטעטן, נאָר דאָ האָט געווירקט זיין פּערזאָן ווי אַ זעלכע. יונגע און דערוואַקסענע, אַלע האָבּ ליב געהאַט די פּערזענלעכקייט פֿון ביינישן.

און ביי זיין גאַנצער איבערגעגעבנקייט און אַריינגעטאָנקייט אין די פּראָ־בלעמען און אינטערעס פֿון דער באַוועגונג, איז ער שטענדיק געווען געבונדן מיט דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור, מיטן ייִדישן טעאַטער און גייס־טיקער שאַפֿונג. אויך דאָס איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פֿון זיין לעבן און טעטי־קייט. ער האָט מיט זיין גאָט־געבענטשטער פּעדער געדינט דעם ייִדישן אַר־

בעטער־לייענער, אויסגעטייטשט פאַר אים די שיינקייטן און גרויסע אידעען פון דער וועלט־ליטעראַטור. אין זיין לייכטן פאָלקסטימלעכן סטיל האָט ער אויפגעקלערט די שווערסטע פּראָבלעמען פון מאַרקסיזם און באַזונגען די העלדן און פּערזענלעכקייטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. זיין ליטעראַרישע ירושה איז דורכגעדרונגען מיט שפּרודלדיקן ענטוזיאַזם און פאַר־נעם.

***

ביניש מיכאַלעוויטש האָט געשריבן וועגן וול. מעדעם:

„מעדעם — דאָס איז פאַר די יידישע אַרבעטער אַ העלע בשורה פון אַ האַרמאָנישער יידיש־פּראָלעטאַרישער פּערזענלעכקייט. אַ קלינ־גענדיקער רוף צום שטאָלצן זעלבסטוווערט פון יידישן אַרבעטער, אַ זוניקער סימבאָל פון דערוואַכטער און באַנייטער יידישער קולטור".

די דאָזיקע ווערטער לאָזט זיך אין פולער מאָס זאָגן וועגן ביינישן אַליין. דאָס איז געווען ביניש. דאָס האַרץ און די נשמה פון „בונד". דער טריבון, דער לערער און דערציער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און פאָלקס־מאַסע. דער באַגייסטערער, מאָנער און וועקער, דער שטורעם־פויגל און שטורעם־אָנזאָגער אויף דער יידישער גאַס. אַליין אַ פשטותדיקער פאָלקס־מענטש, איז ער געווען דער שבת־יומטובדיקער ייד, דער מוסטער פון נייעם קולטורעלן יידן, דער תמימותדיקער סאָציאַליסט און דער פלאַמיקער טרעגער פון סאָציאַליסטישן וואָרט און אידעאַל. די יידישע שפּראַך איז פאַר ביינישן געווען דער העררלעכער אינסטרומענט, אויף וועלכן ער האָט אויסגעשפּילט די גראַנדיעזע סימפאָניע פון דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג פונעם יידישן אַרבעטס־מענטש. די יידישע ליטעראַטור, די יידיש־וועלטלעכע שול — איז געווען פאַר אים אַ גרויסע פרייד און דערגרייכונג, אַ טרוים און א צערטלעך קינד. געלעבט אין דער מאַסע, מיט דער מאַסע — האָט ביניש אירע טרוימען געטראָגן און זי צו אַלץ העכערע הויכקייטן געפירט. און אָט דאָס אַלץ צוזאַמען האָט פאַר ביינישן סימבאָליזירט — די פאָן פון „בונד".

# שלמה מענדעלסאָן

(1948 — 1896)



עס איז אַ טראַגישער פּאַטאַליזם, אַז יענע פּערזענלעכקייטן וואָס גלאַנצן אויף יונגער־הייט מיט אויסערגעוויינטלעכער שיין און זייער טאַלאַנט צעבליט זיך מיט אומגעהייע־רער שנעלקייט — פאַרלירן פּריצייטיק זייער לעבן, פאַלן אַוועק פאַר דער צייט... „וועמען די געטער האָבן ליב — יענע שטאַרבן יונג״. די געטער פאַרגינען נישט דער מענטשהייט, זי זאָל געניסן פון אירע גרויסע בליצאַרטי־קע טאַלאַנטן און זיי נעמען זיי צו צו זיך..

ווען דער שטורעם באַפאַלט מיט דונערן און בליצן דעם גרויסן וואַלד, טרעפט ער ראשית כל יענע הויך־געוואַקסענעביימער וואָס הייבן זיך אַרויס העכער אי־בער אַלע חברים אין וואַלד, — און זיי, צו דער זון און הימל זיך רייסנדיקע גיגאַנטן, זיי פאַלן די קרבנות פון בייזן געוויטער... זיי ברעכן זיך איין די ערשטע. די נידעריקע קוסטעס און ביימעלעך בייגן זיך אין אַלע זייטן, לאָזן נידעריק אַראָפּ זייערע קעפּ — און בלייבן גאַנץ אויף זייערע ערטער...

שלמה מענדעלסאָן איז געווען אַזאַ פריצייטיק פאַרשניטענער טענענבוים, וואָס האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם גרויזאַמען שטורעם פון אונדזער צייט...

מיט ווונדערלעכע פעיקייטן און אייגנשאַפטן איז געווען באַשאָנקען ש. מענדעלסאָן. ער איז געווען אַ רעדנער פון גרויסן פאַרנעם, ער האָט די אוידי־טאָריע באַצויבערט מיט זיין שטים און זשעסט, מיטן כוח פון זיין איבערצייגט־קייט אין דעם וואָס ער האָט גערעדט, מיט זיין שטורמישן טעמפּעראַמענט און קלוגן הומאָר. נישט קלענער איז געווען זיין פאַרמעסט אַלס שרייבער: זיין

שפּראַך קלאָר און רייך, זיין סטיל — געשניצט און מיט גלאַנץ, זיין פּאָלעמיק — טרעפלעך, אַנגרייפעריש און אָפן. אַ ניכטערער רעאַליסט, איז אָבער אַלץ וואָס ער האָט גערעדט און געטאָן — געווען דורכגעדרונגען מיט פּאַטאָס און אידעאַליסטישער ראָמאַנטישקייט. אינטעליגענט און געבילדעט, האָט ער יעדע אידייע דורכגעטראַכט און זי געטראָגן צו די מאַסן — אַן אויסגעלייטערטע און פול מיט איבערצייגונגס־קראַפט. אין שטענדיקן אומרו פון זוכן און שאַפן, פון בויען און זיך רייסן אַלץ העכער. אַ הייסער ייִד און אַלץ וואָס ייִדיש — האָט אים מיטגעריסן. אָבער זיין עיקר טראַכטן און דענקען איז געווען געוויד־מעט דער נייער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור. אַ טרוימער וועגן אַ וועלט פון גלייכהייט און גערעכטיקייט, האָט ער זיך איבערגעגעבן דעם אידעאַל פון סאָציאַליזם און זיך באַהאַפטן מיטן „בונד" און בונדיזם. ער איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע און וויכטיקסטע טוער פון „בונד".

**
*

פון אָפּשטאַמונג — געבונדן מיטן טיף־פאַרוואָרצלטן ייִדישן פאָלק אין פוילן. אַן אור־אייניקל פון וואַרשעווער רב, „חמדת שלמה", ייִנגלווייז געלערנט ביי באַרימטע מלמדים, געפאָרן צום גערער רבין. אויסגעוויקט אין פרומקייט און לומדות. דאָס איז שלמה מענדעלסאָנס שורש.

אָבער דער גייסט פון בונטאַרישקייט דרינגט אַריין אויך אין אָט די קרייזן. שלמה איז געבוירן אין וואַרשע, פּסח 1896, און איז געבליבן אַ יתום צו זיבן יאָר, נאָכן טויט פון פאָטער. באַלד נאָך בר־מצווה רייסט זיך שלמה אַרויס פון דער אַפּיטרופּסות פון די קרובים, מלמדים און חסידים, מיט וועלכע ער איז געווען אין שטוב אַרומגערינגלט, און עס וואַקסט אין אים אַן אַקטיווער ווילן צו אַלגעמיינער בילדונג. אין רעזולטאַט — קומט ער אָן אין דער באַקאַנטער אַכט־קלאַסיקער האַנדלשול פון מ. קרינסקי, און ער ענדיקט די שול אין 1915. ער מוז זיך אויסבאַהאַלטן פון די שטוביקע מקורבים, ער מוז גיין טאָג־טעגלעך אין שול — אין דער טראַדיציאָנעלער לאַנגער קאַפּאָטע, און ערשט אין טויער פון דער גימנאַזיע וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך די קאַפּאָטע און קריכט אַריין אין דער פאַרפליכטנדיקער אוניפאָרם.

אָט דער פעריאָד לייגט אַוועק אַ טיפן חותם אויף דער יונגער נשמה פון ש. מענדעלסאָן. זיין ווילן און כאַראַקטער באַקומען דאָ די ערשטע פייער־פּראָבע. דאָס באַלאַנסירן צווישן צוויי וועלטן — צווישן דער פרומקייט און חסידיש־נגידישער סנאָבישקייט פון דער היים און צווישן דער וועלטלעכער האַלב־אַסימילירטער אַטמאָספער פון דער גימנאַזיע און שול־חברים; דאָס עצם אויס־באַהאַלטן זיך און דאָס לערנען אין געהיים; דאָס אַריבערגיין אויף דער רוסישער

שפּראַך און דער צוזאַמענטרעף מיט די גרויסע דערשיינונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור און קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט; די אַמביציע צו פאַרענדיקן די גימנאַזיע מיט אַן אויסצייכענונג — דאָס אַלץ שאַרפט דעם מוח און די נשמה פון יונגן בחור, דאָס אַלץ אַנטוויקלט אין אים דעם חוש פאַרן רעאַלן לעבן, ער לערנט זיך פאַרשטיין און באַקענען זיך מיט די פאַרשיידענע עלעמענטן פון אַרום, ער אַרבעט אָנגעשטרענגט, לערנט צוביסלעך ווייטער תלמוד און חסידות און דרינגט גלייכצייטיק אַריין אַלץ טיפער אין דער נייער וועלט פון גייסט, וואָס האָט זיך פאַר אים געעפנט.

אין גיכן קומט אים אַנטקעגן אַ נייע באַוועגונג: יידישיזם, חסידים פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, פון אַ מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער קולטור, י. ל. פּרץ, די לעקציעס און דיסקוסיעס אין „הזמיר", דער יידישער טעאַטער אין וואַרשע — דער יונגער שלמה זאַפּט איין אין זיך גיריק די דאָזיקע נייע שטימונגען, שטרעבונגען, שאַפונגס־פאָרמען און גלויבונגען. ער קומט אָן אין אוניווערסיטעט — און דאָ אין דער יידישער סטודענטישער מאַסע באַקומט זיין געזעלשאַפטלעכע נאַטור אַ רייך טעטיקייט־פעלד.

די פליגלען פון יונגן אָדלער צעשפּרייטן זיך, נעמען זיך אָן מיט קראַפט און מוט, זיין שאַרפער קוק גרייכט ווייטע האָריזאָנטן.

**
*

די נאָך־רעוואָלוציע יאָרן, די יאָרן פון 1906 — 1914, זענען געווען אַ מערקווירדיקער פּעריאָד אין יידישן לעבן פון רוסלאַנד און פּוילן. די דער־שטיקטע פּאָליטישע ענערגיע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין קולטור־נאַציאָנאַלע שעפערישקייט, דער לאָזונג פון אַ יידיש־וועלטלעכן קולטור־רענעסאַנס האָט אַרומגעכאַפּט די אַרבעטערשאַפט און אינטעליגענץ. עס האָט זיך געמערט די צאָל קולטור־געזעלשאַפטן, קלובן, ליטעראַרישע זשורנאַלן, וואָס האָבן מיט באַגייסטערונג גענומען פאַרווירקלעכן יענעם לאָזונג. יידישע ליטעראַטור, יידיש טעאַטער, יידישע שפּראַך־פאָרשונג האָבן איבערגעלעבט אַ גלענצדיקן אויפ־שטייג. די לאָזונגען פון אַ שול אין דער מוטערשפּראַך פון יידישן קינד — האָבן געוווּנען גרויס פּאָפּולאַריטעט, און לערער האָבן זיך געריסן צו פאַר־ווירקלעכן די דאָזיקע אידעע.

וואַרשע, די געבוירן־שטאָט פון שלמה מענדעלסאָן, האָט געשפּילט די ערשטע פידל אין דער דאָזיקער באַוועגונג. דאָס יידישע וואַרשע האָט גע־ברויזט מיט שעפערישקייט און פאַטאָס פאַר אַ ניי יידיש קולטור־לעבן. די יוגנט האָט דערקלערט אַן אויפשטאַנד קעגן דער דורות־לאַנגער הערשאַפט פון רעליגיע און חסידות, קעגן דער אַסימילאַציע פון די העכערע סאָציאַלע

קריזן, קעגן דעם מה־יפית און דערשלאָגנקייט פונעם המון עם. און איבער דעם גאַנצן קאָכיקן ייִדישן לעבן האָט געשוועבט און אַרויסגעשטראַלט די פּערזענלעכקייט פון י. ל. פּרץ. פייערדיקע בליצן האָבן זיך געשאָטן פון זיין מויל, הויך־געוואַגטע געדאַנקען און וויזיעס זענען אַרויס פון זיין פּען. ער איז געווען דער צענטער פון דער נייער קולטור־באַוועגונג און ליטעראַטור, ער איז געווען איר וועגווייזער און שטאָלץ. אָט די תקופה האָט אויסגעפורעמט דעם כאַראַקטער פון דעם יונגן שלמה מענדעלסאָן.

דאָס צערייסן מיט די טראַדיציעס פון דער חסידישער משפּחה, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן און זיך געהאָדעוועט, איז שלמהן אָנגעקומען לייכט. מיט וועלטלעכקייט און קולטור־רעוואָלט איז דאָך געווען אָנגעפילט דאָס גאַנצע אַרומיקע ייִדישע לעבן. דער יונגער שלמהלע האָט נישט נאָר די חסידיש־פרומע קליידונג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך; ער האָט אין גאַנצן געריסן זיך צו באַנייונג. ער האָט דערפילט אין זיך כוחות צו זיין שעפעריש אין נוצלעך אין דער געזעלשאַפט, — און שוין אויף די בענק פון דער קאָמערץ־שול, וווהין ער איז אָנגעקומען, אַנטוויקלט שלמה אַ קולטור־טעטיקייט, גרינדעט קרייזלעך, לייענט רעפעראַטן פאַר חברים יוגנטלעכע, און דער עיקר ער שלינגט אַליין די רוסישע, פּוילישע און ייִדישע ליטעראַטור. דאָס איז דער פּעריאָד פון שלמהס גייסטיקער אַקומולאַציע. דער יונגער אָדלער גלייכט אויס זיינע פליגלען, ער מאַכט זיינע ערשטע פּרוּוון צו פליען.

שלמה דערציילט אַליין וועגן דעם צושטאַנד פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער יוגנט אין וואַרשע: „די דאָזיקע יוגנט האָט זיך געקלאַמערט צו פּרצן... פּרצעס אויסגעלייטערטע ייִדישקייט, זיין צופירן צו קלאָרע קוואַלן מיט אַזאַ זיכערקייט, מיט אַזאַ באַגייסטערונג, האָט אויף אַן אומבאַשרייבלעכן אופן אַנטשפּראָכן דעם געמיט, געלאָשן דעם דורשט פון דער יוגנט". אין 1912, דערציילט ער, קומט ער מיט נאָך צוויי יוגנטלעכע שילער ווי אַ דעלעגאַציע צו פּרצן. „צו פּרצעס פרייד, דערציילט שלמה, איז נישט געווען קיין גרענעץ. ער האָט זיך אויסגעפרעגט ביי מיר לייענען ייִדישע ליטעראַטור, וועלכע שרייבער, וועלכע זאַכן געפעלן אונדז, ווי אַזוי פאַרשטייען מיר זיינע ווערק. בעת דעם שמועס איז געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק צו מאַכן אַן אָוונט און ער וועט צו אונדז קומען. צום אָוונט האָבן זיך פאַרזאַמלט העכער הונדערט שילער פון די גימנאַזיעס אין וואַרשע. פּרץ האָט געקיניגט צווישן אונדז, ער האָט געטאַנצט, געזונגען לידער, געשפּילט מיט אַלעמען אין „פראַנצויזישע פּאָסט" און די גאַנצע צייט געשאָטן ממש פּערלען פון געדאַנקען. מיר האָבן דאָס אויפגעכאַפּט און וואַכן אויף די קרייזלעך קאָמענטירט יעדעס וואָרט".

פּרץ איז געוואָרן שלמהס לעבעדיקער אידעאַל. פּרצעס אַרט רעדן און

זיין ענטוזיאַזם פֿאַרן נאַציאָנאַלן באַטייט פון ייִדיש און דער ייִדיש־וועלטלעכער ליטעראַטור, זיין געזעלשאַפֿטלעכע אַקטיווקייט און זיין ציִען זיך צום ייִדישן אַרבעטער און צו דער יוגנט, די גאַנצע נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישע אַטמאָספער אַרום פּרצן, — דאָס אַלץ האָט פֿאַרכאַפּט דעם אויפגעוואַכטן שלמהלע. פּרץ איז זיין מוסטער. אין זיינע דרכים וועט ער גיין. און האָט ער נישט קיין טאַ־לאַנט צו ווערן אַ דיכטער און קינסטלער אַזוי ווי די אַנדערע אַרום פּרצן, פֿאַרמאָגט ער אָבער אַ גאָלדענע צונג און אַ טעמפּעראַמענט צו צינדן פֿייערן אויף דער ייִדישער גאַס. עס איז געווען אַ גרויס גליק פֿאַר יענעם דור יוגנט צו האָבן פֿאַר זיך אַ מוסטער און אידעאַל פון גרויסן קינסטלער. פּרץ איז געוואָרן די אַמביציע פון שלמהן, זיין חלום און דראַנג.

אין 1915 קומט דער פּלוצעמדיקער טויט פון פּרצן, דאָס האַרץ פון שלמה ווערט געפּאַנגען דורך צוויי אַנדערע גרויסע פּערזענלעכקייטן — הערש־דוד נאָמבערג און וולאַדימיר מעדעם. אין לויף פון דער צייט ווערט די פֿאַרבינדונג מיט זיי נעענטער און אינטימער, זייערע איינפֿלוסן אויפֿן יונגן מענדעלסאָן — אַלץ גרעסער. נאָמבערג און מעדעם הייבן אָן אָפּצושאַצן די מעלות פונעם יונגן פריינד זייערן, זיי דערקענען און אַכטן זיינע פֿעיִקייטן און שטרעבונגען, און זיי זענען אים מקרב. די דאָזיקע נאָענטקייט דעצידירט דעם ווייטערדיקן וועג פון יונגן מענדעלסאָן.

ער שעפּט פון נאָמבערגס רויִקער חכמה, ער לערנט ביי אים ווי צו גע־ניסן פון קונסט און ווי צו אַנאַליזירן און פֿאַרטיפֿן זיך אין דער אייגענער נשמה. נאָמבערגס סקעפּטיציזם און ניטשעאַניזם איז נישט געווען געזונט פֿאַר שלמהס יונגן כאַראַקטער, אָבער צום גליק הייבט זיך דעמאָלט אָן אין נאָמבערגס לעבן גופא אַ נייער עטאַפּ — ער געפינט גלויבן אין דער ייִדישער פֿאָלקס־מאַסע, מיט איר „מאַסאָווער וואָכעדיקער ייִדישקייט" און מיט איר שענסטן אויסדרוק — ייִדיש. נאָמבערגס אינטעליגענץ און ברייט־פֿאַרנעמיקייט, זיין ווידערווילן צו ענגער נאַציאָנאַליסטישקייט — עפֿענען נייע פּערספּעקטיוון פֿאַר שלמהן. עס באַגייסטערט אים דער שאַרפער און געשליפֿענער סטיל פון נאָמ־בערגן, דעם געטרייסטן תלמיד פון י. ל. פּרץ.

נאָמבערג ווערט פֿאַרכאַפּט פון דער נייער פּאָליטישער אידייע — פֿאָלקיזם. ער ציט אויך אַריין אין דער באַוועגונג שלמהן. די פֿאָלקיסטישע פּאַרטיי לעבט דעמאָלט איבער איר גלאַנץ־פּעריאָד און הויך־פּונקט. אָבער די דאָזיקע באַוועגונג קען נישט צופֿרידן שטעלן דעם זוכנדיקן ברויזנדיקן שלמה. צופֿיל פֿיליס־טערישקייט און קליין־אינטערעס איז דאָ געווען, צו ווייניק גייסטיקער פֿאַר־מעסט און אידעאָלאָגיע. צו ווייניק האָט דער פֿאָלקיזם געשטימט מיטן גייסט פון דער צייט, פון די נייע רעוואָלוציאָנערע אויפֿשוווּנגען. און צו ווייניק פֿלאַץ

האָט דאָ פאַרנומען דער יידישער אַרבעטער, וואָס זיין סימבאָל און וואָרטזאָגער איז איצט געווען וולאַדימיר מעדעם.

מעדעם איז געווען די פאַרקערפּערונג פון בונדיש־סאָציאַליסטישער אי־דעאָלאָגיע. פון אים האָט געשטראָמט זיכערקייט, אויסגעהאַלטנקייט, געזעל־שאַפטלעכע אחריות. מעדעם איז געווען אַ גרויסער רעדנער, עלעגאַנטער שרייבער מיט אַ ווונדערלעכן סטיל. מעדעם האָט געמיינט — גלייבן אין יידישן אַרבעטער קלאַס און זיין מיסיע אין יידישן לעבן. מעדעם האָט פאַרמאָגט אַ סך פאַרליבטקייט צו דער יידישער שפּראַך, איר ליטעראַטור און קולטור. זיין הויכגייסטיקייט און יום־טובדיקייט — דאָס איז געווען די זעלבסטווירדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און קיין ווונדער נישט, וואָס מעדעם האָט באַצויבערט און געצויגן צו זיך דעם יונגן שלמהן. דערוויייל איז עס געווען מער מעדעמס פּערזענלעכקייט, איידער מעדעמס סאָציאַלער וועלטבאַנעם און בונדישער אידעאַל. דאָס קומט שפּעטער. עס קומט אומפאַרמיידלעך. שלמהס וועג פירט צום „בונד“.

**
*

פול מיט לעבנס־ און שאַפונגס־ענערגיע, יונג אין יאָרן אָבער מיט אַ ברייטן באַוווסטזיניקן קוק אויף דער וועלט, האָט שלמה מענדעלסאָן אין די יאָרן 1917—1920 געגומען זוכן פאַר זיך אַן אָרט אין עפנטלעכן יידישן לעבן. ער האָט געפילט אין זיך דעם וווּקס פון זיינע ברויזנדיקע טאַלאַנטן, און האָט געמוזט האָבן אַן אָרט זיי אַנצווווענדן אין לעבן. זאָל עס זיין יידישע ליטעראַ־טור? ער האָט געפּרוווט זיינע כוחות אויף דעם געביט, ער האָט צוגעגרייט אַ באַנד פון שלמה עטינגערס ווערק און אָנגעשריבן אַן ערנסטע אַרבעט איבער אים (אָפּגעדרוקט אין 1920), ער האָט גענומען אויפטרעטן מיט פאַרלעזונגען איבער יידישער ליטעראַטור, איבער באַזונדערע שרייבער פון דער אייראָפּעי־שער ליטעראַטור. ער איז שוין אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון „הזמיר“, ער איז טעטיק צווישן דער יידישער אַקאַדעמישער יוגנט, אָבער דאָס איז פאַר אים אַלץ נישט גענוג.

ער לאָזט זיך אויפן וועג פון פּעדאַגאָגישער טעטיקייט — געלערנט אין אַ פאָלקשול מיט יידישער שפּראַך, שפּעטער געוואָרן אין אַ פּויליש־יידישער גימנאַזיע לערער פון יידישער ליטעראַטור און פון יידישער געשיכטע. ער איז באַליבט ביי די יונגע סטודענטקעס פון דער גימנאַזיע, און זייער פאַראינטעט־רעסירטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור, יידישער געשיכטע איז געוואַקסן. אויף די זיצונגען פון דעם גרויסן פּעדאַגאָגישן ראַט פון דער גימנאַזיע האָט מען זיך צוגעהערט צו שלמהס וואָרט, יעדער פון די לערער האָט געפילט אַז

אַט דער יונגער לערער איז אַן אָנזאָג פון נייע שטימונגען און כוחות אויף דער ייִדישער גאַס; ער איז אַ הייסער אָנהענגער פון די ראַדיקאַל־פּעדאַגאָגישע מע־טאָדן און טעאָריעס, מיט וועלכע אייראָפּע איז דעמאָלט געווען פול.

גלייכצייטיק האָט ש. מענדעלסאָן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער פאָלקס־פּאַרטיי, וועלכע האָט דעמאָלט אונטער דער אָנפירונג פון נח פּרילוצקי דורכגעמאַכט איר גלאַנץ־פּעריאָד. ער איז אַ מיטגליד פון דעם צענטראַל־ראַט פון דער פּאַרטיי, און געווען אַ מאָמענט, ווען ש. מענדעלסאָן האָט געזאָלט אַפילו באַקומען אַן אָרט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים) אַלס ייִדישער דעפּוטאַט פון דער ליסטע פון דער פאָלקס־פּאַרטיי.

עס איז געווען דער פּעריאָד פון ערב דער צענטראַליזאַציע פונעם גרויסן סטיכיש־אויפגעבויטן ייִדיש־וועלטלעכן שול־וועזן איבערן פּוילישן לאַנד, ערב דער באַשאַפונג פון דער שפּעטער אַזוי באַקאַנט־געוואָרענער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע (צישאָ). צווישן די לערער און שול־טוער איז אָנ־געגאַנגען אַן אינטענסיווע אַרבעט, וועלכע האָט צוגעגרייט די צענטראַליזאַציע פון דער שול־באַוועגונג. די קרוינונג פון דער גאַנצער שול־אַרבעט אין יענעם פּעריאָד איז געווען די קולטור־באַראַטונג אין וואַרשע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן גע־וואָרן אין אָקטאָבער 1919. ש. מענדעלסאָן נעמט אַן אַקטיוון און וויכטיקן אָנ־טייל אין דער באַראַטונג.

ער איז איינער פון די דריי פּרעזידענטן פון דער באַראַטונג, ער האַלט דאָ צוויי רעפעראַטן וועגן לערער־קורסן און וועגן דער קומענדיקער שול־קאָנפערענץ; ער ווערט אויסגעקליבן אין דער רעדאַקציע פון דעם באַשלאָסענעם פּעדאַגאָגישן זשורנאַל; ער ווערט אויסגעקליבן אין דער אָרגאַניזאַציע־ביוראָ, וועלכע דאַרף רופן אויף פּסח 1920 די גרויסע קאָנפערענץ פון לערער און פאָרשטייער פון קולטור־ און בילדונגס־געזעלשאַפטן, וואָס העלפן דירעקט בוי־ען די ייִדיש־וועלטלעכע שולן.

אין אַפּריל 1920 קומט פאָר אין וואַרשע די צווייטע שול־באַראַטונג. אויך דאָ איז ש. מענדעלסאָן אַקטיוו, און ווען עס ווערט דאָ געשאַפן די צייטווייליקע „ייִדישע צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע פון פּוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד", ווערט אין קאָמיטעט פון דער נייער אָרגאַניזאַציע אויסגעקליבן אויך ש. מענ־דעלסאָן.

עס איז אין יענע יאָרן טעטיק דער „צענטראַלער דינעזאָן־שול־קאָמיטעט". אין 1920 אָרגאַניזירט דער קאָמיטעט לערער־קורסן פון אַ גאָר גרויסן פאָרנעם. עס האָבן זיך פאַרשריבן 150 צוהערער. וולאַדימיר מעדעם, וועלכער האָט גע־האַט אַן אינטימע און וואַרעמע באַציִונג צום יונגן ש. מענדעלסאָן, איז נאָך דעמאָלט געווען אין וואַרשע. ער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אינעם

דערפאָלג פון די קורסן. ער האָט טאַקע די אָפיציעלע פייערלעכע עפענונג פון די קורסן דורכגעפירט. די פאַרוואַלטונג פון אָט די קורסן איז אָנגעטרויט געוואָרן אַ קאָלעגיע פון דריי פּערזאָן — איינער פון זיי איז געווען ש. מענדעלסאָן. גלייכצייטיק איז ער געווען אַ לעקטאָר אויף די קורסן און געפירט דאָ אַ קורס פון ייִדיש און מעטאָדיק פון ייִדיש.

אין דעם פּעריאָד ערב דער „צישאָ“ האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער יונגער שול־באַוועגונג די צווישן־פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציע „שול־בוך“, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן לערן־ און לייען־ליטעראַטור, צוגעפּאַסט צו די נויטן און צום כאַראַקטער פון דער נייער שול. שפּעטער האָט „שול־בוך“ אויסגעטיילט אַן אָרטאָגראַפישע און טערמינאָלאָגישע קאָמיסיע, — און דאָ האָט ש. מענדעלסאָן מיטגעאַרבעט האַנט בײַ האַנט מיט נח פּרילוצקי, וולאַדימיר מעדעם, י. מ. ווייסנבערג א״אַנד. אין דעם זעלבן פּעריאָד איז ער געווען טעטיק אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם „שול־ און פאָלקסבילדונג־פאַראיין“, וועלכער האָט געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָל אין דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער נייער ייִדישער שול.

דער לעצטער צוזאַמענקום אינעם פּעריאָד ערב־צישאָ איז געווען די שול־באַראַטונג אין אַפּריל 1921. אויך דאָ איז ש. מענדעלסאָן געווען אין פּרעזידיום; ער האָט רעפערירט דער סדר־היום פון פּראָיעקטירטן און שפּעטער צושטאַנד־קאָמיטעט פונעם לעצטן.

און אָט איז געקומען דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר, יוני 1921, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די צענטראַלע ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע (צישאָ). ש. מענדעלסאָן האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל בײַ איר גרינדונג און בײַ אירע ער־שטע טריט. ער האָט זיך אַלץ מער אַריינגעוואָרפן אין דער שול־אַרבעט. ער האָט זיך דאָ געפונען, אין דער טעטיקייט פון דער צישאָ.

ש. מענדעלסאָן האָט אויפן ערשטן שול־צוזאַמענפאָר געהערט צו דער אָנ־פירונג פון דער „אומאָפּהענגיקער שול־פראַקציע“ (63 שטימען) — צוזאַמען מיטן שרייבער פון די שורות, צוזאַמען מיט מ. זילבערפאַרב, א. גאָלאָמב א״אַנד. ש. מענדעלסאָן האָט גענומען אַ וואָרט צו יעדער וויכטיקער דעבאַטע: וועגן די יסודות און אויפגאַבן פון דער שול, וועגן דער רעכטלעכער און מאַטעריעלער לאַגע פון די שולן. ש. מענדעלסאָן איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער צישאָ, און שפּעטער אויך אין עקזעקוטיוו און אויספיר־ביוראָ; ער האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָמיסיע וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם שול־געזעץ, וועלכער איז שפּעטער אַריינגעטראָגן געוואָרן אין סיים; ער אַרבעט אויס אַ פּראָגראַם פון קולטור־געשיכטע אין דער פאָלקשול אאַז״וו.

נאָך אַ גרעסערע ראָל האָט ש. מענדעלסאָן געשפּילט אויפן צווייטן שול־צוזאַמענפאָר (אַפּריל 1925). ער האָט גענומען אַנטייל אין די וויכטיקסטע דיסקוסיעס אויפן צוזאַמענפאָר; ער איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן אין די זעלבע צענטראַלע קערפּערשאַפֿטן. ער איז טעטיק אויף אַלע געביטן פון דער שול־באַוועגונג.

***

אין דער ציש״אָ האָט ש. מענדעלסאָן געפֿונען אַ סינטעז פון אַלע געפֿילן און אידייען וואָס האָבן אים באַהערשט: דאָ איז געווען טעטיקייט פאַר די קינדער און פאָלק, דאָ איז געווען גלויבן אין דער יידישער שפּראַך און ווילן צו דערהייבן זי צו מאָדערנער קולטור־שאַפֿונג; דאָ איז געווען ברייטער פאַרמעסט און געוואַגקייט, אידעאַליזם און מסירת־נפש פון אַ גרויסער מחנה לערער און שול־טוער; דאָ איז געווען פּעדאַגאָגיש־עקספּערימענטאַלע שאַפֿונג, געטריי צו הויכע הומאַניסטישע אידעאַלן; דאָ איז געווען אויפריכטיקע פאָלקסטימלעכקייט, ליבע און צוטרוי צו שעפערישע כוחות פון פאָלק; די שול איז געווען געבונדן אינטים מיט די אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור און אירע אידעאַלן, די שול האָט פאַרלאַנגט מען זאָל פאַר איר קעמפן און זיך שלאָגן ביז בלוט, די שול האָט זיך גענויטיקט אין פלאַמיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן און טריבונען. און ש. מענדעלסאָן האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון דער ציש״אָ — מיט אַלע זיינע כוחות, מיט זיין גאַנצן ברענענדיקן האַרצן, מיט אַלע פיבערן פון זיין אויסדערוויילטער נשמה.

אָבער גאָר אינגיכן האָט ער דערשפּירט, אַז די יידיש־וועלטלעכע שול — דאָס איז אַ גרויסע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעם: קולטור, ליטעראַטור, יידיש, פאָלקסטימלעכקייט, די צוקונפט פון פאָלק, דער קאַמף פאַר זיין פולער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג — דאָס איז איין קייט, איין רינגעלע איז דאָ געקניפּט און אָפּהענגיק פון צווייטן. און איבערן גאַנצן קנויל הערשט די פּאָליטישע פּראָבלעם. קאַמף פאַר דער יידישער שול — דאָס הייסט קעמפן קעגן רעאַקציאָנערן פּאָליטישן רעזשים, אַוועקשטעלן די יידישע פּראַגעס אויפן פאָרום פון פאַרלאַמענט, דאָס הייסט באַקעמפן די אייגענע יידישע רעאַקציע אין אַלע אירע פאָרמען. קעמפן פאַר דער יידישער שול — דאָס הייסט אַנטרויען איר גורל אין די הענט פון אַ געזיכערטער מחנה, וואָס האָט גלויבן און צוטרוי צו אָט דער נייער שול, האָט געניג מוט און קאָמפּסלוסט, איז גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאַר אירע רעכט; אַ מחנה וואָס פאַרשטייט, אַז די שול איז אַ צענטראַלע פּאָליטישע פּראָבלעם, אַ מחנה וואָס וועט זי מאַכן פאַר איר אייגענער צענטראַלער אידיי און לאָזונג. נאָך מער: קאַמף פאַר דער יידישער שול — דאָס

האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ פּראָבלעם, וואָס קען און דאַרף מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט אַוועקגעשטעלט ווערן פֿאַר אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין לאַנד, און ראשית כל פֿאַר אַלע סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין לאַנד.

און אָט דער וועג האָט ש. מענדעלסאָן געפֿירט און געבראַכט צום בונד.

מען קען נישט אויפֿבויען קיין פֿרייע וועלטלעכע שול אין דער ייִדישער שפּראַך — אויב מען וועט נישט באַפֿרייען דאָס לאַנד פֿון רעאַקציאָנערן רעזשים און אַנטיסעמיטיזם, אויב מען וועט נישט באַפֿרייען די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן, אויסלייזן זיי פֿון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן יאָך. און מען קען נישט באַפֿרייען די ייִדישע מאַסן, אויב דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס פֿון פּוילן וועט זיך נישט באַ־פֿרייען פֿון זיינע סאָציאַלע און פּאָליטישע אונטערדריקער. סאָציאַליזם — איז די גרויסע באַפֿרייאונגס־אידייע פֿון דעם אַרבעטער־פֿאָלק. די אידייע פֿון סאָ־ציאַליזם און דער „בונד" — האָבן איבערגעאַנדערשט דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן. זייער פֿולער נצחון וועט זיין דער נצחון פֿון ייִדישן פֿאָלק, פֿון זיין שפּראַך און קולטור, פֿון דער נייער שול.

דער „בונד" איז איצט פֿאַרן ח' ש. מענדעלסאָן געוואָרן דער סינטעז פֿון יענע אידעאַלן, וואָס האָבן אים באַגייסטערט אַלע זיינע יוגנט־יאָרן. דער „בונד" האָט אין די הענט פֿון ש. מענדעלסאָן אַריינגעגעבן אַ נייע פֿאָן, וועלכע האָט געפֿלאַטערט מיט גלויבן, קאַמף, מסירת נפֿש. דער „בונד" איז פֿאַר אים געוואָרן אַ משפּחה, אַ פֿרייד, דאָ האָט ער געפֿונען פֿריינד און לערער און חברים. דאָ האָט ער געפֿונען אַ גרויס פֿעלד, ווו ער האָט פֿונדאַסניי פֿאַנאַנדערגעוויקלט זיינע פֿעיִקייטן און טאַלאַנטן. דאָ איז געווען אַ נייער קוואַל פֿון ענטוזיאַזם, פֿון אמונה שלמה, און דער עיקר — דאָ אין „בונד" איז געווען אַ גרויסע אָרגאַניזירטע און דיסציפּלינירטע מאַסע, צו וועלכער מ'האָט געקענט רעדן און אַפּעלירן, אַ מאַסע וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין טראַדיציעס פֿון קאַמף און אידעאַליזם.

ש. מענדעלסאָן איז אָפֿיציעל אַריינגעטראָטן אין „בונד" זומער 1928. אָבער שוין ביז דעמאָלט איז ער געוואָרן אַ נאָענטער און אייגענער מענטש אין „בונד". זיין פּערזענלעכע פֿריינטשאַפֿט מיטן ערשטן פֿאָרזיצער פֿון דער ציש״אָ, מיטן ח' ביינוש מיכאַלעוויטש, וועלכער איז געווען אַ ליכטיקע און פֿירנדיקע פּער־זענלעכקייט אין „בונד", האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטישן בונד, וועלכן ח' מענדעלסאָן האָט געשלאָסן מיט דער פּאַרטיי פֿון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן. און ווען אינגיכן (אָקטאָבער 1928) איז ח' מיכאַלעוויטש נאָך אַ שווערער קראַנקהייט אַוועק פֿון דער לעבעדיקער וועלט, איז עס אַזוי ווי געווען אַ צוואה צו שלמה מענדעלסאָן — צו גיין אין די וועגן פֿון ביינוש מיכאַלעוויטש.

ער ווערט אַ מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד“, ער וואַרפט זיך אין אַלע אַרבעטן, ער איז נישט מיד טאָג־טעגלעך צו רעדן אויף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען, ער באַטייליקט זיך אין אַלע באַראַטונגען, וואָס צייכענען אָן די טאַקטיק און קאַמפּס־מעטאָדן פון „בונד“. ער באַטייליקט זיך אין אַלע וואַל־קאַמפּאַניעס, פּראָטעסט־שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און פייערונגען. אין די לעצ־טע יאָרן ווערט ער אויסגעקליבן אין שטאָט־ראַט און אין דער ייִדישער קהילה. זיין נאָמען איז פּאָפּולער איבערן גאַנצן לאַנד. ער קומט צו דער „צוקונפט“־יוגנט, האַלט רעפעראַטן אויף אירע קאָנפערענצן און קורסן. ער שרייבט אין בונדישן אָרגאַן „פאָלקסצייטונג“. ער טרעט אַרויס אין נאָמען פון „בונד“ אויף פאַרשידענע צוזאַמענפאָרן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. ער קומט אין באַרירונג מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און ער פירט דורך די פּאָליטיק פון „בונד“ אין דער ציִשאָ, אין „קולטור־ליגע“ און אַנדערע אינסטיטוציעס.

צום „בונד“ איז שלמה געקומען, ווי מיר זעען, דורך די טויערן פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג און דער „צענטראַלער ייִדישער שול־אָר־גאַניזאַציע“ (ציִשאָ). ייִדיש־וועלטלעכע שול און דערציִונג — איז געוואָרן זיין אַספּיראַציע, זיין אייפער. שול איז געוואָרן פאַר אים דער העכסטער אויסדרוק פון פאָלקסטימלעכקייט, פון ליבשאַפט צו דער ייִדישער שפּראַך. זיינע אַלע טאַלאַנטן און טעמפּעראַמענטן, זיין גאַנץ האַרץ — האָט ער דער ציִשאָ אָפּ־געגעבן. מיט לייב און לעבן, מיט קלוגשאַפט און עקשנות, מיט פען און לעבע־דיקן וואָרט, מיטן ברען פון זיין נשמה — האָט ער דער ציִשאָ געדינט. אינ־טימע וואַרעמקייט און האַרציקע באַציִונג האָט ער פאַרשפּרייט צווישן דער צאָלרייכער לערערשאַפט און עלטערן־מאַסע.

אָבער ציִשאָ און ייִדיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונג — איז נישט נאָר טעאָרעטיש, נאָר אויך פּאַקטיש אין לעבן געווען אויסגעמישט מיטן קאַמף פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט פאַר אירע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעכט. ציִשאָ איז געווען פאַרוועבט אין אידעאַל פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָ־מיע. שווער געווען אָפּצוטיילן ציִשאָ פון „בונד“ און בונדיזם. די קאַמפן און פאַרמעסטונגען פון דער ציִשאָ, אירע לאָזונגען און אידעאַלן — זענען געווען דאָס אייגנטום פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. פון „בונד“ און בונדיזם האָט די ציִשאָ געשעפּט איר קאַמפּסלוסטיקייט, איר אַנטשיידענע אויסגעהאַל־טנקייט. אָן דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער שטיצע פון די ייִדישע אַר־בעטס־מענטשן, האָט די ציִשאָ נישט געקענט עקסיסטירן. און דערפאַר איז דער אמת פון פאָרזיצער און סעקרעטאַר פון דער ציִשאָ שטענדיק געווען באַ־

זעצט דורך פאַרשטייער פון „בונד". שלמה מענדעלסאָן איז אינעם לענגסטן און וויכטיקסטן פעריאָד פון ציש"אָ געווען איר סעקרעטאַר און אָנפירער.

דורכגעדרונגען מיט אָט דער שייכות צווישן ציש"אָ און „בונד", איז שלמה מענדעלסאָן געקומען צום „בונד". ער איז געוואָרן חבר מענדעלסאָן. שוין מעדעם האָט אין דער ריכטונג געווירקט אויף שלמהן. סוף 1920 איז מעדעם אַוועק קיין אַמעריקע, און אין דער אַלץ־וואַקסנדיקער און שפּרודלדי־קער שול־באַוועגונג האָט מעדעמס אָרט פאַרנומען ביניש מיכאַלעוויטש. אויך ער האָט פערזענלעך באַווירקט שלמהן. חבר מיכאַלעוויטש האָט שלמהן באַ־צויבערט מיט זיינע אידעלע אייגנשאַפטן, מיט זיין פאַלקסטימלעכקייט, מיט דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיינע גייסטיקע אינטערעסן. ער האָט אים באַצוי־בערט מיט זיין אידעאַליסטישקייט און ריינקייט, אויך מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט און קראַפט. עס איז געווען אַן אומזעבאַרע ליניע, וואָס האָט געפירט פון פרצן צו ב. מיכאַלעוויטשן, און די זעלבע ליניע האָט געצייכנט דעם וועג פון שלמה מענדעלסאָן. און אין זעלבן יאָר, ווען דער חבר מיכאַלעוויטש איז אַוועק אין דער אייביקייט, האָט שלמה מענדעלסאָן דעצידירנדיק פאַרקנופּט זיין ווייטערדיקן לעבן מיטן „בונד". ער איז געוואָרן אַן אָפיציעלער מיטגליד פון דער פּאַרטיי און ביזן סוף פון זיין לעבן געהיט די היילּיקע צוואה פון ביניש מיכאַלעוויטש, אַז „רעוואָלוציע, סאָציאַליזם זענען נישט קיין אַב־סטראַקציע, קיין אידעאַלן, וועלכע נעסטן אויפן שפּיץ באַרג, נאָר אַ לעבנס־לערע, אַ נייע מאָראַל פון טיפער ליבע צום מענטש".

די יאָרן 1928—1939 — דאָס איז דער גלאַנץ־פעריאָד אין לעבן פון חבר מענדעלסאָן, זיין העכסטע דערגרייכונג און שעפערישע אַקטיווקייט. ער פאַר־בלייבט ביזן אָנפאַל פון די נאַציס אויף זיין אַמט אין דער ציש"אָ, און גלייכ־צייטיק איז ער אין פּוילן רשות פון „בונד". זיין אומדערמידלעכע ענערגיע, זיין גאָלדענע פעדער און רעדנער־טאַלאַנט, זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן — טיילט ער צווישן ציש"אָ און „בונד". אין 1935 ווערט ער אויסגעקליבן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד". ער איז געקניפּט און געבונדן מיט דער גאַנ־צער אַרבעט פון דער פּאַרטיי. ער ווערט נישט מיד צו פאָרן אין די ווייטסטע פּונקטן פון פּוילן סיי אין די אינטערעסן פון דער ציש"אָ, סיי פון דער פּאַרטיי. ער טרעט אַרויס מוטיק קעגן די שונאים און פאַרפאָלגער פון דער שול און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער נעמט אויף זיך די שליחותן אין מערב־אייראָפּע און אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער רעפּרעזענטירט די ציש"אָ אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און אויף לאַנד־צוזאַמענפאָרן אין פּוילן גופא. ער איז באַפריינדעט פערזענלעך מיט צענדליקער בונדיסטן — פון גרעסטן קאַליבער ביזן קלענסטן, פון עלטסטן דור און פון דער יוגנט. ער

געווינט פאַרן „בונד" סימפּאַטיעס צווישן דער אינטעליגענץ, — זי זעט אין אים דעם סימבאָל פון געזונטן ייִדישן נאַציאָנאַלן געפיל, פון געטריישאַפט צו ייִדי־שער שפּראַך און ליטעראַטור.

***

עס איז געווען פאַר ש. מענדעלסאָן אַ באַזונדער פרייד און גליק, וואָס די ציש״אָ איז געלעגן אויף דער הויפּט־ליניע פון „בונד". די ציש״אָ איז געווען אַ לעגיטים און געליבט קינד פון „בונד", געבוירן און אויסגעצערטלט אין שויס פון דער בונדישער מאַסע. דער „בונד" איז געווען די גאַנצע צייט די גרעסטע פראַקציע אין דער ציש״אָ, מיט דער כסדרדיקער טענדענץ צו ווערן אַלץ אַ גרעסערער און שטאַרקערער סעקטאָר אין ציש״אָ, און דער „בונד" האָט געפילט און געטראָגן די היסטאָרישע אחריות פאַר דער ציש״אָ און איר טעטיקייט. דער „בונד" האָט זיינע בעסטע מענטשן געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער „ציש״אָ", און גאַנץ פּוילן האָט אידענטיפיצירט די „ציש״אָ" מיטן „בונד", פאַרגעסנדיק גאָר אַז אין דער שול־אָרגאַניזאַציע זענען דאָ נאָך אַנדערע פראַקציעס.

ש. מענדעלסאָנס ראָל און אויפגאַבע אין „ציש״אָ" איז געוואָרן אַלץ פּיל־זייטיקער. ציש״אָ איז פאַר אים איצט ייִדיש־וועלטלעכע שול פּלוס „בונד". אין מיט נייעם אויסערגעוויינלעכן ברען וואַרפט זיך ש. מענדעלסאָן אַריין אין דער „ציש״אָ"־אַרבעט.

דערציילן וואָס ש. מענדעלסאָן האָט געטאָן און אויפגעטאָן אין דער „ציש״אָ", דאָס איז דערציילן די פולע געשיכטע פון די 20 יאָר ציש״אָ. נישט געווען קיין איין ווינקעלע, קיין איין אונטערנעמונג און פּראָיעקט אין דער שול־אָרגאַניזאַציע, ווו ש. מענדעלסאָן זאָל נישט זיין באַטייליקט מיט זיין איניציאַטיוו, ענערגיע, מיט זיין מוח און האַרץ. ער איז געווען דאָס האַרץ און די נשמה פון דער „ציש״אָ", איר רעפּרעזענטאַנט און באַ־כוח, איר גאָלדן מויל און גאָלדענע פּעדער, איר זאָרגער און באַזאָרגער.

אויף הונדערטער מאַסן־מיטינגען אויפגעטראָטן, אין וואַרשע און אין גרויסע און קלענערע שטעט פון דער פּראָווינץ. געטראָגן צו די מאַסן דעם גרויסן צאָרן און פּראָטעסט לגבי די פּוילישע מאַכט־האָבער פאַר זייער באַהאַנדלען די ייִדישע שול; געטראָגן אַהין דעם פלאַמיקן פּאַטאָס און גלויבן אין נצחון פון דער אַרבעטער־זאַך און פון דער שול־אידייע. קיין מאָל נישט מיד גע־וואָרן, זיך געוואַלגערט אין דריטע־קלאַס־וואַגאָנעס, קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט פון אַ שליחות, ווי אומאַנגענעם זי זאָל נישט זיין. האָט באַנוצט זיין רעדנער־טאַלענט, זיין פעיקייט דורכצוזעצן אַ באַשלוס, זיין דרייסטקייט צו רעדן מיט די

פּראָווינצער סאַטראַפּן, וועלכע האָבן געפירט אַ סאַדיסטישע פּאָליטיק לגבי די שולן אויף די ערטער. ער האָט געוווּסט: ווער עס פאַרמאָגט מער, פון דעם פאָדערט מען מער. און ער האָט אַלץ אָוועקגעגעבן דער שול־באַוועגונג...

די פּוילישע רעגירונג האָט נישט געוואַגט צו וואַרפן זיך אין אַ פאַרניכטנדיקער פראָנט־אַטאַקע אויף דער „צישאָ" און אירע שולן: דער פאַקט פון 120 שולן מיט 22 טויזנט קינדער, שולן מיט אַ גוטן פּעדאַגאָגישן נאָמען, איז געווען צו וואָגיק, צו ערנסט. איז דעריבער איר פּאָליטיק געווען אַן אַנדערע: קליינלעכע טאָג־טעגלעכע דיסקרימינאַציעס, דורכגעפירט דורך אַ יעזויטיש־„פּאַנסקע" אופן: אויסהונגערן, אויסמאַטערן, דערפירן צו פאַרצווייפלונג די לערערס, די טוערס, די עלטערן. און מיט די נידערטרעכטיקסטע קונצשטיק און אויסטראַכטענישן, מיט פאַרשיידענע איינפאַלן און צודרינגלעכקייטן איז זי דערגאַנגען די יאָרן די פירער פון דער „צישאָ" און די פירער פון אירע אָפּטיילונגען און אירע שולן אויף די ערטער. אייזערנע נערוון, מסירת נפש האָבן זיך געפאָדערט דאָס אַלץ איבערצוטראָגן. און ש. מענדעלסאָן איז געווען דער ערשטער אויף צו וועקן גלויבן און געדולד, אויף צו וואַרפן זיך אין אַפּוער, אויפצוהויבן גרויסע אַלאַרמען און פאַרבלייבן אומדערשיטערט אויף די פּאָזיציעס. מיט ציין און נעגל האָט ער זיך געקלאַמערט אין אַ לעצטער באַדראָטער אינסטיטוציע, זיך געשטעלט אַליין צו איר שוץ און מאָביליזירט אַנדערע קרעפטן צו הילף, זיך געוואָרפן מיט דרייסטקייט און מוט קעגן די ביוראָקראַטן און מאַכט־האָבער.

דער גרעסטער שונא פון דער „צישאָ" איז געווען הונגער, אין פּשוטן זינען פון וואָרט: הונגער, דחקות, נויט. דער שכר־לימוד איז געווען קליין, נישט גענוגנד. קיינע סובסידיעס פון דער רעגירונג און פון די ייִדישע קהילות. און די הוצאות אויף שול־לאָקאַלן זענען געווען זייער גרויס, לערער זענען געווען אויסגעשעפּט פיזיש, הונגעריק, פאַרצווייפלט. און ח' מענדעלסאָן האָט זיין גאַנצן פּראַקטיש־פינאַנציעלן זשעני אָנגעשטרענגט און זיך געוואָרפן אין די אַרבעט צו שאַפן מיטלען פאַר די שולן. אין די מאַגיסטראַטן און שטאָטראַטן, אין „דזשאָינט" און „טאָז", אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אין אויסלאַנד; דורך אויפרופן און קאַמפּיינען, דורך צוזיצן שליחים און סימפּאַטיעס. דורך שאַפן קאָמיטעטן און פּריינט. עס איז נישט צו באַשרייבן זיין עקשנות און פעסטקייט אין דער דאָזיקער אַרבעט, זיין דערפינדערישקייט און פאַרנעם. אויב נישט אַלע מאָל האָט עס געבראַכט דירעקטע מאַטעריעלע פאַרלייכטערונג פאַר די לערער, — איז עס אָבער פאַר זיי שטענדיק געווען אַ גוזעלשאַפטלעכע דערמונטערונג און טרייסט.

אָבער דער הויפּט־שליאַך פון דער „צישאָ" איז דאָך געלעגן אין דער

פעדאַגאָגישער שעפערישקייט פון דער שול. און דאָ, אויף דעם געביט, איז נישט געווען קיין איין געשעעניש, קיין איין אונטערנעמונג, וואָס זאָל זיין אויסער דער אויפמערקזאַמקייט פון ח׳ מענדעלסאָן. הגם אַליין מיט אַ קליינער אייגענער שול־פּראַקטיק, נאָר טעאָרעטיש צוגעגרייט צו דער דאָזיקער אַרבעט, איז ער אויך דאָ געווען אויסערגעוויינלעך אַקטיוו, שעפעריש. יידישע געשיכטע און יידישע ליטעראַטור אין דער פאָלקשול — דאָס זענען געווען זיינע באַליבטע פּרוכטבאַרסטע טעמעס. ער האָט צענדליקער טיף־דורכגעטראַכטע רעפעראַטן געהאַלטן פאַר די לערער אויף די דאָזיקע טעמעס, אויף קורסן, קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן. ער האָט זיך געפרייט און געגרויסט מיט יעדן נייעם עטאַפּ אין דער שול־אַרבעט, מיט יעדער נייער דערגרייכונג און בעסערונג. ער האָט די לערער גערופן צו אַרבעטן איבער זיך, צו פאַרפּולקומונג. זיין פּערספּעקטיוו בנוגע דעם פּעדאַגאָגישן ניוואָ פון דער יידיש־וועלטלעכער שול איז געווען פון גרויסן פאַרמעסט, אויף מאַסשטאַבן פון מערב־איראָפּע. אָבער אין דער זעלבער צייט — באַזירט אויף יסודות פון יידישן לעבן, פון יידישער קולטור, פון אָנגעזאַמלטע אוצרות און דערפאַרונגען במשך פון דורות פון יידישער געשיכטע.

אין די זשורנאַלן פון דער „צישאָ״ („נייע שול״, „שולוועגן״, „שול־לעבן״) איז ער געווען מיטרעדאַקטאָר, און דאָ האָט ער געדרוקט נישט נאָר אַרטיקלען פון אָרגאַניזאַציאָנעלן און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, נאָר אויך פון ריין פּעדאַגאָגישן און מעטאָדישן. אין „פאָלקסצייטונג״, „פאָראויס״ און אַנדערע אויסגאַבעס האָט ער געדרוקט אַרטיקלען איבער דער יידישער ליטעראַטור און איבער באַזונדערע שרייבער און ווערק, איבער באַזונדערע וויכטיקע קולטור־ליטעראַרישע טעמעס. און אויך דאָס דאָזיקע וואָרט זיינס איז געווען אויטאָריטאַטיוו פאַר דער לערערשאַפט. ש. מענדעלסאָן איז אין זייער פאַרשטעלונג געווען דער איבערצייגנדיקסטער מוסטער און רעפּרעזענטאַנט פון דער מאָדערנער יידישער קולטור־באַוועגונג און ליטעראַטור, פּונקט ווי ער איז געווען פאַר זיי דער אָנערקענטסטער פירער פון דער שול און פון דער שול־באַוועגונג.

ווען אין וואַרשע איז געווען אין 1923־1925 טעטיק דער לערער־סעמינאַר פון „צישאָ״, איז ש. מענדעלסאָן געווען צווישן זיינע באַליבטע לעקטאָרן (נייע יידישע ליטעראַטור און מעטאָדיק פון געשיכטע). אין ווילנער סעמינאַר און אין דער רעאַל־גימנאַזיע איז ער געווען יאָר־יערלעך אויף אַ פּעדאַגאָגישן באַזוך. זיך באַטייליקט אין די עקזאַמענס פון די תלמידים, אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט דער לערערשאַפט. אין 1921 און 1922 איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פון די לערער־קורסן אין וואַרשע. אויף דער קאָנפערענץ פון

יידיש־לערער (1922), אויף דער ערשטער לאַנד־קאָנפערענץ סוף 1923, אויף דער צווייטער לאַנד־קאָנפערענץ פון 1925, אויף דער דריטער לערער־קאָנ־פערענץ (1937), אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון געשיכטע־לערער אין 1939; אויף אַלע פילצאָליקע ראַיאָן־קאָנפערענצן פון די לערער אין די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט; אויף אַלערליי לערער־קורסן און אויסשטעלונגען — אומע־טום איז דער אָנטייל פון ש. מענדעלסאָן געווען זייער אָנזעעוודיק און רע־פּרעזענטאַטיוו. אומעטום האָט הויך געקלונגען זיין וואָרט פון אויפקלערונג.

זייער פיל צייט, ענערגיע און איניציאַטיוו האָט ה׳ מענדעלסאָן געשאָנקען דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. דאָס איז פאַר אים נישט געווען קיין געביט, וווּ ס׳האָבן זיך געפאָדערט זיינע טאַלאַנטע אַלס רעדנער, שרייבער, אָדער זיין טעמפּעראַמענט פון קאַמף און פּראָטעסט. מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען אַ שטילע, אינערלעכע אַרבעט, געבויט אויף גרויסער ליבע צום קינד פון ייִדי־שן אַרבעטער און פאָלקס־מענטש. מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געווען אַ ווערק פון טאָג־טעגלעכער איינגעשפּאַרטער, אויסגעהאַלטענער אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּע־דאַגאָגישער אַרבעט. און ווי ה׳ מענדעלסאָן איז נישט געווען באַשעפטיקט אין דער שול־אָרגאַניזאַציע און אין דער פּאַרטיי, און הגם די סאַנאַטאָריע איז געווען אַ שעה רייזע מיט דער באַן פון וואַרשע, — האָט ה׳ מענדעלסאָן גע־פונען גענוג צייט, רויִקייט אין זיך, גענוג אינטערעס צו קומען יעדעס מאָל אין דער סאַנאַטאָריע און זיך אָפּגעבן דאָרט מיט צענדליקער פּראָבלעמען פון דער עקזיסטענץ און טעטיקייט פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. ער איז גע־ווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג און פּרעזידיום פון דער סאַנאַטאָריע. עס איז פּאַקטיש נישט אונטערגענומען געוואָרן קיין שום וויכטיקע זאַך אין סאַנאַטאָריע אָן זיין וויסן, אָן אַ באַראַטונג מיטן ה׳ מענדעלסאָן. צי האָט זיך געהאַנדלט וועגן געלט־מיטלען פאַר דער טאָג־טעגלעכער חיונה פון דער סאַנאַטאָריע, צי האָט זיך געהאַנדלט וועגן בויען אַ נייעם פּאַוויליאָן, אָדער ס׳איז געגאַנגען וועגן אויסגעפינען אַ פּאַסיקן מעדיצינישן און פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל, צי וועגן איינפירן עפּעס אַ נייס אין פּראָגראַם פון דער סאַנאַטאָריע־אַרבעט אויפן געביט פון דערציִונג און פאַרווייילונג; צי ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן שאַפן די נויטיקע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור פאַר דער סאַנאַטאָריע, צי מען האָט געדאַרפט גיין מיט אַ דעלעגאַציע צו אַ ייִדישער אָדער נישט־ייִדי־שער קערפּערשאַפט און פאָדערן הילף פאַרן אַנשטאַלט; צי עס איז געגאַנגען וועגן שאַפן און שפּעטער פאַרטיידיקן דעם סאַנאַטאָריע־פילם „מיר קומען אָן“, — אומעטום, ביי יעדער אַרבעט, ביי יעדן וויכטיקן שריט איז ה׳ מענדעלסאָן געווען אַקטיוו מיט ראַט און טאַט.

ה׳ מענדעלסאָנס אַרבעט דאָ האָט נישט געשפּיזט זיין דראַנג צו עפנט־

לעכקייט, צו פּראָפּאַגאַנדע פון גרויסן זשעסט; נישט געווען דאָ קיין אידייִשע שלאַכטן, קיין צווישן־פּאַרטייִשע קאַמפן; דאָ אויפן שטח פון דער סאַנאַטאָריע, האָט זיך אויסגעלעבט דער פּעדאַגאָג אין אים, די פאַרבאַהאַלטענע בענקשאַפט צו פאַמיליע־לעבן, די אינטימע ליבע צום קינד פון די וואַרשעווער הויפן. די שטילע, רויִקע אַטמאָספער פון דער סאַנאַטאָריע האָט דעם שטענדיק־אומרויִקן, מיט ענערגיע־ שפּריצנדיקן ש. מענדעלסאָן געגעבן פויזעס פון רויִקייט, שטילקייט, פון אינערלעכער זעלבסט־פּאַרטיפונג. דאָ האָט זיין עמ־פינדלעכע נשמה אָפּגענומען גרוסן פון דער צוקונפט — פונעם צוקונפטיקן מענטשן פון אַ פרייער גליקלעכער וועלט. דאָ, אין מעדעם־סאַנאַטאָריע, האָט ער געזען די אידייען פון סאָציאַליסטישער עטיק און מאָראַל, פאַרווירקלעכט אין דער טאָג־טעגלעכער דערציִונג.

די געשילדערטע שעפערישע און די פּאָזיטיוו־אויפטוערישע אַרבעט פון ח׳ ש. מענדעלסאָן אין דער „צישאָ״ און אין דער סאַנאַטאָריע — דאָס זענען געווען זיינע גליקלעכע מאָמענטן. פון דאַנען האָט ער געשעפּט באַפרידיקונג, צופרידנקייט, אַפילו גליקזעליקייט. דאָס איז געווען די קאָמפּענסאַציע פאַר די האַרצווייטאָקן און קאָפּדרייענישן אויפן מאַטעריעלן און רעכטלעכן געביט פון דער שול. אָבער דאָס אַלץ איז געקויפט געוואָרן פאַרן פּרייז פון גרעסטע אָנשטרענגונגען פון נערוון־געשפּאַן, יסורים און קלעמעניש. און עס זענען טאַקע געווען עטלעכע פאַלן, ווען אין דעם „צישאָ״־לאָקאַל גופא האָט ח׳ מענדעלסאָן זיך איינגעבראָכן, אַוועקגעפאַלן מיט אַן אַטאַק אויף די נירן, מיט אַן אַטאַק אויפן האַרצן, און מען האָט אים געמוזט אַוועקפירן אַ קראַנקן און אַריינלייגן אין בעט. ער האָט זיך געווערט קעגן דעם, זיין שטורמישער טעמ־פּעראַמענט און אייזערנער ווילן האָבן נישט געקענט שלום מאַכן מיט אַזאַ נעבעכדיקער פאַר אים סיטואַציע. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן... דאָס איז געווען זיין געזונט־ און בלוט־שטייער דער „צישאָ״, דער שול־באַוועגונג, דער בונדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

**
*

אין משך פון די יאָרן 1935—1939 האָט ח׳ מענדעלסאָן געפירט אין „שולוועג״ אַן אייגענע אָפּטיילונג — „שטריכן און באַמערקונגען״. ער האָט זיך דאָ אָפּגערופן אויף אַלע אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער שול־ און קולטור־באַוועגונג. איינצייטיק האָט ער אויף די שפּאַלטן פון „פאָלקסצייטונג״ און „פאָרויס״ גענומען אַ וואָרט צו די זעלבע פראַגן און געשעענישן פון שול־און קולטור־געביט. זיין וואָרט איז דאָ געווען גליִענדיק. ער האָט אין די פּראַקטישע פּראָבלעמען אַריינגעטון בלוט און נשמה, פּערספּעקטיוו און ברייטן

האָריזאָנט. ער האָט די טאָג־טעגלעכקייט באַלויכטן מיטן פּראָזשעקטאָר פון צוקונפטס־אידעאַל, מיט ליכט פון אידעיִשער פּראָגראַם, פּרינציפּן.

ער האָט רעגיסטרירט יעדע דערגרייכונג, פּונקט ווי יעדן דורכפאַל אין דער שול־באַוועגונג. ער האָט געהאַלטן זיין האַנט אויפן פּולס פון דער באַוועגונג און אויפגענומען מיט אַ ווונדערלעכער פילבאַרקייט און אַפּרופלעכקייט יעדע מינדסטע ענדערונג אינעם פּולסשלאָג, אינעם בלוטדרוק פון דער באַוועגונג. און תיכף — רעאַגירט. תיכף — געזאָגט זיין וואָרט, געגעבן זיין אָפּשאַצונג.

סוף 1934 — אָנפאַנג 1935. די כוואַליע פון פאַשיזם האַלט אין וואַקסן אויפן פּוילישן באָדן. די אָנשטרענגונגען און מאַטערנישן פון די שולן אויף די ערטער און פון דער „צישאָ“ אין צענטער דערגרייכן זייער העכסטע מדרגה. דער פּאָליטישער דרוק מצד דער מאַכט איז פּשוט נישט אַריבערצוטראָגן. די פּיין פון מאַטעריעלער נויט איז נישט צו באַשרייבן. „דער חלף פון אונטערגאַנג פאָכעט איבערן האַלדז“ — אַזוי כאַראַקטעריזירט דעם צושטאַנד ח׳ מענדעלסאָן אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען. און ער דערפילט — „אַ מידקייט, רעזיגנאַציע האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן אין אונדזער שול־מלוכה“. ער האָט פּאַר נייטיק באַצייטנס אַרויסצוטרעטן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און ווייטאָגלעכקייט קעגן דער דאָזיקער סכנה. ער קומט מיטן וואָרט פון „דערמונטערונג, מיטן רוף צו אחריות“. ער דערמאָנט וועגן דער „אידייע וואָס באַגייסטערט“ אין אונדזער שול־באַוועגונג.

„אַוודאי — שרייבט ח׳ מענדעלסאָן — איז דער וועג צום זיג נישט קיין לייכטער און נישט קיין שנעלער. ס׳קען זיין, אַז ער וועט לענגער דויערן ווי מיר האָבן גערעכנט, בויענדיק אונדזער שולוועזן. ס׳איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז ער וועט האָבן אַ זיגזאַגן־פאָרעם — מפּלות און נצחונות, און אָפט שווערע בלוטיקע מפּלות. פון ווען אָבער שרעקן מיר זיך פאַר אַ דורכפאַל? פון ווען אָן זענען שוועריקייטן געוואָרן אַ כוח, וואָס פּראָדוצירט צווייפל? פאַרקערט: טראָציקייט, איינגעשפּאַרטקייט, פאַנאַטישער גלויבן — דאַרף זיין דער ענטפער אין איצטיקן מאָמענט. די לאַפּע פון פאַשיזם וועט אונדז פּרווון צו דערשטיקן — זאָלן מיר זיך ווערן מיט די לעצטע כוחות; די ענערגיע וואָס מיר וועלן אַנטוויקלען איז אַ ריזיקער ווערטפולער קאַפּיטאַל“.

„... דווקא דערפאַר וואָס מיר האָבן נישט קיין אויסזיכטן אין משך פון דער נאָענטסטער צייט צו וואַקסן אין צאָל, דאַרפן מיר די גאַנצע אָנשטרענגונג ווענדן אין דער ריכטונג פון פאַרטיפן אונדזער אינערלעכע אַרבעט. אונדזער כוח וועט באַשטיין אין דער קוואַליטעט פון אונדזער שול... די אַטראַקציע און

קאָנקורענץ־קראַפט פון אונדזער שול באַשטייט אין איר אידעיִשן אינהאַלט, אין איר צוקונפט־אידעאַל" (שולוועגן", פעבר'־מערץ 1935).

זיין אַרטיקל „לאָזונג און לעבנסטאַט" („פּאַריס", 24 יוני 1938) — איז געווענדט צו דער אייגענער בונדישער סביבה, ער רעדט וועגן דער באַציִונג צו יידיש און יידיש־וועלטלעכער קולטור אויף וועלכער מען שטויסט זיך אָן אין געוויסע בונדישע קרייזן.

ח' מענדעלסאָן רעדט וועגן דעם, אַז „אויך אין אונדזערע אייגענע רייען" איז פאַראַן אַ מאַנגל אין „קולטור־אַקטיוויזם, אין כסדרדיקן אָנגריף". ער פילט פאַר זיין חוב צו רעדן וועגן דעם „אָפענע דיבורים" און „צו באַטראַכטן די ווונדן — און זיי צו היילן".

„עס איז פאַראַן — שרייבט ח' מענדעלסאָן — אַ דיספּראָפּאָרץ צווישן דעם אימפּעט מיט וועלכן עס ווערט געפירט דער פּאָליטישער קאַמף פאַר די רעכט פון אונדזער קולטור און צווישן דער באַציִונג צו די פאַראַנענע און זיך שאַפנדיקע קולטור־ווערטן... עס איז פאַראַן אַ שער, למשל, צווישן דער מלחמה פיַר רעכט פון יידיש און באַציִונג צו יידיש אין טאָג־איין טאָג־אויס. עס איז שטאַרקער דער פּאָליטישער באַוווסטזיין פאַר אונדזערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט, ווי דער קולטור־באַוווסטזיין. די דאָזיקע דערשיינונג סיגנאַליזירט אַ געפאַר... מען מוז שטאַרק ליב האָבן, נאָך מער פילן אַ פּערזענלעך באַדערפעניש אין דער דאָזיקער קולטור, כדי דער געראַנגל פאַר איר זאָל ווירקלעך פאַרמאָגן דעם ברען, דעם שוווּנג, וואָס עס איז נייטיק. עס איז נישט גענוג צו פאָדערן אַ יידישע שול, נאָר מען מוז טאַקע מיטן גאַנצן האַרצן שטרעבן צו איר, בענקען נאָך איר, האָבן דאָס געפיל, אַז אָן איר בין איך אָרעמער, בין איך פרעמדער צו דער וועלט... דעריבער — זאָגט ח' מענדעלסאָן וויי טער — קענען מיר פאָדערן אַז די (בונדישע) זעלנער און אָפיצירן פון פּאָליטישן קאַמף זאָלן אין אַ גרעסערער מאָס דורכדרינגען מיט ליבע און צוגעבונדנקייט צו אונדזערע קולטור־דערגרייכונגען. צי קען מען אָנוואַרפן אַ ליבע? — יאָ, מען קען דאָס געפיל אַנטוויקלען, פלעגן, אויסהאָדעווען".

און מיט יעדער אַרויסטרעטונג זיינער אויף פּאַרטיי־זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, מיט יעדן גערעדטן און געשריבענעם וואָרט, מיט יעדן טאַט זיינעם אויפן געביט פון דער שול, ליטעראַטור, טעאַטער, ייִוואָ — האָט ח' מענדעלסאָן אויסגעפירט אָט די אויפגאַבע, — ער האָט די „ליבע און צוגעבונדנקייט צו אונדזערע קולטור־דערגרייכונגען", דאָס געפיל פון ליבע צו יידיש און יידיש־וועלטלעכער קולטור אויף אַלערליי אופנים געהאָלפן צו „אַנטוויקלען, פלעגן, אויסהאָדעווען".

**
*

ש. מענדעלסאָן האָט פאַרמאָגט אַ רייכן אַרסענאַל פון „געווער" אין קאַמף פאַר זיינע אידעאַלן. זיין טעמפּעראַמענט און אַקטיווע נאַטור, זיין שאַרפער שכל און גייסטיקער מוט, זיין באַאָבאַכטונגס־קראַפט און פעיִקייט אַריינצודרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון פריינט און קעגנער. זיין פּילזייטיקע בילדונג, אָנגעלייענטקייט און זיין מערקווירדיקער זכרון — דאָס זענען אַלץ געווען גלענצנדיקע מיטלען אויף צו באַהערשן די פּראָבלעמען פון געזעלשאַפטלעכן און קולטור־קאַמף, וואָס האָבן פאַרפולט זיין גאַנץ לעבן.

אָבער זיין הויפּט־געווער איז געווען דאָס וואָרט, דאָס גערעדטע און געשריבענע וואָרט.

ש. מענדעלסאָן אויף דער טריבונע — דאָס איז געווען אַ פענאָמענאַלע דערשיינונג. אויפריכטיקער דערהויבענער פּאַטאָס; אַן אָנגענעמע שטאַרקע שטים וואָס באַזיצט אַ ברייטן דיאַפּאַזאָן און איינגעבוירענע אַרטיסטישע קראַפט; אַ כוח הסברה וואָס באַהערשט די שווערסטע טעמע און די טיפסטע געדאַנקען; אינטעליגענטער הומאָר וואָס שטעקט אָן די צוהערער מיט גרויסן קינסטלערישן טאַקט; אַ חנוודיקע דיקציע שטאַרקט באַפאַרבט מיטן קאָליר פון יידיש־פּוילישן דיאַלעקט; מוטיקייט און געשיקטקייט סיי ביים אָנגרייפן און סיי ביים פאַרטיידיקן זיך קעגן אידעיִשע קעגנער; אַן אוצר פון ליטע־ראַרישן געלייטערטן יידיש, באַהאַפטן מיט די רייכטימער פון עטלעכע איראָפּעיִשע שפּראַכן וואָס זענען אים געווען נאָענט; אַ גליִענדיקער טעמפּע־ראַמענט וואָס דיקטירט נישט צו פאַרשווייגן דעם אמת, נישט צו שוינען דעם קעגנער, געווינען דעם עולם פאַר זיין אייגענעם אידעאַל און לאָזונג; אַן אויפריכטיקע, אָרנטלעכע באַציִונג צו דער אודיטאָריע פון צוהערערס, אַ ווילן זיי צו באַלערנען און אויפקלערן, זיי צו דערהייבן און אַרויסהייבן; אַ גרויסע מייסטערשאַפט אין דערציילן אַ געשיכטע און אַרויסרופן אַסאָציאַציעס מיט באַקאַנטע העלדן און טעמאַטיק אין דער יידישער און איראָפּעיִשער ליטעראַטור — אָט דאָס איז געווען ש. מענדעלסאָן דער רעדנער, דער גרוי־סער מייסטער פון גערעדטן וואָרט.

אָבער אויך דאָס געשריבענע וואָרט פון ש. מענדעלסאָן האָט געהאַט אין אַ גרויסער מאָס די זעלבע מעלות.

זיין סטיל איז געווען אייגנאַרטיק. זיין סטיל האָט פאַרמאָגט שאַרפקייט, קורצקייט, טיפקייט און גלאַנץ. דער אָריגינעלער געדאַנק האָט קאָנקורירט מיט דער אָריגינעלקייט פון פאָרעם און אויסדרוק. אַן געקינסטלטער שפּראַך־מאַכעריי, נישט פּרעטענציע, שטענדיק צו דער זאַך און צו דער טעמע און שטענדיק מיט גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געזאָגטן. צי איז דאָס געווען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ שריפטשטעלער, צי איז עס געווען אַ פּאָלעמיק

איבער אַן אַקטועלן געזעלשאַפטלעכן ענין, צי איז עס געווען אַ טעאָרעטישע פּראָבלעם — שטענדיק איז אין דעם געווען פרישקייט פון געדאַנק, אַלזייטיקע באַנעמונג, קלאָרקייט פון דער שטעלונג, אין פונקט־טרעפנדיקע כאַראַקטע־ריסטיק. און שטענדיק מיט אַ ווונדערלעכן חוש פאַר דאָס שיינע, קינסטלערי־שע, באַגאַבטע. און שטענדיק מיט גרויס געצוימטקייט און טאַקט און מיט אי־נערלעכער באַשיידנקייט, מיט גרויס יראת הכבוד פאַרן געדרוקטן וואָרט, און אין שריפט, פונקט ווי אין רעדן, די זעלבע רייכקייט און שפּרודלדיקייט פון יידישער שפּראַך, און אַ העלע אויסשטראַלונג פון גלויבן אין דעם וואָס ער זאָגט און פּרעדיקט.

עס איז געווען אין ש. מענדעלסאָנען אַ זעלטענע גליקלעכע האַרמאָניע פון טאַלאַנט סיי ביים רעדן און סיי ביים שרייבן, אין מינדלעכן ווי אין שריפט־לעכן וואָרט.

**
*

זיין גרויסע אייגנשאַפט איז געווען זיין פּאַטאָס. דאָס איז נישט געווען די נאַיווע באַגייסטערונג, וואָס מיר טרעפן אַזוי אָפט. ח' מענדעלסאָן איז געווען צו קלוג דערויף און צו באַאַבאַכטונגס־פעיִק, און ער איז נישט סתם באַגיי־סטערט געוואָרן פון זאַכן. זייער אָפט האָט מען געהערט פון אים: „מען דאַרף זיך עס גוט איבערלייגן... איך האָב עס גוט דורכגעטראַכט.״ און דאָס איז נישט נישט געווען קיין פראַזע. ער האָט יעדן ענין און פּראָבלעם אַדורכגעלאָזט דורך דער פּריזמע פון שאַרפער קריטיק. ער האָט געהאַט גענוג געלאַסנקייט און איינגעהאַלטנקייט, זעלבסט־קריטיק, זעלבסט־באַהערשונג און רויִקייט — כדי אויסצוּוואַרטן מיט זיין רעאַגירונג און נישט אַריינפאַלן סתם אין קעלבערנער התפּעלות. נייִן, זיין פּאַטאָס איז עפּעס אַנדערש געווען. דאָס איז געווען דער פּאַטאָס, וועלכן מיר טרעפן ביים גרויסן קינסטלער. דאָס איז געווען אַ נשמה־צושטאַנד, אַן אידעיִש־גייסטיקע מדרגה. דאָס איז געווען דער דערהויבענער „ניגון אָן ווערטער״, וועלכער האָט געוואָרצלט אין אים.

אַ מאָל איז עס געווען די אידעע פון דער נייער שול, אַ מאָל — אַ גרויס ליטעראַריש ווערק. אַ מאָל איז עס געווען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַלע אָדער נאַציאָנאַלע אידעע. דער לאָזונג פון אויסלייזונג פון די אונטערדריקטע און אונטעריאָכטע. אַ מאָל איז עס געווען טיפער צאָרן קעגן די הערשער, קעגן די פאַרפירערס פון פאָלק. און אַ מאָל איז עס געווען די אַנטצינדונג פאַר דעם דערוואַכטן באַנטשע שווייג, פאַר זיין פּאָטענציעלן כוח איינצוּוואַרפן די ווענט פון יריחו. די לעצטע יאָרן איז עס געווען דער ווייטאָג און בלוטיקונג צוליב דעם אַלעם וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין נאַצי־געטאָ, און אַוודאי האָט דער

אויפשטאַנד אין געטאָ אַרויסגערופן אין אים דעם העכסטן און אויפריכטיקסטן פּאַטאָס. ער האָט נישט געוווּסט פון קיין געמאַכטן ענטוזיאַזם. אַפילו ווען ער האָט אַן אָנגעשריבענע רעדע געהאַלטן, האָט דער עולם געפילט יעדן ציטער פון זיין נשמה, און ער איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט זיין הויך־פּאַטעטישן וואָרט, מיט זיין צאָרן און סטיל.

זיין פּאַטאָס איז נישט געקומען פון דער אויסערלעכער געשעעניש. ער איז געווען דער פועל־יוצא פון זיינע טיפע באַטראַכטונגען און איבערלעבונ־גען, ער איז געווען געבונדן מיט זיין גאַנצן געמיט־צושטאַנד, מיט זיין אַני־מאַמין, מיט זיין גאַנצן „איך". עס איז געווען אַ פּאַטאָס וואָס איז געקומען פון די אינעווייניקסטע טיפענישן.

דאָס זעלבע — מיט זיין גרויסן אָראַטאָרישן טאַלאַנט. ער האָט זיך נישט געשפּילט מיטן וואָרט, הגם ער האָט געוווּסט דעם גרויסן כּוח פון זיין וואָרט. ח' מענדעלסאָנס גרויס־רעדנערישקייט האָט אין זיך אַנטהאַלטן פּאַטאָס פון איבערצייגונג, פּאַטאָס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון פליכט צו דינען דעם פאָלק, פּאַטאָס פון מאָנונג און פון געטריישאַפט צו זיין אידעע.

און אַפילו אין פּריוואַטן לעבן, נישט אויף דער טריבונע און נישט אין אַ לייט־אַרטיקל, איז דער דאָזיקער פּאַטאָס געקומען אָפט צום אויסדרוק. אַ מאָל צוליב אַ קליינער געשעעניש, אַ מינדערווערטיקן פאַקט, דאַכט זיך, אָבער אַפילו דאָ האָט ח' מענדעלסאָנס פּאַטאָס אימפּאָנירט, אָנגעשטעקט. ווייל אין דעם דאָזיקן פּאַטאָס — איז געווען באַציִונג, טיף־מענטשלעכע איינשטעלונג. ער האָט אַ מאָל נאָר געקענט אויפגערעגט ווערן, דערצאָרנט, — אָבער היג־טער דעם האָט זיך געפילט ערנסט, אויפריכטיקייט, ברייטער קוק, פאַרנעם. איר האָט געפילט: עס איז אַ זשעסט פון אַ העכערער קאַטעגאָריע מענטש; אַט איז אַ מענטש מיט אַן אַנדער סאָרט געלייטערט בלוט און טעמפּעראַמענט — נישט קיין וואָכעדיקער, טראַפּאַרעטער, מהיכא־תיתאדיקער, נאָר אַ מענטש מיט אַן אידעלער אָפּרופנדיקער נשמה, וואָס דערפילט אין יענעם מענטשן אָדער אין יענער געשעעניש — עפּעס אַזוינס און עפּעס אויף אַזאַ אופן, וואָס נישט יעדער פּשוטער בשר־ודם איז מסוגל דערויף.

## ח' מענדעלסאָן איז געווען דער מענטש פון הויכן פּאַטאָס

מ'האָט אַ סך געשריבן וועגן זיין ירושה, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים. צווישן אַנדערע האָט ער פון זיין אור־סביבה געירשנט אַ סך צני־עות און די מידה פון ליב האָבן, טאָן יענעם אַ טובה. אַן אַנדערן אויף זיין אָרט, ביי זיין דערפאָלג און זיינע טאַלאַנטן, וואָלט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט

פון גאווה. שלמה מענדעלסאָן האָט, פאַרקערט, פאַרמאָגט אין זיך באַשיידנ־קייט. הגם ער האָט געטראָגן אין זיך אַ סך זעלבסט־ווירדע און באַוווסטזיין פון דעם, וואָס אים קומט. ער האָט געקענט מוחל זיין מענטשן זייערע שוואַכ־קייטן, אַפילו ווען זיי האָבן פּערזענלעך אים אַמאָל שלעכטס געטאָן. ער האָט געהאַט אין זיך אַ סך נוח־לבריותדיקייט, אָבער נישט אַריינגעפאַלן אין וואול־גאַרע „פּאַניבראַטסטווע". ער האָט מיט לייכטן הומאָר געקענט זיין חבר אַפילו מיט די, וואָס ער האָט געהאַלטן אַ סך נידעריקער פון זיך. זיין קלוגשאַפט האָט אים געהאָלפן צו דעמפּן זיין נעגאַטיווע באַציִונג צו אַזעלכע...

דערפאַר אָבער האָט ער געקענט האָבן טיפן דרך־ארץ און אַפילו יראת־הכבוד פאַר דעם, וועמען ער האָט באמת געשאַצט און אַוודאי אויב ער האָט יענעם געהאַלטן העכער פון זיך. און ווען ער האָט יענעם נישט געקענט סובל זיין דעם גאַנצן מענטשן אין יענעם, האָט ער זיך געבויגן פאַר געוויסע זיינע גוטע, אינטערעסאַנטע, שיינע שטריכן. און פאַר אָט די איינצלנע באַזונדערע שטריכן האָט ער יענעם מוחל געווען אַ סך, פאַרטראָגן יענעמס שוואַכקייטן און נאַרישקייטן. דערין איז געווען אַ גרויסער שטריך פון מענטשלעכקייט: קענען מוחל זיין יענעמס שוואַכקייטן, נישט פאַרזען צוליב די לעצטע יענעמס מעלות און גרויסקייטן.

**
*

איינער אַרטיקל־שרייבער האָט געפּרוווט שאַפן אַ פאַרשטעלונג, אַז אין ה' מענדעלסאָן האָבן געקעמפט, כלומרשט, צוויי נשמות, אַ חסידיש־ייִדישע און אַ וועלטלעך־סאָציאַליסטישע, אָדער גאָר: אַ קולטור־עסטעטישע און אַ בונ־דיש־פּאַרטייִשע. עס איז אַן אַבסאָלוטער אומזין און אומפאַרשטענדעניש פאַר דער פערזענלעכקייט פון ש. מענדעלסאָן. פאַרקערט, ער איז געווען אַ מוסטער פון גאַנצקייט, מאָניסטישקייט אין זיין אידעאָלאָגיע. ייִדישע אינטערעסן און אידעאַלן האָבן זיך ביי אים האַרמאָניש צונויפגעגאָסן מיט די אַלוועלטלעכע, גייסטיקע, הומאַניסטישע, סאָציאַלע. אין ייִדישן לעבן גופא האָט ער געזען די געמיינזאַמקייט און פאַרבונדנקייט פון ייִדישן שאַפן און ייִדישער עקסיסטענץ איבער דער גאָרער וועלט. אין דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און אין אַר־בעטס־מענטש האָט ער געזען דעם עלעמענט, וועלכער איז מסוגל אַריינצוגיסן פרישע בלוט, נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און שעפערישן ווילן אין דער מאָדערנער ייִדישער געשיכטע. אין ייִדיש, ייִדישער ליטעראַטור און קולטור — האָט ער געזען דעם צעמענט פאַרן באַוווסטזיניקן מאָדערנעם ייִדישן שאַפן און דעם אופן ווי אַזוי זיך אויסצולעבן עסטעטיש, גייסטיק, עמאָציאָנעל, הומאַניסטיש און נאַציאָנאַל. אין סאָציאַליזם האָט ער געזען די פאַרווירקלעכונג פון די

העכסטע יידישע אידעאַלן. אין דער סאָציאַליסטישער מחנה האָט ער געזען די שטאַרקסטע פריינד און מיטקעמפער פון די יידישע מאַסן. אַ פיינט פון געטאָ־איזאָלירטקייט און אתה־בחרתנו־איינרעדענישן, האָט ער געהאַט אַ ברייטן אויסקוקט אויף דער וועלט, איז ער געווען אַ בלוטיקער קעגנער פון די, וואָס וואַרפן דעם גט דער וועלט (זיינס אַ וואָרט). ער האָט געטרוימט וועגן אַ ברייט־פונאַנדערגעוויקלטער וועלטלעכער קולטור פון די אַקטיוו־שעפערישע יידישע מאַסן. אַליין געקומען פון די קרייזן פון אויפריכטיקער פרומקייט און חסידות, איז ער געווען אַ קעגנער פון די, וואָס מיינען אויף אַ קינסטלעכן אופן און מיט געמאַכטער יראת־שמים אויפצולעבן רעליגיעזן שטייגער צווישן די וועלטלעכע יידן.

און אַ גרויסער יידישער און געזעלשאַפטלעכער אָפּטימיזם האָט אַרויס־געשטראַלט פון ח׳ מענדעלסאָנס פּערזענלעכקייט און טעטיקייט. דערפאַר האָט ער געהאַט דעם מוט אויך אויפן נייעם באָדן פון די פאַראייניקטע שטאַטן צו פּרעדיקן די זעלבע אידעען און לאָזונגען פון יידישן סאָציאַליזם און בונדיזם, צו פלאַנצן די זעלבע געוויקסן פון דער יידישער וועלטלעכער שול און קול־טור. דעם דאָזיקן אָפּטימיזם האָט ער געשעפּט פון איין זייט — פון פּרצעס שבת־יום־טובדיקייט און אוניווערסאַליזם, פון דער אַנדערער זייט — פונעם אידעאַל פון סאָציאַליזם, בונדיזם. דער דאָזיקער אָפּטימיזם איז טיף געלעגן אין ח׳ מענדעלסאָנס פּערזענלעכן כאַראַקטער און גאַנצער נאַטור זיינער, ער איז אָבער אויך געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פעסטער, רייף־דערוואָרבענער און אויסגעטראָגענער אידעאָלאָגיע. דער דאָזיקער אָפּטימיזם זיינער איז געווען אַ גרויסער אוצר, פון וועלכן די יידישע שול, קולטור, ליטעראַטור און אַרבע־טער־באַוועגונג האָבן זייער פיל גענאָסן.

**
*

סעפּטעמבער 1939. פאַר שלמהן ווי פאַר אַ סך אַנדערע טוערס פון „בונד״, הייבט זיך אָן דער דאָרנדיקער וועג פון וואַנדער און עמיגראַציע. שלמה איז אַ צעבראָכענער, צעוויטיקטער מענטש. ער באַהערשט זיך, ער באַרוישט זיך מיט פּראַקטישע טעטיקייטן, — אָבער טיף אין האַרצן בלוטיקט ער, ער לעבט איבער דעם חורבן פון פּוילישן יידנטום ווי אַ פּערזענלעכן אומגליק און צוזאַמענבראָך. ער פאַרשטייט קלאָר, אַז מיר שטייען פאַר דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע פון מאָדערנעם יידנטום. און שפּעטער, ווען ער איז שוין אין ניו־יאָרק, ווערט ער נישט מיד אויסצושרייען דעם וויטיקלעכן רוף צום אַמע־ריקאַנער יידנטום און צו דער דעמאָקראַטישער וועלט: העלפט ראַטעווען דאָס פּוילישע יידנטום! קומט צו הילף דעם אויפשטאַנד אין געטאָ!

אין די נייע אַמעריקאַנער באַדינגונגען, בפרט נאָך דער שאַפונג פון דעם קאָאָרדינירן־קאָמיטעט פון „בונד", איז ח' מענדעלסאָן אומדערמידלעך אַקטיוו. ער טרעט אויף אין נאָמען פון „בונד" אויף קאָנפערענצן, פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, צוזאַמענפאָרן, קאָנווענשאַנס.

ער באַטייליקט זיך אין אַלע אָרטיקע ייִדישיסטישע אָרגאַניזאַציעס. ער שרייבט אַ סך אין די בונדישע און אין אַנדערע אויסגאַבעס. ער וועקט און מונטערט די היגע שול־ און קולטור־טוערס, ער קומט מיט נייע פּלענער, ער איז פול מיט גלויבן... אין דער זעלבער צייט האַלט ער אָן ענגע פאַרבינדונגען מיטן שארית הפליטה אין פוילן און אין די לאַגערן. עס איז פאַר אים אַ בלוט־טריפנדיקע פּראָבלעם: ראַטעווען די שארית־הפליטה — מיינט ראַטעווען זיך, ראַטעווען דעם „בונד", ראַטעווען דעם כבוד פון ייִדישן פאָלק...

די פּאָליטישע פּראָבלעמען פון נאָך־מלחמה־פּעריאָד, די פּערספּעקטיוון פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, דאָס אויפבויען אַ נייע קאָנצענטראַציע פון די בונדישע כוחות איבער גאָר דער וועלט, די פּראָבלעמען פון וועלט־ייִדנטום בראש מיט דער אָנגעווייטיקטער פראַגע „ציוניזם — גלות", — די אַלע פּראָבלעמען פאַרשלינגען די כוחות פון חבר מענדעלסאָן, פון זיין מוח און האַרץ. ער וואַרפט זיך מיט אימפּעט אויף אַלע קעגנער פון „בונד", ער קעמפט קעגן אָפּאָרטוניזם און אידעיִשער נאַכלעסיקייט, ער זוכט אַ בריק צווישן „בונד" און דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. ער וואַרפט זיך ווי אַ לייב קעגן קאָמוניזם און סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס האָבן אָקערשט אומגעבראַכט די חברים הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. ער נוצט אויס אַלע זיינע פעיִקייטן און אייגנשאַפטן כדי צו געווינען די ייִדישע מאַסן פאַר די אידעען פון בונדיזם און גלותיזם, פאַר דער ייִדישער שפּראַך און קולטור.

***

ש. מענדעלסאָן אויפן באָדן פון ניו־יאָרק, אין די יאָרן 1941—1946, איז ווי אַ מעטעאָר אַדורך פאַר אונדזערע אַלעמענס אויגן. ער האָט אין אַ גרויסער מאָס אויסגעטראָגן אויף זיך די פאַרטרעטערשאַפט פון „בונד" אין פוילן — סיי כלפּי חוץ, סיי כלפּי פּנים. ער האָט דאָ אַנטוויקלט אַן אומגעהייערע ענערגיע, פאַר וועלכער ער האָט טאַקע גאָר גיך באַצאָלט — מיט זיין לעבן. ער איז זיך געווען באַוווסט: דער פאַרלוסט פון ה. ערליך, וו. אַלטער, נח און קאָסאָווסקי — האָט אויף אים אַרויפגעלייגט גרויסע פליכטן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אים געשטעלט פאַר שווערע און פאַרוויקלטע אויפגאַבן — פאַרטייִשע און אַלגעמיינע ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע. ער איז מיט ראַשיקייט אַנטקעגנגעלאָפן די רופן פון דער שוידערלעכער תקופה און אויפגענומען אירע

פאַדערונגען און אָנזאָגן. ער איז געווען אומדערמיטלעך אינעם שטרעבן אויס־צופירן אין דער העכסטער מאָס די געבאָטן פון דעם טראַגישן מאָמענט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק און אין דער געשיכטע פון „בונד״.

עס איז נישט מעגלעך צו דערציילן אַלץ וואָס ש. מענדעלסאָן האָט גע־טראָגן אויף זיינע פּלייצעס אין אָט די עטלעכע יאָרן. אָבער דאָס אַלץ איז דאָך גאָרנישט לגבי דעם גרויסן ווייטאָג, וואָס ער האָט אין די יאָרן געטראָגן אין זיין האַרצן און וואָס ער האָט טיף מיטגעוויטיקט מיטן גאַנצן פּוילישן יידנטום. ער האָט נישט געוווסט פון קיין שלאָף, פון קיין רו. ער האָט זיך געוואָרפן ווי אַ געפאַנגענער לייב אין אייזערנעם שטייג. נאָך אין יאַנואַר 1942 האָט ער אין זיין רעפעראַט, געלייענט אויף דער קאָנפערענץ פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין אַ בראָשור אויף יידיש און אויף ענ־גליש), גערעדט וועגן דער נייטיקייט פאַר אונדז אַלע „אין דער פולער מאָס זיך אַריינצולעבן אין געטאָ (וואָס די נאַציס האָבן איינגעפירט אין די שטעט פון פּוילן) און... מיר זאָלן זיך אָנהייבן פיזיש שטיקן מיט דער ענגשאַפט פון געטאָ, אַז אונדזערע הענט זאָלן דערפילן דעם ברי פון דער געלער לאַטע״. אָבער גרייטנדיק אָט דעם אויפשיטערנדיקן באַריכט פאַר דער יידישער עפנט־לעכקייט, האָט ש. מענדעלסאָן, צוזאַמען מיט אונדז אַלעמען, נאָך געהאַט די אילוזיע און ער האָט דאָ גערעדט וועגן דעם, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענ־דיקן — „... דעמאָלט, ווען די געטאָ־מויערן וועלן אויפגעריסן ווערן, וועלן מיר דערזען די אויסגעבלייכטע, אויסגעצערטע פּנימער פון די געטאָ־איינ־וווינער. אָבער זייערע אויגן וועלן גלאַנצן מיט אויסלייטערונג און דערהויי־בונג״.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און ש. מענדעלסאָן האָט דערזען פאַר זיך דעם תהום פון אומקום און פאַרניכטונג פונעם גאַנצן יידישן פאָלק אין פּוילן. און מיט איין יאָר שפּעטער, אין יאַנואַר־נומער פון „אונדזער צייט״ 1943, שרייבט ש. מענדעלסאָן:

„... און עס פייניקט כסדר אַ בילד: טויזנטער יידן — יונג און אַלט — אָנגעשטאָפּט אין די וואַגאָנעס, וועלכע זענען באַשאָטן מיט נישט געלאָשענעם קאַלך. באַרוועסע קרבנות, כדי דער קאַלך זאָל בריִען די פיס. די לעצטע נסיעה צום מאַסן־מאָרד. באַלד וועלן זיי אָנקומען אין טרעבלינקע, ווו עס וועט קו־מען די אויסלייזונג — זיי וועלן דערשאָסן ווערן אָדער האַלב־לעבעדיקע באַ־גראָבן ווערן. און — אין דעם מאָמענט, ווען זיי וואָלטן געקענט דערזען אונדז — איינגעוויקלטע אין די וואַרעם־מאַנטלען פון נישט גלויבן, פון ספק, וואָלטן זיי די הילפלאָזע דאַרע פויסטן געביילט אין אונדזער ריכטונג, מען קען פון אַזאַ וויזיע פון זינען אַראָפּ״.

אין אַ צווייטן אַרטיקל וועגן דער טראַגישער טאַט פון ש. זיגעלבוים האָט ער געשריבן:

יעדן פון אונדז מאַטערט אָפּט אַ שטים, וואָס דערטראָגט זיך פון אונטער דער ערד פון טרעבלינקע, סאָביבאָר, וואַרשע: אויב איר האָט אונדז נישט געקענט ראַטעווען, קומט אַהער צו אונדז, זייט צוזאַמען מיט אונדז, טיילט אונדזער גורל! מען מוז האָבן אַ סך גבורה בייצוקומען דעם רוף".

אָט דאָס איז געווען די אַטמאָספער, מיט וועלכער ש. מענדעלסאָן האָט געאָטעמט די אַלע יאָרן אין ניו־יאָרק. נישט געווען מער קיין פּלאַץ פאַר פער־זענלעך לעבן, פאַר גענוס פון קולטור און שיינקייט. אויפגעפרעסן געוואָרן איז די לעבנסלוסטיקייט פון ש. מענדעלסאָן, און נאָר זיין גרויסע ליבשאַפט צו דער געזעלשאַפט פון מענטשן, זיין אויסגעבונדנקייט מיט אַ מענגע פריינד און באַפריינדעטע, זיין געמיטלעכקייט און נאַטירלעכע גוטסקייט, זיין גרייט־קייט מוחל צו זיין פּערזענלעכע עוולות, — נאָר דאָס האָט אים דערמעגלעכט זיך צו פאַרגעסן און צו טאָן די גרויס־פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, און ער האָט באַקומען נאָך טעלעכע געשאַנקענע יאָרן... יאָרן וואָס האָבן אים דערפירט צום פּלוצלונגדיקן טויט אויפן פּאָסטן פון אַ פּאַרטיי־שליחות...

פעברואַר 1948. דער פאַטאַלער גורל הענגט איבער ח' מענדעלסאָן... ער אַליין פילט עס, ער גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג וועגן זיין פיזישן צושטאַנד, וועל־כער זינקט אַלץ טיפער... זיין צעשטערטער צערודערטער אָרגאַניזם קאָן נישט אויסהאַלטן אַזאַ אוממענטשלעכע אָנלאָדונג פון צער און בלוטונג, אַזאַ משא פון פאַראַנטוואָרטלעכקייטן און קאָמפּליצירטע טעטיקייטן. די קאַטאַסטראָפע פון פּוילישן יידנטום האָט איבערגעלאָזט אין אים ווונדן נישט צום פאַרהיילן. דער געפיל פון הילפלאָזיקייט און איינזאַמקייט עסט אויף זיין האַרץ און זיינע נערוון. מיט איבערנאַטירלעכער זעלבט־באַהערשטקייט צווינגט ער זיך אָנצו־האַלטן דעם אימפּעט פון זיין עפנטלעכן לעבן — אָן רו, אָן אָפּשטעל, אָן זאָרג וועגן אייגענעם געזונט. און דער צאַרטער גוף האָט נישט אויסגעהאַלטן די געוואַלדיקע אָנשפּאַנונג, — און ווייט פון די ניו־יאָרקער נאָענטע חברים, ווייט פון זיין איינציקן ברודער, אין אַ שליחות פון „בונד", אין ווייטן לאָס אַנדזשעלעס — ברעכט זיך איין חבר שלמה מענדעלסאָן... דער קוואַל פון גלויבן און שעפערישקייט האָט זיך טראַגיש איבערגעריסן...

# יוסף לעשטשינסקי (י. כמורנער)

(1884 — 1935)

## פון האָראָדישטשע ביז וואַרשע

### קאַפּיטל איינס



האָראָדישטשע — אַזוי הייסט דאָס שטעטעלע, ווו יוסף לעשטשינסקי איז דעם 2טן יאַנואַר 1884 געבוירן געוואָרן, דאָ איז ער אויך אויפגעצויגן געוואָרן.

איך האָב געקענט דעם ח׳ יוסף אַן ערך 20 יאָר. שטענדיק מיט אים צוזאַמען געאַרבעט, זיך באַטייליקט אויף זיצונגען, געשמועסט. און ווען ער איז נאָר געווען שטאַרק פאַרטיפט, גוט געהערט עמעצן, אָדער זיך דענערווירט, — איז ער געזעסן מיט אַ בלייפעדער אין האַנט און געשריבן צענדליקער, הונדערטער מאָל נאָך אַנאַנד, און אויף רוסיש שטענדיק, דאָס דאָזיקע וואָרט: האָראָדישטשע... מיט גרויסע בוכשטאַבן, אויסגעציקלט, אויסגעדריידלט, מיט שיינער האַנטשריפט, פאַרפּוצט, אונטערגעשטראָכן: האָראָדישטשע...

איך בין קיין מאָל נישט געווען אין דעם שטעטל. איך ווייס נאָר, אַז עס ליגט 6 שעה פון דער גרויסער שיינער שטאָט קיִעוו, 22 שעה פון טשערקאַס. איך קען דאָס לאַנדשאַפט פון יענער פּרעכטיקער געגנט אין אוקראַינע. וועלדער און אויך פרייע אָפענע פעלדער, גרויסע צוקער־פּלאַנטאַציעס, פעלדער מיט בוראַקעס און מיט כל־טוב. אַ רויִקע, רחבותדיקע מדינה, וועלכע איז געשיצט דורכן אַלטן, גרוי־אַלטן דניעפּער. עס האָט געמוזט זיין אַ ליב

חנעווודיק שטעטל — אָט דאָס האָראָדישטשע. און דערפאַר איז עס אַזוי איינ־געבאַקן געווען אין האַרצן פון ח׳ יוסף.

און אָט איז די שטוב, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, געוואַקסן.

זייער אַ פרומע שטוב. איבערהויפּט — דער פאָטער. עס איז געווען אַ לומדישע שטוב. איידעמס זענען געזעסן אויף קעסט און געלערנט. מ׳האָט כסדר געפּראַוועט „סיומס״...

אַ שטוב פון אַ סך קינדער. אַמאָליקע יאָרן! 20 קינדער האָט יוספס מוטער געבוירן, און פון זיי איז בלויז אַ העלפט געבליבן — 7 בחורים, 3 מיידלעך.

וועגן יוספן איז געווען אין דער פאַמיליע אַ לעגענדע: די מאַמע האָט אים געבוירן אויפן וועג פון געוועלב — אַהיים... שוין קליינערהייט האָט יוסף אויסגעזען געל, דאַר, מיט אַ שוואַכער האַנט. געלערנט ביי משה־לייב דעם מלמד. געווען אַ וווּנדערלעכער תלמיד. און וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכן אין חדר אָדער אין שטוב, אים האָט מען קיין מאָל נישט אָנגערירט: אַ קראַנ־קער!...

דער פאָטער — אַ גראָדליניקער, אַ האַרטער, אַ פאַנאַטיקער. די מוטער — אַ ווייכער מענטש, אַ קלוגע, פאַרגלעטנדיקע. דער פאָטער שטרענג, געוואַלדיק ערלעך, אָן אומגעוויינלעכער עקשן, נישט אָנערקענט קיינע קאָמפּראָמיסן. די מוטער נאָכגיביק, זיך־צופּאַסנדיק, מיט דער שטענדיקער בקשה: מאַכט מיר נישט קיין גיהנום אין שטוב...

ווען דער פאָטער האָט דאָס ערשטע מאָל געזען ביים עלטערן זון יעקב דאָס באַרימטע בוך „מסתרי פּאַריז״, האָט ער דעם דאָזיקן אומשולדיקן טריף־פסולן ספר תיכף פאַרברענט...

איינער פון די ערשטע אין שטעטל, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די פּענטעס פון פרומקייט און באַגרענעצטן לעבן, איז געווען — יעקב לעשטשינסקי, אַ ברודער פון אונדזער יוספן, עלטער פון אים מיט גאַנצע אַכט יאָר. יעקב האָט געהאַט אַ זייער היפשע ווירקונג אויף יוספן, ער האָט פאַר אים אויס־געטראָטן דעם וועג צו וועלטלעכער בילדונג, צו נייער אָריענטאַציע אין לעבן, און שפּעטער — צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. צווישן די צוויי ברידער איז געווען אַ גרויסע צוגעבונדנקייט און ליבע, וועלכע האָט געדויערט ביזן לעצטן אָטעם פון ח׳ יוסף.

עס זענען געווען די ערשטע יאָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אַ טייל פון דער בירגערלעכער יוגנט איז אַרונטערגעפאַלן אונטער איר ווירקונג — און אויך יעקב איז געווען צווישן זיי. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ גרויסע אויטאָריטעט פאַר יוספן, האָט ער אויך אים אָנגעשטעקט מיטן בייעם גלויבן... איצט האָט ער שוין אָפן געלערנט יוספן רוסיש און אַריטמעטיק, ער

האָט מיט אים אויך געלייענט די נייע העברעיִשע אויסגאַבעס פון פאַרלאַג „תושיה". געלייענט מיט אים דעם זשורנאַל „השלח", וואָס זיין רעדאַקטאָר און הויפּט וואָרטזאָגער איז געווען אחד־העם. און אין גיכן — איז שוין יוסף אַליין אַ פּאַרטיקער אַגיטאַטאָר פון ציוניזם, אַט זיצט ער שוין ביי אַ „קערה" אין שול (אַ טעלער צום זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל), מען קען אים שוין אין שטעטל ווי אַ ציוניסט. און ערשט זעכצן יאָר אַלט — האַלט ער שוין פלאַמיקע רעדעס אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען.

יוסף האָט זייער שנעל דורכגעמאַכט די סטאַדיע פון עלעמענטאַרער ביל־דונג און געזעלשאַפטלעכער אָריענטאַציע, און זיין אַקטיווע נאַטור, זיין הייסער טעמפּעראַמענט — האָבן אים געיאָגט צו מעשים, און גאָר אין גיכן איז ער שוין שטאַרק באַליבט ביים גאַנצן שטעטל אַלס רעדנער.

1901 און 1902 — דאָס זענען די ערשטע יאָרן פון באַוווּסטזיניקער טעטיקייט פון יוספן, טאַקע אין זיין געבורט־שטעטל האָראָדישטשע.

יעקב האָט געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע „חלוצים". עס האָט געדאַרפט זיין אַ ייִדיש־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, אַ געמיש פון ציוניזם און פון דער אידעאָלאָגיע פון די רוסישע „סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" (עס־ערן). יעקב האָט זיך נישט באַפרידיקט מיט געווינען אָנהענגער פאַר זיינע „חלוצים" צווישן דער אָרטיקער יוגנט, ער האָט אויך געפּרוווט שאַפן פאַרבינדעטע אין דער פרעמד, אין קיִעוו און אין ראָוונע, פאַרשטייט זיך, אַז זיין ערשטער און בעסטער תלמיד — איז יוסף.

ער באַטייליקט זיך אין דער רעדאַקציע פון די בריוו, וועלכע מען שיקט פונאַנדער אין די פאַרשידענע שטעט, צו באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. און שפּעטער שאַפט מען זיך שוין אַן אייגענעם העקטאָגראַף און מען דרוקט אויף אים אַן אומלעגאַל בלעטל. מען דרוקט אַפילו אַ בלעטל צו די אוקראַיִנישע צוקער־אַרבעטער. מען זוכט צו דערפילן דעם חוב לגבי דער רוסישער אַר־בעטער־באַוועגונג...

די צוויי ברידער יעקב און יוסף האָבן אויך אַ לעגאַלע טעטיקייט געפירט אין שטעטל: זיי האָבן געשאַפן אַ העברעיִשע שול אין האָראָדישטשע. און יוסף איז טאַקע אין גיכן געוואָרן נישט נאָר אַ לערער אין שול, נאָר מ'קען זאָגן — דער צענטער פון דער שול. ביי דער שול האָט זיך אויך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק און אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער. די שול איז געווען פאַר מיידלעך — עס האָבן געלערנט אַ 200 תלמידות, און יוסף איז געווען זייער ליבלינג. עס איז געווען מער ווי אַ שול. דאָס איז געווען אַ נעסט פון ראַדיקאַליזם, אַ יוגנט־רעוואָלוציאָניזירונג. און דערפאַר האָט די שול אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל און אויפגעשטעלט קעגן זיך דעם רב און די אָרטיקע גבירים.

אין יאָר 1903 איז יעקב אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. און באַלד נאָך אים — קומט אויך יוסף. דאָ ווערט געשאַפן די ערשטע אַרבעטער־ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געשען נאָך דעם קישעניעווער פּאָגראָם, וועלכער האָט מיט זיין אויסטערלישער פאָרעם און בלוטיקן פאַרנעם אָפּגעקלונגען אי־בער דער גאַנצער וועלט.

אין וואַרשע האָט זיך יוסף דערנענטערט צו די אַרבעטער־קרייזן, און פון היינט אָן גייט שוין זיין זוכן אַ תשובה אויף אַלע אַנגעווייטיקטע יידישע פראַגן — אין דער ריכטונג פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם.

אין וואַרשע זענען דעמאָלט געווען טעטיק עטלעכע ציוניסטיש־דעמאָ־קראַטישע קרייזן. אויף נאָוואָליפּקי 24 פלעגן פאָרקומען פאַרביסענע דיסקו־סיעס צווישן די אַלע ריכטונגען. יוסף האָט שטענדיק אָנטייל גענומען אין די דאָזיקע וויכוחים און זיין וועג איז שוין געווען אַ קלאָרער — דאָס איז גע־ווען דער וועג נישט פון אַלגעמיינעם ציוניזם, נאָר פון אַרבעטער־ציוניזם.

יוסף איז געווען יונג, אָבער זיינע פעיִקייטן און טאַלענטן, זיין אָנגע־לייענטקייט און אַרבעטזאַמקייט זענען אים בייגעשטאַנען. יוסף איז געווען שטאַנדהאַפטיק, זיכער אין זיך, פעסט אין זיינע איבערצייגונגען.ער איז גע־ווען דערפאַר אין די ערשטע רייען פון זיין סביבה. ער האָט בייגעטראָגן אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין קאַמף מיט דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט.

1903 איז געווען אַ שווער יאָר אין פּערזענלעכן לעבן פון ח׳ יוסף. עס האָט זיך איצט אויפגעוועקט זיין אַלטע און אפשר פאַרלאָזטע קראַנקהייט — פון דער לינקער האַנט. יעדע וואָך איז ער געגאַנגען צום באַרימטן דאָקטאָר פּלאַטאָ, און יענער האָט געפּאָבשט די דאָזיקע קראַנקהייט אין דער האַנט. ער האָט אים געשטאָכן מיט פאַרשידענע נאָדלען, געזוכט די פּילבאַרקייט פון באַזונדערע ערטער, געפּרווּווט אים היילן מיט איקס־שטראַלן, און דער יונ־גער יוסף האָט איבערגעטראָגן ממש גיהנומדיקע יסורים... ער האָט נישט גע־קענט שלאָפן. דאָס דאָזיקע יאָר האָט אויף אים איבערגעלאָזן אַ געוואַלדיקן רושם אויפן גאַנצן לעבן. ער האָט נאָך דעם במשך פון 20 יאָר צייט נישט געוואָלט מער היילן די האַנט... און אַזוי צו ביסלעך האָט ער זיך צוגעוווינט צום צושטאַנד פון דער האַנט, האָט זי געהאַלטן נישט נאָרמאַל, אַזוי ווי עפּ־וואָס פאַראַליזירט, געווען אים שווער אָנצוטאָן דעם אויבער־מאַנטל...

די קראַנקהייט האָט אים פונדעסטוועגן נישט אָפּגעריסן פון זיין אַרבעט צווישן די וואַרשעווער אַרבעטער, — און מ׳קען זאָגן: דאָס יאָר 1903 איז גע־ווען דאָס ערשטע יאָר, ווען ער איז געקומען אין באַרירונג מיט אַן אמת־פּראָ־לעטאַרישן עלעמענט, דערצו נאָך מיט גרויסשטאָטישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאָטעמט מיט דער אַטמאָספערע פון גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען פון

ייִדישע אַרבעטער אין „בונד" פון איין זייט, און פון פּפּ"ס און פּס"ד צווישן די פּוילישע אַרבעטער פון דער צווייטער זייט.

אין 1905 האָט יוסף אויך אָנגעשריבן אַן אומלעגאַל בלעטל וועגן זעלבסט־שוץ, אין צוזאַמענהאַנג מיט די דעמאָלטיקע פּאָגראָם־קלאַנגען.

אַזוי קומען די יאָרן 1904 און 1905, דאָס יאָר פון דער ערשטער רע־וואָלוציע אין אַמאָליקן גרויסן רוסלאַנד. צו דער צייט האָט זיך ענדגילטיק אויסגעקריסטאַליזירט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז גע־ווען שפּעטער באַקאַנט אונטערן נאָמען „עס־עס".

סוף דעצעמבער 1904 קומט פאָר אין אָדעס די ערשטע קאָנפערענץ פון די אָנגעזעענערע אָרגאַניזאַציעס פון ציוניסטן־סאָציאַליסטן. יוסף צוזאַמען מיט ש. זוסמאַן זענען דאָ געווען די פאָרשטייער פון וואַרשע. די דאָזיקע קאָנפע־רענץ פאַלט אָבער אַדורך, און אירע אָנטיילנעמער (24 מאַן) ווערן אַרעסטירט — צווישן זיי אויך יוסף.

אָבער פּאָליציי האָט נישט געקענט דערגיין, ווער זענען געווען די אַרעס־טירטע, און מען האָט זיי אָנהייב פעברואַר 1905 אַרויסגעלאָזן. דאָס האָבן זיי געהאָט צו פאַרדאַנקען די נייע שטימונגען, וועלכע ס'האָט מיט זיך געבראַכט דער באַרימטער שטרייק פון 9טן יאַנואַר. די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפע־רענץ האָבן באַשלאָסן ווייטער פאָרצוזעצן זייער אַרבעט. און זיי האָבן פּראָ־קלאַמירט די גרינדונג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, און יוסף איז אין אים קאָאָפּטירט געוואָרן. ער איז באַלד געוואָרן זיינער אַ טיכטי־קער מיטגליד. די פּרינציפּן־דעקלאַראַציע נאָכן צוזאַמענפאָר, דאָס באַרימטע אין דער פּאַרטיי „רויטע ביכעלע", האָט אָנגעשריבן יוסף צוזאַמען מיט שמעון דאָבינען.

די רעוואָלוציע פון 1905 איז אונטערדריקט געוואָרן. דער צאַר האָט אָפּ־געגנאַרט דאָס פאָלק, און צוביסלעך אָפּגענומען אַלע פרייהייטן, וועלכע ער האָט אַזוי פייערלעך פאַרשפּראָכן. שטראָף־עקספּעדיציעס האָבן געמאַכט „אָרדענונג" אין לאַנד. די תּפיסות זענען ווידער געווען איבערפולט מיט סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן. די ייִדישע באַפעלקערונג איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט פון שווי־דערלעכע פּאָגראָמען. ווידער האָט געהערשט די שוואַרצע רעאַקציע און זעלבסטהערשאַפט אין לאַנד.

דער צענטער פון דער פּאַרטיי ס"ס ווערט באַלד נאָך דער רעוואָלוציע אַריבערגעטראָגן קיין ווילנע, און אויך יוסף פאָרט אַריבער אַהין. דאָרט גיט די פּאַרטיי אַרויס איר לעגאַלן אָרגאַן „דער נייער וועג", און יוסף איז באַטיי־

ליקט אין דער רעדאַקציע פון דער אויסגאַבע. ער אַרבעט דאָ זייער פיל. ער איז אויך טעטיק אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

1906. עס וואַקסט אָן אַלץ שטאַרקער די רעאַקציע אין לאַנד. אין מאַי חודש ריכט מען זיך אין ווילנע אויף אַ פּאָגראָם, מען גרייט די זעלבסטשוץ. יוסף איז אין אַלעם באַטייליקט. אָבער וואָס ווייטער ווערט אַלץ שווערער צו פירן די פּאַרטיי־אַרבעט. די אינטעליגענץ, וועלכע איז פריִערדיקע יאָרן געווען אַריינגעצויגן אין לעבן פון דער פּאַרטיי, פאַלט איצט צו ביסלעך אָפּ. די צענזור ווערט אַלץ אומדערטרעגלעכער, די געלט־מיטלען פון דער פּאַרטיי ווערן אַלץ קלענער. עס הונגערן אַפילו די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. צו 1907 איז שוין די פּאַרטיי ס״ס אינגאַנצן צעפאַלן, עס זענען טעטיק בלויז באַזונדערע גרופּקעלעך. דער עולם הייבט זיך אָן צעקריכן, מען צעפאָרט זיך צוריק אין די היים־שטעטלעך. אויך יוסף קומט אויף אַ געוויסער צייט צוריק אין האָראָדישטשע.

געקומען אַהיים, האָט זיך יוסף גענומען אַרבעטן איבער זיך. ער האָט זייער פיל געליינט. אין זיינע אויגן איז אָבער שטענדיק געווען טיפער טרויער. ער איז געווען אונטערן איינדרוק פון דער דורכגעלעבטער מפּלה פון דער רעוואָלוציע.

אין 1910 פאָרט יוסף קיין פּאַריז, קומט אָן אין סאָרבאָנע־אוניווערסיטעט, וווּ ער שטודירט ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן. אין פּאַריז האָט יוסף געלעבט גאַנצע צוויי יאָר. יוסף האָט דערוויל חתונה געהאַט מיט דער חברטע פאַליע, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט אַלע זיינע יאָרן. דאָ אין פּאַריז האָבן זיי געוווינט אין אַ קליין צימערל. יוסף האָט צו ביסלעך פאַרדינט פון פּריוואַטע לעקציעס, פון ליטעראַרישער אַרבעט. אַ ביסל האָט געהאָלפן דער רייכער שווער. אין אַלגעמיין אָבער האָט מען זיך געמאַטערט, יוסף האָט אַליין געקאָכט, געוואַשן, געררומט. אַזוי געדויערט עס ביז 1912.

פּאַריז איז דעמאָלט געווען פול מיט פּאָליטישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, פירער און טוער פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דאָס פאַרברענגען די פּאָר יאָר אין פּאַריז — איז געווען פאַר יוספן אַ גוטע שול. ער האָט געאַרבעט איבער זיך, פאַרפולקומט זיך. ער האָט, אַגב, אויסגעפירט אַ וויכטיקע ליטעראַרישע אַרבעט אין יענער צייט פאַר אַ באַקאַנטן רוסישן פאַרלאַג.

יוספס פערזענלעכקייט איז שוין פולשטענדיק אויסגעקריסטאַליזירט. ער איז רייף — סיי אין אידעיִשן לעבן סיי אין געזעלשאַפטלעכן. צייטנווייז איז אויף זיין פּנים אויסגעגאָסן אַן אומעט. ערגעץ טיף אין דער נשמה בויערן

ספקות, אָבער דאָס איז פאַרבאַרגן. אויסערלעך — באַהערשט ער זיך, איז אין גאַנצן רויק. אין פאַמיליע־לעבן פילט ער זיך גליקלעך.

1912־13. אַ שווערע רעאַקציע האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצן לאַנד. שווערע שטימונגען באַהערשן יוספן. מען דאַרף טראַכטן וועגן זיך פערזענלעך, אָבער וואָס פאַר אַן אויסזיכטן — פאַר אַזאַ אינטעליגענט, וואָס איז געקניפּט און געבונדן מיט דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, — אינעם פאַרקנעכטן, מיט אַנטיסעמיטיזם דורכגעפרעסענעם צאַרישן רוסלאַנד? פאַריז האָט אויסגעמאַטערט יוספן ביז גאָר. ער לאָזט זיך ווייטער קיין רוסלאַנד — און פריער פאַר אַלץ קיין האָראַדישטשע, אַ ביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם אין דער סביבה פון דער אייגענער און פון דער פרויס פאַמיליע, אַ ביסל קומען צו זיך פשוט מאַטעריעל. יוסף פרוווט ווייטער גליק מיט זשורנאַליסטישער צייטונגס־אַרבעט. צוזאַמען מיט בן־אַדיר, ליטוואַקאָוו, ד. זאַסלאַווסקי שאַפט ער און אַרבעט אין „קיִעווער וואָרט" — אַ טאָג־צייטונג, וועלכע האָט נישט קיין אריכת ימים; אין דעם זעלבן יאָר 1913 — אַרבעט ער אין דער „פאָלקס־שטימע", וועלכע דערשיינט אַ קורצע צייט אין בערדיטשעוו, שפּעטער אַרבעט ער אַ געוויסע צייט אין וואַרשעווער „פריינד".

פון אָט דער באַרימטער צייטונג „פריינד" איז יוסף געפאָרן אַלס קאָ־רעספּאָנדענט אויפן שוידערלעכן בייליס־פּראָצעס, וועלכן די רוסישע רעאַקציע האָט פאַרקאָכט אין יענער צייט, כדי נאָך מער צו פאַרפינצטערן די מוחות פון די אונטערדריקטע מאַסן אין רוסלאַנד, כדי נאָך מער צו זיכערן דעם טרוי־עריקן נצחון פון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט איבער דער אָקאָרשט פאַר־לאָפענער פרעכטיקער רעוואָלוציע.

יוסף איז געזעסן אויפן פּראָצעס, זיין אידעלער גייסט האָט שאַרף און ווייטיקלעך רעאַגירט אויף אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין זאַל פונעם געריכט און אויף די גאַסן פון קיעוו, און לויט די מעגלעכקייטן פון דער דעמאָלטיקער צאַ־רישער צענזור, וואָס האָט באַזונדערס קרום געקוקט אויף דער יידישער פּרעסע, האָט יוסף געשריבן זיינע קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען פון פּראָצעס און וועגן אים. יוסף איז מיט זיין קלוגן בליק טיף אַריינגעדרונגען אין אַלע אינע־ווייניקסטע באַהעלטענישן און ספּרונזשינעס פונעם פּראָצעס.

צענדליקער בילדער האָט יוסף געשילדערט פון פּראָצעס. געשילדערט און באַשריבן די באַשולדיקער, די אַדוואָקאַטן, דאָס אַרומיקע פּובליקום. ער האָט דערציילט וועגן פאַרשידענע באַגעגענישן און טרעפעונישן, ער האָט אַלץ טיף איבערגעלעבט — ווי אַ ייד, ווי אַ רעוואָלוציאָנער. מיט אַ טיף־מענטשלעכן גע־פיל האָט ער באַטראַכט סיי בייליסן, סיי די באַשולדיקער און עדות, און אַוודאי

די אַדוואָקאַטן — פּאַרטיידיקער, וועלכע האָבן אַזוי מוטיק און אידעאַליסטיש געקעמפט פאַרן נצחון פון דער גערעכטיקייט.

דער ביילִיס־פּראָצעס איז געווען אַ נייע פייער־פּראָבע פאַר יוספס גייסט. ער האָט אויסגעהאַלטן. ער איז נישט איינגעבראָכן געוואָרן. ער איז נישט אַריינגעפאַלן אין היסטעריע און שאָוויניזם, ווי אַ סך אַנדערע. די יידן־פראַגע איז פאַר אים געבליבן אַ טייל פון דער גרויסער פראַגע וועגן באַפרייען רוס־לאַנד פון שווידערלעכן רעזשים. די ביילִיס־טראַגעדיע איז פאַר יוספן געבליבן אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אין לאַנד.

דעם 1טן אויגוסט 1914 האָט זיך אָנגעהויבן דעם וועלט־קריג. ס'איז גע־ווען אַ מלחמה, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזאַ ביישפּיל נישט געהאַט, אַ מלחמה וואָס האָט אַרומגעכאַפּט עטלעכע און דרייסיק מלוכות פון דער וועלט. אַ מלחמה וואָס האָט געדויערט העכער פיר יאָר און אָפּערירט מיט 60 מיליאָן זעלנער.

די מלחמה האָט געבראַכט גרויסן אומגליקן פאַר דער גאַנצער וועלט. זי האָט אויך געבראַכט אומגעהייערע ליידן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון דעמאָלטיקן רוסלאַנד. פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון ליטע און פוילן זענען געלאָפן גרויסע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג — די מי־ליטער־מאַכט האָט זיי אין איין פינצטערער נאַכט אַרויסגעטריבן פון דאַנען, באַשולדיקנדיק זיי אין שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד; די יידישע מאַסן זענען אויך אַליין געלאָפן, ראַטעווענדיק זיך פון פייער פון קאַנאָנען און פון באָמבעס פון אַעראָפּלאַנען. צענדליקער טויזנטער אָרעמע יידישע מענטשן האָבן געלאָזן אויף הפקר זייער האָב־און־גוטס און געלאָפן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן. קינדער האָבן עלטערן פאַרלוירן, הונדערטער זענען אין וועג אומגעקומען. אין פאַרשידענע שטעט פון צענטראַל־ און דרום־רוסלאַנד האָבן זיך באַוויזן צענ־דליקער טויזנטער יידישע „פּליטים", „ביעזשענצעס" — ווי מ'האָט זיי גערופן.

כדי צו העלפן די פאַרשידענע מינים אומגליקלעכע און קריגס־געלי־טענע, האָבן זיך אין רוסלאַנד געגרינדעט עטלעכע גרויסע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע די בעסטע רוסישע מענטשן האָבן מיט מסירת־נפש געאַרבעט פאַרן אָנגערופענעם צוועק. געווען אויך אַ פּאָר אַזעלכע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אין זיי האָבן אויף פאַרשידענע געביטן געפירט אַ גרויסע אינטענסיווע אַרבעט צענדליקער יידישע אינטעליגענטן. אויך יוסף האָט געאַרבעט אין איינער פון אַזעלכע געזעלשאַפטן. די אָנגעשטעלטע פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען „מיליטאַריזירט", און עס איז טאַקע געבליבן אַ פאָטאָגראַפיע פון יוספן אין יענער צייט, מיליטעריש געקליידט.

אין נאָוועמבער 1915 האָט יוסף געפירט אַ צוג מיט יידישע פּליטים. אַלס

דער באַפולמעכטיקטער פון אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע, האָט ער געפירט אַ פּאָר טויזנט ביעזשענצעס אויף זייערע נייע וווינערטער. קיין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס האָט די רעגירונג אויף דעם צוועק נישט געגעבן, האָט מען געמוזט פירן די אומגליקלעכע אין פראַכט־ און פי־וואַגאָנען. עס איז געווען נישט נאָר אַ מאָראַלישע פּיין, נאָר אויך פיזישע ליידן האָט דאָס פאַרשאַפן. עס איז געווען נאָוועמבער־חודש, עס האָבן געגאָסן רעגנס, ביינאַכט איז געווען אין די וואַגאָנעס שטאַרק קאַלט, דער ווינט האָט געבלאָזן דורך די אָפענע שפּאַרעס. עס איז געווען דערצו אַ געוואַלדיקע ענגשאַפט, דער צוג האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך, וואָכנלאַנג — אָפּטרעטנדיק דעם וועג פאַר „וויכטיקערע" מיליטערישע צוגן. די פּליטים זענען געווען הונגעריק, אויסגעשעפּט, און אַזוי איז אויך געווען זייער פירער — יוסף לעשטשינסקי. ער האָט געליטן מאָראַליש פאַר זיך און פאַר די וואָס ער האָט געפירט. זיין אַרבעט איז געווען שווער און פאַראַנטוואָרטלעך. אָט די נסיעה האָט זיך פאַר יוספן טרויעריק געענדיקט: ער האָט דאַן געקריגן אַ לונגען־קראַנקהייט, וואָס אירע פאָלגן האָט ער געפילט זיין גאַנץ לעבן.

סוף פעברואַר 1917 איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון פאָלק אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, אין פּעטערבורג; באַלד איז אויך דאָס מיליטער אַריבער אויף דער זייט פון אויפגעשטאַנענעם פאָלק — און די רעוואָלוציע האָט געזיגט! אין גיכן איז דער רוסישער צאַר געווען דעטראָניזירט, רוסלאַנד איז געוואָרן אַ פרייע רעפּובליק, אָנגעפירט פון אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך באַלד אָרגאַניזירט אין „ראַטן פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן", וואָס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער רעוואָלוציע. די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן און אויפקלערן דאָס פאָלק און די גרויסע אַרמיי. אין לאַנד האָט געברויזט און געקאָכט.

די צוויי יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען — ס"ס און י"ס (סיימיסטן) האָבן באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער רעוואָלוציע אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן און באַשלאָסן זיך צונויפצוגיסן אין איין פּאַרטיי, וועלכע האָט געקריגן דעם נאָמען „פאַראייניקטע". פּנים־אל־פּנים מיט דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, פאַרענדיקן די ס"ס זייער עוואָלוציע, און אינעם אַרטיקל פון יוספן וועגן דער זעקסטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ („דער יידישער פּראָלעטאַריער", קיעוו, יוני 1917) — האָבן מיר טאַקע זיינע זייער קלאָרע פאָרמולירונגען און אויספירונגען וועגן דעם. יוסף שרייבט: „דעם גלות האָבן מיר (ד"ה, ס"ס) קיין מאָל נישט געפּרוווט אָפּצולייקענען... און די דויערנדיקע אַנטוויקלונג — די עוואָלוציע — האָט אונדז געבראַכט צום אָנערקענען, אַז דאָס יידישע נאַציאָנאַלע לעבן קען דאָ (אין גלות, ח. ש. ק.)) אָרגאַניזירט און נאָרמאַליזירט ווערן —

אויף וויפל ס׳קען — נאָר אין מלוכה־רעכטלעכע פאָרמען; צום אָנערקענען, אַז אין אָט די פאָרמען פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן לעבן איז מער פון אַלעמען פאַר־אינטערעסירט דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט און די ברייטע דעמאָקראַטישע מאַסן. — — מיטן איינשליסן די אויטאָנאָמיע אין פּראָגראַם האָבן מיר פאַר־ענדיקט אַ באַשטימטן עטאַפּ פון אונדזער אַנטוויקלונג״. און ווייטער: ...„אַזוי פאַרשטאַנען, פאַרלירט דער טעריטאָריאַליזם דעם אויבנאָן אין אונדזער פּראָ־גראַם, אין אַמאָליקן זינען פון דעם וואָרט. מיר זענען די פּאַרטיי פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס אין אַלע לענדער, ווו די ייִדישע נאַציע לעבט און אַנטוויקלט זיך, ד״ה, די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע״...

דער געדאַנק וועגן אויטאָנאָמיזם האָט געזיגט. טעריטאָריאַליזם האָט ביי די ס״ס אויפגעהערט צו זיין דער אָפּגאָט. איז דעריבער געווען מער ווי נאַטיר־לעך, ווען די ס״ס האָבן זיך פאַראייניקט מיט די י״ס („סערפּ״, סיימיסטן) — און געבילדעט איין געמיינזאַמע פּאַרטיי. עס איז געווען נאַטירלעך, ווען די דאָזיקע פּאַרטיי האָט איצט געהאַט גאָר אַ נייע באַציִונג צום „בונד״ און ס׳האָט זיך געמערקט אַפילו אַ געוויסע דערנענטערונג צו אים: דער „בונד״ איז דאָך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון אויטאָנאָמיזם. דער ערשטער, וואָס האָט זיך באַטראַכט ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס.

אין דער נייער פאַראייניקטער פּאַרטיי האָט יוסף פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט. ער איז געווען מיט־רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג „די נייע צייט״. ער איז געווען מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט. ער איז געשיקט גע־וואָרן דורך דער פּאַרטיי אין דער „צענטראַלער ראַדע״ — די העכסטע פאַר־טיי־פאַרטרעטערשאַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער אוקראַיִנע; ער איז געשיקט און געוויילט געוואָרן אין ערשטן דעמאָקראַטישן שטאָטראַט פון קיִעוו, ער איז געווען אַקטיווער מיטגליד פון ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט, ווו ער טרעט אָפּט אַרויס מיט גרויסע און שטאַרקע רעדעס. מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט טרעט ער אַרויס קעגן די ציוניסטן — סיי אין דער „נייער צייט״, סיי אין נאַציאָ־נאַל־ראַט.

אין יענעם יאָר, 1917, איז געשטאָרבן יוספס מוטער, וועלכע האָט אים אַזוי געוואַלדיק ליב געהאַט. עס ווערט וועגן איר טויט אַזוי איבערגעגעבן: זי פלעגט יעדן טאָג לייענען די „נייע צייט״, כדי עפּעס צו הערן וועגן איר געליבטן זון יוסף. איין מאָל איז געווען אַ גרויסע זיצונג פון נאַציאָנאַל־ראַט אין קיִעוו, יוסף האָט געהאַלטן אַ שאַרפע רעדע קעגן די ציוניסטן, זיי געזידלט פאַר זייער טאַקטיק. אויף מאָרגן האָט די מוטער דאָס אַלץ געלייענט אין צײַ־טונג. זי איז שוין געווען אַלט און קראַנק. האָט זי צוגערופן דעם ייִנגסטן זון

יודקען און זי בעט אים: „שרייב אָן יוספן ער זאָל זיך נישט קריגן אַזוי מיט די ציוניסטן... אויף וואָס דאַרף מען זיך קריגן...״ דעם זעלבן טאָג, 2 ביינאַכט, איז זי געשטאָרבן. אַלע קינדער זענען געקומען פון קיִעוו צו דער לוויה, אויך יוסף איז געקומען.

דאָס יאָר 1917 איז געווען אַנטשיידנד פאַר יוספן. ער האָט זיך באַפרייט פון די נאַציאָנאַליסטיש־ראָמאַנטישע רעשטלעך פון זיין אַמאָל. ער האָט זיך מיט ריזנטריט דערנענטערט צו דער אידעאָלאָגיע פון „בונד״. ער איז גע־וואָרן קעמפער פון אויטאָנאָמיזם און פון יידיש־וועלטלעכער קולטור. ווען אין דעצעמבער 1917 איז דאָס יידישע קיִעוו געשטאַנען אונטערן צייכן פון וואַל־קאַמף צו דער קהילה — שרייבט יוסף אין דער „נייער צייט״:

„מען מוז עוקר מן השורש זיין דעם פּאָליטישן אתה־בחרתניזם. וואָס איז גוט פאַר די אומות העולם, מוז זיין אויך גוט פאַרן פאָלק ישראל. אַ שול אויף דער מוטער־שפּראַך איז דער אידעאַל פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער און פון אַלע פאַרשטאַנדיקע פּעדאַגאָגן, — צו דעם געדאַנק מוז מען צוגעוווינען אויך דעם יידישן עולם״.

און ווען ס'איז אַנטשטאַנען אין קיִעוו דאָס יידישע מיניסטעריום, האָט יוסף אין אים געאַרבעט פּראַקטיש און געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די יידישע אויטאָנאָמיע אין דער אוקראַיִנער מלוכה. און ווען עס איז שפּעטער, אין 1919, געקומען צו אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש און בירגער־קריג אין אוקראַיִנע, און דאָס יידישע מיניסטעריום איז שוין כמעט בטל געוואָרן, — און עס איז געגרינדעט געוואָרן די „קולטור־ליגע״, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור־אַרבעט, — האָבן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פאַראייניקט אין דער „קולטור־ליגע״ אַלע זייערע כוחות און געמיינזאַם געאַרבעט, — אויך יוסף האָט, פאַרשטייט זיך, ביי דער אַרבעט נישט געפעלט, הגם זיינע אינטערעסן זענען געלעגן הויפּטזאַכלעך אויפן געביט פון פּאָליטיק, און הגם ער האָט פון צייט צו צייט געליטן פיזיש פון זיין אַלטער קראַנקהייט.

**
*

די רוסישע רעוואָלוציע איז געגאַנגען מיט איר וויטערער אַנטוויקלונג. אין פּעטערבורג האָט דורכגעפירט אַ נייע איבערקערעניש די שפּעטערדיקע רוסלענדישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, צו יענער צייט באַקאַנט אונטערן נאָמען „באָלשעוויקעס״. סוף אָקטאָבער 1917 האָבן זיי דעראָבערט די מאַכט און אויס־געבילדעט אַ נייע רעגירונג.

אויך אויף אוקראַיִנע האָט זיך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געגרייט צו פאַר־

כאַפּן די מאַכט. אָבער דאָ איז געווען אַ גרויסער קעגן־כוח מצד די אוקראַיִנער סאָציאַליסטן און נאַציאָנאַליסטן, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגדויערנדיקער בירגערקריג. אַזוי זענען אַדורך די יאָרן 1918—1919. ענדלעך האָט זיך אויך אויף אוקראַיִנע איינגעשטעלט אַ סאָוועטישע אָרדענונג.

די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן פאַר די פּאָר יאָר איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. פון „בונד" איז אַוועק אַ גרויסער טייל און אויסגעבילדעט אַ קאָמוניסטישן „פאַרבאַנד". צו זיי איז אויך צוגעשטאַנען אַן אָפּגעשפּאָלטענע גרופּע פון די „פאַראייניקטע". שפּעטער האָבן זיך אין די רייען פון די „פאַראייניקטע" נאָך מער געשטאַרקט די סימפּאַטיעס און דער גלויבן אין קאָמוניזם, און אין יוני 1920 האָט זייער פּאַרטייִשע קאָנפערענץ איין האָמעל זיך ענדגילטיק געשטעלט אויף דער קאָמוניסטישער פּאָזיציע.

פון „בונד" ווידער איז צו דער צייט אַוועק דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טייל, און דער רוסלענדישער „בונד" איז אַזוי אַרום געבליבן — קאָמוניסטיש. אין גיכן איז פאָרגעקומען די פאָרמעלע פאַראייניקונג פון קאָמוניסטישן „בונד" און פון די „פאַראייניקטע", — עס איז געוואָרן איין פּאַרטיי אונטערן אַלטן נאָמען „בונד". אין דעם דאָזיקן „בונד" איז אויך יוסף אַריינגעטראָטן.

אויך אין דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זענען געווען יידישע טיילן (יעווסעקעס), און די לעצטע האָבן געפאָדערט, אַז דער „בונד" זאָל זיך אין גאַנצן ליקווידירן. דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט יוסף אָן וואַקלענישן — אָפּגעוואָרפן. אומאָפּהענגיק פון זיין אַלגעמיינער פּאָליטישער איינשטעלונג, האָט ער אָבער בשום אופן נישט געוואָלט איינגיין אויף דער פאָדערונג צו ליקווידירן די אויטאָנאָמיע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין יידישן לעבן בכלל. ער האָט געפילט, אַז אויך די נייע בונדישע פּאַרטיי וועט סוף־כל־סוף אַוועקגיין מיטן וועג פון די יעווסעקעס, און דעריבער האָט ער זיך גענומען רייסן קיין פּוילן — אין דעם דאָזיקן גרויסן צענטער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

פּוילן האָט פאַר די עטלעכע יאָר אַדורכגעמאַכט אַן אייגן שטיק געשיכטע, און עס איז געשאַפן געוואָרן די אומאָפּהענגיקע פּוילישע רעפּובליק.

פעברואַר 1921 קומט יוסף קיין וואַרשע, און עס הייבט זיך אָן אַ נייַ גרויס קאַפּיטל אין זיין לעבנס־געשיכטע, דאָס לעצטע, צום אומגליק, קאַפּיטל, — דערפאַר אָבער דאָס הערלעכסטע, דאָס שענסטע, דערהויבנסטע...

# וואַרשע

## קאַפּיטל צוויי

געקומען קיין וואַרשע, האָט יוסף באַלד זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד״. און שוין פון די ערשטע וואָכן האָט ער דאָ פאַרנומען איינע פון די פאָדערשטע פּאָזיציעס.

דער „בונד״ איז געווען פאַר אים, אַזוי צו זאָגן, די צווייטע היים, די צווייטע סאָציאַליסטישע סטאַציע. אָבער, אין „בונד״, איז ער געקומען רייף אין יאָרן און רייף אין באַוווסטזיין. און זיינע 15 יאָר „בונד״ — זענען געווויס געווען די רייכסטע און פּראָדוקטיווסקע יאָרן אין לעבן פון יוספן. דאָ האָט ער געפונען אַ גרויס אַרבעטס־פעלד, אַ צאָלרייכע אוידיטאָריע, דאָ האָט ער זיך דערוואָרבן פריינד און תלמידים, — און אָט דער אַרבעט האָט ער אָפּגעגעבן גאָר זיין טאַלענט און טעמפּעראַמענט. דאָ האָט ער זיך דערוואָרבן רעספּעקט און אַכטונג אַפילו צווישן די, וואָס זענען מיט אים אידעיש צי פּראַגראַמאַטיש נישט מסכים געווען. דעם „בונד״ און דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, האָט יוסף געדינט מיט זיין גאַנצן מהות, מיט לייב און מיט לעבן. און אויפן מזבח פון „בונד״ האָט ער אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע נשמה און זיין קראַנקן גוף.

יוסף איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע אין אַ מאָמענט, ווען אויך דער פּוילישער „בונד״ האָט איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. די אויסגעפּרוווטע פירער פון דער פּאַרטיי האָבן געקעמפט פאַר איר גאַנצקייט און קעגן די שפּאַלטונגס־טענדענצן פון יענער גרופּע, וואָס האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר קאָמבונדיסטן, ד״ה פאַר בונדיסטן־קאָמוניסטן. סוף 1921 איז אין דאַנציג פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון פּוילישן „בונד״, און דאָרט זענען געווען דריי פראַקציעס: לינקע, צענטריסטן און קאָמבונדיסטן. דער הויפּט־קאַמף איז געגאַנגען אַרום דער פראַגע צי דער „בונד״ זאָל אַריינטרעטן אין קאָמאינטערן, זאָל ער אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן די באַרימטע 21 פּונקטן — די איינטריט־באַדינגונגען פון קאָמאינטערן.

יוסף האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער לינקער פראַקציע, און אין דער פראַקציע איז ער פאַרבליבן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. אין דער פראַקציע, וואָס האָט געקריגן דעם נאָמען „צווייער״, איז ער געוואָרן וואָרטזאָגער און פירער. שפּעטער האָט ער געגרינדעט דעם אָרגאַן פון דער דאָזיקער פראַקציע „קעגן שטראָם״, ער האָט אים רעדאַגירט, ער האָט געשריבן אַ גרויסן טייל פון

זיין מאַטעריאַל, ער האָט געגעבן דעם טאָן און כאַראַקטער פון דער אויסגאַבע.

יוסף איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון שפּאַלטונג. ער האָט געפּריידיקט די איינהייט פון פּראָלעטאַרישן קאַמף. ער האָט געהאָפט, אַז דורך דעם איינ־הייטלעכן פּראָלעטאַרישן קאַמף וועט זיך איינגעבן ענדגילטיק צו באַזייטיקן די שפּאַלטונגס־פּראַקטיק אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט.

גלייכצייטיק האָט יוסף געהאַלטן, אַז די זעלבסטשטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז אַ היסטאָריש־נייטיקע און באַרעכטיקטע דערשיינונג, און דער „בונד" דאַרף ווייטער פאַרבלייבן ביי זיין שטאַנדפּונקט פון אויטאָנאָמיע אין די רייען פון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד. אָט דעם בונדישן אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּ האָט יוסף פאַרטיי־דיקט מיט אַלע כוחות, און מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט האָט ער באַקעמפט דעם איבערגעטריבענעם צענטראַליזם פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. יוסף האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג קען זיך אַנטוויקלען נאָר ווי אַ פרייע אויטאָנאָמע באַוועגונג.

זייענדיק אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פונעם צענטראַלן פּאַרטיי־אָר־גאַן „פאָלקס־צייטונג", האָט יוסף זיך געמיט אויך דאָ צו ברענגען צום אויס־דרוק זיינע מיינונגען און שטימונגען, אין דער פּאַרטיידיקונג פון זיינע אָנשויונגען און אידעאַלן האָט ער נישט געוווּסט פון קיין מילדערונגס־מאָטיוון. מיט שאַרפקייט האָט ער באַקעמפט זיינע קעגנער, אָבער קיין מאָל זיך נישט אַראָפּגעלאָזט צו קיין ביליקן און דעמאַגאָגישן טאָן. און זייענדיק פירער פון אַ פראַקציע, האָט ער קיין מאָל נישט פאַרגעסן די אינטערעסן פון דער באַוועגונג און פון דער פּאַרטיי ווי אַ גאַנצע.

אַ באַזונדערע אינטימקייט און צוגעבונדנקייט האָט יוסף געהאַט צום יידישן לעבן. דורכגעדרונגען מיט יידישער קולטור, גוט באַהאַוונט נישט נאָר אין דער נייער וועלטלעכער, נאָר אויך אין דער אַלטער און העברעיִשער קול־טור; פון יונגווייז אויף אויסגעוווייטיקט אַלע דערשיינונגען פון דער יידן־פּראַגע און געזוכט אַ וועג פאַר דער אויסלייזונג פון דער אונטערדריקטער נאַציע; געקומען פון די טיפענישן פון יידישן לעבן און גוט געקענט דעם גאַנצן לעבנשטייגער, די שטימונג און טרוימען פון די יידישע פאָלקסמאַסן, — האָט ער זיין גאַנץ לעבן איינגעהאַלטן אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די עקאָנאָ־מישע, סאָציאַלע און קולטור־בויטן פון אָט די מאַסן. די דאָזיקע פּראָבלעמען האָט יוסף באַזונדער ווייטיקלעך אויפגענומען, און געזוכט זייער לייזונג.

געפינענדיק זיך איצט אין „בונד", אין אָט דער אַלטער און אויסגעפּרווו־טער פּאַרטיי, וואָס איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט די ברייטסטע אַר־בעטער־מאַסן נישט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך דורך דעם אַלטעגלעכן עקאָנאָמישן

און קולטור־געזעלשאַפטלעכן קאַמף, — האָט יוסף דאָ געפונען דאָס ריכטיקע פעלד פאַר דער אויסלאָדונג פון זיינע פאָלקסטימלעכע געפילן, פאַר דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון זיינע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע באַאָבאַכטונגען און דערפאַרונגען, פאַר זיין דירעקטער אַרבעט לטובת די דאָזיקע מאַסן.

צענדליקער און צענדליקער אַרטיקלען האָט יוסף פּאַרעפנטלעכט אין „פאָלקס־צייטונג" וועגן ציוניזם, וועגן אַסימילאַציע, העברעיִזם, וועגן די עקאָנאָמישע נויטן, וועגן טעריטאָריאַליזם, וועגן ביראָ־בידזשאַן און נאָך און נאָך. יוסף האָט געהעריק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פונעם אינסטיטוט יידישע קהילות, און ער האָט קיין מאָל נישט געשעטיצט דעם געדאַנק וועגן באָיקאָטירן די דאָזיקע אינסטיטוציעס און די וואַלן צו די קהילות אין פּוילן. יוסף איז אין שליחות פון „בונד" געזעסן אַ פּאָר יאָר אין דער פאַרוואַלטונג פון דער וואַרשעווער קהילה, און ער האָט דאָ זיין מיסיע אויסגעפירט בשלימות. ער האָט נישט נאָר געפירט פּרינציפּיעלע קאַמפן און געגעבן פּאָליטישע שלאַכטן די פאָרשטייער פון דער יידישער בורזשואַזיע און אָרטאָדאָקסיע, נאָר ער האָט דאָ אויסגעפירט אויך פּראַקטישע אַרבעט. ער האָט זיך געמיט, אַז די קהילה און אירע אינסטיטוציעס זאָלן וואָס מער דינען די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער און פאָלקסמענטש. יוסף האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און געדולדיקייט אויך פאַר די נויטן פון יחידים, ער האָט בכן געדינט נישט נאָר דעם „בונד", נאָר אויך דער פאָלקס־מאַסע, דעם האַרעפּאַשניק און פאָלקסמענטש.

אָבער סוף־כל־סוף איז די דאָזיקע קליינע טאָגטעגלעכע אַרבעט אין דער קהילה פאַר אים געווען אַ שווערע לאַסט. יוסף איז געווען באַשטימט פאַר עפּעס העכערס, וויכטיקערס. זיין הויפּט־מיסיע האָט ער געזען אין דעם, אַז אין די רייען פון זיין פּאַרטיי און פון דער גאַנצער יידישער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־שאַפט זאָל איינגעשטעלט ווערן אַ ריכטיקע באַציִונג צו די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. אין גאַנצן פינף חדשים פאַר זיין טויט האָט נאָך ח׳ יוסף זיך באַטייליקט אינעם זעקסטן צוזאַמענפאָר פון „בונד", און ער האָט דאָ געהאַלטן אַ רעפעראַט איבער די פּראָבלעמען פון יידישן מאַסן־לעבן. אויף אַן אויסער־געוויינלעכער הייך איז געשטאַנען דער דאָזיקער רעפעראַט, מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט האָבן אים אויסגעהערט אַלע אָנוועזנדיקע, דער דאָזיקער רעפעראַט — דאָס איז געווען די לעצטע גרויסע אַרויסטרעטונג פון ח׳ כמור־נער. דאָס איז געווען זיין שוואַנען־ליד. דאָס איז געווען דער סך־הכל און קווינטעסענץ פון זיין גאַנצן אידעיִשן לעבן, פון זיינע זוכונגען און פאָרשונגען, פון זיין אינטענסיווער אַרבעט איבער זיך, איבער זיין אידעאָלאָגיע. און דער דאָזיקער רעפעראַט איז געווען אויך דער סך־הכל פון זיין פיזישן לעבן, עס איז געווען דער „סוף פון אַ רייזע", פון אַ גרויסער רייזע אין לאַנד פון צוקונפט, אונטער־

געגומען דורך אַ גרויסן און קלוגן, דרייסטן און איניציאַטיוו־רייכן קאַפּיטאַן...
ח׳ יוסף האָט אין זיין רעפעראַט געפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט די נייטראַ־ליסטישע שטימונגען אין באַצוג צו דער ייִדישער נאַציע און איר קולטור. ער האָט באַוויזן, אַז דער דאָזיקער נייטראַליזם איז די צווייטע זייט פון דער טע־ריטאָריאַליסטישער מטבע. דאָס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען דעם ח׳ יוסף איז אויסגעקומען צו באַרירן די דאָזיקע זייער וויכטיקע פראַגע. צענ־דליקער אַרטיקלען האָט ער געשריבן אין „פאָלקס־צייטונג" אויף דער טעמע. ער האָט שאַרף און אומברחמנותדיק געשטעמפּלט יענע וועלכע פירן בנוגע ייִדיש און ייִדיש־וועלטלעכער קולטור אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע: אַליין גייען זיי אין וועג פון אַקטיווער אָדער פּאַסיווער אַסימילאַציע, און פאַר דער אַרבע־טער־מאַסע פּראָפּאַגאַנדירט מען די אידעע פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול; פאַר דער פאַרטיי שטיצט מען די טעגלעכע אויסגאַבע אויף ייִדיש — אַליין אָבער לייענט מען נישט און מען האַלט נישט פון קיין ייִדישער ליטעראַטור; מען שיקט נישט די אייגענע קינדער אין קיין ייִדיש־וועלטלעכער שול, מען שעמט זיך און מען מיידט אויס אין דער אייגענער סביבה צו רעדן ייִדיש.
ח׳ יוסף האָט אין זיין רעפעראַט באַוויזן, אַז נייטראַליזם לגבי ייִדיש און ייִדיש־וועלטלעכער קולטור פירט סוף־כל־סוף צו אַקטיווער אַסימילאַציע. ער האָט געהאַלטן, אַז די אַקטיווע אַסימילאַציע דאַרף באַקעמפט ווערן דורך אַן אַקטיווער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַרבעט און פּראָגראַם, וועלכע דאַרף נאַטירלעך זיין סאָ־ציאַליסטיש אין איר אינהאַלט, אָבער ייִדיש אין איר פאָרעם און אויסדרוק.

ח׳ יוסף האָט געהאַלטן, אַז דער לאָזונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָ־נאָמיע איז מער נישט אַקטועל אין דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט, „אָבער אין זיין גאַנצן פאַרנעם דאַרף איינגעהאַלטן ווערן דער אויטאָנאָ־מיזם. עס איז דאָ אַן אייגנאַרטיק ייִדיש לעבן, וואָס מוז געפינען זיין אָפּשפּיגלונג אין בוי פון אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע. צי די דערמאָנטע אייגנאַרטיקייט באַ־ציט זיך בלויז צום קולטור־געביט, צי אויך צו אַנדערע געביטן — דאָס וועט שוין ווייזן די פּראַקטיק. בכלל געגומען גייען אַריבער די אייגנאַרטיקייטן — די ראַמען פון בלויז קולטור. אויטאָנאָמיזם איז אָבער אַ גילטיקער פּרינציפּ סיי פאַר דער איצטיקער און סיי פאַר דער קינפטיקער סאָציאַליסטישער תקופה".

אָט אַזאַ איז געווען ח׳ יוסף: אויסגעהאַלטן, פעסט, גראָדליניק, ניט געשווינט זיינע קעגנער. נישט אָפּגעריסן געוואָרן אויף קיין איין מינוט פון דעם שוואַרץ־ערדיקן באָדן פון ייִדישן לעבן, געטריי דער ייִדישער שפּראַך און מאָדערנער קולטור. מיט גרויסע אַמביציעס צו שאַפן אייגענע קולטור־ווערטן און מיט פאַנאַטישן גלויבן אין די קרעפטן פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן. זיין וועלט־אַנשויונג איז געווען אַ גאַנצקייט, אינטערנאַציאָנאַליזם און בלוטיקער אינטערעס

פאַר דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיך דאָ האַרמאָניש צו־
נויפגעלעבט מיט זיינע נאַציאָנאַלע געפילן און באַוווסטזיין.

ראַדיקאַל אין זיינע אָנשויונגען אויף דער טאַקטיק און לאָזונגען פון פּאָ־
ליטישן קאַמף, פונאַנדערגייענדיק זיך מיט דער מערהייט פון דער פּאַרטיי אין
די ווּיכטיקסטע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק — איז יוסף דאָך געווען מער
ווי געטריי און איבערגעגעבן דעם„ בונד" און דער אידעע פון „בונד". ער האָט
טיף איבערגעלעבט יעדע גרעסערע און קלענערע געשעעניש אין „בונד", ער האָט
געפילט ליבע און פּיעטעט צו דער געשיכטע פון דער ייד' אַרבעטער־פּאַרטיי, ער
איז געווען ערנסט באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון דער פּאַרטיי אין היינטיקן טאָג,
און זי געהיט פון אינערלעכע שפּאַלטונגען. אין דעם „בונד" האָט ער געזען דעם
גרויסן רעזערוואַר פון די רעוואָלוציאָנערע כוחות פון יידישן אַרבעטער־קלאַס,
די איינציקע האָפענונג און פּערספּעקטיוו פון יידישן אַרבעטספאָלק. דער „בונד"
איז פאַר אים געווען מער ווי אַן ענין פון פּאָליטיק. עס איז געוואָרן די זאַך פון
זיין גרעסטער אינטימקייט, איבערלעבונג. זיין גאַרן פּאַטאָס און ברען, זיין אינ־
טערנאַציאָנאַליזם, זיין גאַנצן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און זיינע הייס־
סטע געפילן אַלס זון פון די יידישן מאַסן — האָט ער האַרמאָניש צונויפגעגאָסן
אין דעם, וואָס עס איז פאַר אים געווען דער „בונד".

**
*

באַלד ווי יוסף איז געקומען קיין וואַרשע, האָט ער פאַרנומען דעם פאַר־
אַנטוואָרטלעכן אַמט פון סעקרעטאַר פון „צענטראַלן דינעזאָן־שול־קאָמיטעט".
דער יידיש־וועלטלעכער שולוועזן אין פּוילן איז דעמאָלט געשטאַנען ערב זיין
פאַראייניקונג און צענטראַליזירונג. במשך פון די מלחמה־יאָרן און די ערשטע
יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט זענען איבער דעם לאַנד סטיכיש אויסגע־
וואַקסן צענדליקער און צענדליקער יידיש־וועלטלעכע עלעמענטאַרן־שולן, קינ־
דערהיימען און אַפילו מיטלשולן. די אַלע אַנשטאַלטן האָבן אַרומגענומען העכער
20 טויזנט קינדער. דאָס יידישע לעבן איז געווען זייער שוואַך צוגעגרייט צו
אַזאַ שול־נעץ אין דער יידישער שפּראַך: עס האָבן געפעלט לערן־ און לייען־
ביכער פאַר די קינדער. נישט געווען קיין פּראָגראַם פאַר די שולן, נישט געווען
קיין לערער און שול־פאַרוואַלטערס, נישט געווען קיין אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל
מיט דעם אַלעם אָנפירן. און אָט אין דעם מאָמענט, ווען מ'האָט אָנגעהויבן גרייטן
אַ שול־צוזאַמענפאַר, וועלכער זאָל פאַראייניקן און צענטראַליזירן דעם ניי־גע־
שאַפענעם שולוועזן, האָט עס ח' יוסף פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון
צ. ד. ש. ק.; אויף אים איז, הייסט עס, אַרויפגעלייגט געוואָרן אויב נישט די גאַנ־

צע, איז יעדנפאַלס די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן צוגרייטן דעם צוזאַ־מענפאָר און דעם פאַראייניקונגס־פּלאַן.

ח׳ יוסף האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט. ער האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלענט. ער האָט זיך זייער שנעל צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע פאַרהעלטענישן אין פּוילישן־יידישן לעבן, צו די צווישן־פּאַרטייִשע באַציִונגען און צו דעם כאַראַקטער פון דער שול־אַרבעט. אין יולי 1921 איז פאָרגעקומען דער גרויסער און אימפּאָזאַנטער שול־צוזאַמענפאָר. יוסף איז געשטאַנען ביים רודער פון צוזאַמענפאָר, איז געווען אַקטיוו אין דער בונדישער פראַקציע, איז עטלעכע מאָל אויפגעטראָטן אויפן פּלענום פון צוזאַמענפאָר גופא. דער צוזאַמענפאָר האָט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון דער „צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע" און אויסגעקליבן אַ הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער ציש״אָ. ח׳ יוסף איז אַריין אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג און אין איר עקזעקוטיוו. ער איז אויך אין דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע געבליבן דער סעקרע־טאַר, — דער סעקרעטאַר פון דער ציש״אָ.

עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד איז ח׳ יוסף געשטאַנען בראש פון דער פּראַקטישער אַרבעט אין דער שול־אָרגאַניזאַציע, און אויב ער האָט די דאָזיקע אַרבעט אויפגעגעבן, איז עס געווען דערפאַר, ווייל די אַרבעט אין דער רעדאַקציע „פאָלקס־צייטונג" און די פּאָליטישע פּאַרטיי־אַרבעט האָבן אַלץ מער פאַרשלונגען זיין צייט און ענערגיע. פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס ח׳ יוסף איז געווען סעקרעטאַר פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, האָט ער אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע אַרבעט: ער האָט געטראָגן די זאָרג פאַר די פינאַנציעלע מיטלען, ער האָט געהאַט השגחה איבער דער אָרגאַניזאַציע און פונקציעס פון אַלע אַרבעט־געביטן אין ציש״אָ, ער האָט רעדאַגירט „שול און לעבן", און ער האָט פון צייט צו צייט געמאַכט רייזעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד צוליב די ענינים פון ציש״אָ.

דער ערשטער פאָרזיצער פון ציש״אָ איז געווען בייניש מיכאַלעוויטש, און ווען ער איז אין 1928 געשטאָרבן, האָט דעם ערן־אַמט פון פאָרזיצער אין דער ציש״אָ פאַרנומען, לויט אַלעמענס אָנערקענונג און אויסוואַל פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג, דער ח׳ יוסף. עס איז געווען דער שכר פאַר זיין געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור בכלל און צו דער פאָלקסשול בפרט. און ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ח׳ יוסף פאַרנומען דעם דאָזיקן בכבודיקן אַמט. געטראָגן האָט ער דעם ערן־טיטל פון ציש״אָ־פאָרזיצער — מיט גרויס אַחריות, מיט ליבע צו דער שול; און געווונען האָט ער אויף דעם אַמט די אַכטונג און אויטאָריטעט ביי אַלע טיילן פון דער ציש״אָ — סיי ביי דער לערערשאַפט, סיי ביי די באַזונדערע פּאַרטיי־פאַרטרעטונגען און ריכטונגען אין די רייען פון דער שול־אָרגאַניזאַציע. ח׳ יוסף האָט זיך אינטערע־

סירט מיט יעדער קליינינקייט, זיין אויג איז אַריינגעדרונגען אין יעדן ווינקעלע. ער האָט געטאָן אַלץ, אַז סיי אין פּאָליטישן קאַמף פאַר דער שול, און סיי אין פּראַגראַמאַטיש־אידעישע באַשלוסן זאָל די צישאָ טראָגן הויך די פאָן פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס און פון זיינע אידעאַלן.

ח׳ יוספן איז באַשערט געווען איבערצולעבן אין דער שול־אָרגאַניזאַציע דעם שווערן פּעריאָד פון ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין לאַנד, ווען די פּויפּערי־זירונג פון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן איז דערגאַנגען צו דער שווינדעלדיקער מדרגה. גלייכצייטיק האָבן די שולן געליטן פון פאַרשידענע מינים רעפּרעסיעס, און נישט איינע פון זיי איז געפאַלן אונטער אַ דער טאָפּלטער לאַסט. ח׳ יוסף, אַלס פּאַרזיצער פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט געמונטערט, אויפגעפאָדערט צו נאָך גרעסערע קרבנות און אָנשטרענ־גונגען, האָט אין די רייען פון דער פאַרביטערטער און אויסגעמאַטערטער לע־רערשאַפט אַריינגעטראָגן גלויבן און האָפענונג אויף בעסערע צייטן, און האָט פאַר אַלע נאָענטע מיטאַרבעטער געדינט אַלס מוסטער.

***

יוסף איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער שרייבער. זיין ייִדיש איז געווען פּאָלקסטימלעך און עכט־יאָדערדיק. זיין סטיל איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק. דער אינהאַלט פון זיינע אַרטיקלען איז געווען שטענדיק שטרענג־לאָגיש און אויסגעהאַלטן, פאַרענדיקט און פאַרקיילעכדיקט, — אַזוי איז אויך געווען דער כאַראַקטער פון זיין שרייבן, זיין אַרט בויען דעם זאַץ, זיינע פאָרמולירונגען און אויסדרוקן.

יוסף איז געווען אַ גלענצנדער פּאָלעמיסט. און דערביי — אָן קונצן, גלייך „געמומען דעם אָקס פאַר די הערנער", אָן באַזונדערער מליצה און פאַרפּוצונגען, אָפן אוממיטלבאַר, ער האָט דעם קעגנער אַ „טויטן אָוועקגעלייגט" — מיט זיין אייזערנער לאָגיק, מיט זיין אויפריכטיקן טאָן, מיט זיין טיפן און אַלזייטיקן אַריינדרינגען אין יענעמס אַרגומענטן.

יוסף האָט געהאַט די אינטימסטע באַציִונג צו ייִדישער ליטעראַטור, און דערפאַר איז אין דעם זשורנאַל „אונדזער צייט", וועלכן ער האָט רעדאַגירט אין פולמאַכט פון „בונד", געווען אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. און דערפאַר איז יוסף געווען במשך פון עטלעכע יאָר רעדאַקציע־מיטגליד פון „ביכער־וועלט" — אַ חודש־זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קריטיק און קולטור; ער האָט דאָס אַליין געשריבן אויף די טעמעס פון ייִדישער קולטור און ליטעראַטור־געזעלשאַפטלעכקייט. דערפאַר האָט יוסף זיך אַזוי וואַרעם איינ־טערעסירט מיט דער ליטעראַרישער זייט אין „פאָלקסצייטונג" און שפּעטער

מיט דער „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור״. יוסף איז מיט אַ סך שרייבער געווען פערזענלעך באַפריינדעט, און ער האָט זיך באַמיט זיי צו באַאיינפלוסן אין דער ריכטונג פון סאָציאַליסטישער קולטור און וועלט־אַנשויונג. יוסף האָט זיך דעריבער אינטערעסירט מיט די אַנגעלעגנהייטן פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט און ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס פון זיין פאַרוואַלטונג איז ער עטלעכע מאָל געווען אַ מיטגליד.

יוסף האָט אויך געזאָרגט וועגן יידישן בוך. ער האָט געוווסט, אַז ביזן אָנקומען צום יידישן לייענער — מוז דאָס וואָרט פונעם דיכטער און קינסטלער אַדורכמאַכן אַ שווערן, דאָרנדיקן וועג. ער האָט געוווסט, אַז דאָס יידישע בוך־וועזן נייטיקט זיך אין אָרגאַניזאַציאָנעלער און פינאַנסיעלער הילף. ער האָט געגלייבט, אַז דאָס יידישע פאַרלאַג־וועזן דאַרף טראָגן אַ געזעלשאַפטלעכן און נישט קיין פריוואַטן כאַראַקטער. און דעריבער האָט ח׳ יוסף אָפּגעגעבן צייט און אויפמערקזאַמקייט דעם געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג „קולטור־ליגע״, איז געווען אַ מיטגליד אין זיין פאַרוואַלטונג, האָט רעדאַגירט זיינע אויסגאַבן, האָט אים נישט איין מאָל אין דער עפנטלעכקייט רעפּרעזענטירט.

יוסף האָט שטענדיק געליטן מאַטעריעלע נויט, שטענדיק שווער געאַרבעט, און שטענדיק געאַרבעט פאַרטייאיש און געזעלשאַפטלעך איבער זיינע כוחות — אומעטום געהאַט אַ שייכות, אומעטום געווען אַקטיוו, אומעטום געהאָלפן מיט ראַט און טאַט, קיין מאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון פאַראַנטוואָרטלעכער שליחות. און ביי דעם אַלעם האָט ער געפונען צייט און ענערגיע צו ערנסטע ליטעראַרישע אַרבעטן. צווישן אַט דעם מין דאַרפן פאַרצייכנט ווערן זיינע איבערזעצונגען: עדוואַרד בערנשטיין — „פערדינאַנד לאַסאַל״, ער. בערנשטיין — „די דייטשע רעוואָלוציע״, מ. בעער — „געשיכטע פון סאָציאַליזם״, איגנאַציאָ סילאָנע — „דער פאַשיזם״, מאַרקס — ענגעלס — „קאָמוניסטישער מאַניפעסט״, — דאָס זענען פינף גרויסע ווערק, מיט וועלכע יוסף האָט באַרייכערט די יידישע איבערזעצונגס־ליטעראַטור. דערביי איז זיין איבערזעצונג געמאַכט מיט קולטור, מיט דרך־ארץ צו די מחברים און זייערע ווערק, מיט ליבע צו יידיש און מיט זאָרג פאַרן פשוטן יידישן לעזער.

יוספס ביישטייער אויפן געביט פון יידישער פובליציסטיק און זשורנאַליסטיק איז גרויס. יוסף איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך באַגאַבטער פעיקער זשורנאַליסט, אַ גוטער שפּראַכקענער, אַ פיינער סטיליסט, אַ גלענצנדיקער איבערזעצער און רעדאַקטאָר.

**
*

יוסף איז יאָרנלאַנג געווען קראַנק. ער האָט שרעקלעך געהוסט און שטאַרק געליטן פון שלאָפלאָזיקייט. דער טובערקולאָז האָט ביסלעכווייז און סיסטעמאַ־

טיש דורכגעפרעסן זיינע לונגען. ער איז מיט יעדן יאָר אַלץ שוואַכער געוואָרן און ווייניקער ווידערשטאַנדס־פעיִק קעגן זיין אַלטער קראַנקהייט. אין די לעצטע פּאָר יאָר איז צו דעם אַלעם צוגעקומען שווידערלעכע מאַטעריעלע נויט, אויך די אויסערלעכע באַדינגונגען פון זיין לעבן האָבן זיך שטאַרק פאַרערגערט. אין יוני 1934 איז ער געווען אַ קורצע צייט אַרעסטירט... ביי דעם אַלעם איז יוסף אין דער אַרבעט געווען אומדערמידלעך. ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן, אָפט אויפגעטראָטן אויף רעפעראַטן און פאַרזאַמלונגען. און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט סוף־כּל־סוף איינגעבראָכן דעם אָפּגעשוואַכטן אָרגאַניזם.

די לעצטע אַכט וואָכן איז יוסף געלעגן צוגעשמידט צום קראַנקנבעט. וואָכן נאָכאַנאַנד איז די טעמפּעראַטור דערגאַנגען צו 39 גראַד און מער. יוסף האָט זיך געשטאַרקט, ער האָט זיך אינטערעסירט מיט די פּאָליטישע געשעענישן, געלייענט די „פאָלקסצייטונג״, פונאַנדערגעפרעגט זיך וועגן יעדער קלייניקייט אין דער פּאַרטיי און שול־אָרגאַניזאַציע. אָבער זיין צושטאַנד האָט זיך אַלץ פאַרערגערט. שפּעטער זענען נאָך צוגעקומען קאָמפּליקאַציעס. די דאָקטוירים האָבן געגעבן אַלץ ווייניקער האָפענונגען. יוסף האָט געברענט אין היץ. פון צייט צו צייט נאָר פלעגט ער פון זיך אַרויסרייסן אַ פּאָר ווערטער:

— עפנט די פענצטער, האָט ער געבעטן, עפנט אַלע פענצטער... עס איז דאָך אַזאַ שיינער טאָג...

ח׳ יוסף האָט זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כּוחות. ער האָט כּסדר שווער געזיפצט, געמאַכט סימנים, אַז ער וויל עפּעס זאָגן, געפּרוווט אַרויסברענגען אַ וואָרט, אָבער עס איז אים נישט געלונגען...

אַלע האָבן געזען — עס לעשט זיך אויס דאָס ליכט... אַ קורצע צייט פאַר דער גסיסה האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, אַרומגעקוקט זיך און אַ זאָג געטאָן: — פאַרפאַלן, איך מוז גיין... באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די גסיסה... נאָך דריי פערטל שעה, און יוסף האָט צום לעצטן מאָל צונויפגענומען אַלע זיינע כּוחות, אַ קוק געטאָן אויף די אָפענע פענצטער — און אויסגעהויכט די נשמה.

דינסטיק דעם 30סטן יולי, 3 נאָך מיטיק, 1935 — אין עלטער פון 51 יאָר — איז אויסגעגאַנגען יוסף לעשטשינסקי (י. כמורנער).

מיטוואָך דעם 31סטן יולי האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״ אין אַ גרויסער טרויער־מעלדונג אויף דער גאַנצער ערשטער זייט פון „פאָלקס־צייטונג״ געלאָזט וויסן דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס: „אונדזער באַליבטער פּי־רער, איינער פון די געטרייסטע, אומדערמידלעכסטע און מוטיקסטע קעמפער פאַר דער באַפרייונג פון אַרבעטנדיקן פאָלק, איינער פון די אָנגעזעענסטע און טאַלאַנטפולסטע טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער לאַנגיאָרי־

קער מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי, ח׳ י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי) איז געשטאָרבן״.

אויך די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער צענטר׳ יידישער שול־אָרגאַניזאַציע האָט געמאָלדן „אַלע שול־פאַרוואַלטונגען, די לערער און די פריינד פון דער יידישער וועלטלעכער שול וועגן דעם טויט פון אונדזער פאָרזיצער, דעם לאַנג־יאָריקן קעמפער פאַר די רעכט פון דער יידישער שפראַך, איינער פון די גרינדער און בויער פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן״.

אין סעפּטעמבער 1935 האָט די שול־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן אין פינף טויזנט עקזעמפּלאַרן אַ בלעטל פון פיר זייטן, אונטערן נאָמען „יוסף לעשטשינסקי (י. כמורנער)״. דאָס בלעטל איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן אַלע עלטערע קינדער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן איבערן גאַנצן לאַנד. אין דער דאָזיקער אויסגאַבע איז פאַר די קינדער איבערגעגעבן אין קורצן די ביאָגראַפיע פון ח׳ יוסף, די אָפּשאַצונג פון זיין געזעלשאַפטלעכער, פּאָליטישער און קולטור־ליטעראַרישער טעטיקייט. דאָס דאָזיקע בלעטל ענדיקט זיך מיט די ווערטער צו די קינדער:

„גרויס איז געווען ח׳ לעשטשינסקיס זאָרג און ליבע צום יידישן קינד, צום קינד פון די אַרבעטנדיקע יידישע מאַסן. זיין האַרץ האָט זיך געפרייט, ווען עס האָבן זיך געעפנט נייע יידיש־וועלטלעכע שולן און קינדערהיימען. ער האָט זיך געפרייט מיט יעדן ביכל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר די קינדער, מיט דער מעדעם־סאַנאַטאָריע און מיט די זומער־קאָלאָניעס פאַר די קינדער. ער האָט געזאָרגט וועגן יעדער שול באַזונדער, וועגן די לערער, וועגן באַשפּייזונג פאַר די קינדער. ער איז געווען פאָרזיצער פון ציש״אָ, און ער איז געווען גרייט זיין לעבן אָוועקצוגעבן פאַר דעם נצחון פון דער יידיש־וועלטלעכער שול.

ח׳ לעשטשינסקי איז געווען אַ גרויסער מאַן, — אַ מאַן פון גרויסע מעשים און גרויסע איבערצייגונגען, אַזעלכע מענטשן טרעפן זיך זעלטן אין לעבן. אַזעלכע מענטשן ווערן די פירער און לערער אין אַרומיקן לעבן. זיי זענען די לייכטנדיקע פייער־זיילן, מיט זייער האַרץ וואַרעמען זיך אָן אַלע זייערע אָנהענגער. אַזעלכע מענטשן זענען אַ גליק פאַר דער אַרבעטנדיקער מענטשהייט. זיי דאַרפן דינען אונדז ווי אַ ביישפּיל און דערמונטערונג אין לעבן.

די קינדער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן, די יידישע אַרבעטער־יוגנט וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם נאָמען פון ח׳ י. כמורנער״.

***

דאָס איז דער לעבנסוועג פון ח׳ י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי). אָט אַזוי האָט ער געלעבט, אַזוי איז ער געשטאָרבן.

אַ לעבן פול מיט טיפן זין, אַ לעבן — אַ מוסטער.

פונעם קערפּער פון ח׳ יוסף — איז געבליבן בלויז אַ דענקמאָל אויפן בית־עולם אין וואַרשע.

פון ח׳ יוספס גייסט — איז געבליבן עטלעכע געדרוקטע ווערק — אָריגי־נעלע און איבערגעזעצטע, — אָבער נאָך עפּעס איז געבליבן:

לויכטנדיקע פונקען אין די הערצער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און יוגנט, פונקען פון טיפן גלויבן אין אַ נייער אַנקומענדיקער וועלט פון סאָ־ציאַלער גערעכטיקייט.

## דער מענטש, דער שריפטשטעלער און דענקער

### קאַפּיטל דריי

יוסף לעשטשינסקי איז אין זיינע גאָר יונגע יאָרן פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אידעע. ער האָט געפּירט ציוניסטישע קרייזן און געוועקט דעם עולם צו אַקטיווקייט לטובת דעם ארץ־ישראלדיקן ישוב. ער האָט שטו־דירט אחד העמן, ער איז געווען באַגייסטערט פאַר דער העברעיִשער שפּראַך. שפּעטער זענען געקומען מער באַוווסטזיניקע יאָרן אין זיין לעבן, אָבער ער איז ווייטער פאַרבליבן געבונדן מיט דער אידעע פון טעריטאָריאַליזם, און ווען עס קומט די פּראָבלעם אוגאַנדע, ווערט ער אַ הייסער חסיד פון אוגאַנדיזם.

אָט, דער גאַנצער פּעריאָד אין לעבן פון ח׳ יוסף טראָגט אויף זיך דעם חותם פון נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק. עס איז נישט קיין פּאָליטישע טעטיקייט, אין אַ פּאַרטייִש־אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם. עס איז טרוימערישקייט, ראָמאַנטישע פאַרחלומטקייט. עס איז דער צאַפּל פון אַ יוגנטלעכער נשמה וואָס רייסט זיך צו אַקטיווקייט, צו שעפערישקייט, צו נייע וועלטן. עס איז „משיחיזם” אָן אַ רעליגיעזן לבוש.

איז די דאָזיקע טרוימערישקייט־ראָמאַנטישקייט געווען אַ ירושה פון איי־דעלע טאַטע־מאַמע? אָדער איז עס געווען אַ פּסיכישע פאַרגיטיקונג פאַר דער פּאַסטקייט און אינהאַלטלאָזיקייט אין לעבן פונעם קליינעם שטעטל האָראָ־דישטשע וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן צווישן די ווייטע סטעפּעס פון דער אוקראַיִנישער ערד? און אפשר איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון זיין פון־קינד־וויִיז־יאָריקער פיזישער שוואַכקייט און קראַנקהאַפטיקייט? האָט דער יוגנטלעכער יוסף פאַרויסגעפילט אַז עס איז אים באַשערט אַ לעבן פון פיזישע ליידן, פון

האַפענונגסלאָזער קראַנקייט, און דערפאַר האָט ער געזוכט זיך אויסצולעבן אין אויסגעטרוימטע ספערן און ווייטע הימלען?

ווי עס זאָל נישט זיין, ראָמאַנטישקייט איז פאַרבליבן זיין הויפּט־שטריך, זיין אייגנטלעכער טאָן אין ווייטערדיקן לעבן. און ווען ער איז שפּעטער געוואָרן אַ סאָציאַליסט און בונדיסט, האָט אים די דאָזיקע אייגנשאַפט נישט פאַרלאָזט אויף זיין נייעם וועג פון פּאָליטישער טעטיקייט.

ראָמאַנטישקייט ווייסט נישט פון קיין פּראַקטישע גרענעצן. זי פּאָרט זיך מיט גראַנדליניקייט און מאַקסימאַליזם. און דערפאַר איז ווען יוסף האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און ווען ער איז שפּעטער געקומען צום „בונד", האָט ער מיטגעבראַכט אַהין אַ סך גראַנדליניקייט און מאַקסימאַליזם. דאָס איז נישט געווען סתם עקשנות פאַרביטערטע, און אַוודאי איז עס נישט געווען פון זיין זייט קיין גייסטיקע באַגרענעצטקייט. ח' יוסף איז געווען אַ דענקענדיקער מענטש מיט אַ שטאַרקער אַנאַליטישער און לאָגישער קראַפט. אָבער איין מאָל געשאָנקען זיין גלויבן און צוטרוי צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און צום יידישן אַרבעטער־קלאַס, — האָט ער עס פאַרוועבט אין אַ שטימונג פון עקסטאַז און ראָמאַנטיק, האָט ער געגלייבט אין דעם באמונה שלמה, האָט ער אַלע זיינע האָפענונגען און די האָפענונגען פון דער מענטשהייט אָנגעבונדן אינעם נצחון פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

ח' יוסף געהערט צו יענע טיפן וואָס קענען נישט גלייבן און ליבן אויף העלפט. ער נעמט אַלץ הונדערט פּראָצענטיק, אָן קאָמפּראָמיסן, יונגערהייט, ווען די עס־עסישע פּאַרטיי האָט זיך ענדלעך פאָרמירט און יוסף האָט געשריבן דעם מאַניפעסט פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, האָט ער פּאַטעטיש אויסגערופן: „אַ נייעם וועג צייכנט אָן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פאַר דעם יידישן פאָלק, נייע הימלען, נייע געטער וועבט ער; נייע קרעפטן, נייע ווערטן שאַפט ער". מיט דעם זעלבן ענטוזיאַזם האָט ער אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשריבן וועגן לענינען און וועגן ראַטן־פאַרבאַנד, וועלכן ער האָט באַטראַכט ווי „אַ וויכטיקן פאַקטאָר ביים דיסקאָנטירן די טענדענצן און פּערספּעקטיוון פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע". זייענדיק אין „בונד" און אָנפירנדיק די פּאַרטיי־שלאַכטן פון דער „צווייער"־פראַקציע, שלאָגנדיק אויף רעכטס קעגן רעפאָרמיזם און אויף לינקס קעגן קאָמוניזם און יעווסעקיזם, האָט יוסף געהאַלטן אַז „די חלוקי דעות, פּרינציפּיעלע קעגנזאַצן דאַרפן אויסגעפאָכטן ווערן ביזן סוף מיט דער גאַנצער פּרינציפּיעלער שאַרפקייט און קלאָרקייט". שרייבנדיק אין 1931 — צוויי יאָר פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט — זיין פראַקציע־פּראָגראַמאַטישן אַרטיקל „אונדזער וועג", האָט ער גערעדט „מיט זיכערקייט,

אַז שוין נישט לאַנג וועט אויסקומען צו וואַרטן אויף דער רעוואָלוציאָנערער זון, מען שפּירט שוין די שיין פון אירע ערשטע בשורה־שטראַלן"; „די מדבר־יאָרן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג מוזן זיך ענדיקן; רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע כוחות וועלן זיך סוף־כל־סוף אַרויסרייסן פון רעפאָרמיסטישער געפאַנגענשאַפט און זיך אָרגאַניזירן ווי אַ באַזונדערער זעלבשטענדיקער כוח... עס וועט זיך אַזוי אַרום שאַפן אַ באַדן פאַר אַ צוזאַמענשלוס, אין דער אָדער אַנדערער פאָרעם, צווישן דעם קאָמוניסטישן און רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן סעקטאָר". אינעם זעלבן אַרטיקל צייכנט ער אָן זיין אייגענעם וועג צום סאָציאַליזם אין אַזעלכע ווערטער: „רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן האָבן די פעסטע איבערצייגונג, אַז די היינטיקע דעמאָקראַטיע איז אַ געווער פון בורזשואַזער קלאַסן־הערשאַפט, אַז דער וועג צום סאָציאַליזם ליגט דורך רעוואָלוציאָנערער איבערוווינדונג פון דער דעמאָקראַטיע, דורך פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור".

די דאָזיקע ציטאַטן ווערן דאָ געבראַכט נישט צוליב פּאָלעמיק און נישט כדי צו אונטערשטרייכן יוספס „פאַנאַטישקייט" און „פאַלשע נביאות", נאָר פאַרקערט — כדי צו ווייזן דעם רעוואָלוציאָנערן אָטעם, דעם פלאַקערנדיקן גלויבן, דעם קאָמפּראָמיסלאָזן אַרט דענקען פון ח' יוסף. סוף־כל־סוף דאַרף דאָך דער אינטעליגענטער לייענער באַטראַכטן די ציטאַטן אונטערן קוק־ווינקל פון דעמאָלטיקן פּאָליטישן מאָמענט און שטאַנד אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. יוסף האָט נישט געקענט שלום האַלטן מיט די פאַרשיידענע פאָרמען און שפּראָצונגען פון רעפאָרמיזם — עס איז געווען קעגן זיין נאַטור, קעגן זיין קעמפערישן גייסט, קעגן זיין גלויבן אין די שעפערישע קרעפטן פון פּראָלעטאַריאַט. סאָציאַלע רעוואָלוציע, באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס, די פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם אין ראַטן־פאַרבאַנד — דאָס איז געווען זיין דורכויסיקער גלויבן, זיין ראָמאַנטישע ליבע וועלכע ער וועט קיין מאָל נישט פאַרראַטן. אין אָט דער פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט געשטעקט קיין „פּאָליטישע בלינדקייט" און אומפעיִקייט אָפּצושאַצן די פּאָליטישע סיטואַציע. דערצו איז ח' לעשטשינסקי געווען צו קלוג און אָבסערוויר־פעיִק. נאָר וואָס דען? ער האָט געזען דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זען, דאָס וואָס איז זיין טרוים געווען, זיין לעבנס־ציל און לעבנס־זינען. זיין גלויבן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט נישט געקענט מוותר זיין אויף קיין האָר פון זיין שטאַנדפּונקט, וועלכער האָט אים אויסגעזען דער איינציק ריכטיקער, דער איינציק אויסגעהאַלטענער און דער איינציקער וואָס דינט באמת די אינטערעסן פון ייִדישן און פונעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט.

אָבער נישט געקוקט אויף זיין איינשטעלונג לגבי ראַטן־פאַרבאַנד, האָט ח' לעשטשינסקי נישט פאַרלוירן די פעיִקייט קריטיש־שאַרף אָפּצושאַצן די האַנדלונגען פונעם קאָמינטערן און פון די יעווסעקעס. זיין גאַנצער אידעאָלער כאַ־

ראַקטער, זיין גייסטיקער וועזן האָט פּראָטעסטירט קעגן די „הפקרדיקע קאַמפּס־מעטאָדן" פון די קאָמוניסטן, קעגן זייערע „אויסגעטראַכטע, אויסטערלישע, פאַנטאַסטישע" באַשולדיקונגען לגבי די פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, קעגן זייערע „פּערדישע פּאַרציעס ליגנס און זילזולים" אויפן אַדרעס פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. ווען עס איז געשען דאָס אַרויסטרייבן טראָצקין פון ראַטן־רוסלאַנד, האָט יוסף געשריבן מיט צאָרן און ווייטיק: „צי קען נאָך זיין אַ מער פּאַרניכטנדיקער אורטייל פאַר דעם רעזשים, וועלכן סטאַלין פירט מיט אַזאַ ריקזיכטלאָזיקייט אין דער גרויסער ראַטן־מלוכה און וועלכן דער קאָמינטערן פירט אַדורך מיט דער זעלבער ריקזיכטלאָזיקייט אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע לענדער"?

אָט אַזוי גייט אָן אינעווייניק אין ח' יוספס נשמה — דער קאַמף צווישן סאָציאַליסטישן אמת און קאָמוניסטישן ליגן. עס איז אַ קאַמף צווישן זיינע עמאָציעס און זיין לאָגיק. און דערפאַר ווייל יעדערער האָט געפילט די אויפריכטיקייט און דראַמאַטישקייט אין יוספס פּאָלעמיקעס און שאַרפקייטן, זיין זאָרג פאַר דער „געשלאָסנקייט און טאַט" אין די רייען פון „בונד", זיין זאָרג וועגן דער גאַנצקייט פון דער פּאַרטיי, — דערפאַר האָט נישט געהערשט קיין פּערזענלעכע פאַרביטערטקייט צווישן אים און די פירערס פון דער „איינסער"־פראַקציע; פאַרקערט, עס האָט זיך בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן געפילט האַרציקייט, אמתע אַכטונג און חברישקייט פון איינעם צום צווייטן. יוסף איז טאַקע געווען אין אָפּאָזיציע, און אָפט אין שאַרפער אָפּאָזיציע, אָבער זיין האַרץ און ווילן האָט געהערט דער פּאַרטיי ווי אַ גאַנצע. אין דעם פּרט איז אין זיין פירונג נישט געווען קיין צייכן פון סתירה, און דאָס האָבן אַלע אָפּגעשאַצט.

**
*

געווען נאָך אַ צווייטער יוסף — יוסף דער ייִדישער אינטעליגענט וואָס איז מיט טויזנט פעדעם געבונדן געווען מיטן ייִדישן לעבן, מיט ייִדישער קולטור, שפּראַך און ליטעראַטור. אויך ווי אַזעלכער איז ער געווען פול מיט ענטוזיאַזם און גלויבן, פול מיט שעפערישער ענערגיע און איניציאַטיוו. זיין איבערגעגעבנקייט און פאַרבונדנקייט מיטן ייִדישן לשון איז געווען נאַטירלעך און אומ־מיטלבאַר, אינטים און היימיש. זיין ייִדיש איז געווען שוואַרץ־ערדיק און זאַפטיק אַזוי ווי דער אוקראַינישער באָדן אויף וועלכן ער איז געוואַקסן. ער האָט געזאָרגט וועגן דעם אַז זיין שפּראַך זאָל זיין ריין און דורכזיכטיק לויטער, זאָל זיין פאָלקסטימלעך און גלייכצייטיק אינטעלעקטועל, ליטעראַריש, אויפן ניוואָ פון אַלע מאָדערנע שפּראַכן. ער האָט געהאַט אַ נישט־געוויינלעכן חוש פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון דער שפּראַך, פאַר איר פּשטותדיקייט און איר אוקראַי־

נישן אידיאַם. זיין אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור און אירע בויער איז געווען גרויס. נישט געקוקט אויף זיין איבערגעלאָדנקייט מיט פּאַרטיייִש־פּאָליטישער אַרבעט, געפינט ער צייט צו זיין מיטרעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „ביכערוועלט" (צוזאַמען מיט מ. זילבערפאַרב און ה. ש. קאַזדאַן). ער שענקט אויך אויפמערקזאַמקייט דער „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור", ער איבערזעצט עטלעכע וויכטיקע ווערק. ער רעדאַגירט און גרייט צו צום דרוק אייניקע ביכער פאַרן פאַרלאַג „קולטור ליגע"; ער האָט די השגחה אַז אין דער „פאָלקסצייטונג" זאָלן ייִדישע ליטעראַטור און ייִדישע שריפטשטעלער קומען צום אויסדרוק און זיך שטעלן אין דינסט פונעם אַרבעטער־לייענער. אינעם בונדישן זשורנאַל „אונדזער צייט" וואָס ער האָט רעדאַגירט, האָט ער איינגעפירט אַ שטענדיקע ליטעראַרישע אָפּטיילונג וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. די אַלע ליטעראַרישע טעטיקייטן האָבן אַנטשפּראָכן יוספס גייסטיקע אינטערעסן, זיינע קולטור־שעפערישע באַדערפעענישן, זיין זאָרג וועגן פונאַנדערבויען די ייִדישע ליטעראַטור און דערהייבן אירע דערגרייכונגען. יוסף איז געווען אויפריכטיק אַריינגעטאָן אין די פּראָבלעמען פון דער ייִדישער ליטעראַטור און קונסט־שאַפונג. באַזונדערס האָט אים אינטערעסירט די פראַגע ווי אַזוי דערנענטערט מען דעם ייִדישן שרייבער צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, כדי ער זאָל שאַפן זיינע ווערק מיט אַ געהעריקער באַציִונג צו די סאָציאַלע קאָנפליקטן פון אונדזער צייט. דערביי האָט יוסף אויפגעוויזן די גרויסע ראָל פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס ווי דער העגעמאָן אויפן געביט פון ייִדישער שפּראַך און קולטור.

אָבער שפּראַך און ליטעראַטור האָבן פאַר י. כמורנערן נישט אויסגעשעפּט דעם אינהאַלט פון דער ייִדישער פּראָבלעמאַטיק. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון וועגן דער סכנה וואָס דראָט דעם ייִדישן לעבן מצד דער אַסימילאַציע, און דעריבער האָט ער באַקעמפט דעם געדאַנק וועגן נייטראַליזם, געוואָרנט אַז דאָס פירט צו אַקטיווער אַסימילאַציע. מיט דער גאַנצער שאַרפקייט האָט ער באַקעמפט דעם העברעיִזם און אָנגעוויזן מיט וואָס פאַר אַ קאָנסעקווענץ אויך ער פירט צו אַסימילאַציע; באַזונדערס האָט ער אונטערגעשטראָכן די געפערלעכע ראָל פון ציוניזם וועלכער שטעלט אַנטקעגן דעם „דאָרטן" קעגן דעם „גלות". „נאָר אין דעם אַבסאָלוטן אומגלויבן אין גלות — שרייבט י. כמורנער — שעפּט דער ציוניזם זיין פאַרצווייפלטן גלויבן אין פּאַלעסטינע", רעאַגירנדיק אויף בן־גוריונס אַ רעפעראַט (אַפּריל 1933) וועיזט אָן י. כמורנער, אַז סיי די רעכטע, סיי די לינקע פּועלי־ציון האָבן שטענדיק נעגירט די עקסיסטענץ פון אַ סתירה צווישן „דאָ" און „דאָרט"; אַז אין בן־גוריונס רעדע איז אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג אין דער מינדערווערטיקייט פון יעדער גלות־אַרבעט און פון יעדן גלות־קאַמף. נישט ווייניקער סכנה האָט ער געזען אין

דעם יעווסעקיזם, וועלכער זאָגט זיך אָפּ פון אויטאָנאָמיזם אין ייִדישן לעבן בכלל און פון אויטאָנאָמיזם פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די רייען פון דער מלוכה־פּאַרטיי; ער האָט אָנגעוויזן דעם אומזין פון מקריב זיין די אייגענע שפּראַך און קולטור, די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט — אויפן מזבח פון אַבסטראַקטן אינטערנאַציאָנאַליזם און פון טאָטאַליטאַרן צענטראַליזם אין דער מלוכה און אין דער פּאַרטיי.

מיט באַזונדער ליבשאַפט האָט זיך חבר לעשטשינסקי באַציגן צו דעם יונגן געוויקס פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול. זינט דער גרינדונג פון צישאָ און ביזן לעצטן אָטעם פון זיין לעבן, האָט ער געווידמעט אַ סך צייט און אויפמערקזאַמקייט, אַ סך אַרבעט און איניציאַטיוו דער ייִדיש־וועלטלעכער שול. פריער סעקרעטאַר פון „צענטראַל דינעזאָן שול־ קאָמיטעט", שפּעטער סעקרעטאַר פון דער צישאָ און רעדאַקטאָר פון „שול און לעבן", נאָך שפּעטער דער אויסגעוויילטער פּאָרזיצער פון צישאָ — אויף די אַלע אַמטן האָט ער אַנטוויקלט אומגעוויינטלעכע אַקטיווקייט. ער האָט פאַנאַנדערגעוויקלט די פענער פון פּאָליטישן קאַמף פאַר די רעכט פון דער ייִדישער שול. ער האָט אַנטוויקלט די פאָרמען פון מאַסן־אַגיטאַציע צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג — לטובת דער שול. ער האָט געוועקט די אַרבעטערשאַפט און די יוניאָנס צו אָרגאַניזירטער מאַטעריעלער הילף פאַר דער שול. ער האָט אָנגעצייכנט גרויסע פאָרמעסטן פאַר דער שול־באַוועגונג. אויך צו דער שול האָט ער געשטעלט מאַקסימאַלע פאָדערונגען פון סאָציאַליסטישער דערציונג; פון דער לערערשאַפט האָט ער פאַרלאַנגט אידעישע פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס.

די „ייִדישע וועלט־אַנשויאונג" פון ח' לעשטשינסקי — דאָס איז געווען אַ פולקאָמענע סיסטעם. אין וועלכער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס און סאָציאַליסטישע באַוועגונג, ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור, ייִדיש־וועלטלעכע שול און דערציונג, ייִדישער אויטאָנאָמיזם — שטעלן פאַר איין גאַנצע איינהייטלעכע ליניע. אין זיין ס"ס־שן פּעריאָד איז זיין מאַטערניש צו שאַפן אַן אייגענע ייִדיש־נאַציאָנאַלע און פּאָליטיש־סאָציאַלע סיסטעם, געווען דורכגעדרונגען מיט פּילפּול און האָר־שפּאַלטעריי; אין בונד איז זיין וועג געווען קלאָר און אויסגעהאַלטן, די ייִדישע און די אַלגעמיין־סאָציאַליסטישע אַספּעקטן זענען געווען אויסגעשטימט און פאַרגאַנצט. אין זיינע יונגע יאָרן — דערציילט ח'טע סאָפיע דובנאָווערליך אין איר ביאָגראַפישן עסיי — האָט יוסף „אַרויסגעוויזן גרויסע פּאָלעמישע פעיִקייטן און חריפות... אין די דיסקוסיעס מיט די פאַנאַטישע ציוניסטן פון אחד העמישן אָדער הערצליסטישן חדר האָט ער אונטערגעשטראָכן זייער עיקרדיקע שוואַכקייט — עס פעלט זיי לעבעדיקער קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער ווירקלעכקייט". איצט אָבער אין בונד זענען זיינע געדאַנקען און

שטאַנדפּונקטן געווען רייף און דיסציפּלינירט. אין בונד האָבן נישט געפעלט קיין קאָנטאַקטן מיטן אַרומיקן יידישן לעבן, מיט דער אַרבעטערשאַפט, מיט דער יידישער קולטור. יוסף האָט פון דאַנען געשעפּט אַ סך זיכערקייט און גלויבן.

***

צום סוף וועל איך מיר דערלויבן צו ברענגען צוויי אָפּשאַצונגען וועגן לעשטשינסקי.

וויקטאָר אַלטער וואָס איז פּאָליטיש געווען זייער ווייט פון לעשטשינסקיס אידעאָלאָגיע, האָט געשריבן: „צוזאַמען מיטן ח׳ כמורנער איז פון אונדז אַוועק אַ פלאַם... איך האָב געטראָפן אין מיין לעבן פיל טוער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָבער זייער ווייניק פון זיי האָבן פאַרמאָגט אָט די גרויסע ליידנשאַפט, מיט וועלכער עס איז געווען דורכגעדרונגען דער ח׳ כמורנער". וו. אַלטער האָט אונטערגעשטראָכן אַז די דאָזיקע ליידנשאַפט האָט זיך אין כמורנערן פאַראייניקט מיט אַ גרויסער אינערלעכער פיינקייט וואָס האָט געפונען דעם אויסדרוק אויך אין די וויכוחים. „דאָס איז געווען דאָס שענסטע אין אים — די ערנסטע באַציִונג צו יעדן פּרט און די זאָרג אָפּצוהיטן צווישן די פּראַקטישע קלייניקייטן די נשמה פון דער באַוועגונג", (כמורנער־בוך, ז. 176).

ש. מענדעלסאָן דערציילט וועגן י. כמורנער אַלס פאַרזיצער פון דער צישאָ: „ער האָט דעם אמת פאַרוואַנדלט כמעט אין אַ העכערער אַפּעלאַציע־אינסטאַנץ, ווו אין שאָטן פון גייסטיקער קאָנצענטרירטקייט ווערן פאַרוויקלט פראַגן באַלויכטן מיט געמיטלעכער האַרציקייט, ווו שפּיצן ווערן אָפּגעטעמט, ווו ס׳ווערט רעזערווירט חברישע וואַרעמקייט... ווי אַזוי בינדן זיך די ביידע גייסטיקע אייגנשאַפטן: אידעיש פּאָליטישער קנאי און גלייכצייטיק צאַרטע גוטמוטיקייט און אַ ריזיקע פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכע שוועריקייטן — דאַכט זיך אַ סתירה? איינס אַנולירט דאָס צווייטע? — אין דער סתירה איז געלעגן דאָס האַרמאָנישע אין כמורנערן. דאָס איז אַזוי צו זאָגן זיין גייסטיק אייגנטום".

***

טראַגישער גורל האָט באַגלייט די קליינע משפּחה לעשטשינסקיס — יוסף, זיין פרוי פּאָליע, זיין איינציקע טאָכטער גאַליע.

אַ גאַנץ לעבן האָט יוסף געקעמפט מיט זיין קראַנקהייט. ער האָט העראָיִש געטראָגן זיינע ווייטאָגן. ווי אָפט איז עס געשען, ווען איר זענט געגאַנגען מיט אים אין גאַס, — ער פאַרהוסט זיך, קען דעם אָטעם נישט

כאַפּן, אָט אָט ווערט ער איינגעבראָכן... אָבער דער קראַנקער ליידנדיקער יוסף האָט זיך גאָר גיך באַהערשט, געקומען צו זיך און ווייטער פאַרגעזעצט זיינע איבערגעריסענע רייד מיט אַ הויכער פעסטער שטימע, אַזוי ווי עס איז גאָרנישט געשען מיט אים... דאָס איז געווען אַ וווּנדערלעכע זעלבסט־באַהערשונג, אַ נישט געוויינלעכע ווידערשטאַנד־קראַפט — אין קאַמף מיט זיין אומגליק וואָס ער האָט געטראָגן אין אייגענעם גוף.

שטענדיק אין נויט און אָרעמקייט, אַן אַסקעטיש לעבן. געליטן שטאַרק צוליב דעם וואָס ער קען נישט באַפרידיקן די נויטבאַדערפענישן פון זיינע נאָענטע. געלעבט אין איין צימער, אין אַ הויז אָן אַ ווינדע און געדאַרפט קריכן צופוס עטלעכע שטאָק. אין שטענדיקער זאָרג וועגן זיין געזונט, וועל־כן ער האָט אָבער נישט געשאָנעוועט נישט געקוקט אויף די פאָדערונגען פון זיינע דאָקטוירים. די פרוי און אפילו די קליינע טאָכטער זענען אין שטענדיקער ציטערניש, ער זאָל זיך נישט איינברעכן, ער זאָל נישט פאַרלי־רן דאָס לעצטע ביסל כוחות.

און דאַן — דער טראַגישער טויט פון יוסף'ן, און מיט אַ פּאָר יאָר שפּע־טער — דער אומקום פון פּאַליען און גאַלען אין וואַרשעווער געטאָ...

אינעם לעבנסוועג פון ח׳ יוסף האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער גורל פון גאַנצן דור יידיש־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין דער ערשטער העלפט פון אונדזער יאָרהונדערט. ח׳ יוסף האָט זיין לעבן אַריינגעשריבן אין גאָלדע־נעם בוך פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אויך פון דער נייער יידישער קולטור און ליטעראַטור. ער האָט זיין נאָמען איינגעפלאַנצט אין אונדזערע אַלעמענס הערצער.

# ב. צביון

(1954 — 1874)



בן־ציון האָפמאַן (צביון) איז געבוירן געוואָרן אין חודש אייר 1874 אויף אַ פאַרם ביי בויסק, וווּ זיין פאָטער יצחק האָט געהאַלטן ערד אין אַרענדע. (אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע, און דאָ איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1924 אין באַלטימאָר, 85 יאָר אַלט). פון פאַך אַ בעל־מלאכה, אָבער אַ יודע־ספר, ליב געהאַט צו טאָן אַ טובה, זיך באַשעפטיקט מיט קהלשע ענינים, אַ פּעיקער און קלוגער, אַ ייד אַ וויצלינג — דאָס איז געווען דער פאָטער. אויך די מוטער, לאה, איז געווען אַ ווילקענעוודיקע פרוי אין יידישע ספרים.

זיינע פריע קינדער־יאָרן האָט צביון פאַרבראַכט אין דעם דאָרף קומיאַן (אָדער קעמען) אויפן גרענעץ פון קורלאַנד. דאָס איז געווען אַ גרויסער דאָרף. דער פריץ פון הויף איז געווען אַ דייטשער באַראָן און די אַרבעטער פון הויף אָדער קנעכט, ווי מען פלעגט זיי רופן, זענען געווען לאַטישן. אין דאָרף האָט מען בן־ציונען נישט געקענט לערנען. פון פאָטער האָט ער זיך אויסגעלערנט עברי, און באַלד האָט מען אים געבראַכט אינעם קליינעם שטעטל וואַשקי, וואָס איז געווען נאָענט צום דאָרף; דאָ איז געווען זיין ערשטער חדר און מלמד, ווו ער האָט באַקומען די התחלות פון דעם, וואָס אַ יידיש קינד האָט געדאַרפט לערנען.

אָט אין דער אַטמאָספער פון געזונטער דאָרפישער סביבה און פון אַלט־פרומער יידישקייט אין שטוב און חדר האָט צביון זיינע ערשטע טריט געמאַכט. נאָך דעם אָנפאַנג־חדר קומט די ישיבה. ער האָט אַ קורצע צייט געלערנט אין

קלענערע ישיבות, און צו 14 יאָר שוין געלערנט אַליין פאַר זיך, אָן אַ רבין אין בויסקער בית־מדרש. דער בויסקער גאון ר׳ מרדכילע (עליאַשבערג) האָט דעמאָלט געזוכט פאַר זיך אַ מין געהילף, אַ „סעקרעטאַר" — דאָס האָט געדאַרפט זיין איינער, וואָס קען גוט לערנען און אויסלייגן העברעיִש, כדי צו שרייבן די שאלות־תשובות און וועלטלעכע בריוו לויטן דיקטאַט פון גאון. ר׳ מרדכילע איז געווען איינער פון די דריי רבנים, וואָס זענען דעמאָלט באַקאַנט געווען מיט זייער נאָענטקייט צו חובבי ציון; די אַנדערע צוויי רבנים זענען געווען: ר׳ שמואל מאָהילעווער און דער נ״ציב, דער וואָלאָזשינער ראש־ישיבה נפתלי צבי בערלין. ר׳ מרדכילע האָט דעריבער געפירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ, און זיין געהילף האָט אויך געדאַרפט קענען „שרייבן אַדרעסן". אָט אויף דעם פּאָסטן איז עס איצט איינגעלאַדן געוואָרן דער יונגער בן־ציון. אַ יאָר צייט האָט ער פאַרבראַכט ביי ר׳ מרדכילען אין הויז, און ער האָט דאָרט זייער אַ סך דערגרייכט.

פון דאַנען איז בן־ציון אַריבער אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, און פון דאָרט קומט ער שפּעטער קיין ווילנע. דאָ האָט ער פאַרבראַכט עטלעכע יאָר „אין זוכן, חלומען און בלאָנדזשען", ווי ער אַליין דריקט זיך אויס. דער יונגער בחור האָט געלערנט געשמאַק. צו 14 יאָר איז ער שוין געווען „אַ שטיקל למדן", ווי ער דריקט זיך אויס. צו 18 יאָר קריגט בן־ציון סמיכות אויף הוראה ביי הגאון ר׳ שלמה אב בית דין פון ווילנע.

דער יונגער בחור פאַרמאָגט אָבער אַ זייער שטאַרקן דראַנג צו וויסן. מיט גרויס נייגער זוכט דער יונגער בחור אַריינצודרינגען אין דער וועלט אויסער דער יידישער פרומקייט און תורה־לערנען. ווי שטענדיק איז לעבן, רוקן זיך שוין אונטער די צופעליקייטן, וועלכע העלפן אַרויס דעם זוכנדיקן. זייענדיק ביי ר׳ מרדכילע בויסקער אין הויז, געפינט דער יונגער בן־ציון אַ גרויסן אוצר אין רבינס ספרים־אַלמער: דאָס זענען בערנשטיינס דייטשישע פאָלקס־ביכער פון נאַטורוויסנשאַפט. אַ טייל אויף דייטש און אַ טייל אויף העברעיִש. ער האָט די ביכער איבערגעלייענט און אויסגעלערנט פון טאָוול ביז טאָוול. און באַלד האָט ער אין זעלבן אַלמער געפונען נאָך ביכער אין העברעיִש פון זעלבן נאַטורוויסנשאַפטלעכן געביט: אַ בוך איבער אַסטראָנאָמיע, „השמש" פון יוסף זאָסניץ, און צוויי ביכער איבער כעמיע און פיזיק פון הירש ראַבינאָ־וויטש — „המנוחה והתנועה" און „הרכבה והפרדה". די דאָזיקע ווערק האָבן געשטילט דעם דורשט נאָך וויסן פון יונגן בן־ציון, באַפרידיקנדיק זיין נאַטור־ראַליסטישן און פאָרשערישן אינטערעס און זיינע פעיִקייטן, וועלכע זענען גע־לעגן טיף באַהאַלטן אינעם יונגן בחור. די ווערק האָבן פאַר אים געעפנט נייע וועלטן און האָריזאָנטן. די נאַטורוויסנשאַפט און מאַטעמאַטיק וועלן שוין אויף

שטענדיק פאַרנעמען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער לעבנס־פילאָסאָפיע און טעטיקייט פון קינפּטיקן ד״ר האָפמאַן.

אין די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ווילנע, גייט אינעם יונגן בחור אָן אַ שווערער קאַמף: וווּהין זאָל פירן זיין וועג? רבנות, תורה־לומדות? אפשר זיך גרייטן צו ווערן אַ ראַבינער ביי ייִדן? און אפשר אַ דאָקטער? אַ לערער?

אין אַנטאָקאָליע (פאָרשטאָט פון ווילנע), ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן, שטויסט זיך דער יוגנטלעכער 18־19 יעריקער בן־ציון אָן אויף אַ נייער וועלט, אויף אַ נייעם טיפּ מענטשן. ער באַקענט זיך דאָרט מיט אַ בחור הירשע דער בערשטער, עלטער פון אים אין יאָרן און שוין אַ „באַוווסטזיניקער״, וואָס האָט באַלאַנגט צו אַ פּראָפּאַגאַנדע־קרייזל פון דער אַנטשטאַנענער ייִדי־שער אַרבעטער־באַוועגונג, מען צערעדט זיך וועגן דער וועלט און דער מענ־טשהייט. הירשע מאַכט אים באַקאַנט מיט אַ פּראָפּאַגאַנדיסטקע, פּאַליאַ גאָר־דאָן (מאַרטאָווס כלה), און ער טרעט אַריין אין אַ קרייזל. און אַזוי ווי די פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך (אין רוסיש) האָבן זיך דעמאָלט געפירט אַזוי, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן פון נאַטור־וויסנשאַפטלעכע שמועסן, — האָט מען טאַקע באַלד גענומען אויסנוצן דעם בחור בן־ציון ווי אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, ער זאָל אַליין קנעלן מיט די אַרבעטער די ענינים פון נאַטור. אַזוי אַרום איז בן־ציון אַריין אין דער וועלט פון קאָנספּיראַציע, און געוווען אַן אַקטיווער עדות ביי די סאַמע ערשטע טריט פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע.

צווישן די ישיבה־בחורים איז דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט אַ שטימונג צו לערנען שלאָסעריי, גיין אין וואַרשטאַט, ווערן אויס באַנק־קוועטשער, ווערן אַ נוצלעכער מענטש. אויך בן־ציון באַשליסט צו ווערן אַ שלאָסער. ער באַ־קענט זיך מיט דעם שפּעטער טרויעריק־באַרימט־געוואָרענעם ישראל מיכל קאַפּלינסקי, וועמען ער בעט צו קריגן פאַר אים אַן אַרבעטס־פּלאַץ. אָבער ישראל מיכל רעדט אים אָפּ פון צו ווערן אַ שלאָסער. ער רעדט אים גאָר צו לערנען און האַלטן עקזאַמען. „עס איז געווען זיין מיינונג, אַז מיט מיינע פעיִקייטן קען איך בעסער ווערן אַן אינזשעניער... און טאַקע אָט דער גע־דאַנק פון ווערן אַן אינזשעניער האָט מיך שפּעטער געבראַכט קיין ריגע, וואָס האָט געהאַט אַ באַרימטן פּאָליטעכניקום״, דערציילט צביון.

דערווייל קומט בן־ציון אָן אין דער ווילנער צייכנשול. ער הייבט זיך אָן גרייטן צו עקזאַמענס, גיט פּריוואַטע לעקציעס, שפּעטער קומט ער אפילו אָן פאַר אַ לערער אין די ליטווישע שטעטלעך סאַלאַט און פּאַשוויטין.

אין 1896 באַזעצט זיך דער יונגער האָפמאַן אין ריגע. ער איז שוין אַלט 22 יאָר. ער וויל אָנקומען אין פּאָליטעכניקום. ער געפינט זיך אין קרייז פון

יונגע סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אין פּאָליטעכניקום, אָדער פון אַזעלכע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געגרייט אָנצוקומען אַהין. אַלע זענען סאָציאַליסטיש און רעוואָלוציאָנער געשטימט. אָבער אין דער אמתן האָבן זיי פון סאָציאַליזם קנאַפּ געוווּסט און נאָך ווייניקער האָבן זיי געוווּסט וועגן דער אָרטיקער אַר־בעטער־באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע: די לעטישע ״סאָצ׳־דעמ׳ פּאַרטיי האָט זיך אָקאָרשט געגרינדעט.

דער סטודענטישער קרייז באַשעפטיקט זיך מיט זעלבסט־בילדונג. די סטו־דענטן באַזוכן ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, זיי באַטייליקן זיך אין דיסקוסיעס. אָבער זיי פילן: סאָציאַליזם בינדט זיך נישט מיטן נאַציאָנאַליזם פון די ציו־ניסטן. סוף־כל־סוף האָבן די יונגע בחורים, וועלכע זענען געווען אויסגע־שטעלט אויף אייגענע כוחות, זיך דערטראַכט און זיך דעררעדט צו אַן אייגנ־אַרטיקער טעאָריע, אין וועלכער ציוניזם און סאָציאַליזם האָבן זיך קאָמבינירט צוזאַמען.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן די יאָרן 1898־97. אָבער דעם דאָזיקן ציוני־סטיש־סאָציאַליסטישן קרייז, וועלכער איז אפשר געווען דער ערשטער אויף דער וועלט פון דעם מין, איז נישט באַשערט געווען קיין אַריכת־ימים. זיין צוזאַמענברוך איז געקומען אַ דאַנק... אַן עקזעמפּלאַר פון דער ״אַרבייטער־שטימע״, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט פונעם קרייז. טאַקע בן־ציון האָט דעם נומער באַקומען פון אַ באַקאַנטן ״באַוווסטזיניקן״, אַ וויטעב־סקער אַרבעטער. עס איז געווען דער נומער ״אַרבייטער־שטימע״, אין וועלכן עס איז געמאָלדן געוואָרן וועגן דער גרינדונג פון ״בונד״, און ווו עס איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע פון ״בונד״. די חברה סטודענטן פונעם קרייז זענען געווען אַ ביסל טעמפּיק אויף דער יידישער עברי, דערצו נאָך איז די שפּראַך פון דער ״אַרבייטער־שטימע״ געווען אַ שווערע. מען האָט זיך אָבער אַלע צוזאַמען גענומען קנעלן די אַרטיקלען, מען האָט שטאַרק געהאָרעוועט, דיסקוטירט — און אין פועל־יוצא זענען אַלע געוואָרן בונדיסטן. צביון איז געוואָרן אַ בונדיסט. דאָס איז געווען סוף 1898 אָדער אָנהייב 1899. אין זיין לעבן איז אַריינגעגאַנגען דער ״בונד״ — ״און איך האָב זיך אין אים פאַרליבט און האַלט אָן די ליבע ביזן היינטיקן טאָג״, שרייבט צביון.

— עס הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין זיין לעבן. עס קומט די ראָמאַנטיק פון קאָנספּיראַציע, פון דער געהיימנישקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. נייע קרייזן, נייע מענטשן, נייע העלדן. שפּעטער — גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אַרעסטן. פרילינג 1900 קומט קיין ריגע אַ שליח פון ״בונד״ (הלל כץ־בלום) און ברענגט אַ פּעקל ליטעראַטור. צווישן אַנדערע איז דאָ געווען דער 6טער נומער ״אידישער אַרבייטער״, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין דער שווייץ, —

און אין דעם נומער איז געווען אַ גרויסער אַרטיקל פון בן־אהודן (חיים זשיט־לאָווסקי) איבער דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער פראַגע. אַ דאַנק אָט דעם אַרטיקל פאַראינטערעסירט זיך צביון זייער שטאַרק מיטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. ער נעמט זיך שטודירן די גאַנצע ליטעראַטור פון דעם מין (און אין ריגע איז גראָד געווען אַ מעגלעכקייט צו קריגן אַ סך גוטע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין דער דייטשישער שפּראַך — די רוסישע צענזור האָט אויף דעם נישט שטאַרק מקפּיד געווען). ער וויל זיך קלאָר מאַכן דעם תּמצית פון נאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

בן־ציון קומט אַריין אין דער פּראַקטישער אונטערערדישער אַרבעט. זומער 1901 האָט ער אין ריגע געהאַט אַ רעפעראַט אין וואַלד — „ציוניזם און סאָציאַליזם״. אָנוועזנד זענען געווען בעיקר אינטעליגענטן, אָבער געווען אויך פאַרשטייער פון די אַרבעטער. דאָס איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפעראַט אויף ייִדיש — אין דער פאַרדייטשטער און האַלב רוסיפיצירטער שטאָט ריגע. אין 1903 איז בן־ציון אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער בונדישער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג (סכאָדקע) פאַר אַ מיטגליד פון ריגער קאָמיטעט פון „בונד״. און ווי יעדער באַטייליקטער אין דער דעמאָלטיקער רעוואָלוציאָנערער בונדישער באַוועגונג, האָט אויך צביון דורכגעמאַכט זייער אַ סך אין יענע יאָרן פון ערב־רעוואָלוציע. „איך האָב אין זיך קיין מאָל נישט געהאַט — דערציילט מיט גרויס באַשיידנקייט צביון אין איינעם פון זיינע זכרונות־אַרטיקלען — די העלדישקייט צו זיין גרייט צו קריכן אין פייער, ווי מען דריקט זיך עס אויס. איך האָב גיכער שטענדיק געזוכט אויסצומיידן צו טאָן עפּעס, וואָס איז פאַרבונדן מיט געפאַר... אָבער דאָך בין איך מערערע מאָל געקראָכן אין פייער. איך בין געגאַנגען אויף דעמאָנסטראַציעס אין רוסלאַנד, אויף וועלכע דראַגונער האָבן געשאָסן; איך האָב געשמוגלט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור איבערן גרענעץ, וואָס ווען מען כאַפּט מיך, וואָלט מען מיך פאַרשיקט אויף פינף יאָר קיין סיביר; איך האָב געשריבן און געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס און געהאָלפן זיי פאַרשפּרייטן. איך האָב געטאָן אַ סך אַנדערע זאַכן, פאַר וועלכע מען האָט דעמאָלט אין רוסלאַנד געזעצט אין טורמע און פאַרשיקט אין סיביר...״

**
*

שוין אין 1895 האָט צביון פאַרזוכט דעם טעם פון געדרוקטן וואָרט, און ווי זאָגט ער, „ווען איר גיט נאָר איין מאָל אַ שמעק דעם ריח פון דרוק־טינט, ציט עס שוין ווי די קליפּה״. און די „קליפּה״ פון שרייבן האָט טאַקע פאַרכאַפּט צביונען אויף זיין גאַנצן לעבן...

ווי אַזוי איז געשען זיין ערשטע „זינד" מיטן געדרוקטן וואָרט? ער איז געווען אַ לערער אין אַ שטעטל, האָט ער אָנגעשריבן אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" טאַקע וועגן דעם שטעטל — און האָט שטאַרק פּוגע בכבוד געווען אָט די רעזידענץ. עס האָט געהאַלטן גאַנץ נאָענט, אַז דער שרייבער פון דער קאָרעספּאָנדענץ זאָל קריגן גוט אָנגעבראָכן די ביינער. אָבער — פאַרפאַלן, דאָס ווערק איז געווען אָפּגעדרוקט און דעם שרייבער האָט אָנגעהויבן ציִען צו זשורנאַליסטיק. זיין התחלה איז, הייסט עס, געווען אין העברעיִש.

אין די גאָר יונגע יאָרן זיינע האָט צביון אונטערן איינפלוס פון אברהם מאַפּוס ראָמאַנען „אהבת ציון" און „עיט צבוע", אַפילו אָנגעשריבן אַ ראָמאַן אויף יידיש. אויך אויפן געביט פון פּאָעזיע האָט ער דעמאָלט אַ ביסל אונטערגעזינדיקט. ער האָט געשריבן לידער, און איינס פון זיינע לידער איז טאַקע געווען געדרוקט אויך.

אין יאָר 1898 האָט בן־ציון, ווי מיר ווייסן, זיך געקליבן אָנצוקומען אין ריגער פּאָליטעכניקום און עס איז שוין ביי אים געווען אָפּגעמאַכט, אַז אַנשטאָט צו זיין אַ רב ביי יידן, וועט ער בעסער אויסשטודירן אויף אינזשעניער. אין ריגע האָט ער באַקומען אַ נאָמען פון אַן אויסגעצייכנטן לשון־קודש־קענער און אַ בקי אין דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור.

און אָט האָבן די ליבהאָבער פון דער העברעיִשער שפּראַך אין ריגע, די ציוניסטיש־געשטימטע יידישע אינטעליגענט, זיך געקליבן פייערן אחד־העמס צען־יעריקן ליטעראַרישן יובילעום. און אַזוי ווי צביון, אַן אייגענער אין יענע קרייזן, איז געווען גוט באַקאַנט מיט די ווערק און מיט דער שיטה פון דעם באַגרינדער און טעאָרעטיקער פון קולטורעלן ציוניזם, האָט מען אים, צביונען, אויסגעקליבן, אַז ער זאָל האַלטן אַ פאָרטראַג וועגן דעם.

געהאַלטן דעם פאָרטראַג האָט צביון אויף העברעיִש, און ער האָט ביי אַלעמען גאָר שטאַרק אויסגענומען.*

אויך אַ פאָרשטעלונג אַ העברעיִשע האָט מען אין ריגע דעמאָלט דורכגעפירט מיט גרויס פּאַראַד אין די קרייזן פון דער ציוניסטיש־געשטימטער יידישער אינטעליגענץ. אין דעם שיינעם לעטישן טעאַטער, וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון ריגע, האָט מען געשפּילט אַ פּיעסע, וואָס איז ספּעציעל לכבוד דעם אָנגעשריבן געוואָרן. „עסק מסוכסך" („אַ פאַרפּלאָנטערט געשעפט") האָט דאָס שטיק געהייסן. און דער מחבר פון דעם איז געווען דער באַוווּסטער העברעיִשער שרייבער ישראל־חיים טאַוויאָוו.

---

* דערציילט פון מ. אָשעראָוויטש אין „פאָרווערטס", 28סטן דעצעמבער 1941.

אין די יאָרן איז י. ה. טאַוויאָוו געווען אַ סך עלטער פון צביונען. אָבער ווען מען האָט אין שטאָט גערעדט וועגן די גרעסטע קענער פון העברעיִש, האָט מען די צוויי נעמען גלייך אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי. און עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט געווען, וואָס מען האָט צו דער אויפפירונג פון דער העברעיִשער פאָרשטעלונג גלייך צוגעצויגן צביונען.

איז צביונען דעמאָלט איינגעפאַלן, אַז וועגן אַזאַ פאַסירונג אין ריגע וואָלט מען געדאַרפט שרייבן אין די בלעטער. און ער האָט די אויפגאַבע טאַקע גענומען אויף זיך אַליין און ער האָט אויף העברעיִש אָנגעשריבן אַ גרעסערן אַרטיקל און דאָס אָפּגעשיקט אין דער רעדאַקציע פון „המליץ". דאָס איז געווען דער אָנהייב פון צביונס ליטעראַרישער קאַריערע, אויב נישט צו רעכענען די אָקאָרשט דערמאָנטע קאָרעספּאָנדענץ אין זעלבן „המליץ". געווען איז עס אין 1898.

סוף 1900 פאָרט צביון אַוועק קיין אויסלאַנד. ער שטודירט אין בערלין און שפּעטער אין בערן — פילאָסאָפיע, סעמיטישע שפּראַכן, נאַטורוויסנשאַפטן. אין בערן האָט ער מיט התמדה געאַרבעט אין ביבליאָטעק, אין די לאַבאָראַטאָריעס, געגאַנגען צו די לעקציעס פון איין פּראָפעסאָר צום אַנדערן. צו ביסלעך האָט ער זיך דערנענטערט מיט דער סטודענטישער קאָלאָניע, געקומען צו פּאָליטישע רעפעראַטן און דיסקוסיעס. דאָ האָט ער געהערט רעדן אויף פאַרזאַמלונגען די גרויסע פירער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מיט אייניקע פון זיי האָט ער זיך אַפילו פּערזענלעך באַקענט. דאָ האָט ער אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו שטודירן די מערב־אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייער טעטיקייט.

נישט אומזיסט האָט אים פון בערלין געצויגן אַהער קיין בערן: ער האָט געוווּסט, אַז אין בערן געפינט זיך דער „בונד". און ער האָט אים טאַקע דאָ „געפונען". ער האָט זיך דערנענטערט צו די בונדישע טוער, ער האָט אויפמערקזאַם שטודירט די גאַנצע בונדישע ליטעראַטור. ער באַטייליקט זיך אין אָנהייב 1902 אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון די אויסלענדישע בונדיסטישע סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס, ער ווערט אַ היימישער מענטש אין „בונד". אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַטייליקט ער זיך אין די סטודענטישע צוזאַמענפאָרן פון „בונד".

זיין אייגנטלעכע ליטעראַרישע טעטיקייט אויף יידיש הייבט זיך אָן אין 1902. דער יונגער בן־ציון האָפמאַן האָט גענומען אַ וואָרט צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, און ער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערן אַרטיקל אונטערן נאָמען „נאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַלרעכט", און דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט אין דעם זשורנאַל פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד" —

„דער אידישער אַרבייטער". ער האָט זיך אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „איש־תקוה", וואָס איז אַ העברעיִשע איבערזעצונג פון צביונס פאַמיליע־נאָמען „האָפמאַן". אינעם זאַמלבוך „פּאַר פּופציק יאָר" — געקליבענע שריפטן פון ב. צביון — איז דער דאָזיקער אַרטיקל איבערגעדרוקט אָן קיצורים און ענ־דערונגען, אַ חוץ דער אָרטאָגראַפיע און אַ צאָל דייטשישע ווערטער און אויס־דרוקן, וועלכע זענען אין יענער צייט געווען אָנגענומען אין דער בונדישער פּובליציסטיק. צביון פּאָלעמיזירט דאָ זייער קלאָר מיט יענע וואָס „פילאָסאָ־פירן": „ביי ייִדן נאַציאָנאַליזם, חס ושלום! ייִדן זענען איבערהויפּט נישט קיין נאַציע... אַ נאַציע הייסט די וועלכע האָט אַ שפּראַך, אַ טעריטאָריע און אַן איי־גענע קולטור; ייִדן האָבן אָבער די אַלע דריי זאַכן נישט. אַ שפּראַך אָן אַ גראַ־מאַטיק איז קיין שפּראַך נישט, טעריטאָריע האָבן זיי דאָך לכל הדעות נישט און קולטור האָבן זיי סתם נישט, — ממילא איז עס נישט קיין נאַציע". צביון מאַכט חוזק פון אָט דער „פּוסטער פילאָסאָפיע" — און ער זאָגט: „מען דאַרף סתם זיין אַ נאַר און זאָגן, אַז ייִדן האָבן קיין שפּראַך נישט. מען מוז זיין צו באַשרענקט עס צו באַהויפּטן, באַשרענקט זיין איז נאָך צו ווייניק, מען דאַרף זיין סתם אַ אידיאָט". און צביון שיקט אָפּ די דאָזיקע כלומרשטע סאָציאַליס־טישע פילאָסאָפן צו די ציוניסטן: „די ציוניסטן זענען מיט זיי איינשטימיק, יענע זאָגן אויך דאָס זעלבע: ייִדן זענען איצט קיין פאָלק נישט, מיר האָבן קיין שפּראַך נישט, ווייל זשאַרגאָן איז נאָך זייער דעה אַ גלות־שפּראַך. טעריטאָריע האָבן מיר דאָך אויך געוויס נישט. און די קולטור אונדזערע איז מיט אַ סרכא, מען דאַרף איר פּאַטשן און בלאָזן ביז מען וועט די סרכא אַראָפּנעמען, גע־ווינטלעך קען מען עס אַראָפּנעמען נאָר אין ארץ־ישראל, ווייל זייענדיק אין גלות וואַקסן גלייך אַנדערע סרכות אָן".

פון אָט דער פּאָלעמיק קומט צביון שפּעטער צו דער פּאָזיטיווער שטע־לונג: „קוים זענען מיר אַ נאַציע, מוזן מיר פאָדערן נאַציאָנאַלע רעכט... מיר מוזן זיין באַרעכטיקט מיט אַלע נאַציעס גלייך... קוים שטעלן מיר פעסט, אַז ייִדן זענען אַ נאַציע און האָבן פּרעטענזיעס אויף נאַציאָנאַל־רעכט, דאַרפן מיר צווישן דער מאַסע גאַנץ אַנדערש אַרבעטן... סאָציאַליסטן־ייִדן דאַרפן זוכן מיט אַלע מעגלעכקייטן אָנטייל צו נעמען אין אַלע ייִדישע אינטערעסן פון ייִדישע אַרבעטער... מוזן מיר אָנטייל נעמען אין אַלעם, וואָס דעם פאָלק גע־הערט... קוים שטעלן מיר פעסט, אַז מיר זענען אַ נאַציע, דאַרפן מיר אומבאַ־דינגט זיך שטעלן גלייך מיט אַלע נאַציעס אין רוסלאַנד און פאָדערן צוזאַמען מיט זיי אויטאָנאָמיע... און פאַרברייטן דאָס פאָלק, אַז עס זאָל קענען ביי זיך איינפירן אויטאָנאָמיע"...

אינעם דאָזיקן אַרטיקל, וואָס איז געשריבן מיט 60 יאָר צוריק, זענען

קלאָר אַרויסגעבראַכט די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וואָס זענען שפּעטער אָנער־קענט געוואָרן פון גאַנצן „בונד". צביון מאָלט דאָס בילד פון באַפרייטן רוס־לאַנד: „... יעדע נאַציע, די סאַמע קלענסטע אַפילו, זאָל זיך האָבן איר אייגענע אויטאָנאָמיע, אירע אייגענע פיר ווינקעלעך; די אַלע אויטאָנאָמיעס קענען שטיין אין אַ פאַרבאַנד ווי גוטע שכנים... יעדע נאַציע וועט זיך האָבן אירע איי־גענע שולן, איר אייגענע שפּראַך, איר אייגענע קולטור, ממילא וועט זיך קענען יעדע נאַציע אַנטוויקלען אויף איר אופן, נאָך איר כאַראַקטער. געוויינטלעך ייִדן, נאָך דער רעכענונג, דאַרפן אויך שטעלן אַזעלכע פאָדערונגען, אויך פאָדערן אַן אויטאָנאָמיע, און אפשר נאָך מער ווי אַנדערע".

צביון האָט דעמאָלט שטודירט אין דער שווייץ. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז דעמאָלט געשטאַנען אין צענטער פון די דיסקוסיעס אין דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. צביון האָט געלייענט אַ סך איבער די נאַציאָנאַלע פּראָ־בלעמען פון די פעלקער און די אויפגאַבן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דעם געביט. און דער אַרטיקל אין „אידישן אַרבייטער" איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער נאָכטראַכטעניש און פאָרשונג זיינער. אין די רייען פון „בונד" האָבן אין יענער צייט נישט געפעלט קיין פאָראורטיילן און אומקלאָרקייטן אין שייכות מיט דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. צביון האָט דאָ אַרויסגעוויזן זיין זעלבסטשטענדיקן דרך אין טראַכטן און זוכן אַן ענטפער. ער איז קלאָר און דרייסט, ער האָט פאַרשטענדעניש פאַר די ייִדישע קולטור־אויפגאַבן, ער וויל זען די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג בראש פון די באַרעכ־טיקטע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און קאַמפן. צביונס אַרטיקל איז אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער בונדישער ליטעראַטור איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע. צביון איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען נאָך גאָר יונג (26־27 יאָר). אָבער זיין לעבעדיקער פּאָליטישער חוש, זיין טיפער באַנעמען די אידעען און פּראָבלע־מען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, זיינע „ייִדישע אינטערעסן" — זע־נען שוין דעמאָלט געווען אויף אַ הויכער מדרגה.

**
*

אין דעם זעלבן יאָר מאַכט דער יונגער איש־תקוה אַ צווייטן וויכטיקן שריט, וועלכער האָט אים שוין אין גאַנצן צוגעבונדן צו דער ייִדישער זשור־נאַליסטיק: וויבאַלד ער האָט שוין זוכה געווען צו זיין געדרוקט אין בונדישן טעאָרעטישן זשורנאַל, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך געווענדעט צום „פאָרווערטס" אין ניו־יאָרק און געבעטן, מען זאָל אים שיקן אַ קאָרעס־פּאָנדענטן־קאַרטע און ער וועט פאַרטרעטן די גרויסע טעגלעכע ייִדישע צייטונג אויף דעם פינפטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט געדאַרפט זיך צונויפקומען

אין באַזעל. די רעדאַקציע האָט באַפּרידיקט די ווענדונג פון יונגן שרייבער, און צביון האָט טאַקע אָפּגעדרוקט אַ צאָל קאָרעספּאָנדענציעס אין „פאָרווערטס". גלייכצייטיק הייבט ער זיך אָן דרוקן אין דעם ניו־יאָרקער חודש־זשורנאַל „צוקונפט". זיינע ערשטע צוויי אַרטיקלען זענען דאָ געווען: „באַוועגונגען און אומרוען אין רוסלאַנד" — „איש־תקוה"; „נאַציאָנאַליזם און ציוניזם" — ב. האָפּמאַן (אַפּריל און סעפּטעמבער 1902). *

פאַרשטייט זיך, אַז צביון שרייבט אויך פון צייט צו צייט אין דער אומלעגאַלער פּרעסע פון דער בונדישער פּאַרטיי. זיין נאָמען ווערט באַקאַנט, מען שאַצט זיין וויסן און ערנסטקייט, זיין ייִדישע שפּראַך און סטיל.

סוף זומער 1904, איז דער יונגער האָפּמאַן אַרעסטירט געוואָרן אויף דער רוסיש־דייטשער גרענעץ, אין מען האָט ביי אים געפונען אַ היפּשן פּאַק אומלעגאַלע ליטעראַטור. אָבער אַ דאַנק דער אַמנעסטיע צוליבן געבוירן פון קייסערס זון אַלעקסיי, איז צביון אין אַ צייט אַרום באַפרייט געוואָרן פון טורמע און ער איז געשטעלט געוואָרן אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. ער באַזעצט זיך אין ריגע; אין 1905 באַקומט ער דאָן אַן אינזשעניער־שטעלע אין אַן עלעקטראָטעכנישער פאַבריק. פון ריגע הייבט ער אויך אָן שרייבן קאָרעספּאָנדענצן אין דעם פּעטערבורגער „פריינד", און דאָ באַווייזט זיך צום ערשטן מאָל זיין פּען־נאָמען „צביון" (די אותיות פון בן־ציון), דער דאָזיקער נאָמען, וועלכער איז במשך פון לאַנגע יאָרן אַזוי באַקאַנט געוואָרן צענדליקער טויזנטער לייענער אין אַלע עקן וועלט. אין „פריינד" איז צביון אויך געווען דער פּיאָנער פון קליינעם פעליעטאָן, פון וועלכן ער איז שפּעטער געוואָרן דער אָנערקענטער מייסטער. אויך אין 1905 האָט צביון מיטגעאַרבעט אין „פריינד", און ער האָט דאָ אָפּילו פאַרעפנטלעכט אַן אַפּיקורסישן אַרטיקל קעגן פּאַרטייִשע פּראָפּעסיאָנעלע פּאַריינען, וואָס דאָס איז געווען די אָפיציעלע שטעלונג אין „בונד". אין 1905 שרייבט ער אויך פון ריגע אין העברעישן „הזמן" (ווילנע), ער שרייבט דאָ אונטערן נאָמען ב. צ. האָפּמאַן און אויך אונטערן פּסעוודאָנים „מפנה", ער דרוקט דאָ פּובליציסטישע אַרטיקלען און פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע פעליעטאָנען, ער גיט דאָ אויך אַ סעריע אַרטיקלען „על המפלגות בעמינו", אין וועלכן ער באַהאַנדלט אַלע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען ביי ייִדן. דער אויבן־דערמאָנטער י. ח. טאַוויאָוו איז געווען אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע „הזמן". קענענדיק גוט צביונען און

* ביי דער געלעגנהייט מיין האַרציקן דאַנק דעם פּ׳ ישורין פאַר דער ספּעציעל פאַר מיר צונויפגעשטעלטער ביבליאָגראַפיע פון אַלע 63 אַרטיקלען, וואָס צביון האָט זינט 1902 אָפּגעדרוקט אין „צוקונפט".

זייענדיק אַ פֿאַרערער פֿון אָפּיציעל־געבילדעטע און דיפּלאָמירטע אינטעלי־גענטן, — האָט ער עס טאַקע צוגעצויגן צביונען צו מיטאַרבעט. אויף זיין ראַט און רעקאָמענדאַציע האָט צביון צוגעשיקט דעם ערשטען אַרטיקל פֿאַרן „הזמן״ — אונטערן נאָמען „ שיחה מדעית״, און ער האָט שטאַרק אויסגענומען.

די רעוואָלוציע־טעג אין אָקטאָבער 1905 האָט צביון דורכגעמאַכט אין ריגע. אָט דאָ האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן דער באַקאַנטער גרינדער און פֿירער פֿון „בונד״, אַרקאַדי קרעמער, וועלכער איז געקומען זיך ספּעציעל דורכרעדן מיט צביונען און אים געמאַכט אַזאַ פֿאָרשלאַג: היות דער „בונד״ הייבט אָן אין ווילנע אַרויסגעבן אַ טעגלעכע צייטונג, לאָדט ער איין צביונען צו קומען קיין ווילנע און ווערן אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע פֿון דער ערשטער סאָציאַליסטישער טעגלעכער צייטונג אין רוסלאַנד. דער יונגער בונדיסט האָט זיך געבעטן ביי אַרקאַדין: „אפשר קענט איר זיך באַגיין אָן מיר...״ צביונס פֿרוי האָט ערשט געעפֿנט אין ריגע אַ צאָן־אַרצט־קאַבינעט, און ער אַלייך — ווי געזאָגט — האָט באַקומען אַן אינזשעניער־שטעלע... געבליבן איז אָבער, אויב מען וועט אים דאַרפֿן, וועט ער קומען. און ער האָט טאַקע געמוזט קומען קיין ווילנע.

די צייטונג „דער וועקער״ האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 25סטן דע־צעמבער 1905, און צביון האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט — אונטער דער אָנפֿירונג פֿון רעדאַקטאָר און מיטגליד פֿון צענטראַל־קאָמיטעט י. איי־זענשטאַט־יודין. פֿונעם „וועקער״ איז אַרויס ס״ה 32 נומערן, — די רעגירונג האָט אים געשלאָסן. אויף זיין אָרט האָט אָנגעהויבן דערשיינען די „פֿאָלקס־צייטונג״ — זי האָט שוין געהאַט מער מזל און איז אַרויסגעגאַנגען איבער אַ יאָר צייט. עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע צייט אין לאַנד און אין „בונד״, און יענעם פּעריאָד באַשרייבט צביון אין עטלעכע אַרטיקלען פֿון זיינע זכרונות. דאָ, אין רעדאַקציע, האָט זיך צביון באַפֿריינדעט מיט אַלע אָנגעזעענע פֿירער פֿון „בונד״. דאָ האָט זיך זיין טאַלאַנט פֿון אַ פֿעליעטאָניסט צעבליט אין פֿולן פֿאַרנעם, און עס זענען געווען אייניקע פֿעליעטאָנען זיינע, וועלכע האָבן פּשוט אויפֿגערודערט די גאַנצע בונדישע לייענערשאַפֿט און געמאַכט זיין נאָמען באַליבט ביי גרויסע מאַסן אַלס איינער פֿון די בעסטע זשורנאַליסטן און סטיליסטן ביי ייִדן. ער האָט אין „פֿאָלקסצייטונג״ געפֿירט אַ שטענדיקע אָפּטיילונג „פֿון פּראָווינץ״ און אַ שטענדיקן פֿעליעטאָן „מכח דאָס און יענץ״. געשריבן האָט ער אונטערן נאָמען צביון, זעלטענער — ב. צ. האָפֿמאַן און „איש־תקוה״. איין פֿעליעטאָן פֿון יענער צייט — „צו כל־נדרי ביי סטאָליפּינען אין קלויז״ — האָט באַקומען אַ שם.

„איך דערמאָן זיך — דערציייט ח׳ צביון — אַ סך איינצלהייטן פון יענער צייט. איך געדענק ווי שלעכט איך האָב מיך געפילט, ווען איך האָב דעם צענזאָר גערדאַרפט „איבערבעטן״ פאַר מיינעם „אַ נייער פּירוש אויף דער אַלטער הגדה״, וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט ערב פּסח אין דער „פאָלקס־צייטונג״ און ווי שווער עס איז געווען אים „איבערצובעטן״, ווען ער האָט דורכגעלייענט ערב יום־כּפּור אין דער „פאָלקס־צייטונג״ מיין „צו כל נדרי ביי סטאָליפּינען אין קלויז״. ער האָט קאָנפיסקירט דעם נומער און די צייטונג באַשטראָפט מיט דריי הונדערט רובל אויסער וואָס ער האָט געקראָגן אין האַנט, אַז די שטראָף זאָל נישט זיין גרעסער.

„דער צענזאָר איז געווען דער באַקאַנטער יהושע שטיינבערג, דער פּראָפעסאָר פון מערערע העברעישע ביכער, וועלכער האָט זיך אין זיינע יינגלשע יאָרן געציילט צווישן מיינע גרויסע מענטשן. איך האָב פון זיין „מערכי לשון עבר״ געלערנט דיקדוק און האָב גרויס הנאה געהאַט פון די פסוקים פון זיין „משלי יהושע״. און אָט דעם מיין אַמאָליקן גרויסן, וואונדערלעכן שטיינבערג האָב איך גערדאַרפט געבן אין האַנט אַריין איינצושטילן זיין כעס קעגן מיינע אַרטיקלען.

„איך דערמאָן זיך היינט אַ סך זאַכן פון אונדזער אַמאָליקער רע־דאַקציע. איך געדענק ווי קאָסאָווסקי פלעגט זיך נעמען צו דער אַרבעט „אויפצובויען״ אַ לייטאַרטיקל. עס איז געווען נישט געשריבן, נאָר גע־בויט. און נישט ווי מען בויט אין אַמעריקע, נאָר ווי אין רוסלאַנד, שטאַרק, לאַנגזאַם, גרונטאָוונע. ביי אַנמאַנען ווידער פלעגן זיך שיטן אַרטיקלען לאַנגע, גרויסע אַרטיקלען, ווי פון אַרבל, פּונקט ווי ביי ליט־וואַקן דאָן, קורצע פעליעטאָנען. אַנמאַן פלעגט זיינע גרויסע אַרטיקלען שרייבן אויף אַ גרויסן טיש און אויף גרויסע בלעטער פּאַפּיר, און ער פלעגט אָפּט אָנשרייבן אַזוי פיל בלעטער, אַז זיי האָבן גערדאַרפט פאַר־נעמען אַ גאַנצע צייטונג. ליטוואַק ווידער פלעגט זיינע פעליעטאָנען שרייבן אויף אַ ווינקל פון אַ טיש און אויף ברעקלעך פּאַפּיר, און ער פלעגט זיי שרייבן צוויי, דריי אויף אַמאָל. מיר האָבן אַלע געשריבן מיט גרויס חשק, יעדער האָט געוואָלט שרייבן וואָס מער; און געשריבן האָבן מיר מערסטנס פאַר זיך, די לעזער האָבן מיר גאַנץ ווייניק אין זינען געהאַט. די מערסטע אַרטיקלען זענען פאַר די לעזער געווען צו שווער. נאָר עס האָט נישט אויסגעמאַכט, וואָס די לעזער האָבן די אַרטיקלען נישט גוט פאַרשטאַנען, זיי האָבן זיך שוין אָנגעשטויסן אַז עס מיינט קלאַסן־קאַמף, רעוואָלוציע און סאָציאַליזם. און וואָס זיי האָבן נישט דערלייענט, האָבן זיי אַליין צוגעטראַכט״.

עמעצן נישט באַליידיקן, עס זאָל נישט שמעקן מיט לויב־מליצה. עס איז גע־וועזן צו הערן פון אים אַ סך מאָל דעם טאָן: ווער בין איך אַזוינס? פאַר וואָס דאַרף מען עס דערציילן וועגן מיר אַזוי פיל? האָט עס טאַקע אַ ווערט עס זאָל בלייבן לדורות?

ער, דער כלומרשט טרוקענער ליטוואַק, האָט געקענט זיך צובינדן צו אַ מענטשן, אים ליב געקריגן און אַפילו „פאַרגעטערן". עס איז לעצטנס אויסגעקו־מען עטלעכע מאָל צו זען צביונען אויף דער טריבונע ווײנען — דאָס איז גע־ווען ווען ער האָט גערעדט וועגן ש. מענדעלסאָן, וועגן פראַנץ קורסקי, וועגן דזשאָן מילל...

אָט די אַלע שטריכן פון זיין כאַראַקטער האָבן אים געמאַכט באַליבט אין אַ:תן זין פון וואָרט ביי גרויסע קרייזן פריינד, חברים, פאַרערערס. אין דער דאָזיקער באַציִונג צו אים איז געווען אַ סך דערהויבנדיקס, אָנערקענונג, יראת־הכבוד. עס איז נישט געווען אין דעם קאָנווענציאָנעלס, קורטואַזיע גלאַט, עס איז געווען טיף־אינערלעכס, האַרציק־וואַרעמס.

געשטאַמט פון אַ דאָרפישער משפחה, אויסגעוואַקסן אויף דער נאַטור, — האָט צביון אָט די „נאַטירלעכקייט" איינגעהאַלטן אין זיך אויפן גאַנצן לעבן. און הגם שפּעטער, אין דער יוגנט, האָט ער זייער אַ סך געהונגערט און געליטן, געוואַלגערט זיך אין דער פרעמד, — האָט ער נישט געהאַט אין זיך קיין ברעקל פאַרביטערטקייט — נישט אויף מענטשן, נישט אויף דער וועלט, אַפילו נישט אויפן רבונו של עולם, מיט וועלכן ער איז נישט געווען שווה בשווה אַ גאַנץ לעבן. פונקט ווי עס איז אים געווען פרעמד די מידה פון חניפה און איינקויפן זיך אין יענעמס יחוס, אַזוי איז אים געווען פרעמד דער פאַרקערטער געפיל — פון נקמה, פאַרביטערטקייט, אויסלאַכן יענעם, מבטל זיין יענעם.

און איבער אַלע שטריכן פון זיין כאַראַקטער האָט געהערשט דער הויפּט־שטריך: זיין חכמה. עס איז געווען אַ נאַטירלעכע קלוגשאַפט, אַלץ איינס צי אין שייכות מיט אַ געזעלשאַפטלעכן און פאָליטישן עניך, צי ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ ריין־פּערזענלעכער עצה, אָדער וועגן אַ פּלאַן, צי אַ ריין־וויסנשאַפטלע־כער פּראָבלעם. איבער אַלץ וואָס ער האָט גערעדט פאַרן עולם און געשריבן — האָט גערוט די שכינה פון חכמה. אין זיין חכמה איז געווען אַ סך לעבנס־דער־פאַרונג, לעבנס־דערקענטעניש, ער האָט שטענדיק גערעדט נאָר דאָס וואָס ער האָט גרינטלעך געלערנט און אַנאַליזירט. און ווען דאָס האָט זיך באַהאָפטן מיט זיין רויִקן טאָן, זיין שטילן הומאָר, זיין אָפּטימיזם, — איז עס געווען אַ סיסטעם פון לעבנס־חכמה, פון אַן אויסגעהאַלטענער לעבנס־פילאָסאָפיע.

צביון איז געווען דער מענטש פון גרויסן סטיל

צביון האָט ביי אַ געלעגנהייט געשריבן וועגן „בונד": „איך האָב זיך אין אים פאַרליבט און האַלט אָן די ליבע ביזן היינטיקן טאָג". יאָ, עס איז געווען אַ ליבע, אַפילו אַ הייסע ליבע. דער „בונד" האָט צביונען נישט געלאָקט מיט גוּטע פּאָסטנס, גוטע געהאַלטער, — פאַרקערט, דער „בונד" האָט אים אַ היפּש ביסל קאַליע געמאַכט זיין אינזשעניער-וויסנשאַפטלעכע קאַריערע. צביונס ליבע איז געקומען פון דעם, וואָס ער האָט דערזען: אָט איז אַ באַוועגונג, וואָס טראָגט אַ ליכטיקע צוקונפט פאַרן יידישן אַרבעטס-מענטשן, פאַר דער וועלט, אַ באַוועגונג, וואָס איז אַוועקגעשטעלט אויף הויך-עטישע יסודות פון חברישקייט, גערעכטיקייט און פרייהייט; אָט איז דער סאָציאַליסטישער אידעאַל, וואָס טראָגט לייזונג פאַר די שווערסטע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט; אַ אידעאַל וואָס פאַרקניפּט דעם יידישן אַרבעטער מיטן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. און צביון האָט דאָ געפונען אַ מאָנאָליטישע וועלט-אַנשויונג, אַ לעבנס-פילאָסאָפיע. ליבע האָט זיך פאַרוועבט מיט אידעאָלאָגיע, האַרץ האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט מוח, יידיש געפיל מיט אינטערנאַציאָנאַליזם.

פון זיינע 80 יאָר איז צביון געווען 56 יאָר בונדיסט. דאָס האָט פאַר אים געמיינט — כסדר וועגן און מעסטן דאָס יסודותדיקע אין עפנטלעכן יידישן און נישט-יידישן לעבן, סיי די לויפנדיקע פּראָבלעמען און טאָג-אויפגאַבעס. 56 יאָר בונדיזם — האָט פאַר צביונען געמיינט מיטלעבן מיטן דור אַלע וויטאָגן און קאָמפּליצירונגען, טראָגן פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מענטש און ייִד, פאַר די אידעען פון פרייהייט און סאָציאַליזם. און צביון האָט די גאַנצע 56 יאָר נישט אויפגעהערט צו דערפילן אָט די גרויסע מיסיע פון אַ בונדישן שליח-ציבור, פון אַ סאָציאַליסטישן פּובליציסט, פון אַ מיטקעמפער און גורל-באַטייליקטער אין „בונד", אין יידישן לעבן און אין דער אַרבעטער-באַוועגונג פון דער וועלט.

צביון איז געוואָרן אויף שטענדיק דער צייטונגס-זשורנאַליסט, טאָג-פּובליציסט. אין פעליעטאָנען און אַרטיקלען רופט ער זיך אָפּ אויף אַלע ברענענדיקע טאָג-ענינים. און ער האָט נישט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט טעאָריע פון סאָציאַליזם אין גרעסערע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען. אָבער צביון איז צענדליקער יאָרן געווען דערציִער פון די מאַסן. אין די קלענסטע דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן — לערנט ער זיי דערקענען די הויפּט-ספּרונזשינע פונעם קאַפּיטאַליסטישן מעכאַניזם, דעם הויפּט-קוואַל פונעם בייז וואָס מאַטערט די אַרבעטנדיקע מענטשהייט. און זיין גאַנצער אופן פון שרייבן איז צוגעפּאַסט צו אָט דער ראָלע. ער שמועסט מיטן לייענער, ער רעדט צו אים

פּאַטערלעך און פריינדלעך. און דער לייענער ווערט געפּאַנגען דורך דעם וואָס צביון זאָגט און ווי אַזוי ער זאָגט דאָס. די לייענערס דערפילן אין יעדן וואָרט זיינעם, אַז דאָ רעדט צו זיי איינער וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך צענדליקער יאָרן בונדישע אידעען און קאַמפן. ווי אַ רויטער פאַדעם גייט אַדורך דער בונ־דיזם איבער אַלץ וואָס צביון שרייבט. דאָס הייבט אים אַרויס פון דער מחנה ייִדישע פּובליציסטן און שרייבערס.

ווי אַ ייִדישער סאָציאַליסט, אַ בונדיסט, איז צביון געווען אינטים געבונדן מיטן גאַנצן ייִדישן לעבן. ער האָט געוויטיקט מיט פּראָבלעמען פון ייִדישן גורל, ייִדישער קולטור, שפּראַך און ליטעראַטור. און ער איז אַליין געוואָרן אַ וויכ־טיקער שעפער און בויער אין דער נייער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור. ער איז געוואָרן אַ מוסטער פון אַ פּובליציסט און פעליעטאָניסט. ער האָט געשאַפן אַן אייגענעם סטיל און נוסח. ער האָט געפיילט און געשליפן יעדעס וואָרט. זיין בוך „פאַר פּופּציק יאָר" איז אַן אוצר סיי אין אינהאַלט, סיי אין פאָרעם. צביון איז געווען אַ גרויסע ליטעראַרישע דערשיינונג אין אונדזער לעבן. די ייִדישע ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק איז מיט צביונס טויט פאַראָרעמט געוואָרן, אַ גאָלדענע פעדער איז אונדז פאַרלוירן געגאַנגען.

**
*

צענדליקער יאָרן פון מאַרקסיסטישער אויפקלערונג, פון דערציִען דעם ייִדישן לייענער צו פאַרשטיין די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן פון אונדזער תקופה, פון מוטיקן און רופן אים צו קאַמפסלוסטיקייט, צו זעלבסטשטענדיקער סאָציאַ־ליסטישער אָרגאַניזאַציע. צענדליקער יאָרן פון רייניקן די אַרבעטער־באַוועגונג, נישט דערלאָזן זי זאָל זיך פאַרפּלאָנטערן אין די קאָמוניסטישע נעצן. צענדלי־קער יאָרן פון באַקעמפן די רעפאָרמיסטישע און אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. צענדליקער יאָרן — אין שוץ פון ייִדישער שפּראַך, שול און קולטור. צענדליקער יאָרן פון באַקעמפן שאָוויניזם און נאַ־ציאָנאַליסטישע איינרעדענישן אויף דער ייִדישער גאַס, פון באַקעמפן ציוניזם מיט זיין שנאה צו ייִדיש און צו גלות; צענדליקער יאָרן שטיין אויף דער וואַך פון דער צייט און פון ייִדישע אינטערעסן —

דאָס איז אונדזער צביון געווען, און דאָס האָט פון אונדז זיין טויט אַוועק־געריבט...

# חיים־לייב פּאָזנאַנסקי

(1879 — 1941 ?)



חיים לייב פּאָזנאַנסקי האָט אין 1938 אָפּגעדרוקט „מעמוארן פון אַ בונדיסט“ (314 זז׳). די מעמואַרן האָבן געהאַט אַ גוטן אָפּקלאַנג אין דער יידישער זשורנאַליסטיק: ש. ניגער, א. מוקדוני, לייבעטשקע בערמאַן, א״אַ האָבן בשעתו געשריבן וועגן דעם בוך. אויפן שערבלאַט פון בוך איז אָנגעגעבן „ערשטער באַנד“, ח׳ פּאָזנאַנסקי האָט דאָ דערפירט זיינע זכרונות ביז 1908, און ער האָט געהאָפט צו דרוקן ווייטערדיקע בענד. עס איז אָבער נישט באַשערט געווען. דער גורל האָט פאַר אים געגרייט סך־הכל מיט איין יאָר שפּעטער — דעם טראַגישן טויט פון די הענט פון די נאַציס.

אין זיין פאָרוואָרט שרייבט ער: „בשעת איך האָב געשריבן די זכרונות, זענען פאַר מיינע אויגן אויפגעשטאַנען בילדער, עפּיזאָדן פון אַמאָל: עס האָבן ווי דורכמאַרשירט שטעט און שטעטלעך פון דער צאַרישער אימפּעריע, גרעסערע און קלענערע בונדישע אָרגאַניזאַציעס פון אַמאָליקן „רוסלאַנד, ליטע און פוילן“ — צוזאַמען מיט זייער „מאַסע“, מיט זייערע „בירזשעס“, מיט זייערע טוער און פירער; אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן, מענטשן מיט גרויסן אידעאַליזם, מיט שטאַרקן מוט, מיט אומבאַשרייבלעכער ליבע און איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעטער־זאַך, צו דער אָרגאַניזאַציע, צום „בונד“.

ח. ל. פּאָזנאַנסקי איז אַליין געווען איינער פון אָט די „מענטשן מיט גרויסן אידעאַליזם, מיט שטאַרקן מוט, מיט אומבאַשרייבלעכער ליבע און איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעטער־זאַך, צו דער אָרגאַניזאַציע, צום „בונד“. שטיל

און באַשיידן איז ה. ל. פּאָזנאַנסקי געווען אין זיינע יונגע יאָרן, אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין טעטיקייט אין די שטעט פון בונדישן ראַיאָן, און שפּעטער אין דער גרויסער שטאָט לאָדזש, ווו ער האָט געטאָן טאָג־טעגלעכע פּאַרטיי־אַרבעט מיט געטריישאַפט, מיט אייזערנער עקשנות און אויסגעהאַלטנקייט, מיט שטענדיקער גרייטקייט אויף אַלע פּערזענלעכע קרבנות.

**
*

געבוירן אין 1879 און דערצויגן אין אַ רעליגיעזער סביבה אין קאַמעניעץ פּאָדאָלסק, איז ער זיין גאַנץ לעבן פאַרבליבן געבונדן מיטן ייִדישן לעבן און ייִדישן אַרט דענקען און פילן, אויך מיטן ייִדישן לשון. ער האָט דאָס געירשנט פון זיין פאָטער, וועלכער האָט שוין אין יענע יאָרן פלייסיק געלייענט „זשאַרגאָנישע ביכלעך". „געלייענט האָט מען, דערציילט ער, ביי אונדז אין שטוב שמרס ראָמאַנען, ליניעצקין, די איבערזעצונגען פון זשול ווערן, די אומצייליקע ווערק פון אייזיק מאיר דיק. א. מ. דיק איז געווען באַזונדערס באַליבט אין אונדזער שטוב, און גערופן האָט מען אים ביי אונדז גאַנץ פאַמיליאַר פּשוט ביים נאָמען — אייזיק מאיר". שפּעטער ווען די פאַמיליע איז אַריבער קיין בערדיטשעוו, האָט מען שוין ביי זיי אין שטוב געלייענט ספּעקטאָרן און שלום עליכמען. דאָ, אין בערדיטשעוו, איז דער יונגער חיים לייב אָנגעקומען אין דער ייִדישער „קאַזיאָנער" שול. עס האָט זיך פּאַר אים געעפנט אַ „פענצטער" צו נייע אינטערעסן און אַ נייעם לעבן־שטייגער. נאָכן פאַרענדיקן די קרוין־שול, צו 14 יאָר, גייט זיין אַנטוויקלונג ווייטער אין דער זעלבער ריכטונג. זיין ערשטער „אוניווערסיטעט" זענען געווען די קאָמפּלעטן איינגעבונדענע יאָר־גענג פון ייִדיש־רוסישן באַרימטן זשורנאַל „וואָסכאָד", וואָס ער האָט געפונען ביי זיין שוואָגער אין הויז. אָט דער אוצר האָט פאַרן יונגן חיים לייב געעפנט אַ נייע וועלט, אין זיין אַנטוויקלונג הייבט זיך אָן אַ נייער עטאַפּ. פּראָבלעמען פון ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן הייבן אים אָן מאַטערן. צוזאַמען מיטן „וואָסכאָד" קומט אויך די רוסישע ליטעראַטור מיט איר שטורמישן אָטעם פון יענער צייט. ער געפינט דעם באַרימטן סטענאָגראַפישן באַריכט וועגן פּראָצעס פון ערשטן מערץ איבער די רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען געווען אַרעסטירט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערמאָרדונג פונעם קיסר אַלעקסאַנדער דער צווייטער. אָט דער מערקווירדיקער באַריכט וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן פריי פון דער צענזור, האָט געמאַכט אַן אומגעהייערע איבערקערעניש אין די שטימונגען פונעם יונגן בחורל.

דעם 15יאָריקן חיים לייב ציט צו דער גרויסער שטאָט קיִעוו — דאָרט וועט ער געפינען די מעגלעכקייט צו לערנען, שטודירן, גיין פאָרויס און אַריינגיין אין אַ נייעם לעבן. דער שוואָגער נחום און די שוועסטער ליובע (לודוויק ווי־

נאָגראַדס עלטערן) נעמען חיים לייבן אונטער זייער שוץ, זיי גיבן אים צו מוט, און אין איינער אַ טונקעלער נאַכט האָבן זיי אים אַרויסבאַגלייט צו דער באַן און אַריינגעזעצט אין וואַגאָן. זיי האָבן אים מיטגעגעבן אַ קליינע סומע געלט און אַ פּעקעלע וועש, באַזאָרגט מיט אַדרעסן פון אַ היימישער משפּחה און פון אַ באַקאַנטן סטודענט אין קיִעוו. אָבער די דרייסטע אונטערנעמונג איז געווען אַ דורכפאַל און אין 6 וואָכן אַרום האָט זיך חיים לייב אומגעקערט אַהיים קיין בערדיטשעוו אַ פאַרשעמטער און אַ ביסל אַ דערשלאָגענער. אָן ווינערכט און אין שטענדיקער שרעק אַריינצופאַלן אין די הענט פון קיִעווער פּאָליציי, אָן אַ שטענדיקער וווינונג און אָן געלט־מיטלען, — ווי האָט אַזאַ יונגער בחור גע־קענט לערנען, גרייטן זיך צו עקזאַמענעס.

ער פּרוּווט נאָך מזל אין אָדעס און שפּעטער אין זשיטאָמיר — דאָ הייבט ער אָן זיך לערנען איינבינדעריי, אָבער אויך דאָס איז אַ שטיקל דורכפאַל. חיים לייב הייבט ווידער אָן זיך גרייטן „צו עקזאַמענעס", ער לייענט אַ סך אין די ביבליאָטעקן. צו 17 יאָר איז ער שוין פאַרבונדן מיט אַ קרייז פון סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ. ער באַקומט אַ צוטריט צו דער אומלע־גאַלער ליטעראַטור. מ׳הייבט אים אָן אָנגעטרויען אַרבעט מיט קלענערע קרייז־לעך פון ייִדישע אַרבעטער, אָבער ערשט אין 1899, ווען ער באַזעצט זיך צוזאַ־מען מיט די עלטערן אין לאָדזש, דערהערט ער דאָ דאָ ערשטע מאָל דעם נאָמען „בונד". אין לאָדזש האָט ער ענדלעך דערגרייכט אַ פּראַקטישן ציל: ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און באַקומען אַ דיפּלאָם פון אַ „הויז־לערער". נאָך אַ קורצן איבעררייס צוליב פּרייוויליקער מיליטער־דינסט, קומט ער צוריק קיין בערדיטשעוו אין 1902. צו דער צייט איז בערדיטשעוו שוין געווען פאַר־כאַפּט פון דער בונדישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער „בונד" איז דאָ געווען זייער פּאָפּולער און אַקטיוו. די ייִדישע אַרבעטער איז געווען נישט צו דער־קענען. פאַרביטערטע שטרייקן האָבן אָפּט אויפגערודערט די ייִדישע גאַס. עס איז שוין אויך געווען טעטיק אַ בונדישע בירזשע. די שטאָט איז געווען פאַר־פלייצט פון בונדישער ליטעראַטור. פאַרקאָנספּירירטע פאָרשטייער פון „בונד" האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט.

אָבער ח׳ פּאָזנאַנסקי שטייט נאָך אַלץ אין אַ זייט פון דער בונדישער באַווע־גונג און ער אָבסערווירט זי מיטן גאַנצן ערנסט. ער שרעקט זיך אַ ביסל פאַר דעם מאַסאָווען כאַראַקטער פון דער באַוועגונג, פאַר אירע פאַרביטערטע עקאָ־נאָמישע קאַמפן. ער איז צו איידל, צו שטיל; זיין אידעאַל איז נאָך אַלץ די ראָמאַנטישע אַרבעט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". די בונדישע באַוועגונג זעט אים אויס צו זיין צו טומלדיק, צו פּראָזאַיִש. דערצו גלייבט ער נישט אין זיינע אייגענע כוחות, אין זיין געהעריקער צוגעגרייטקייט אויף צו ווערן אַן

אַקטיווער מיטגליד אין דער באַוועגונג. זײַנע יוגנט־חברים פון אַמאָל, מיט וועלכע ער טרעפט זיך אין שטאָט און וועלכע האָבן שוין אַליין געשפּילט אַ ראָל אין אָרטיקן „בונד", — אָט די פרײַנדשאַפט מיט יונה און דאָרע קאַיגען, מיט מאַיסי ווינאָקור — העלפט אים צו מאַכן דעם גורלדיקן שריט און זיך צו באַהעפטן מיטן „בונד". די הירש לעקערט־געשעעניש, מאַכן ענדגילטיק אַ סוף צו זײַנע קווענקלענישן און איבערטראַכטונגען, און אין מאַי 1902 שליסט ער זיך אָן אָפיציעל אין „בונד" און שטעלט זיך אין די רייען פון די אָרטיקע אַקטיווע טוערס.

***

זײַנע ערשטע טריט אין „בונד" זענען ווי געוויינטלעך — פּראָפּאַגאַנדע אין קרײַזלעך פון אַרבעטער. במשך עטלעכע חדשים מאַכט ער אַדורך דעם „סטאַזש" פון אַ בונדישן אַקטיוויסט: פריִער נעמט מען אים אַרײַן אין דער „סכאָדקע", שפּעטער אין דער „דיסקוסיע־גרופּע" און נאָך שפּעטער אין „צענטער". עס פעלט אים נאָך דער לעצטער העכסטער אָרטיקער שטאַפּל — געהערן צום „קאָמיטעט". דער יונגער זעלנער האָט זיך ערשט געדאַרפט פאַרדינען, ער זאָל זוכה זײַן צו ווערן אַ מיטגליד פון קאָמיטעט. זומער 1902 פירט ער אויס, צוזאַמען מיט אַנדערע טוערס, די פאַראַנטוואָרטלעכע שליחות צו פאַרשפּרייטן איבער די הײַזער און גאַסן אַן אויפרוף וואָס איז געצייכנט מיט דער אונטערשריפט „בערדיטשעווער קאָמיטעט פון בונד". ווען ח' פאָזנאַנסקי דערציילט אין זײַן בוך וועגן דער פײַערונג פון 5טן יובילײַ פון „בונד", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ קליין אָרעם דירהלע, פאַרענדיקט ער מיט די ווערטער: „שיין און הייליק איז געווען דאָס ליד אין יענעם אָוונט אין דעם קליינעם דירהלע, און שיין איז געווען דאָס אַרבעטער־פאָלק וואָס האָט דאָס ליד מיט גלויבן, מיט עקסטאַז געזונגען". און ווען מען האָט אין גיכן פּראָיעקטירט און אים פאָרגעלייגט, ער זאָל נעמען אַ פּאַסיקע וווינונג און מ'וועט דאָ בײַ אים אײַנאָרדענען אַ געהיימע דרוקערײַ פון „בונד", האָט חיים לייב פאַרשטייט זיך, גלײַך מסכים געווען און זיך גענומען מאַכן אַלע נייטיקע הכנות. צוליב אומאָפּהענגיקע סיבות ווערט אָבער דער פּלאַן נישט פאַרווירקלעכט.

דעם 12טן אויגוסט 1903 ווערט אין שטאָט דורכגעפירט אַ פּאָליטישער שטרייק. ווי געוויינטלעך, זענען אין רעזולטאַט פון שטרייק געקומען גרויסע אַרעסטן, און אויך ח' פאָזנאַנסקי איז איינער פון די קרבנות. ער זיצט אַ קורצע צײַט אין טורמע, אָבער עס פעלן קעגן אים באַווײַזן און ער ווערט באַפרײַט, מ'גיט אים איבער אונטער פּאָליציישער אויפזיכט. אָבער זײַן אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע רײַסט זיך נישט איבער, אונטער זײַן אויפזיכט

געפינט זיך דער סקלאַד פון ליטעראַטור, און ער אַליין ברענגט אין סקלאַד די אומלעגאַלע סחורה אַרומגעבונדן אויפן לייב. ווינטער 1903 ווערט ער קאָאָפּטירט אין בערדיטשעווער קאָמיטעט פון „בונד". פון דעמאָלט אָן שטייט ער אין רשות פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" און ער פירט אויס אַלע געפאָדערטע שליחותן. אַזוי למשל שיקט אים דער צ"ק קיין ראָוונע צום יום־טוב לכבוד דעם ערשטן נומער „דער בונד". עס איז די צייט פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, און חיים לייב האַלט דאָ אַ חוץ דער פּעסט־רעדע וועגן דער בונדישער פּרעסע, אויך אַ רעפעראַט וועגן דער מלחמה. צוביסלעך ווערט ער צו פיל „פאַרשאָטן", ער פאַרלאָזט בערדיטשעוו און ווערט אומלעגאַל. דער צענטראַל־קאָמיטעט באַזאָרגט אים מיט אַ פאַלשן פּאַס אויפן נאָמען שמחה סעגאַל, און ער ווערט באַשטימט צו אַרבעטן אין קאָוונע. אויפן וועג שטעלט ער זיך אָפּ אין ווילנע און ער באַקומט דאָ אַ גרויסן קאָרב מיט בונדישער ליטעראַטור און אויפרופן פאַר קאָוונע. חיים לייבס אַרבעט איז געווען נישט נאָר אין קאָוונע גופא נאָר אויך אין קאָוונער ראַיאָן. ער קומט אַ פּאָר מאָל קיין ווילנע צום צ"ק. איין מאָל פירט ער פון ווילנע אויף זיך אַ גרויסן פּאַק פּראָקלאַמאַציעס פון צ"ק, און אויפן וועג ווערט ער פאַרהאַלטן. און געווען איז ער דעמאָלט דער איין און איינציקער מיטגליד פון קאָוונער קאָמיטעט (נאָך די דורכגעפירטע גרויסע אַרעסטן), — איצט, הייסט עס, איז קאָוונע געבליבן אָן אַ קאָמיטעט, אָן פאַרבינדונגען מיטן צ"ק. מ'קען זיך פאָרשטעלן ווי דער יונגער טוער האָט זיך געפילט. די זשאַנדאַרמען ברענגען אים צוריק קיין ווילנע און ער ווערט אַריינגעזעצט אין לוקישקער טורמע. נאָך עטלעכע חדשים „אָפּרו" אין לוקישקער תפיסה, באַפרייט מען אים ביזן געריכט אויף קויציע פון 200 רובל; דאָס געלט האָט געשאַפן דער קאָוונער „רויטער קרייץ". חיים לייב קומט צוריק אַהיים קיין לאָדזש און ער וואַרט דאָ אויף ווייטערדיקע אָנווייזונגען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. דערווייל נוצט אים אויס דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" און יענער שיקט אים קיין דווינסק מיט אַ וויכטיקער שליחות. ענדלעך קומט די „נאָמינאַציע" פון צענטראַל־קאָמיטעט, און חיים לייב ווערט באַשטימט אויף אַרבעט אין גראָדנע. ס'איז געווען פרילינג־צייט 1905. די אַרבעט אין גראָדנע איז געווען פאַרצווייגט און מיט אַ גרויסן פאַרנעם. צווישן אַנדערע איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ שווערער קאַמף מיט דער פּאָליציי פאַר דער עקזיסטענץ פון דער בונדישער בירזשע. אין די באַרימטע רויטע יוני־טעג פירט דער גראָדנער „בונד" אַדורך מיט דערפאָלג אַ פּאָליטישן גענעראַל־שטרייק, וואָס האָט געדויערט צוויי טעג. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז פול מיט האָפענונג אויף דער רעוואָלוציע וואָס דערנענטערט זיך און מוז קומען אין גיכן. דעם ח' פּאָזנאַנסקין ווערט אָנגעטרויט די אַרבעט אין דער

אָרטיקער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַקטיווקייט, דרייסטקייט און איבערגעגעבנקייט צו די נויטן פון דער רעוואָלוציע.

אָנהייב סעפּטעמבער קומט פאָר ח׳ פּאָזנאַנסקיס פּראָצעס, ער ווערט פאַרמשפּט צו אַכט חדשים פעסטונג, אָבער באַלד קומט די אַמנעסטיע פון אָקטאָבער און ער פאַרשפּאָרט שוין צו זיצן אין פעסטונג. די דערהויבענע טעג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע (1905) און די שפּעטערדיקע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פּאָגראָם־טעג, האָט ח׳ פּאָזנאַנסקי דורכגעמאַכט אין גראָדנע, נעמענדיק אַקטיוון אָנטייל אין אַלע דעמאָנסטראַציעס, מיטינגען און אין דער זעלבסטשוץ. צוזאַמען מיט אַלע גראָדנער בונדיסטן האָט ער געפייערט דעם 8טן יובילײ פון „בונד“. אָנהייב 1906 האָבן זיך די באַדינגונגען אין גאַנצן געענדערט, ווידער האָט מען זיך געדאַרפט היטן פאַר פּאָליצײ און זשאַנדאַרמען, ח׳ פּאָזנאַנסקי איז אין שטענדיקער סכנה אַרעסטירט צו ווערן, און דער צ״ק פירט אים דעריבער אַריבער קיין מאָהילעוו בײם דניעפּער. דאָ איז די בונדישע אַרבעט געווען אַ שטילע און באַשיידענע. ח׳ פּאָזנאַנסקי האָט צו טאָן אויך מיטן גאַנצן מאָהילעווער ראַיאָן: אָרשע, דובראָוונע א״אַ. פון די איבערגעלעבטע פּאָגראָמען האָט די אָרגאַניזאַציע שטאַרק געליטן, אָבער מיט זיין סיסטעמאַטישער און עקשנותדיקער אַרבעט האָט זיך דעם ח׳ פּאָזנאַנסקי איינגעגעבן צוריק אויפצושטעלן און אויפצולעבן די אָרטיקע באַוועגונג. ווי געזאָגט, איז די בונדישע אַרבעט דאָ געווען פון קלײנעם פאַרנעם, דער ח׳ פּאָזנאַנסקי האָט זיך געפילט זייער אומבאַפרידיקט און ער האָט געטרוימט וועגן אַרבעט אין אַ גרויסער שטאָט. ענדלעך, נאָך דער 7טער קאָנפערענץ פון „בונד“ סוף מערץ 1906, האָט אים דער צ״ק אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע. דאָ אין דער גרויסער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע האָט מען אים צוגעטיילט די אָנפירונג מיטן ראַט פון דרוקער, איינבינדער און שעכטל־מאַכער און מיט זייער בירזשע. גלייכצייטיק האָט מען אים אָנגעטרויט די פאַרוואַלטונג מיטן סקלאַד פון אומלעגאַלער ליטעראַטור און אויך די פאַרבינדונג מיט יענע לעגאַלע דרוקערייען, וואָס האָבן געדרוקט פאַרן „בונד“ זיינע אומלעגאַלע פּובליקאַציעס. חיים לייב איז אויך געווען באַשעפטיקט בײם זעצן און דרוקן דעם אומלעגאַלן אָרגאַן פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד“ „דער גלאָק“ (1906). חיים לייב טרעט אויך אויף אויף די מיטינגען וואָס ווערן אָרגאַניזירט אויף די פאַבריקן. ער דרינגט אַריין אַלץ טיפער אין דער גערדיכטער יידישער אַרבעטער־מאַסע פון וואַרשע. אויך דאָ אין וואַרשע איז ער אַ פּאָר מאָל געווען אַרעסטירט און במשך עטלעכע חדשים זיך אויסגעוואַלגערט אין „באַרימטע“ אָרטיקע טורמעס; זיין לעצטער אַרעסט איז געווען אין מערץ 1907. די אַלע אַרעסטן זענען סרוב געווען די

„אַרבעט״ פון היימישע פּראָוואָקאַטאָרן, און ח׳ פּאָזנאַנסקי האָט נאָך זיין באַ־פרייונג געקענט דערוואַרטן אַ נייעם אַרעסט, אַ מער ערנסטן. דער צענטראַל־קאָמיטעט באַשטימט אים דעריבער אויף נייער אַרבעט — אין „פּוילישן ראַיאָן־קאָמיטעט״. צוזאַמען מיט נאָך צוויי בונדישע טוערס פירט אויס ח׳ פּאָזנאַנסקי די אַרבעט אין ראַדאָם, קעלץ און אין די שטעטלעך אַרום לאָדזש.

עס קומט אונטער זיין פּראָצעס, עס דראָט אים פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר, און זיין אַדוואָקאַט פּועלט אויס, אַז עס זאָל אים דערלויבט ווערן אַרויס־צופאָרן קיין אויסלאַנד. די רעאַקציע אין לאַנד ווערט אַלץ שווערער. די אָרגאַ־ניזאַציעס פון „בונד״ זענען אין אַ שווערן צושטאַנד. מיט אַ שווער האַרץ פאָרט חיים לייב אַרויס קיין אויסלאַנד. ער וויל דאָ לערנען אין אַ הויכשול, שטודירן האַנדלס־וויסנשאַפטן. ער באַזעצט זיך אין זשענעווע, ווו עס איז דער צענטער פון דער גאַנצער בונדישער אַרבעט אין אויסלאַנד. דאָ איז אויך טע־טיק דאָס באַקאַנטע „צענטראַל־ביוראָ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד״. ח׳ פּאָזנאַנסקי גייט אַריין אין דער אַרבעט פון ביוראָ. ער אַנט־וויקלט אַ פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט, און ביזן סוף 1908 טראָגט ער אויס אויף זיך די הויפּט־אַרבעט פון בונדישן צענטראַל־ביוראָ. פראַנץ קורסקי דערציילט אין זיין בוך, אַז ח׳ פּאָזנאַנסקי איז רעקאָמענדירט געוואָרן אויף דעם פּאָסטן פון סעקרעטאַר פון צענטראַל־ביוראָ — דורך מאַקס ווינאָ־קור, וועלכער איז געווען, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַ יוגנט חבר פון ח׳ פּאָזנאַנסקי, און אים געזען ביי דער אַרבעט נאָך אין די יאָרן 1902—1904 אין בערדיטשעוו. „זומער 1907, דערציילט פראַנץ קורסקי, איז פּאָזנאַנסקי געקומען קיין זשענעווע און זיך געזעצט אַרבעטן אין צענטראַל־ביוראָ. פאַר־בליבן איז ער ביזן סוף 1908. דאָס איז געווען די בעסטע און די שענסטע צייט אין דעם אינערלעכן לעבן פון צענטראַל־ביוראָ. די אַרבעט איז פריִער קיין מאָל נישט געשטאַנען אויף אַזאַ הויכן מצב ווי אין דער צייט... די גאַנצע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן פון מיראָנען (פּסעוודאָנים פון ח׳ פּאָזנאַנסקי) און אויף אַזאַ אופן אַז דער צענטראַל־ביוראָ איז פאַר די גרופּעס געוואָרן אַ מוסטער פון ענערגיע און פּינקטלעכקייט... די אויסגעצייכנטע אַרבעט אין צ״ב האָט דעמאָלט געבראַכט דערצו, אַז נישט געקוקט אויף די טרויעריקע שטי־מונגען אין רוסלאַנד, האָט זיך די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע פאַרפעסטיקט און שטאַרק פאַרגרעסערט און זיך געפונען אין אַ מוסטערהאַפטן צושטאַנד״. כדי אָפּצושאַצן ווי געהעריק אָט די אַרבעט פון ח׳ פּאָזנאַנסקי, איז גענוג צו באַמערקן אַז פאַר אים איז סעקרעטאַר פון צענטראַל־ביוראָ געווען באָריס פרומקין און נאָך דעם ח׳ פּאָזנאַנסקי איז דער אָפיציעלער סעקרעטאַר פון צ״ב געווען אסתר.

פּאָזנאַנסקי טראָגט זיך אַריבער קיין בערן. ער קומט אָן אין אַ קאָמערץ־אַקאַדעמיע, און אין אָקטאָבער 1909 באַקומט ער דעם געהעריקן דיפּלאָם. אין בערן פאַרבינדט זיך ח׳ פּאָזנאַנסקי מיט זיין אַלטער פריינדן פון שאַוול, ליטע, די חברטע רעלאַ ברוידע. זי איז פאַרבליבן זיין געטרייע לעבנס־באַגלייטערן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. איר איז באַשערט געווען איבערצולעבן דעם טראַגישן טויט פון איר „ליאָווען״, און אַליין האָט איר געטראָפן דער טויט אין לאָדזשער געטאָ.

סוף 1910 קערט זיך אום ח׳ פּאָזנאַנסקי קיין לאָדזש, ער גיט לעקציעס פון בוך־פירונג און ער ווערט בוכהאַלטער פון אַ באַקאַנטער פירמע. איינגע־אָרדנט זיך מאַטעריעל, באַזאָרגט מיט אַ פיינער קליינער וווינונג, שטעלט אײַן ח׳ פּאָזנאַנסקי די פאַרבינדונגען מיט דער בונדישער אינטעליגענץ פון שטאָט, זיין וווינונג ווערט אויך דער טרעף־פונקט פאַר די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״, וואָס באַזוכן פון צייט צו צייט לאָדזש און טוען אַלץ כדי אויסצוהיילן די ווונדן וואָס די באַוועגונג האָט באַקומען אין די יאָרן פון שווע־רער רעאַקציע.

די בונדישע באַוועגונג האָט אין לאָדזש שטאַרק געליטן פון גרויסע אַרעסטן און פּראָוואָקאַציעס. אַ סך פון די פריערדיקע בונדישע טוערס זענען געזעסן אין טורמע, געווען אַרויסגעשיקט אָדער גאָר אַליין פאַרלאָזן לאָדזש. ח׳ פּאָזנאַנסקי וועלכער האָט געהאַט אויף זיך אַלטע „חטאים״ האָט געמוזט זיין פאָרזיכטיק. אייניקע יינגערע טוערס — לויט יאָרן און סטאַזש — צווישן זיי דער ח׳ א. שמויס — הייבן אָן צוריק אויפצושטעלן די אָרגאַניזאַציע, נישט געקוקט אויף די וואָרענונגען פון די עלטערע חברים אַז אין דער בונדישער סביבה איז פאַראַן אַ פּראָוואָקאַטאָר פאַר וועלכן מען דאַרף זיך שטאַרק היטן. צוביסלעך לעבט אויף די אַרבעט. דער פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט זומער 1912 געהאַט זיין געלונגענע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, געפירט דורכן ח׳ פּאָזנאַנסקי, איז אין אָט די קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען שטאַרק צוניץ געקומען פאַר דער וואַקסנדיקער בונדישער באַוועגונג. ח׳ פּאָזנאַנסקיס וווינונג באַמיט מען זיך אויסצומיידן, אָבער מיט אים קומען פאָר אָפטע טרע־פענישן און באַראַטונגען אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַראיין, פון וועלכן ער איז געווען פאָרזיצער. אין זיינע הענט געפינען זיך די פאַרבינדונגען מיטן צ״ק, די שליחים פון צ״ק כאַפּן זיך אָפּט אַריין אין זיין וווינונג. עס ווערט אויך שטאַרק אויסגענוצט די ביליקע טיי־האַלע וואָס דער פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע האַלט אויס. צוביסלעך גרינדן זיך נייע פאַראיינען, די באַוועגונג וואַקסט. צוזאַמען מיט איר וואַקסט פּאָזנאַנסקיס אַקטיווקייט.

ח׳ שמויס דערמאָנט זיך אַזאַ רירנדן עפּיזאָד: נאָך דער דריטער אַלגעמיי־

נער פאַרזאַמלונג פון האַנדלס אָנגעשטעלטע פאַראיין (מערץ 1914), ווערט ח׳ שמויס אַרעסטירט. נאָך עטלעכע חדשים זיצן אין תפיסה ווערט ער ביים מלחמה־אויסברוך, באַפרייט. ער איז אין גאַנצן אָן מיטלען און ער הונגערט. ביי איינעם פון זיינע באַזוכן אין דער קיך פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, קומט צו צו אים ח׳ פּאָזנאַנסקי און גיט אים איבער אויף אַ שטילן אופן אַ געוויסע סומע געלט. דער יונגער שמויס איז אַזוי גערירט פון דער חברישער באַציִונג, אַז ער צעוויינט זיך ממש. ח׳ פּאָזנאַנסקי באַרויִקט אים פּאַטערלעך... איז דאָס געווען זיין אייגן געלט? אָדער פון רויטן קרייץ? אַלץ איינס, די דאָזיקע האַנדלונג איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן גוטהאַרציקן, אָרנטלעכן און פרום־בונדישן חיים לייב פּאָזנאַנסקי.

וועגן דעם זעלבן פעריאָד דערציילט ח׳ פּאָזנאַנסקיס פּלימעניק ל. ווינאָגראַד: „ביי חיים לייבן אין שטוב האָב איך געהאַט די גרויסע זכיה פּערזענלעך צו באַקענען בראָניסלאַוו גראָסער, ביינוש מיכאַלעוויטש, שרה פוקס, יאַנקל לעווין א״אַ. די אינטעליגענטן־גרופּע וועלכע איז מערסטנס באַשטאַנען פון לערער (צווישן אַנדערע: נירנבערג, נח לוריע) פלעגט דעם „רויטן קרייץ״ אונדזערן צושטעלן גרעסערע סומעס (פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען) פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָ האָט מען אויך רעדאַגירט די בלעטלעך פון דער אָרגאַניזאַציע. אַלץ פלעגט אַדורכגיין דעם ח׳ פּאָזנאַנסקיס האַנט. אויף דער ערשטער פאַרוואַלטונג־זיצונג פונעם ביי־געגרינדעטן יידישן האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַראיין איז ח׳ פּאָזנאַנסקי אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאַרזיצער. קנאַפּע 15 יאָר איז ער ביי דער אַלגעמיינער סימפּאַטיע און גרויסן דרך־ארץ צו אים פון אַלע פאַראיינס־מיטגלידער, געשטאַנען אין זיין אָנפירונג — אין די שווערסטע מלחמה־יאָרן און אויך שפּעטער״. אין די יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז ח׳ פּאָזנאַנסקי אויך דער פאַרשטייער פון דער בונדישער „צייט״ וואָס גייט אַרויס לעגאַל אין פּעטערבורג. ח׳ פּאָזנאַנסקי גיט אַכטונג און העלפט דער פאַרשפּרייטונג פון דער צייטשריפט, ער פירט אויך אַלע געלט־אָפּרעכענונגען.

עס קומט דער ערשטער וועלטקריג. די צאַרישע רעגירונג פּרוווט פאַרשיכורן די באַפעלקערונג מיט פּאַטריאָטישע לאָזונגען און נאַציאָנאַליסטישער באַגייסטערונג. אויך אין לאָדזש קומען פאָר אַזעלכע פּראָ־רוסישע פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס. דער „בונד״ אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט פּ.פּ.ס. לעוויצאַ אַן אַנטי־פּאַטריאָטישע אַרויסטרעטונג. ח׳ פּאָזנאַנסקי איז צווישן די איניציאַטאָרן און אָנטיילנעמער פון דער מאַניפעסטאַציע וואָס פאַרענדיקט זיך, ווי געוויינטלעך, מיט אָנפאַלן פון די קאָזאַקן און מיט צאָלרייכע אַרעסטן.

די אינדוסטריע אין שטאָט האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט, און יידישע אַרבעטער האָבן שרעקלעך געהונגערט. עס קומען פאָר הונגער־דעמאָנסטראַ־

ציעס קעגן דער קהילה. ח׳ פּאָזנאַנסקי איז אויך אין דער באַוועגונג שטאַרק אַקטיוו און שפּילט אַ גרויסע ראָלע.

לאָדזש ווערט אין גיכן פאַרנומען דורך די דייטשן, די אַרבעטער־באַוועגונג אָטעמט אָפּ פרייער און הייבט אָן אויסנוצן די נייע באַדינגונגען. ח׳ פּאָזנאַנסקי ווערט דער סעקרעטאַר פון דער באַקאַנטער אַב׳ס גימנאַזיע, — ער איז דאָ באַשעפטיקט טעגלעך ביז 3 אַזייגער נאָך מיטאָג. זיין גאַנצע איבעריקע צייט גיט ער אָפּ דער באַוועגונג. יאַנואַר 1915 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון דער בונדישער איינמאָליקער אויסגאַבע „לאָדזשער אַרבעטער״. די רעדאַקציע־קאָלעגיע איז באַשטאַנען פון דריי חברים — צווישן זיי ח׳ פּאָזנאַנסקי. און אַזוי פאַרבלייבט ער שוין דער שטענדיקער רעדאַקטאָר אָדער מיטרעדאַקטאָר פון אַלע אַרטיקע בונדישע אויסגאַבעס. אינעם דערמאָנטן נומער לאָדזשער אַרבעטער האָט דער ח׳ פּאָזנאַנסקי פאַרעפנטלעכט צוויי אַקטועלע אַרטיקלען: „דער בירגער־קאָמיטעט און זיינע פונקציעס״; „אַרבעטער, העלפט אייך אַליין״. דער ערשטער אַרטיקל האָט שאַרף קריטיקירט דעם אַלגעמיין־שטאָטישן בירגער־קאָמיטעט וואָס איז צייטווייליק געווען באַלעבאָס איבערן שטאָט און געהאַט אין זיין רשות די בירגער־מיליץ. ח׳ פּאָזנאַנסקי פאַרענדיקט זיין אַרטיקל מיט די ווערטער: „ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו די ערן־זשאַנדאַרמען אין ציווילע קליידער״?

1916. דער הונגער צווישן די יידישע אַרבעטער איז גרויזאַם. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט וויל אויסנוצן די לאַגע און זי ווערבירט און דריקט אויף די יידישע אַרבעטער צו פאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. דער „בונד״ לאָזט אַרויס אַ בלעטל און רופט די יידישע באַפעלקערונג זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם דרוק פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. דאָס בלעטל איז זייער שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דער יידישער אָרעמשאַפט און האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין שטאָט. דער באַקאַנטער יידישער שרייבער ה. ל. פוקס, וואָס איז אַליין אַרעסטירט געוואָרן ביים פאַרשפּרייטן די בלעטלעך, פאַרזיכערט, אַז אָט דאָס בלעטל האָט אָנגעשריבן ח׳ פּאָזנאַנסקי.

עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט ענדלעך מזכה געווען די לאָדזשער באַפעלקערונג מיט וואַלן צו דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. פאַרשטייט זיך, די וואַל־אָרדינאַציע איז געווען אומדעמאָקראַטיש און ווילקירלעך. פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג איז אויסגעטיילט אַ באַזונדערע „קוריע״. דער „בונד״ האָט אַרויסגעשטעלט זיינע קאַנדידאַטן בלויז אין דער דאָזיקער קוריע. ח׳ פּאָזנאַנסקי איז איינער פון די דריי בונדישע קאַנדידאַטן. דער „בונד״ האָט פונאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע וואַל־קאַמפּאַניע אין וועלכער דער ח׳ פּאָזנאַנסקי איז געווען זייער אַקטיוו.

דער לאָדזשער „בונד" האָט שטענדיק געשאָנקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער קולטור־אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער. נאָך אין 1908 איז געגרינדעט געוואָרן די „האַרפע", דער „בונד" האָט אויך געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק. ווען נאָך דער פּאָליטישער רעאַקציע קומט די באַוועגונג צו זיך, ווערט אין 1913 די „האַרפע" צוריק אויפגעלעבט און זי אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט. ח' פּאָזנאַנסקי איז איינער פון די לעקטאָרן אין דער „האַרפע".

אין מערץ 1916, אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון איבער 1.000 מאַן, ווערט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון דעם יידישן „שול־און־פאָלקס בילדונג־פאַראיין". דער פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען ח' פּאָזנאַנסקי. דאָ ווערן פאָרמולירט די פאָדערונגען צו דער דייטשער מאַכט וועגן אַ שול אין דער יידישער שפּראַך. פון דעם מאָמענט אָן ווערט ח' פּאָזנאַנסקי איינער פון די אַקטיווסטע און איבערגעגעבנסטע טוער אויפן שול־געביט. אין דער גרויסער קאַמפּאַניע וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דערלאַנגען דער דייטשער מאַכט אַ פּעטיציע מיט 30.000 אונטערשריפטן און מיט אויסדריקלעכע פאָדערונגען פון אַ שול אין דער מוטער־שפּראַך פון יידישן קינד, איז ח' פּאָזנאַנסקי איינער פון די הויפּט־פיגורן. ער איז אַליין אַרומגעגאַנגען איבער די שטיבן פון דער יידישער אָרעמשאַפט און געזאַמלט אונטערשריפטן אונטער דער פּעטיציע. חיים־לייב האָט געקענט זיין אַ פּשוטער זעלנער ווען די אַרבעט האָט עס פאַרלאַנגט.

עס דערנעענטערט זיך דער סוף פון דער מלחמה. די דייטשע אַרמיי ברעכט זיך איין. אין לאָדזש, ווי אין אַ סך אַנדערע גרויסע שטעט פון פּוילן און אוקראַינע, שאַפט זיך אויף אַ קורצער צייט אַ דייטשער סאָלדאַטן־ראַט וואָס זאָרגט וועגן אָרגאַניזירטן צוריקטריט פון די דייטשע זעלנער. דער ראַט שטייט אין פאַרבינדונג מיט די אָרטיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — וועגן איבערגעבן די מאַכט. פון „בונד" פירן די פאַרהאַנדלונגען די חברים ליכטנשטיין און פּאָזנאַנסקי.

די אָקופּאַציע האָט זיך פאַרענדיקט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון אומאָפּהענגיקן פּוילן. אויך איצט שטייט ח' פּאָזנאַנסקי אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון דער בונדישער באַוועגונג אין לאָדזש. אין אַלע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען נעמט ער אָן אַקטיוון אָנטייל: אין דער קאַמפּאַניע ביי די וואַלן צום קאָנסטיטוירנדיקן מלוכה־סיים און אויך אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צו אַ נייעם דעמאָקראַטיש־געוויילטן שטאָטראַט. ח' פּאָזנאַנסקי ווערט אויסגעוויילט אין שטאָטראַט, און פון דעמאָלט אָן פאַרבלייבט ער ביזן מלחמה אויסברוך דער בונדישער פאָרשטייער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. ער טרעט דאָ אַרויס מיט פּאָליטישע רעדעס, ער באַטייליקט זיך אין די קאָמיסיעס פאַר בילדונג און

פינאַנסן, און צו זיין וואָגיק וואָרט הערט מען זיך דאָ צו זייער אויפמערקזאַם. שווער איז געווען אין יענער צייט די לאַגע פון דער בונדישער פראַקציע אין לאָדזשער שטאָטראַט. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין די בונדישע „לעבנס פראַגן" פון 11טן יוני 1919, שטעלט פעסט דער ח' פּאָזנאַנסקי: „וואָס אַ זיצונג ווייטער ווערט אַלץ קלאָרער ווי שטאַרק עס איז דער שאָוויניזם ביי דער דאָמינירנדיקער פראַקציע אין שטאָטראַט — ביי דער פּ.פּ.ס., ווי שטאַרק עס ווירקן אויף זיי די איינפלוסן פון דער פּוילישער גאַס און ספּעציעל פון די טאָנגעבער אין דער יִדישער פראַגע — פון די נ.ז.ר. מיט וועלכע זיי בלאָקירן זיך אָגב ביי יעדע מינים וואַלן אין קאָמיסיעס פון שטאָטראַט". אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָמשטימונגען האָבן געבושעוועט אין שטאָט, די בונדישע באַוועגונג האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט און געקעמפט פאַר די רעכט און ווירדע פון די יִדישע אַרבעטס־מענטשן. נישט ווייניק צוזאַמענשטויסן האָבן די בונדישע ראַטמענער געהאַט אויך מיט די יִדישע בירגערלעכע און ציוניסטישע פאַרטרעטער. נישט איין מאָל איז ח' פּאָזנאַנסקי אַרויסגעטראָטן מיט שאַרפע רעדעס און פּראָטעסטן קעגן די האַנדלונגען פון די פּוילישע און יִדישע רעאַקציאָנערן. ווען אין 1923 האָט דער לאָדזשער שטאָטראַט אויסגעשלאָסן צוויי בונדישע ראַטמענער, האָט ח' פּאָזנאַנסקי במשך פון אַ יאָר צייט אַליין אויסגעטראָגן דעם קאַמף פון „בונד" אויפן באָדן פון שטאָטראַט, — און דאָס איז אין יענע אומשטענדן געווען זייער אַ שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע.

דער פאַרדינסטפולער בונדישער טוער אין לאָדזש ש. מילמאַן כאַראַקטעריזירט אַזוי די ראָל און די מוטיקע האַלטונג פון ח' פּאָזנאַנסקי אָט אין יענע ערשטע יאָרן פון דער פּוילישער מלוכהשאַפט: „אין דער נאַטור האָט ער אויסערלעך אויסגעזען זייער רויק און געלאַסן; ער איז אָבער אין דער נשמה געבליבן רעוואָלוציאָנער און אומדערשראָקן, ווי ער איז דאָס געווען אין זיינע יונגע יאָרן. איך דערמאָן זיך אַזאַ פאַל: דעם ערשטן מײַ 1923 האָט זיך אויף גלוונע גאַס אַריינגעריסן אין דער בונדישער דעמאָנסטראַציע אַ גרויסע אָפּטיילונג פון פערד־ און פוס־פּאָליציי. העכער הונדערט לייכט און שווער פאַרוווּנדעטע חברים איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם בלוטיקן פּאָליציישן אָנפאַל אויף די פרידלעכע דעמאָנסטראַנטן. אויך פּאָזנאַנסקי איז דעמאָלט פאַרוווּנדעט געוואָרן אין קאָפּ דורך אַ פּאָליציישער שווערד. נישט געקוקט אויף דער בלוט־באָד, האָט דער „בונד" אָפּגעהאַלטן די פון פריִער באַשטימטע מײַ־אַקאַדעמיע אין גרויסן זאַל פון פילהאַרמאָניע. גרויס איז געווען דער עולם פון די נישט דערשראָקענע בונדיסטן און סימפּאַטיקער, וועלכע זענען געקומען פאַרוואַנדלען די מײַ־אַקאַדעמיע אין אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן דעם ברוטאַלן איבערפאַל פון דער פּאָליציי. און ווי איבעראַשט זענען מיר אַלע געוואָרן

ווען מיר האָבן דערזען אַריינמאַרשירן אין זאַל אויך ח׳ פּאַזנאַנסקין מיט אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. ער האָט נישט געקענט ביי זיך פּועלן אויסצופֿאָלגן די פֿאַראָרדענונג פון דעם דאָקטער און בלייבן אין דער היים, בעת הונדערטער אַנדערע זענען געקומען פּראָטעסטירן... ח׳ פּאַזנאַנסקי האָט געהערט צו דער זייער קליינער גרופּע אַלטע טוער און פירער פון „בונד״, וועלכע זענען געווען נישט נאָר געאַכטעט, נאָר פּשוט באַליבט ביי אַלע חברים און אַפילו פון קעגנער פון זיין פּאָליטישער שיטה אין דער פּאַרטיי. אָפּגערעדט שוין דערפון, אַז ער איז זייער געאַכטעט געווען פון דער גרויסער מאַסע ייִדישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, וועלכע האָבן אים געקענט אַלס רעדנער אויף מיטינגען, רעפֿערענט אויף לעקציעס, רעדאַקטאָר און שרייבער פון לאָדזשער וועקער, פֿאָלקסצייטונג און אַנדערע בונדישע אויסגאַבן״.

אין יוני 1929 האָט מען געפייערט ח׳ פּאַזנאַנסקיס 50־יעריקן געבוירן־טאָג. אין אָקטאָבער 1937 האָט לאָדזש געפייערט די 35־יעריקע דאַטע פון פּאַזנאַנסקיס טעטיקייט אין „בונד״. ביי אָט די פייערונגען האָט מען באַשיינפּערלעך געפילט וויפל ליבע און אַכטונג די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן פון לאָדזש האָבן געהאַט צום ח׳ פּאַזנאַנסקי. דאָס זענען געווען אמתע פֿאָלקס־פייערונגען.

**
*

גאָר אַ שיין קאַפּיטל האָט ח׳ פּאַזנאַנסקי אַריינגעשריבן אין זיין לעבנסגעשיכטע מיט זיין טעטיקייט אויפן שול־געביט. מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט וועגן דער גרינדונג פונעם „שול־און פֿאָלקס־בילדונג פֿאַראיין״, — ח׳ פּאַזנאַנסקי איז אויסגעקליבן געוואָרן אין דער פֿאַרוואַלטונג פון פֿאַראיין. אין לויף פון די ווייטערדיקע יאָרן האָט זיך אַנטוויקלט אין לאָדזש אַ היפּשער און הויך־קוואַליפיצירטער שולוועזן. דער „בונד״ האָט געהאַט צוויי שולן: די מעדעם שול און די מיכאַלעוויטש שול; יאָרן לאַנג האָט אויך עקסיסטירט אַ קינדערהיים, וואָס אַ גרויסן טייל פון זיין ביודזשעט האָט געדעקט די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. אין לאָדזש איז געווען טעטיק אַן אָפּטיילונג פון דער „צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע״ (ציש״אָ), און זי האָט געפירט די נייטיקע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט און אין לאָדזשער שטאָטראַט געקעמפט פאַר די רעכט פון דער ייִדישער שול אויף אַ געהעריקער פינאַנסיעלער שטיצע. ח׳ פּאַזנאַנסקי איז טעטיק אויף אַלע געביטן פון דעם שולפראָנט. ער איז פּאָרזיצער פון דער אָרטיקער שול־אָרגאַניזאַציע, ער טרעט אויף אויף צענדליקער שול־מיטינגען און שול־פייערונגען. ער איז פֿאַרנומען מיט די פּראַגן פון טאָג־טעגלעכער אַרבעט און עקסיסטענץ פון די לאָדזשער שולן. ער איז געווען גליקלעך צו זען ווי עס וואַקסט די צאָל קינדער אין „זיינע״ שולן (אין דער מעדעם־שול איז

געווען 350 קינדער), צו זען ווי הויך די שולן שטייען פּעדאַגאָגיש. ער באַ־זאָרגט די שולן מיט די בעסטע לערער־כוחות וואָס די צישאָ פאַרמאָגט, ער באַטייליקט זיך אין די פּלענאַרע זיצונגען פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע, ער קומט אָפט קיין ווארשע מיט פאַרשידענע שתדלנות און אַנגעווייטיקטע פּראָבלעמען וואָס האָבן זיך געשאַפן אין די שולן. ווי פאַרנומען ער איז נישט מיט דער אַלגעמיין־פּאַרטייִשער און פּאָליטישער אַרבעט אין דער אָרטיקער בונדישער באַוועגונג, פאַרגעסט ער נישט אויף איין מינוט די אינטערעסן און נויטן פון די שולן. ח׳ פּאַזנאַנסקיס פּאָפּולאַריטעט אין לאָדזש וואַקסט, זיין אויטאָריטעט איז אומגעהייער גרויס, ער איז געאַכטעט אין אַלע שיכטן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. ער איז באַליבט ביי דער יוגנט און גאָר באַזונ־דערס — ביי יענע וואָס האָבן געענדיקט די צישאָ־שולן. די יוגנט האָט אגב געקענט זייער גוט דעם ח׳ פּאַזנאַנסקי צוליב זיין אָנפירנדיקן אָנטייל אין דער בונדישער ספּאָרט־געזעלשאַפט מאָרגנשטערן.

אַ סך צייט און ענערגיע האָט ח׳ פּאַזנאַנסקי אָפּגעגעבן דער אָרטיקער קולטור־ליגע וואָס איז געווען אין רשות פון לאָדזשער „בונד״. אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט די לאָדזשער קולטור־ליגע אַנטוויקלט אַ גאָר גרויסע אַרבעט פון וועלכער מיר וועלן דערמאָנען נאָר אַ פּאָר גרעסערע אונטערנעמונגען: אין 1934 האָט זי דורכגעפירט גרויסע שלום עליכם־פייערונ־גען — פאַרלעזונגען און פאַרשטעלונגען; אין 1936 רופט די לאָדזשער קולטור־ליגע אַ קאָנפערענץ פון קולטור־טוערס און אינסטיטוציעס וועגן פייערן דעם 100־יאָריקן געבוירנ־טאָג פון מענדעלע מוכר ספרים. עס איז פאַר דעם צוועק געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער מענדעלע־קאָמיטעט. אין ח׳ פּאַזנאַנסקיס הענט ליגט די גאַנצע אַרבעט פון דער קולטור־ליגע. אויף אַלע אירע באַראַטונגען און פייערונגען איז ער דער שטענדיקער פאָרזיצער.

יאָרן לאַנג איז דער פאַרוואַלטער פון דער מעדעם־שול אין לאָדזש געווען דער באַקאַנטער ווילנער פּעדאַגאָג ל. לאַזאָווסקי (זינט 1928). ער איז געווען דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער פון ח׳ פּאַזנאַנסקי אויפן שול־געביט, און ער האָט גוט געוווּסט וואָס פאַר אַ חלק יענער האָט געהאַט אינעם גורל און אינעם פאַרמעגן פון די לאָדזשער בונדישע שולן. נאָכן צווייטן וועלט־קריג, אין 1948 האָט ל. לאַזאָווסקי אין דעם „היסטאָרישן זאַמלבוך״ (פאַרלאַג „רינגען״, וואַר־שע) פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן ח. ל. פּאַזנאַנסקי און ער כאַראַקטעריזירט אים דאָ זייער טרעפלעך און אויספירלעך. דער דאָזיקער זאַמלבוך איז דערשי־נען אין יענע קורצע „גוטע״ יאָרן נאָך דער מלחמה, ווען מ׳האָט נאָך געקענט זיך דערלויבן צו דרוקן אַ פריי בונדיש וואָרט, אָבער אין גיכן כאַפּט זיך די קאָמוניסטישע מאַכט אַז דאָ איז געשען אַ שרעקלעכער „פאַרזען״, און דער זאַמל־

בוך פאַרשווינדט אין גאַנצן פון ביכערמאַרק: נאָר אַ דאַנק דער מסירת נפש פון איינצלנע געטרייע בונדיסטן האָט מען אַרויסגעראַטעוועט געציילטע עטלעכע עקזעמפּלאַרן פונעם היסטאָרישן זאַמלבוך. ל. לאַזאָווסקיס אַרבעט וועגן פאָזנאַנ־סקין איז פאַרבליבן דער איינציקער אָנדענק וועגן אים אין פּוילן.

„פאַר די עלף יאָר פון אונדזער באַקאַנטשאַפט האָב איך געהאַט אַזוי פיל געלעגנהייטן אוממיטלבאַר צו אָבסערווירן דעם ח׳ פאָזנאַנסקי: אויף די זיצונ־גען און קאָנפערענצן, אויף שמחהס און יום־טובים, אין טרויער־טעג און אויף לוויהס, אויף גלעזלעך טיי און אין לאַנגע שמועסן אונטער פיר אויגן, — און די דאָזיקע עלף־יאָריקע באַקאַנטשאַפט האָט איבערגעלאָזט אין מיין נשמה אַזאַ טיפן יראת־הכבוד פאַרן פאַרשטאָרבענעם, אַז איך פיל זיך באַרופן און פאַר־פליכטעט צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון זיין הערלעכער פערזענלעכקייט. ס׳זענען דאָ מענטשן, וועלכע מ׳קען כאַראַקטעריזירן פון צוויי פאַרשידענע זייטן, אין צוויי באַזונדערע אַספּעקטן: אַלס פּריוואַטע פּערזאָנען און אַלס געזעלשאַפטלעכע טוער, בביתם ובצאתם, אין אין די דלד־אמות פון פערזענלעכן לעבן און אויפן פאָרום פון פּאָליטישן קאַמף. ביים ח׳ פאָזנאַנסקי איז אוממעגלעך פונאַנדער־צעטיילן די דאָזיקע אַספּעקטן. אַזוי זיך צונויפגיסן מיט דער אידעע, מיט דער פּאַרטיי, מיט דער אַרבעט, ווי דאָס האָט געטאָן ח׳ פאָזנאַנסקי, אַזוי נייטראַ־ליזירן דעם אייגענעם איך, דאָס סוביעקטיווע, אַזוי אָפּשוואַכן און באַזייטיקן אַלע שאַרפע שפּיצן פון אינדיווידועלן צוגאַנג, ווי דאָס האָט באַוויזן ח׳ פאָזנאַנ־סקי, — דאָס איז מיר אין מיין לעבן זעלטן אויסגעקומען צו טרעפן. ס׳קען זיין, אַז לכתחילה, אין די יונגע יאָרן, איז עס ביים ח׳ פאָזנאַנסקי געווען אַ ראַ־ציאָנאַלע, באַוווסטזיניקע ריכטליניע, אָבער מיט דער צייט איז זי אַריין אין פלייש און בלוט און איז געוואָרן אַ צווייטע נאַטור. ח׳ פאָזנאַנסקי איז געווען אַ פאַנאַטיקער פון טעטיקייט, רויקייט און אָביעקטיווקייט. זיין קאָלטע ליידנשאַפט איז באַשטאַנען אין דעם, אַז דורך זיין מויל זאָל רעדן נישט זיין פּערזאָן נאָר די אָביעקטיווע פּרינציפּן און פאַקטן. אָט די אומפּערזענלעכע באַציִונג צו פּראָ־בלעמען און מענטשן, אָט די פעיִקייט צו דענקען און האַנדלען אומפּערזענלעך — דאָס איז געווען דער בולטסטער כאַראַקטער־שטריך פון ח׳ פאָזנאַנסקי. אַ מענטש מיט אייזערנע איבערצייגונגען, מיט ווילן און כאַראַקטער, האָט ער אָבער שטענדיק באַמיט זיך צו בלייבן אין שאָטן פון דער אייגנטלעכער פּראָ־בלעמאַטיק און אַרויסצורוקן אויפן ערשטן פּלאַן אידעען און פאַקטן...

„...שטרענגע זאַכלעכקייט און אָביעקטיווקייט, טיפע אחריות פאַר יעדן שריט, אָרגאַנישער פליכט־געפיל, אַכטונג צו זיך און אַכטונג צו מענטשן, קרישטאָל־ריינער כאַראַקטער, טיפער ערנסט און אַבסאָלוטע אָרנטלעכקייט — דאָס איז געווען ח׳ פאָזנאַנסקי... אויב דזשענטעלמענישקייט הייסט מאָראַלישע

לויטערקייט און אַבסאָלוטע אָרנטלעכקייט, איז ה׳ פּאָזנאַנסקי געווען אַ קלאַסי־שער דזשענטלמען. יעדער איינער וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט ה׳ פּאָזנאַנסקי, ווייסט אַז ווען מ׳האָט געהאַט עפּעס אויפן געוויסן, איז געווען פיזיש אומ־מעגלעך צו שטיין פּנים אל פּנים מיטן ה׳ פּאָזנאַנסקי און קוקן אים אין די אויגן. נאָר דער מענטש פון גרויסן געוויסן קען ווערן דאָס געוויסן פון אַנדערע...
ה׳ פּאָזנאַנסקי האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין צוריקגעהאַלטנקייט, אַפילו ווען ער איז געווען טיף דערשיטערט, איז זיין וואָרט געווען זאַכלעך און שפּאָרזאַם...

„...אַ גאַנץ באַזונדערע באַווּנדערונג האָט ביי מיר אַרויסגערופן זיין גע־וואַלדיקע דיסקרעטקייט. איך מיין דאָ נישט די געוויינטלעכע דיסקרעטקייט לגבי אַנדערע (דאָס איז ביי אים געווען אַ נאַטירלעכע זאַך), איך מיין די דיס־קרעטקייט לגבי זיך אַליין, לגבי די אייגענע געפילן און איבערלעבונגען. דאָס איז געווען עפּעס מערער ווי געוויינטלעכע זעלבסטבאַהערשונג; דאָס איז געווען אַ טיפע אינסטינקטיווע מורא צו פאַרראַטן כלפּי חוץ די דערשיטערונג פון גע־מיט. איך זע פאַר זיך דעם ה׳ פּאָזנאַנסקי אויף לוויהס פון פאַרשטאָרבענע פריינד און חברים. איר האָט דערפילט אַז ער איז דערשיטערט און צוזאַמענ־געבראָכן. נאָר זיין פּנים איז פאַרבליבן שטרענג, „זאַכלעך״ און קאַלט. בלויז אין די האַלב־געשלאָסענע, שעמעוודיק־צוזאַמענגעצויגענע אויגן האָבן גע־פינקלט פייערלעך פון טרוקענע נישט־אויסגעגאָסענע טרערן.

„נאָך ווונדערלעכער איז מיר פאָרגעקומען זיין דיסקרעטקייט אין יענע שוואַרצע טעג, ווען אויף דער מעדעם־שול פלעגט אַראָפּפאַלן די גזירה פון אַן עקסמיסיע (און אַזעלכע טעג האָבן מיר פאַר די 11 יאָר איבערגעלעבט נישט איין מאָל). עקסמיסיע! — אַ פּשוטע און שוידערלעכע זאַך. נעכטן איז נאָך געווען אַ שול, פול מיט באַוועגונג און לעבן, און אָט איז די שול אומגעקומען און נאָר אירע טויטע ביינער ליגן אין הויפנס אונטערן גרויען הימל. צווישן די אָנגעוואָרפענע בענק און טישן בלאָנדזשען אַרום פאַריתומטע קינדער פון דער מעדעם־שול. די מיידלעך וויינען, די יינגלעך — מעשה מאַנסביל — האַלטן זיך סאָליד און מאַכן אַ ביסל אָרדענונג אין די חורבות. און אָט באַווייזט זיך אויפן הויף ה׳ פּאָזנאַנסקי. ווי שווער ס׳איז מיר אַליין נישט געווען אויפן גע־מיט אין אַזעלכע טעג, האָב איך זיך קלאָר אָפּגעגעבן אַ חשבון, ווי נישטיק ס׳איז מיין צער אין פאַרגלייך מיט דער טראַגעדיע וועלכע ס׳האָט איבערגעלעבט אין אַזעלכע מאָמענטן דער ה׳ פּאָזנאַנסקי. בויען אַ שול אין משך פון לאַנגע יאָרן, קעמפן מיט לייב און מיט לעבן פאַר איר קיום, אַריינלייגן אין איר אַן אַ שיעור ליבשאַפט און אַרבעט, צוקוקן זיך מיט שמחה ווי זי וואַקסט און בליט, — און דערזען אין איין „גוטן״ פרימאָרגן ווי זי ליגט אין חורבות אונטערן גרויען

הימל, — דאָס איז באמת אַ מוראדיקע איבערלעבונג! נאָר דאָס פּנים פון ח׳ פּאָזנאַנסקי איז געווען שטרענג, „זאַכלעך" און קאַלט...

אָט די שטרענגע צוריקגעהאַלטנקייט פון ח׳ פּאָזנאַנסקי האָט אים געמאַכט אַ שם פון אַ „טרוקענעם" מענטשן (אַ לענגערע צייט האָב איך געהאַט דעם זעלבן איינדרוק). אין דער אמתן אָבער האָט דער דאָזיקער „טרוקענער" מענטש פאַרמאָגט אונטערן טיפן שלייער פון דיסקרעציע און צוריקגעהאַלטנקייט — אַ קוואַל פון שטימונג, געמיטלעכקייט און יום־טובדיקייט. דערביי האָט זיך זיין יום־טובדיקייט נישט געניטיקט אין ספּעציעלע אַטראַקציעס אָדער יובל־מאָמענטן, ער האָט געפונען יום־טובדיקייט אין דער טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקייט פון דער פּאַרטיי, פון דער שול. דווקא די טאָג־טעגלעכע אַרבעט איז פאַר אים געווען פּאָעזיע, ווייל ער איז געווען דער פּאָעט פון אַרבעט. ווער רעדט, אַז ס׳פלעגט קומען אַ באמת יום־טובדיקער מאָמענט, — דאַן פלעגט ח׳ פּאָזנאַנסקי אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שווערן פּאַנצער, און זיין פּנים פלעגט שטראַלן מיט „אומפאַרשעמטער" שמחה. איך דערמאָן זיך אַזאַ מאָמענט: די מעדעם־שול פייערט איר 20־יאָריקן יובל. אין גרויסן טעאַטער־זאַל גייט אַ פרילינג־מאָרגן. ביים אָפּענעם פאָרהאַנג קומט פאַר די פייערלעכע אַנטהילונג פון דער נייער שול־פאָן (וווּ איז זי איצט? אונטער וועלכע חורבות?). ח׳ פּאָזנאַנסקי נעמט אין האַנט די פאָן, גייט צו צו מיר און גיט זי מיר איבער מיט אַזעלכע ווערטער: „איך בין זיכער, אַז איר וועט הויך האַלטן די דאָזיקע הייליקע פאָן סיי אין פריידיקע טעג, סיי אין טעג פון שווערע נסיונות". און איך ווער טיף גערירט, ווען איך דערזע אויפן פּנים פון דאָזיקן „טרוקענעם" מענטשן אמתע „אומפאַרשעמטע" טרערן.

„אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז די באַציִונג פון ח׳ פּאָזנאַנסקי צו קינדער. ס׳איז אים אַליין נישט באַשערט געווען צו האָבן אַן אייגן קינד, האָט ער זיין גאַנצע נישט־אויסגעלעבטע ליבשאַפט אַריבערגעטראָגן אויף די קינדער פון דער מעדעם־שול און מיכאַלעוויטש־שול. ס׳איז גענוג געווען אַז ח׳ פּאָזנאַנסקי זאָל אַריבערטרעטן די שוועל פון דער שול — און זיין פּנים פלעגט אָנהייבן לייכטן. מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט ער פלעגט אַרויפלייגן זיין „טרוקענע" האַנט אויפן קעפּל פון אַ פאַרביילויפנדיקן קינד און דערביי כאַפּן מיטן תכשיט אַ קורצן שמועס! מיט וואָס פאַר אַ הנאה ער פלעגט אויסהערן אַ שיינע רעציטאַציע אָדער אַ וווילקלינגענדיק לידל פון כאָר! נישט קיין פאָטער איז ער געווען פאַר די הונדערטער קינדער פון אונדזערע שולן, נאָר אַ מוטער, אַ צאַרטע מוטער. און אויב ליבשאַפט צום קינד איז דער וויכטיקסטער עלעמענט פון אַ פּעדאַגאָגישן טאַלאַנט, איז ח׳ פּאָזנאַנסקי געווען אַ גרויסער פּעדאַגאָג, וועלכער דאַרף אַריינגיין אין דער געשיכטע פון אונדזער שולוועזן".

דער לייענער פון די שורות וועט מיר געוויס אַנטשולדיקן וואָס איך האָב געבראַכט אַזאַ לאַנגן ציטאַט פון ח' לאַזאָווסקיס אַרטיקל. עס איז באמת אַ טרעפּ־לעכע, פּאַרטיפּטע און שיינע כאַראַקטעריסטיק. אַזאַ מין כאַראַקטעריסטיק האָט געקענט געבן נאָר אַ מענטש מיט גרויסער אָבסערוואַציע־קראַפט, וואָס איז דערביי דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט און יראת־הכבוד צו דער כאַראַקטערי־זירטער פּערזאָן. ל. לאַזאָווסקיס אַרטיקל איז אַ שיינער און מערקווירדיקער מאָנומענט נאָכן ח' פּאָזנאַנסקי.

**
*

ח. ל. פוקס באַשרייבט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, פון וועלכן עס שיינט אַרויס די פּערזענלעכקייט פון ח' פּאָזנאַנסקי אין איר גאַנצער שיינקייט און קרעפטיקייט.

דאָס איז געשען אין לאָדזש אַ פּאָר יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג. שלום אַש וועלכער האָט געהאַט נאָענטע פריינד אין לאָדזש בכלל און אין לאָדזשער „בונד" בפרט, איז איינגעלאַדן געוואָרן דורכן „בונד" צו האַלטן אַ פאָרלעזונג וועגן דער יידישער ליטעראַטור. אַ טויזנט־קעפּיקער עולם, בונדיסטן און פאָלקס־מענטשן, האָט אָנגעפילט דעם גרויסן זאַל, ש. אַש איז אויפגענומען גע־וואָרן מיט גרויס ענטוזיאַזם. אָבער אַש איז דעמאָלט געווען פאַרכאַפּט פון ציוי־ניסטישע שטימונגען און ער האָט אין זיין פאָרלעזונג גערעדט מיט אַ סך באַ־גייסטערונג וועגן ארץ־ישראל און די חלוצים. ער האָט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג וועלכע האָט אַרויסגעהויבן די יידי־שע ליטעראַטור. דער עולם איז געווען שטאַרק אַנטוישט, די פירער פון „בונד" וואָס האָבן אָרגאַניזירט ש. אַשס פאָרלעזונג, זענען געווען צעמישט. י. י. טרונק האָט אַוועקגענומען דעם צעטומלטן שלום אַש און אים אַוועקגעפירט אין זיין פּאַלאַצל ווו עס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ באַנקעט לכבוד דעם גאַסט. אַ גע־קליבענער עולם האָט אָנגעהויבן זיך צוזאַמענצוקומען אָבער מען האָט גלייך באַמערקט אַ געשפּאַנטע נערוועזע אומרויקייט: נישט אַשס אַלטער חבר און בונ־דישער פירער י. ליכטענשטיין און אויך נישט ח' פּאָזנאַנסקי, וואָס האָט געזאָלט זיין דער פאָרזיצער פון באַנקעט, זענען נישט געקומען. „די שעהן זענען גע־לאָפן, דערציילט ח. ל. פוקס. דער עולם האָט אָנגעהויבן פילן אַז עפּעס קומט פאָר. עמעצער האָט אַפילו שטיל געזאָגט, אַז דער אָוונט ווערט אָפּגערופן. דע־לעגאַציעס זענען אַהין און צוריק געלאָפן צו אַשן און צו פּאָזנאַנסקין וואָס איז נאָך אַלץ נישט געקומען און געוואָרט אין בונדישן לאָקאַל. אָבער פּלוצלינג איז פּאָזנאַנסקי מיט ליכטענשטיינען אָנגעקומען. דער עולם האָט אָפּגעעטעמט. עמעצער איז אַריין צו אַשן און אים אַריינגעפירט אין זאַל. ער איז געווען זייער בלאַס און האָט אַוועקגעדרייט זיין פּנים פון עולם.

פּאָזנאַנסקי האָט געעפנט דעם אָוונט מיט אַ שטילער ציטערנדיקער שטימע און געפרעגט אַשן פאַר וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט און פאַר וואָס ער האָט מבייש געווען דעם בונדישן עולם מיט זיינע אויספירן. אַש איז אים פאַרלאָפן די רייד: פון איין זייט גערעדט מיט אַ מין הכנעה און פון דער צווייטער זייט — מיט חוצפּה, אַז מען דאַרף פאַר אים האָבן דרך־ארץ, אַז ער איז שלום אַש, דער גרויסער יידישער שרייבער, דער נאָכפאָלגער פון י. ל. פּרץ.

ליכטענשטיין האָט געביסן די ליפּן און געשוויגן. נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען. פּלוצלינג האָט פּאָזנאַנסקי ווידער גענומען רעדן. צוערשט שטיל, ווי זיין געוויינהייט איז געווען, צוגעפּאַסט צו זיין גוטמוטיקן כאַראַקטער און איידלקייט, און וואָס מיר האָבן אים גערופן לויט טרונקס אַ ווערטל „דער מזרחיסט פון בונד". אָבער באַלד איז פּאָזנאַנסקי אַריבער אין אָנגריף און גע־קלאַפּט אין טיש אַריין.

— יאָ, מיר ווייסן אַז איר זענט שלום אַש, אָבער ווער האָט אייך גרויס געמאַכט! ווער אויב נישט דער „בונד". מיר גיבן תמיד אָפּ כבוד דער יידישער ליטעראַטור, אָבער איר דאַרפט פאַר אַלעם אָפּגעבן כבוד דעם „בונד" און די יידישע אַרבעטער, די געטרייסטע לייענער אייערע.

„אַש האָט געשוויגן. טרערן האָבן פּלוצלינג גענומען טריפן פון זיינע אויגן און ער האָט מיט אַ שטילן טאָן איבערגעבעטן די בונדיסטן. ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז ער האָט גראָד היינט נישט געקענט אַנדערש רעדן ווי ער האָט געטראַכט... אָבער פּאָזנאַנסקי איז באַשטאַנען אויף זיינס: דער כבוד פון „בונד" איז ווי דער כבוד פון יידישן פאָלקס־מענטש, ווי דער כבוד פון יידישן אַרבעטער, דער מיטשאַפער פון דער יידישער ליטעראַטור און יידישער קול־טור... שפּעטער האָט אַש ווידער גענומען רעדן וועגן די גוטע ווערטער וואָס ער דאַרף פאַר זיין שאַפן, און געענדיקט: זייט מיר מוחל, טייערע חברים, און ער איז צוגעגאַנגען צו ליכטענשטיינען, אים אַרומגענומען און געקושט. ליכטענ־שטיין האָט אים צוריקגעקושט. אַ טרער האָט געברענט אין זיינע אויגן הינ־טער די ברילן, אָבער חיים לייב פּאָזנאַנסקי איז אַלץ נאָך געווען אָנגעצויגן און ברוגזלעך... עס האָט אים אַפילו נישט צוריקגעברענגט צו זיין גוטמוטיקייט אויך דעמאָלט, ווען דער עולם האָט גענומען פאַרציִען אַ חסידישן ניגון און אַנדערע פאָלקס־און אַרבעטער־לידער".

**
*

ווען עס איז געקומען די נאַצי־מלחמה און די היטלעריסטן האָבן זיך דער־נענטערט צו לאָדזש, האָבן אַ סך אָנגעזעענע בונדיסטן פאַרלאָזט די שטאָט. זיי

זענען געקומען קיין וואַרשע, און ווען דער שונא האָט זיך דערנענטערט אויך צו דער הויפּטשטאָט, זענען זיי געלאָפן ווייטער.

חיים לייב פּאָזנאַנסקי איז געווען צווישן די געציילטע בונדישע טוערס, וואָס האָבן לאָדזש נישט פאַרלאָזן. „ווען מיר זענען געלאָפן — דערציילט ה׳ פּאָזנאַנסקיס פּלימעניק ל. ווינאָגראַד — אין דער נאַכט פון 5טן אויפן 6טן סעפּ־טעמבער און שפּעטער צוריקגעקומען און דערוווּסט זיך, אַז פון דער אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע זענען כמעט אַלע אַוועק און ליאָווע (חיים לייב) איז גע־בליבן, האָב איך געהאַט צו אים טענות: ווי קען מען דאָס קריכן דעם וואָלף גלייך אין די ציין אַריין? ער האָט מיר געענטפערט, אַז לויט זיין אָפּשאַצונג וועט דאָס לויפן שוין גאָר נישט ראַטעווען — דער דייטש פאַרלויפט אין האָקט אָפּ די וועגן... איז איידער צו נע־ונדעווען אין דער פרעמד און שפּעטער אַריינ־פאַלן, וויל ער בעסער בלייבן מיטן פאָלק, מיט עמך. אַ גרויסע השפּעה האָט אויף אים געהאַט ד״ר אל. מאַרגאָליס, וועלכער איז געווען ביי דער זעלבער מיינונג און אויך געבליבן מיט דער משפּחה זיינער אין לאָדזש (און געהאַט ליידער דעם זעלבן טראַגישן סוף). ווען די דייטשן זענען שוין אַריין אין לאָדזש, האָבן מיר זיך געבעטן ביי אים ער זאָל זיך אויסבאַהאַלטן, אָפּוואַרטן, זען וואָס ווייטער וועט זיין. האָט ער אויך דאָס אָפּגעוואָרפן — טענהנדיק אַז דאָס וועט נישט העלפן, מען וועט אונדז סיי ווי פאַקן און עס וועט דאַן זיין ערגער. ער האָט רויק געוואַרט אויף זיינע הענקער אין זיין שטוב אויף פּעטריקאָווער 92. ער האָט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. דעם 14טן סעפּטעמבער האָבן זיי אים צוגענומען".

שוין אויפן דריטן טאָג וואָס די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש, האָבן זיי דורכגעפירט הויז־זוכונגען ביי 18 בונדישע טוערס, און פון די וואָס זיי האָבן געטראָפן אין דער היים האָבן זיי אַרעסטירט זיבן חברים — צווישן זיי איז אויך געווען חיים לייב פּאָזנאַנסקי. צוערשט האָבן די דייטשע מערדער געהאַלטן דעם ה׳ פּאָזנאַנסקי אין טורמע אויף שטערלינגאַ 16 און אויף אויסצופאָרשן האָט מען אים געפירט אויף אנשטאטא 7, אין דער געביידע פון דער יידישער גימנאַזיע וואָס די היטלעריסטן האָבן פאַרוואַנדלט אין זייער געשטאַפּאָ. „מען האָט אים דאָרט געפּייניקט — דערציילט ה׳ ווינאָגראַד — געשלאָגן, געוואָלט אַרויסקריגן ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון „בונד", אַדרעסן פון חברים. ווי פאַרשידענע פּערזאָנען, וועלכע מען האָט אַרויסגעלאָזן האָבן דערנאָך איבערגע־געבן (צווישן זיי חברטע ראָזע אייכנער), האָט זיך ה׳ פּאָזנאַנסקי געהאַלטן רויק, שטאָלץ, ווירדיק. שפּעטער האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אין ראַדאָ־גאָשטש (אין גלאָזערס פאַבריק) אַ נייע טורמע — ספּעציעל פאַר יידן. אין דער טורמע זענען געווען הונדערטער און הונדערטער יידן ביי די שרעקלעכסטע

באַדינגונגען. מען האָט זיי געפּייניקט סיי פיזיש, סיי גייסטיק. אַהער, אין אָט דער טורמע, האָט מען אַריבערגעפירט דעם ה׳ פאָזנאַנסקי און אויך אַנדערע בונדישע חברים (מאָרגענטאַלער, זילבערבערג).

„פיניע גערשקאָווסקי, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ערשטן יודן־ראַט און איז געזעסן אין דער ראַדאָגאָשטשער טורמע, איז שפּע־טער, אַדאַנק דער פּערזענלעכער אינטערווענץ פון רומקאָווסקין, באַפרייט גע־וואָרן. אין אַ גרעסערער געזעלשאַפט אין געטאָ האָט ער דערציילט וואָס די יידן שטייען אויס אין אָט דער טורמע, ווי שנעל זיי האָבן זיך צוזאַמענגע־בראָכן, פאַרלוירן זייער מענטשלעכן אָנבליק, ווי אַזוי דער דייטש האָט פון זיי געמאַכט גאָר שנעל גייסטיקע קריפּלס. דערביי האָט פ. גערשאָווסקי מיט גרויס אָנערקענונג אַרויסגעבראַכט די פּערזאָן פון ה׳ פאָזנאַנסקי, וועלכער האָט מיט זיין גוטמוטיקייט, האַלטונג, חברשאַפט, אַלעמען געשטאַרקט און געמונ־טערט. ה׳ פאָזנאַנסקי האָט דערביי געטענהט, אַז אין די ערגסטע מינוטן, אין אָנבליק פון פאַרביסנסטן שונא, דאַרף דער מענטש נישט פאַרלירן זיין איך, האַלטן דעם קאָפּ הויך און ווירדיק רעאַגירן אויף אַלעם.

„נאָך דעם ווי מ׳האָט אונדז פאַרמאַכט אין געטאָ (דעם 1טן מאַי 1940), זענען די ידיעות וועגן ה׳ פאָזנאַנסקי אָנגעקומען זעלטענער, אָפּגעריסענער. ווו און ווען ער האָט אויסגעהויכט זיין מאַרטירער־נשמה, ווייסן מיר נישט. איין מאָל נאָר, נאָך אין יאָר 1940, האָט רעלען (ה׳ פאָזנאַנסקיס פרוי) באַזוכט אַ פרעמדער יונגער מאַן און איבערגעגעבן אַז ער האָט ידיעות, אַז פאָזנאַנסקי געפינט זיך הינטער קראָקע — ער האָט דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל אָנגערופן „אָשוויענטשים" וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער אומקום־פּלאַץ פון מיליאָנען.

„ס׳איז אויך דאָ אַ השערה, אַז ה׳ פאָזנאַנסקי איז אומגעקומען אין דאַכאַו, ווייל פון דאָרט איז אין יאָר 1941 אָנגעקומען אין געטאָ אַריין אַן אָפיציעלע מעלדונג צו דער שוועסטער פון פּועלי־ציוניסט האַלענדערסקי (וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן גלייכצייטיק מיט פאָזנאַנסקין און געווען מיט אים אויך אין ראַדאָגאָשטש), אַז ער, האַלענדערסקי, איז געשטאָרבן אין דאַכאַו און זיי קענען אָפּנעמען די זאַכן זיינע".

דאָס זענען געווען די לעצטע ידיעות וועגן די שפּורן פון ה׳ פאָזנאַנסקי...

**
*

מיר האָבן שוין אַ פּאָר מאָל דערמאָנט דעם ה׳ פאָזנאַנסקיס פרוי רעלאַ. ווען חיים לייב איז אַרעסטירט געוואָרן, האָבן די דייטשן אַרויסגעוואָרפן רעלען פון זייער שטוב אויף פּעטריקאָווער 92. ל. ווינאָגראַדס עלטערן האָבן איר אַריינגענומען צו זיך און אין פעברואַר 1940 זענען זיי אַלע צוזאַמען געקומען

אין געטאָ אַריין. אַ שטיקל צייט האָט זי געוווינט צוזאַמען מיט זיי אויף וואָלבאַרסקע 1, אָבער די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זי אין גיכן איינגעאָרדנט אין אַ צימער אין דער מיכאַלעוויטש־שול אויף סגיערזשער 42. די אָרגאַניזאַציע האָט געזאָרגט פאַר איר פונעם ערשטן טאָג אָן. מען האָט איר אַרומגערינגלט מיט אַ חברישער וואַרעמקייט. מען האָט געזאָרגט אַז זי זאָל נישט זיין איינזאַם. מען האָט זיך באַמיט אַז ס'זאָל איר אַפילו ביי יענע באַדינגונגען זיין וואָס לייכטער.

„אין דעם קורצן אָפּשניט — דערציילט ל. ווינאָגראַד — ביז דער דייטש־רוסישער מלחמה, פלעגט אויף איר אַדרעס אָנקומען פון אויסלאַנד, דורך די בונדישע אויסלענדישע גרופּן, פּעקלעך מיט עסנוואַרג. זי האָט די פּעקלעך געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער אָרגאַניזאַציע. קאַקאַאָ, טיי, געטריקנטע פרוכטן פלעגט מען פאַרטיילן צווישן קראַנקע חברים.

רעלע האָט זיך כמעט די גאַנצע צייט געהאַלטן זייער גוט, געווען אָפּטימיסטיש געשטימט און זי האָט אויפריכטיק געגלייבט, אַז איר ליאָווע לעבט און וועט זיכער צוריקקומען. אין ווינטער 1942 האָט רומקאָווסקי אָרגאַניזירט אין מאַריסין אַ היים פאַר בכבודע, לויט זיין איינזען, פאַרדינסטפולע יידן (צווישן זיי אַ גרעסערע צאָל דייטשע און טשעכישע יידן. פּראָפ' קאַראָ — באַראָן הירשס אַ קרוב א״אַ). צווישן אַנדערע האָט רומקאָווסקי זיך אויך דערמאָנט אין רעלען: „איי, וואָס רעדסטו, פּאָזנאַנסקי איז דאָך געווען מיין בעסטער פריינד״ — פלעגט ער זאָגן. די היים אין מאַריסין איז געווען נישט שלעכט איינגעאָרדנט, דאָ איז געווען ריין און וואַרעם און מען האָט זיך געקענט אָנעסן. אָבער די היים האָט לאַנג נישט געהאַלטן, רומקאָווסקי האָט זי געמוזט — פאַר אַן אויסזידלונג — ליקווידירן שנעל. רעלע האָט זיך מיט אַ דייטש־יידישער פרוי איינגעקוואַרטירט אין אַ צימער. די אַלגעמיינע באַדינגונגען האָבן זיך פאַר דער צייט פאַרערגערט, אָבער די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אויך ווייטער נישט אויפגעהערט צו זאָרגן פאַר רעלען. אין די אָפטע באַזוכן מיינע ביי איר, פלעגט זי מיר שטענדיק מיט גרויס פרייד און מיט טרערן אין די אויגן איבערגעבן מיט וואָס פאַר אַ כבוד און געטריישאַפט מען רינגלט איר אַרום. דער חבר נירנבערג, וועלכער פלעגט הערן יעדן טאָג ראַדיאָ, איז געווען איר הויפּט־אינפאָרמאַטאָר און אַלטעגלעכער גאַסט.

„אין זומער 1944 קורץ פאַר דער ליקווידאַציע פון געטאָ, איז רעלע קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע. מען האָט איר גענומען אין שפּיטאָל אַריין אויף מיצקעוויטש 9. איך האָב זי נאָך געזען אין שפּיטאָל קורץ פאַר דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע. זי איז שוין אָבער געווען כמעט אָן באַוווסטזיין״.

* * *

דאָס איז די לעבנס־געשיכטע פון חיים לייב פּאָזנאַנסקי.

ח׳ פּאָזנאַנסקי איז נישט געווען קיין העלד, נישט געפירט קיין העראָישע קאַמפּן; ער איז נישט געווען קיין בליץ־טאַלאַנט, וואָס האָט באַלויכטן דעם הימל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג; נישט קיין מעכטיקער רעדנער און טריבון וואָס האָט באַהערשט גרויסע מאַסן; נישט קיין שרייבער און טעאָרעטיקער, קיין אַנאַליטיקער פון יידישן לעבן אין עבר און אין היינט.

געווען איז ער אָבער אַן אויפריכטיקער אָרנטלעכער אידעאַליסט און אַ טיף־גלייביקער סאָציאַליסט און בונדיסט וואָס איז געווען גרייט צו נעמען אויף זיך און אויספילן אַלע פליכטן און פאָדערונגען פון זיין פּאַרטיי. געווען איז ער אַ מענטש פון מאָראַלישער אויסגעהאַלטנקייט, פון טיפער מענטשלעכקייט און חברישקייט. אָפּגעהיט אין זיינע מעשים, אין זיינע פּרינציפּן און אידעען. מיט זעלבסטווירדע און מיט אַכטונג צו יעדן מענטשן פון אַרבעט און פון קאַמף פאַר גערעכטיקייט. באַפריינדעט מיט אַלע גרויסע פּערזענלעכקייטן אין „בונד״, איבערגענומען מיט די בעסטע טראַדיציעס פון „בונד״, פעסט אין זיינע פּאָליטישע אָנשויונגען. זיין בונדיש וואָרט איז געווען אַן אייזערנע בריק. זיין בונדישע אַרבעט איז געווען אַן עבודת הקודש. דער „בונד״ איז געווען זיין גלויבן און שטאָלץ, דער אינהאַלט פון זיין גאַנץ לעבן. אויך דער „בונד״ איז געווען שטאָלץ מיט אַזעלכע זין ווי חיים לייב פּאָזנאַנסקי.

CH. S. KAZDAN

# Hombres de Espíritu y Valor

(BUNDISZE GESTALTN)



EDITORIAL "IDBUJ"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina
BUENOS AIRES — 1962